דוד פינסקי

# פיר טראַגעדיעס

- דער בעל שם טוב און דער גזלן
- דער צדיק און דער שטן
- אלה תולדות נח
- אַלעקסאַנדער און דיאָגענעס

אַרויסגעגעבן פונם

פאַרלאַג מלך גראַפשטיין

לאָנדאָן קאַנאַדע

# דאַנקזאָגונג

אין מיין ליד צו מיין 75-סטן געבורטסטאָג באַרים איך זיך מיט דעם טיטל „קלאַסיק”, וואָס מען האָט מיר שוין לאַנג צוגעטיילט, אָבער איך באַרים זיך נישט, אַז ביים קלאַסיקער ליגן גאָר אַ סך ווערק, וואָס קאָנען נישט געפינען קיין תיקון צווישען טאָוולען, ווייל עס איז נישטאָ קיין פאַרלאַג פאַר ביכער אין יידיש. די יידישע שריפטשטעלער, און אויך די קלאַסיקער צווישן זיי, דאַרפן וואַרטן אויף אַ פריינטלעכן צופאַל...

מיר האָט צוגעשפּילט דער פריינטלעכער צופאַל מיט מיין בוך „ער לעבט”. צוויי צווייגן פון דעם „יידישן נאַציאָנאַל-אַרבעטער פאַר־באַנד”, דער יהואָש צווייג אין עסבורי פּאַרק, נ. דזש., אונטער דער פירערשאַפט פון זימל רעזניק, און דער פּינסקי-צווייג אין מאָנטרעאַל אונטער דער פירערשאַפט פון אברהם שוויצמאַן האָבן בשותפות אַרויסגעבראַכט דאָס בוך. איך נוץ איצטער אויס די געלעגנהייט און דריק זיי דאָ אויס מיין וואַרעמסטן דאַנק, דער עיקר די חברים רעזניק און שוויצמאַן, וועלכע זיינען געוועזן די טרייבקראַפט אין דער אַרבעט.

און איצטער ווידער אַ זייער פריינטלעכער צופאַל אין דער פּער־זאָן פון דעם גוטן ייד מלך גראַפשטיין, דעם אַרויסגעבער פון דעם „אָבזערווער” אין לאָנדאָן, אָנטעריאָ, און פון דעם גלענצענדן „פּרץ־בוך” און גראַנדיעזער „שלום עליכם פּאַנאָראַמאַ” אויף ענגליש. נישט קיין פאַרלעגער פון ביכער אויף יידיש, ווי ביכער זיינען בכלל נישט זיין געשעפט און פּרנסה. אָבער ער ליבט די יידישע ליטעראַטור און אירע שאַפער, און ער האָט זיך עס אונטערגענומען אַרויסצוגעבן דעם פאַרליגנדיקן באַנד פון פיר מיינע טראַגעדיעס. דאַנק איך אים פון גאַנצן האַרצן און האַרץ, אַז ער וועט ניט זיין קיין פאַרלירער.

פון די פיר טראַגעדיעס אין דעם פאַרליגנדיקן באַנד זיינען צוויי — „אלה תולדות נח” און „דער בעל שם טוב און דער גזלן” — גע־וועזן געדרוקט: די ערשטע אין דער „צוקונפט”, 1937, אונטער דער רעדאַקציע פון א. ליעסין ע”ה, און די צווייטע אין „יידישן קעמפער”,

1946. די דריטע „דער צדיק און דער שטן", די עלטערע פון די ביידע, איז געלעגן ביז איצטער אין מאַנוסקריפּט. אַליין די פערטע — „אַלעקסאַנדער און דיאָגענעס" — איז דערשינען אין בוך־פאָרם אין ב. קלעצקין'ס פאַרלאַג, ווילנע 1930. אַ שטאַרק פאַרגרייזטע דרוק־אַרבעט, אָפּט מיט זין פאַרדרייענדיקע גרייזן. אָבער אויך מיט אַלע גרייזן איז דאָס בוך שנעל צעגאַנגען זיך און געוואָרן אַ יקר המציאות. מיין מלך בעל הנס איז באַשטאַנען דערויף, אַז דאָס אויספאַרקויפטע בוך זאָל אַריינגיין אין דעם פאָרליגנדיקן באַנד. פאַר דעם דאַנק איך אים פון טיפסטן האַרצן.

# דער בעל שם טוב און דער גזלן

טראַגעדיע אין פינף אַקטן.

1940

## פּערזאָנען (נאָך זייער אויפטרעט).

דאָזשע
נחמן וועליע
שמעון זאַוול } אַרענדאַרן
איטשע ליפּע.
פּייוול, איטשע ליפּעס אייניקל.
מיכליע, דאָזשעס ווייב.
ישראל (בעש"ט).
דער אורח.
דאָזשעס בײדע יינגלעך.
צוויי שקצים.
רב אברהם קוטעווער.
זיין באַגלייטער.
רבי גרשון קוטעווער, זיין זון.
ערשטער
צווייטער } דיין.
דריטער.
חנה, אברהם קוטעווערס טאָכטער.
מאיר
בערטשיק } פּייוולס מענטשן.
רב יעקב.
קבלת פּנים גרופּע.
פּייוולס באַגלייטער.

ערשטער
צווייטער
דריטער
פערטער
פינפטער
זעקסטער
זיבעטער
} קרעמער

ערשטער
צווייטער
} טרעגער

ישראלס בײדע שרייבער.
אלעקסיס, דעם בעשטס פערדשמייסער.

ערשטער
צווייטער
דריטער
פערטער
} חסיד

האָדל, דעם בעל שם טובס טאָכטער.

# ערשטער אַקט.

אין קרעטשמע ביי דאָזשע דעם אַרענדאַר. דאָס גרויסע צימער איז גאַנץ פאַררויכערט, ווייל דער אויוון איז אָן אַ קוימען. די דאַך־עפנונג, פון וועלכער דער רויך גייט אַרויס, ווען דער אויוון ווערט געהייצט, איז איצטער אָפן, און דאָס צימער איז באַלויכטן פון דער העלער זומערזון, וואָס שיינט דרויסן. די צוויי פענסטער, איינס אין דער הינטערוואַנט, דאָס צווייטע אין דער וואַנט לינקס, זיינען אָן גלאָזשויבן נאָר באַשויבט מיט שטעקעלעך־נעצן. דער אויוון איז נישט ווייט פון דער אַריינגאַנגטיר, וואָס געפינט זיך אין דער רעכטער וואַנט. צווישן אויוון און דער רעכטער וואַנט — אַ געלעגער פון ברעטער. צווישן אויוון און דער הינטער־וואַנט — אַ בעט, איבער וועלכן עס הענגען מלבושים. די לינקע וואַנט האָט אין איר גאַנצער לייג פּאָליצעס, באַשטעלטע מיט שיינק-זאַכן. ביי דער הינטערוואַנט נאָך אַ בעט. אינמיטן צימער אַ לאַנגער טיש, אַרום וועלכן עס שטייען לאַנגע ביינק. פון איין זייט פון דער אַריינגאַנגטיר אַ וואַסערפעסל, פון דער צווייטער זייט די פּאַמוניצע. הויך אונטערן באַלקן פון איין עק צימער צום צווייטן ציט זיך אַ שטריק, פון וועלכן עס הענגען אַראָפּ לאַנגע קאָלבאַסעס, — עס איז שבת בייטאָג. דאָס צימער איז יאויפגעקליבן: אויפן טיש אַ טישטוך און לייכטער, די פּאָדלאָגע באַשאָטן מיט פרישן זאַמד. אויפן טיש שטייט כיבוד: געקאָכטע באָב און אַרבעס. דאָזשע דער אַרענדאַר און מיכליע זיין ווייב האָבן געסט — שכנים אַרענדאַרן: איטשע ליפּע מיט זיין איידיקל פייוול זיצן לינקס ביים טיש, נחמן וועליע און שמעון זאַוול רעכטס ביים טיש. שבתדיקע יידן: די פּנימער געוואַשן, די בערד געקעמט, ריינע ווייסע העמדער באַשיינען די אָפּגעטראָגענע שבתדיקע קאַפּאָטעס.

ד אָ ז ש ע (ביים קאָפּ פון טיש, פאַרענדיקט וואָס ער האָט דער־ציילט). אָט אַזוי האָט מען צרות!

נ ח מ ן   װ ו ע ל י ע.  מײַן פּריץ נישט בעסער, מײַנע גוים נישט בעסער.

ש מ ע ו ן   ז אַ ו ו ל.  און װעמעס גוים בעסער?

א י ט ש ע   ל י פּ ע.  מנאַ!

פּ י י ו ו ל.  גײען אַלע אַרום מיט מעסער.

מ י כ ל י ע  (אויפֿן ברעג באַנק לעבן שמעון זאַוולען). װאָס דאַרפֿט איר עס רײדן אום שבת?

נ ח מ ן   װ ו ע ל י ע.  װען דען? װען זעען מיר זיך?

ש מ ע ו ן   ז אַ ו ו ל.  און װאָס איז דער חילוק — שבת אָדער נישט שבת?

ד אָ ז י ש ע.  דאָס רעדט זי נאָך מײַן מלמד.

מ י כ ל י ע.  און אַז אים טאַקע?

ד אָ ז י ש ע.  ער זאָגט, אַ ייד דאַרף בכלל נישט טרויערן.

נ ח מ ן   װ ו ע ל י ע.  אַזוי אפֿילו! װאָס דען? טאַנצן זאָל אַ ייד — אַזוי גוט איז אים!

ד אָ ז י ש ע.  אַ ייד, זאָגט ער, דאַרף נאָר דענקען אָן גאָט, װעט אים שוין זײַן פֿריילעך!

א י ט ש ע   ל י פּ ע.  פֿריילעך! װאָס אונז קאָן שוין זײַן פֿריילעך!

ש מ ע ו ן   ז אַ ו ו ל.  נישט האָבן צו טאָן מיט פּריץ און גוים, װעט שוין זײַן פֿריילעך.

פּ י י ו ו ל.  פֿאַרװאָס באַװײַזט ער זיך נאָך נישט?

ד אָ ז י ש ע.  ער'ט'צעך דורכגײן אַ ביסל מיט די ייִנגלעך, װעט ער קומען.

נ ח מ ן   װ ו ע ל י ע.  און דו האָסט אים געדאַרפֿט אויסבויען אַ באַזונדער בודקע?

ד אָ ז י ש ע.  דאָ האָט ער בשום אופֿן נישט געװאָלט זײַן.

א י ט ש ע   ל י פּ ע.  אַ יחסן בײַ זיך! שטייט אים נישט אָן!

ש מ ע ו ן   ז אַ ו ו ל.  דערפֿאַר איז אים פֿריילעך.

ד אָ ז י ש ע.  ער איז גאָר נישט קיין יחסן בײַ זיך.

מ י כ ל י ע. א צוגעלאָזענער מענטש!

ד אָ ז ש ע. איך קאָן מיט אים ריידן, ווי איך רייד מיט אייך. בלאָזט נישט פון זיך, האַלט נישט דעם קאָפּ פאַרריסן...

נ ח מ ן  ו ו ע ל י ע. מסתמא קאָן ער נישט לערנען.

ד אָ ז ש ע. האָסטו דיר! וואָלסט געהערט, ווי ער האָט זיך דורכגערעדט מיטן אורח...

מ י כ ל י ע. גאָט האָט אונז באַשערט אויף היינטיקן שבת אַן אורח, אַ רב׳ל ווייזט אויס, וועט איר זען אַ חילוק.

ד אָ ז ש ע. העהע... דער גייט אום אַ גאַנצן שבת אַ בייזער, ווי איך וואָלט געווען שולדיק, וואָס ער האָט דאָ געמוזט שבת האַלטן. האָט אונז דאַכט זיך נאָך נישט אָנגעקוקט, קוים אַ וואָרט אַרויסגערעדט... און אַז ער זאָגט אַרויס אַ וואָרט, איז עס דווקא לשון קודש, ווי אין חומש... גיי פאַרשטיי אים! און ווייל מיר פאַרשטייען אים נישט, ווערט ער אין כעס... אָבער אונזער מלמד שמייכלט...

מ י כ ל י ע. אַי, האָט ער אַ זיסן שמייכל!

ד אָ ז ש ע. און זאָגט עס אונז אויף מאַמע־לשון, און אַ מאָל אפילו אויף פּויליש.

א י ט ש ע  ל י פּ ע. וואו איז דער אורח? אַוועק מיטן מלמד?

ד אָ ז ש ע. שלאָפט אין גאָרטן. מיטן מלמד וועט ער גיין! איז בייז אויפן מלמד, ווי אויף אונז.

נ ח מ ן  ו ו ע ל י ע (פּעסט). דיין מלמד קאָן נישט לערנען.

ד אָ ז ש ע (באַליידיקט). וועט זיין גענוג פאַר מיר און פאַר דיר און פאַר אונז אַלעמען.

מ י כ ל י ע. ווי אַ מענטש זאָגט זיך עס אָפּ!

פ י י ו ו ל. וואו האָסטו אים אַוועקגעשטעלט די בודקע?

ד אָ ז ש ע. אין וועלדל דאָ דערביי. ער האָט זיך אַליין אויסגעקליבן דעם אָרט. פאַרוקט צווישן בוימער. דאָרטן דאַוונט ער. דאָרטן לערנט ער מיט די קינדער. דאָרטן שלאָפט ער. אַהער קומט ער נאָר עסן.

פּ י י ו ו ל. און האָט קיין מורא נישט — אַליין?

מ י כ ל י ע. ער — מורא!

ד אָ ז ש ע. איך האָב עס ביי אים געפרעגט... איך האָב זיך געוואונדערט. האָט ער געלאַכט. אז מע האָט גאָט מיט זיך, האָט ער געזאָגט, האָט מען נישט וואָס מורא צו האָבן. וואָרט, ווי האָט ער עס ארויסגעבראַכט?

מ י כ ל י ע. ער האָט דערציילט אַ גאַנצע מעשה.

ד אָ ז ש ע. ער איז אַ יתום...

מ י כ ל י ע (מיט אַ זיפץ). אַ קיילעכדיקער יתום אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען...

ד אָ ז ש ע. איז פאַר זיין טויט האָט דער טאַטע אים צוגערופן צו זיך, און ער איז נאָך געווען גאָר אַ פּיצעלע, און האָט אים געזאָגט: „דו זאָלסט שטענדיק געדענקען, אז גאָט איז מיט דיר, און זאָלסט זיך פאַר קיין זאַך נישט שרעקן." געדענקט ער עס פון יעמאָלט אָן און האָט פאַר גאָרנישט קיין מורא.

פ י י ו ו ל. האָט ער טאַקע גאָר קיין מורא נישט?

ד אָ ז ש ע. זעסט'אָך. אליין אין וועלדל, ביידערנאַכט... און פאַראַן דאָ אין דאָרף גוים, פאַר וועמען אַ ייד דאַרף מורא האָבן אפילו בייטאָג.

פ י י ו ו ל. איז ער עפּעס אַ גבר?

ד אָ ז ש ע. אַ גבר?! פונוואַנען זאָל צו אים קומען גבורה? פון די תעניתים, וואָס ער פאַסט? און אפשר, ווער ווייס? איך האָב זיך מיט אים נישט געבאָרעט... אַזוי נישט מורא האָבן פאַר קיינעם און פאַר גאָרנישט, מוז ער אפשר טאַקע זיין אַ גבר.

מ י כ ל י ע. דאַרף ער זיין אַ גבר, אז ער האָט דעם רבונו של עולם שטענדיק מיט זיך.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. גענומען אים אין ארענדע!

מ י כ ל י ע (גיט אים אַ שטויס מיטן עלנבויגן). ווי דאָס רעדט!

י ש ר א ל (דרויסן). שפּילט זיך אין הויף, נאָר וועקט נישט אויף דעם אורח.

ד אָ ז ש ע (אויפגעלעבט). דאָ קומט ער! (אַלע אין צימער ווערן ווי אומרואיק, הייבן זיך אָן אַרומצושאַרן אויף זייערע זיץ. מיכליע פאַרריכט איר טיכל אויפן קאָפּ.)

י ש ר א ל (קומט אַריין). אָ, געסט! איך האָב גאָר נישט גע־וואוסט, אַז איר ריכט זיך אויף געסט.

ד אָ ז ש ע. טאַקע זיך נישט געריכט.

מ י כ ל י ע. אומגעריכטע געסט, אָבער אָנגעלייגטע.

י ש ר א ל (מיט פריינטלעכן שמייכל). גוט שבת, יידן! ווער זיינען יידן? איך הייס ישראל, שטאַם פון אָקופּ...

ד אָ ז ש ע. זיי ווייסן, זיי ווייסן... האָב זיי שוין אַלץ דערציילט.

י ש ר א ל. קענט איר שוין מיך, מאָג איך דאָך אוואדע נאָכ־פרעגן. (קומט צו צו נחמן וועליען.) ווי הייסט אַ ייִד?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. נחמן וועליע.

י ש ר א ל. פון וואַנען?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. פון גאָרילאָווקע.

י ש ר א ל. וואו ליגט די גאָרילאָווקע? בין דאָ אַ נייער מענטש, נאָך נישט דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן אַרום.

ד אָ ז ש ע. דאָ נישט ווייט. נאָר אַ פּאָר וויאָרסט פון זלידקע.

י ש ר א ל (צו נחמן וועליען). אין וועלכער זייט? אין מזרח, וואו מען שטעלט זיך מיטן פּנים שמונה־עשרה?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. ניין, אָט... (אָריענטירט זיך מיט די הענט.) אין פאַצן־זייט.

י ש ר א ל. א־האַ, אין צפון־זייט... אין צפון...

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. זאָל זיין אין צפון.

י ש ר א ל. (אַריבערריידנדיק צו איטשע ליפּען). און איר, זייַ־דעניו? געדאַרפט גאָר אָנהייבן מיט אייך.

א י ט ש ע ל י פּ ע. איטשע ליפּע, פון פּעטשערסק.

י ש ר א ל. פּעטשערסק ווייס איך שוין, וואו עס ליגט. (ווינקענ־דיק צו פייוולען.) נו, און...

פ י י ו ו ל. וועסט סיי־ווי נישט געדענקען אַלע נעמען.

י ש ר א ל. איך האָב זייער אַ גוטן זכרון.

א י ט ש ע ל י פּ ע. מײַן אײניקל. פּייוול.

פּ י י ו ו ל. וואָסטו גערדאַרפט זאָגן? אפשר האָב איך גאָר נישט געוואָלט, ער זאָל וויסן מײַן נאָמען?

מ י כ ל י ע. ביזט משוגע געוואָרן?

י ש ר א ל. פאַרגעסן דײַן נאָמען קאָן איך שוין נישט מער, אָבער איך וועל אים קײנמאָל נישט אַרויפּברײַנגען אויף מײַנע ליפּן. איז גוט? (ווענדט זײַן בליק צו שמעון זאַוולען.)

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל (רעפּאָרטירט שנעל). שמעון זאַוול פון גליצע צווישן פּעטשערסק און גאַרילאָוואָקע אין שמונה־עשרה זײַט.

י ש ר א ל. אַ גוטער ייִד. פאַרשפּאָרט אַ טרחה צו פרעגן און גלײַך פאַרענטפערט אַלע קשיות.

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל. בין נישט קיין גוטער ייִד.

י ש ר א ל. וואָס דאַרפסטו ריידן שלעכטס אויף זיך?

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל. אַ גוטער ייִד קוועטשט אַ באַנק, לערנט תורה און איז נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים, און איך האָב אים פײַנט.

ד אָ ז ש ע און מ י כ ל י ע. שמעון זאַוול!

מ י כ ל י ע (שטויסט אים). שיכור, מײַנע שונאים!

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל. בין נישט קיין צוויי־פּנימדיקער. איך זאָג גלײַך אין די אויגן יעדן גוטן ייִד.

י ש ר א ל. אָט אַזוי דאַרף זײַן. געפעלט מיר. „ווען איינער רעדט איינס מיטן מויל און טראָגט עפּעס אַנדערש אין האַרצן, האָט אים הקדוש ברוך הוא פײַנט”, זאָגט די גמרא.

ד אָ ז ש ע (מיט אַ שײַנענדיקן פּנים ווינקט צו די אַנדערע אַז התפּעלות איבערן מלמד).

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל (מיט פאַראַכטונג). די גמרא!

י ש ר א ל. די גמרא, שמעון זאַוול, איז, ווי די גאַנצע תורה, אַ ברענענדיק ליכט, וואָס באַווײַזט אַ וועג אין דער פינסטער. אויב איר־מיצער באַנוצט זיך מיטן ברענענדיקן ליכט אויף אויסצוברענען

וואונדן אויף א לייב און פארשאפן גרויסע ווייטיקן, איז דאס ליכט נישט שולדיק. (גייט צו צום ברעג טיש און זעצט זיך ביי דער ברייט.)

ד א ז ש ע (אויפהייבנדיק זיך פון זיין אָרט). זאָל דער רבי זיך זעצן דאָ.

י ש ר א ל. און וואָס פעלט דעם אָרט, וואו איך זיץ?

ד אָ ז ש ע. איך ווייס... לעבן א יידענע...

י ש ר א ל. וואו שטייט דאָס געשריבן, אז מי טאָר נישט זיצן לעבן א יידענע? אין דער תורה שטייט עס נישט.

מ י כ ל י ע. איז פאַרוואָס אַלע פרומע יידן...

י ש ר א ל. עס איז פאַראַן א פרומקייט, וואָס האָט מורא פאַר אַלץ, אָבער די אמתע פרומקייט האָט נישט מורא פאַר גאָרנישט.

פ י י ו ו ל. וואָס איז אמתע פרומקייט?

י ש ר א ל. אי, דו האָסט געפרעגט א גוטע שאלה! איז הער־זשע. אמתע פרומקייט א־ז צו וויסן און צו געדענקען, אז עס איז פאַראַן א גאָט אויף דער וועלט, און צו ליבן אים מיטן גאַנצן האַרצן.

פ י י ו ו ל. ווער טוט עס נישט?

י ש ר א ל. אויך א גוטע שאלה און פאַרדינט א גוטן תירוץ. איז הער־זשע. אָט זייט איר זיך דאָ צונויפגעקומען, יידן אום שבת קודש, און געפירט א געשפּרעך. וועגן וואָס האָט איר דאָ גערעדט? איר האָט גערעדט מסתמא וועגן א סך זאַכן, וואָס זיינען זיך ביי אייך פאַרלאָפן דורך דער וואָך אָדער די וואָכן, אָבער איך וויל טרעפן, אז איר האָט אויך גערעדט פון אייערע פריצים.

ד אָ ז ש ע. טאַקע געטראָפן!

י ש ר א ל. פאַרוואָס האָט איר גערעדט פון די פריצים? ווייל איר ווייסט זיי און געדענקט זיי.

ד אָ ז ש ע. אי, ליגן זיי אונז גוט אין די ביינער!

י ש ר א ל. אָבער וועגן השם יתברך האָט איר דאָ נישט גע־רעדט. ער ליגט אייך נישט א־ן די ביינער. אים געדענקט איר ווייניקער ווי להבדיל אלף הבדלות דעם פריץ.

פ י י ו ו ל. וואָס האָבן מיר וועגן אים צו ריידן?

י ש ר א ל. וואָס'ט איר געהאַט להבדיל אלף הבדלות וועגן פּריץ צו ריידן?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. אַי, אַי, שוין גאָר אַ סך!

י ש ר א ל. וואָס די פּריצים ווילן פון אייך, טוען זיי אַליין אָדער דורך שילוחים? ענטפערט מיר.

ד אָ ז ש ע. די פּריצים זעען מיר גאַנץ אָפט אין די אויגן נישט. זיי האָבן שוין זייערע מענטשן... זייערע קנעכט...

י ש ר א ל. איז פון זייערע קנעכט רעדט איר נישט.

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. מי רעדט, אָבער זיי טוען דאָך נאָר, וואָס די פּריצים הייסן.

יש ר א ל. רעדט איר דערפאַר דער עיקר פון די, וואָס זיינען איבער זיי, פון די, וואָס שיקן זיי, פון די פּריצים. איז זיינען נישט די פּריצים די קנעכט פון הקדוש ברוך הוא, זיינע שלוחים? טוען זיי נישט, וואָס גאָט וויל, זיי זאָלן טאָן? איז ווען דאַרף מען בעסער געדענקען? פון ווען דאַרף מען ריידן?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. זאָלן מיר ריידן פון גאָט, אַזוי ווי מיר ריידן פון די פּריצים?

מ י כ ל י ע (גיט אים אַ גוטן שטויס). בייס זיך אָפּ דעם צונג!

י ש ר א ל. ער פרעגט עס דאָך בלויז. דאַרף מען אים געבן אַ תירוץ, און דער תרוץ איז אַ פּשוטער. פאַרוואָס רעדסטו נישט פון דעם אויבערשטן, ווי דו רעדסט להבדיל אלף הבדלות פון דעם פּריץ? ווייל דו האָסט מורא. וואָרום ווען דו וואָלסט געוואוסט, אַז דיין פּריץ הערט, וואָס דו רעדסט, וואָלסטו זיך געהיט צו ריידן שלעכטס אויף אים.

ד אָ ז ש ע. טאַקע אמת.

י ש ר א ל. און גאָט ברוך הוא, ווייסטו, הערט אַלץ, ווייס אַלץ, פון אים איז גאָרנישט באַהאַלטן. ער ווייס אפילו אונזערע פאַרבאָרגנ־סטע מחשבות, און דערפאַר ועסטו זיך היטן נישט נאָר צו ריידן שלעכט אויף הקדוש ברוך הוא נאָר אפילו צו טראַכטן שלעכט.

מ י כ ל י ע (קאָרטשנדיק זיך אין מורא). עס ציטערט אויף מיר די הויט!

י ש ר א ל. איז אַט איז דיר דער ענטפער! אָבער וועגן דעם בורא עולם דאַרף מען נישט טראַכטן שלעכט נישט אויס מורא, נאָר אויס אהבה, אויס ליבשאַפט.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. מורא פאַרשטיי איך, אָבער ליבשאַפט — פאַרוואָס?

מ י כ ל י ע. אַיאַיאַי!

י ש ר א ל. פאַר גאָרנישט, רב שמעון זאוול, פאַר גאָרנישט! מי דאַרף ליב האָבן גאָט נישט פאַר די טובות, וואָס ער קאָן אונז טאָן און נישט פאַר דעם שכר, וואָס מיר קאָנען פון אים קריגן. אָן קיין שום פאַרוואָס, נאָר ווייל ער איז גאָט, ווייל ער איז דער באַשאַפער פון הימל און ערד, ווייל ער איז אָן א סוף, ווייל ער איז געוועזן און וועט זיין, ווייל ער האָט אונז געגעבן דאָס לעבן, ווייל ער איז דער פאָטער און מיר זיינען זיינע קינדער. און אַט אַזוי ליב האָבן גאָט אָן קיין שום פאַרוואָס איז אמתע פרומקייט. (צו פייוולען.) איז אַט האָסטו דיין ענטפער אויך. (צו איטשע ליפּען.) איר ווילט עפּעס זאָגן, זיידעניו?

א י ט ש ע ל י פּ ע. מנאַ!

י ש ר א ל. וואָס מנאַ?

א י ט ש ע ל י פּ ע. איך וויל טאַקע עפּעס זאָגן אָבער... שווער צו ריידן... אַט שוין זיבעציק יאָר אַלט, שוין איבער זיבעציק... און... און קאָן אפילו נישט אויסריידן זיך, ווי עס באַדאַרף צו זיין... א שווער לעבן... א מוטשעניניע... ווי איינער וואָלט מיר געגעבן מיט א דובינע איבערן קאָפּ... עס שווינדלט אין קאָפּ, אַט, ווי איך וואָלט זיך געדרייט און געדרייט... אַט אדרבא זאָג מיר... האָסט געלערנט... ביזט א קלוגער... איך זע דאָך... איז אַט זאָג מיר: צו וואָס האָב איך געלעבט אַזוי לאַנג? קאָנסטו׳ס מיר זאָגן? מוטשעניניע...צרות איבער צרות... געדאַרפט דערלעבן צו׳זען, ווי זיי האָבן מיר אַוועק־געהרגעט מיין זון, זיין טאַטן... אַט מיט א האַלב יאָר צוריק... געוועזן א גבר, שטאַרק ווי אַן אייזן... (אָנווייזנדיק אויף פייוולען.) ווי דו קוקסט אים אָן... א גבר איז ער... אַזוי זיין טאַטע, מיין זון... א

דעמב געוועזן... זיי, די כלאַפּעס, זיינען אָבער געווען אַ סך... זיינען אים באַפאַלן אין וועג, און פון הינטן אַרום, און דערהרגעט... נאָך איזדיעקעוועט זיך איבערן דערהרגעטן...

ד אָ ז ש ע. דער רבי וויל עס אפשר נישט הערן אום שבת קודש.

י ש ר א ל. לאָזט אים ריידן.

א י ט ש ע ל י פּ ע. איך האָב שוין אָפּגערעדט... נאָך צרות און נאָך צרות... געטאַנצט אונטער אַ נאַגאַיקע... געשמיסן געוואָרען... וואָס מאַכט עס אויס?... איך וויל נאָר וויסן: צו וואָס זיבעציק, איבער זיבעציק?... אדרבא, זאָג...

י ש ר א ל. איז אָט. לאָמיך אייך דערציילן אַ מעשה. אַ מלך האָט איבערגעגעבן זיין זון דעם בן מלך אַ מתנה אַ וואונדערבאַרן רינג און האָט אים אָנגעזאָגט: „זע, איך טו דיר אָן דעם רינג אויף אַ באַשטימטער צאָל יאָרן. ער וועט דיר זייער טייער זיין און דו וועסט זיך נישט וועלן מיט אים צושיידן. דערפאַר וועל איך דיר נישט זאָגן, אויף וויפל יאָר איך גיב אים דיר, כדי דו זאָלסט יעדן טאָג מיינען, אַז איך נעם אים ביי דיר צו, און יעדן טאָג זאָלסטו מיר דאַנקען, פאַרוואָס איך האָב אים ביי דיר נישט צוגענומען." האָט דער בן מלך אָנגעטאָן דעם רינג און האָט גאָר נישט געקאָנט אָפּווענדן די אויגן פון אים, און יעדן טאָג האָט ער געדאַנקט זיין טאַטן דעם קעניג פאַר דער מתנה, וואָס ער האָט אים געגעבן. דער מזל פון דעם בן מלך האָט זיך דווקא נישט איינגעגעבן. צוערשט האָט ער פאַרלאָרן זיין גאַנץ געלט און איז געוואָרן אַן אָרעמאַן, דערנאָך זיינען געקומען אויף אים פאַרשיידענע חולאתן מיט שרעקלעכע ווייטיקן און יסורים...

מ י כ ל י ע (זיפצט שווער אויף).

י ש ר א ל. אַ האַנט האָט אים אָפּגענומען, און אַ פוס, און די אָרעמקייט איז אָנגעשטיגן, ממש ב ז הונגער. האָט אים אַ פריינט געזאָגט, אַז אויב ער וועט אויסטאָן דעם רינג, וועט ער פטור ווערן פון אַלע צרות. אָבער דער אומגליקלעכער בן מלך האָט נישט געוואָלט הערן און זען, און מיט די לעצטע כוחות האָט ער אַלץ געדאַנקט זיין פאָטער דעם מלך, פאַרוואָס ער נעמט נאָך נישט אָפּ ביי אים דעם רינג.

פ י י ו ו ל. דער רינג איז דאָס לעבן.

י ש ר א ל. ביזטו דאָך טאַקע אַ קלוגער! יאָ, דער רינג איז דאָס לעבן, פון בורא אונז געגעבן, און מיר זאָגן ׳ברוך השם יום יום׳, געבענטשט איז גאָט פאַר יעדן טאָג, וואָס מיר לעבן איבער, עס מאַכט נישט אויס, ווי מיר האָבן אים איבערגעלעבט. רב איטשע ליפּע פון פּעטשערסק, זיידעניו, זאָגט מיר איין טאָג אין אייער לאַנגן שווערן לעבן, ווען איר וואָלט זיך נישט דערשראָקן, ווען איר וואָלט דערזען דעם מלאך המות! נו?...

א י ט ש ע ל י פּ ע. איך ווייס נישט... האָב נישט געטראַכט פון אים... אפשר וואָלט איך זיך דערשראָקן און אפשר נישט... ווען איך בין געווען אינגער, וואָלט איך זיך מסתמא דערשראָקן.

י ש ר א ל. האָט זיך אייך יעמאָלט בעסער געלעבט? און איך זאָג אייך, זיידעניו, אַז ווען עס וועט קומען אייער שעה צו שטאַרבן, וועט איר וועלן, אַז מי זאָל אייך אָפּשרייען און ראַטעווען פון דעם מלאך המות.

א י ט ש ע ל י פּ ע. וועל איך זיין אַ נאַר, ווי דיין בן מלך.

י ש ר א ל. אי, וועט מען דאָרטן שמייסן די אַלע, וואָס האָבן פון אייך גאָט פאַרשטעלט, וואָס האָבן אייך נישט מקרב געווען צו השם יתברך!

א י ט ש ע ל י פּ ע. בין אַ גראָבער קאָפּ... פאַרשטיי דיך נישט.

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל. מיר זיינען אַלע דאָ גראָבע קעפּ.

י ש ר א ל. נישטאָ קיין גראָבע קעפּ, נישטאָ קיין פאַרשטאָפּטע הערצער. אַלע קעפּ זיינען אָפן און אַלע הערצער זיינען אָפן פאַר גאָטס וואָרט.

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. הערצער אפשר, אָבער דער קאָפּ? אפילו דעם רבים קאַנטשיק האָט מיר דעם קאָפּ נישט אויפגעעפנט. מיין רבי האָט געקאָנט גוט שלאָגן, געוועז, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַן אייזער־נער ייד, אָבער ער האָט מיר גאָרנישט געקאָנט אַריינקלאַפּן אין קאָפּ.

י ש ר א ל. אומזיסטע קלעפּ, ווייל דער גאַנצער לימוד באַשטייט נאָר אין איין וואָרט: גאָט. פאַר דעם וואָרט זיינען אָפן אַלע קעפּ

און אַלע הערצער. און נעמט מען זיך אים אַריין אין קאָפּ און אין הארצן, קומט שוין אָן גרינג די גאַנצע תורה. ווייל וואָס וויל די תורה? מע זאָל זיין גוט און פרום. איז ווי קאָן איינער זיין נישט גוט און נישט פרום, ווען ער האָט גאָט אי׳ן קאָפּ און אין הארצן?

שמעון זאַוול. אָבער אַז מיר ווייסן גאָר נישט, ווי צו זיין גוט און פרום? אַז מיר קאָנען נישט לערנען! מיר ווייסן גאָר נישט, וואָס דאַרפן טוט זיך.

ישראל. מיט גאָט אין קאָפּ און הארצן וועט איר שוין אַלץ ווייסן. מיט גאָט אין קאָפּ און הארצן זייט איר שוין גוט און פרום. און וואָס איר זאָגט תורה לערנען, איז — זאָלט איר ווייסן זיין, אַז תורה לערנען איז גאָט דינען, און גאָט דינען קאָן מען אויף פאַר־שיידענע אופנים. דער, וואָס קאָן לערנען, דינט גאָט מיט תורה לער־נען, און דער, וואָס קאָן נישט לערנען, דינט גאָט מיט מעשים און אפילו מיט אַ וואָרט, אַבי ער דענקט דערביי פון דעם בורא ברוך הוא. מע קאָן זיין אַ כשרער פרומער ייד, אפילו ווען מע קאָן נישט לערנען. אָט אַז איר אַלע האָט זיך צונויפגעקליבן, אָנגעטאָן אין איי־ערע בעסטע קליידער אין אַ שבתדיקן טאָג צו עסן באָב און אַרבעס און האָט דערפון אַן עונג שבת, זייט איר אַלע פרומע כשרע יידן און האָט ביי זיך נישט וואָס אַראָפּצופאַלן פאַרן גרעסטן למדן.

נחמן וועליע. דער גרעסטער למדן קאָן אויך עסן באָב און אַרבעס, אָבער דערביי קאָן ער נאָך לערנען.

ישראל. קאָנט איר דערביי זינגען אַ ניגון, וועלכן ער קאָן אפשר נישט זינגען.

פייוול. איך קאָן נאָר גויאישע לידער.

ישראל. איז וואָס? נגינה איז נגינה, אַבי די כוונה איז אַ יידישע, אַבי די כוונה איז געווענדט צו השם יתברך.

פייוול. אָבער איין פּיסניא בלי דיוווקא.

ישראל. און איך זאָג דיר ווידער: די כוונה איז דער עיקר.

פייוול. די כוונה... אַ יידישע...

ישראל. און געווענדט צום בורא עולם.

פייוול. וואָס איך זאָל נישט טאָן... (הייבט פלוצלונג אָן צו זינגען אַ גויאיש ליד. די אַנדערע כאַפּן באַלד אונטער.)

י ש ר א ל (קוקט אַ ווײַלע אויף פײַוולען מיט דורכדרינגנדיקן בליק, מאַכט צו די אויגן און צושאָקלט זיך, ווי ער וואָלט אין זיך מיטגעזונגען).

ד ע ר א ו ר ח (אַנגעטאָן כלי קודשדיק, קומט אַרײַן, ווי אַרײַנגעריסן זיך, בלײַבט שטיין אין טיר און קוקט אָן די זינגער'מיט ווײַט פאַרוואונדערגעריסענע, פאַר כעס פלאַמנדיקע אויגן). וואָס איז דאָס פאַר אַ געזאַנג אום שבת?! (דער געזאַנג הערט אויף. ישראל מאַכט אויף די אויגן. דער אורח שרײַט שטאַרקער.) זײַט איר יידן אָדער גוים? האָבן זיך צוזונגען צוזאַמען מיט דער נקבה, און וואָס פאַר אַ ניגון! גוייִש, אינגאַנצען גוייִש! עם הארצים! פויערים! גוים! מי דאַרף דאָך אײַך צורײַסן ווי די הערינג! און דער אויך, דער מלמד, זיצט און זינגט מיט זיי מיט!

י ש ר א ל. איז מה רעש?

א ו ר ח. ער פרעגט נאָך מה רעש!

י ש ר א ל. זיי האָבן געזונגען זמירות לכבוד שבת.

א ו ר ח. אַ גוייִש ליד — זמירות! און לכבוד שבת! איך וועל דיר באַלד צופּאַטשן דײַנע באַקן!

פ ײ ו ו ל (שטייט אויף, גרייט צו פאַרטיידיקן ישראלן).

י ש ר א ל. אין דער תורה שטייט: „תחת אשר לא עבדת את יהוה אלהיך בשמחה ובטוב לבב" — ווײַל דו האָסט נישט געדינט גאָט מיט פרייד און מיט אויפגעלייגטן האַרץ, וועסטו דינען דײַנע פײַנט, וואָס גאָט וועט אויף דיר אָנשיקן. פרעגט די גמרא: וואָס איז די עבודה בשמחה ובטוב לבב? און זי ענטפערט: דאָס איז געזאַנג.

א ו ר ח. רשע, געזאַנג! וואָס פאַר אַ געזאַנג?

י ש ר א ל. יעדער געזאַנג, ווען דאָס האַרץ איז נאָר געווענדט צו גאָט.

א ו ר ח. געזאַנג איז שוין לאַנג געאסרט געוואָרן. „אל תשמח ישראל אל גיל כעמים" — יידן טאָרן זיך נישט פרייען, ווי גוים פרייען זיך.

י ש ר א ל. דאָס זאָג איך אויך. אַ ייד דאַרף זיך נישט משמח זײַן, ווי אַ גוי, נאָר טאַקע ווי אַ ייד, מיט דעם אויבערשטן פאַר זײַנע אויגן, מיט גאָט אין קאָפּ און האַרץ.

א ו ר ח. און מיט די פּאַסקודנע ווערטער אין מויל!

י ש ר א ל. די ווערטער קריגן יעמאָלט אַ באַזונדערן טייטש.

א ו ר ח (אין גרויסער אויפרעגונג). ווען דו וואָלטסט געלעבט אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען, וואָלטסטו מקריב געווען אַ חזיר אויפן מזבח!

י ש ר א ל. וואָסער עבירה זייט איר איצטער באַגאַנגען? איר האָט זיי דעם שבת פאַרשטערט.

א ו ר ח. רבונו דעלמא כולא, וואוהין האָסטו מיך אַריינגע־בראַכט, איך זאָל האַלטן שבת?!

י ש ר א ל. דער בורא יתברך האָט אייך שוין ריכטיק געפירט. אפשר וועט איר עפּעס אָפּלערנען.

א ו ר ח. ירבעם בן נבט! (וואַרפט זיך צו ישראלן מיט אויפגע־הויבענע קולאַקעס.)

פ י י ו ו ל (גיט זיך אַ לאָז, פאַרשטעלט אים דעם וועג).

א ו ר ח (קוקט ארום זיך גאַנץ מטושטש).

פ י י ו ו ל (עגבוירט זיך אין אים אַריין מיט האַרטן בליק).

י ש ר א ל (צו פייוולען). גיי זעץ זיך. הער אַ מעשה.

פ י י ו ו ל (נישט ענדערנדיק זיין שטעלונג). פון אַ מלך און אַ בן מלך — וויל נישט וויסן.

י ש ר א ל. טאַקע פון אַ מלך, אָבער נישט פון אַ בן מלך. (צום אורח.) איר מאָגט עס אויך הערן.

א ו ר ח. רייד צו מיר נישט! (דרייט זיך אַוועק צום אויוון מיט די הענט אויפן קאָפּ.)

פ י י ו ו ל (גייט צוריק צו זיין אָרט).

י ש ר א ל. אַ מעשה פון אַ שר, וואָס האָט געדינט ביי אַ מלך און געמיינט, אַז צום קעניג דאַרפן צוגעלאָזן ווערן נאָר די, וואָס קאָנען ריידן מיטן קעניג אַזוי, ווי ער אַליין רעדט, און האָט נישט געוואוסט, אַז דער מלך וויל, אַז צו אים זאָלן האָבן אַ צוטריט אפילו די, וואָס קאָנען גאָרנישט ריידן, און אפילו די, וואָס קאָנען נאָר ריידן שפּעלע ווערטער פון מאַרק און פון שיינק, אַבי ער זאָל קאָנען

אַרויסזען פון זייערע אויגן זייער געטרייקייט אין זייערע הערצער. דער שר האָט געמיינט, אַז אַזוי ווי ער דינט דעם קעניג, איז דער איינציקער ריכטיקער וועג, ביז דער מלך האָט אויפגעשטעלט אַן אַנדער שר, וואָס האָט בעסער געוואוסט, וואָס דער מלך וויל...

א ו ר ח. שבתי צביניק! שעבס!

פ יי ו ל. (הייבט אָן צו זינגען אַ פריילעך כאָכליש ליד).

י ש ר א ל (צום אורח). אָט ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, און איך...

א ו ר ח (לויפט אַרויס).

ד אָ ז ש ע (שטייט אויף, וויל אים נאָכגיין).

ש מ ע ו ן ז אַ ו ו ל (פאַרהאַלט אים). ועסט נישט נאָכגיין, זיץ און מיר'ן זינגען.

ד אָ ז ש ע (קווינקלט זיך אַ ווײַלע, זעצט זיך צוריק און באַלד פאַלט ער אַריין אין דעם ניגון. מיכליע זינגט מיט).

י ש ר א ל (ווען זיי ענדיקן). דער ניגון איז גו איש. אַ ביסעלע אַנדערש געזונגען, ווערט ער יידיש, דאָס הייסט, ער ווערט אַ ניגון, וואָס אַ ייד זינגט און דענקט דערבײַ אָן גאָט, אַזוי אַז דער ניגון ווערט אַ געזאַנג פאַר גאָט. אָט הערט, ווי איך וועל זינגען דעם אייגענעם ניגון. (זינגט דעם ניגון פאַרדבקהט, פול פרומקייט. זינגט אים איינמאָל און צווייטמאָל. ביים דריטן מאָל שטייען שוין אַלע צו.)

ד אָ ז ש ע (צו מיכליען) די שווייג!

י ש ר א ל. פאַרוואָס?

ד אָ ז ש ע. איך ווייס? אַ נקבה...

י ש ר א ל. ווען מע דענקט אָן גאָט, מאָגן אַלע זינגען. זינגט, באַלעבאָסטע, זינגט! (הייבן ווידער אָן דעם ניגון אויפן נייעם נוסח.)

פ י י ו ל (ווען זיי ענדיקן). און וואָס איז מיט די ווערטער? גויאישע ווערטער. זיי דאַרף מען אַרויסוואַרפן?

י ש ר א ל. ווער זאָגט? פריילעכע ווערטער פון אַ שיכורן גוי. אָבער די ווערטער קאָנען דאָך זיין פריילעך, נישט ווייל איינער האָט זיך אָנגעשיכורט, נאָר ווייל ער פילט שטאַרק גאָט אין זיך. און ווען איינער פילט שטאַרק גאָט אין זיך, קריגן אַלע ווערטער גאָר אַ באַזונ־

דער טייטש און אַ באַזונדער מיין. (אין דרויסן אַ ווײַ־אויפגעשריי פון דעם אורח. עס ווערט שטיל אין צימער. אַלע הערן זיך צו. דער ווײַ־געשריי ווערט איבערגעהזרט. אַלע לאָזן זיך נאָך דרויסן. דאָס גע־קרעכץ פון דעם אורח ווערט נענטער און נענטער. דאָזשעס בײַזיע יינגלעך פירן אַריין דעם אורח. זיין געזיכט איז באַגאָסן מיט בלוט.)

ד אָ ז ש ע. ווי איז דאָס געשען? (אורח ווערט צוגעפירט צו אַ באַנק.)

י ש ר א ל. נישט וויכטיק, ווי דאָס איז געשען. וויכטיק איז ארומוואַשן דאָס בלוט און פאַרבינדן די וואונד. (צו מיכליען.) אַ ריין טוך און וואַסער, באַלעבאָסטע!

מ י כ ל י ע (גייט עס געבן).

ע ל ט ע ר ע ר י י נ ג ל. ער איז פריער...

י ש ר א ל. ווער — ער?

ד ע ר י י נ ג ל. דער רב ייד... דער אורח.

י ש ר א ל. טיק זאָג אַזוי.

ד ע ר י י נ ג ל. דער רב אורח איז פריער ארויסגעלאָפן פון שטוב און אָנגעהויבן ארומצולויפן איבערן הויף הינאונצוריק, הינ־אונצוריק, און מיטיאַ און אַנטאָן זיינען פאַרבייגעגאַנגען און אָפּגע־שטעלט זיך קוקן און האָבן געלאַכט און נאָכגעקרימט...

ד אָ ז ש ע. האָט איינער פון זיי — אַ שטיין?

ד ע ר י י נ ג ל. ביידע.

ד ע ר א י נ ג ע ר ע ר. אַ שטיין נאָך אַ שטיין.

מ י כ ל י ע (אונטערטראָגנדיק ישראלן אַ ריין טוך און אַ שיסל וואַסער). אַזוי איז עס אונז. מי איז קיינמאָל נישט זיכער פון אַ שטיין, פון אַ קולאַק און אפילו פון אַ מעסער.

ד אָ ז ש ע. דעם סטאַראָסטעס ביידע זונדרעס.

י ש ר אל (נעמט איין דאָס טוך און ווענדט זיך צום אורח).

א ו ר ח (מיט פאַרשטאַרקטן געקרעכץ, הייבט אויף ביידע הענט, ווי אָפּצואוווערן זיך).

פ י י ו ו ל (ווינקט צו די יינגלעך און גייט מיט זיי אַרויס).

י ש ר א ל. בלוט מוז אָפּגעוואַשן ווערן...מוז אָפּגעשטעלט ווערן... (צו מיכלען.) גרייט אָן, באַלעבאָסטע, נאָך אַ טוך אויף אַרומצו־בינדן... (צום אורח.) בלוט מוז אָפּגעשטעלט ווערן, ווייל אָפּגיין מיט בלוט מיינט אַוועקגיין פון לעבן... און די גמרא זאָגט, עבודה זרה דף כ״ח: „אמר שמואל, הפצע סכנה הוא ומחללין עליו את השבת".

א ו ר ח (לאָזט אַראָפּ די הענט, לאָזט ישראלן טאָן).

י ש ר א ל (וואַשט אַרום די וואונד). האָט שמואל געזאָגט: אַ וואונד איז אַ סכנה און מע איז מחלל שבת צוליב איר... און שמואל האָט געקאָנט די חכמת הרפואה, זאָגט ער דאָרטן ווייטער: „מה רפואתו? להפסיק את הדם — שחלים בחומץ..." וואָס איז די רפואה צו אַ וואונד? אויף אָפּצושטעלן דאָס בלוט נעמט מען שחלים אין עסיק... שחלים איז אַזאַ מין גראָז, וואָס מיר ווייסן נישט און מיר האָבן נישט... אָבער עסיק האָבן מיר מסתמא... האָבן מיר עסיק, באַ־לעבאָסטע?

מ י כ ל י ע. עסיק? פאַראַן. ווי דען? (גייט נאָך עסיק.)

י ש ר א ל. איז גוט אַ ביסל עסיק... אַ גרויסע וואונד... אַ גרויסע וואונד... דער שטיין האָט געטאָן זיין שליחות באמונה. (מיכליע קומט צו מיטן עסיק, ישראל נעצט איין דאָס טוך און טראָגט עס צו צו דער וואונד.)

א ו ר ח (אויפהייבנדיק די הענט, מיט שרעק). אײַאײַ!... שחלים! שחלים! אײַאײַ!

י ש ר א ל. שחלים! וואו קריגט מען שחלים? (כאַפּט אַרום דעם אורחס קאָפּ און דריקט אַרויף דאָס טוך מיטן עסיק אויף דער וואונד.)

א ו ר ח (צושרייט זיך). אײַ־אײַ,אײַ־אוי!

י ש ר א ל (האַלט אים פעסט און רעדט ווייטער רואיק, צו דער גרויסער התפעלות פון די איבעריקע). די גמרא זאָגט, שבת דף י״ב: „שבת היא מלזעוק ורפואה קרובה לבוא" — שבת טאָר מען נישט שרייען, און די רפואה וועט באַלד קומען... אַזוי־אַ... דאָס בלוט וועלן מיר בעזרת השם אָפּשטעלן, אָבער ווי מאַכן מיר צו די וואונד? זאָגט טאַקע דאָרט שמואל: „להעלות בשר — קליפה של יבל וקליפה של סנה" — אַז די וואונד זאָל זיך פאַרוואַקסן, איז גוט די שאָ־

לעכטס פון יבל — אזא מין פלאנץ — און די קאָרע פון סנה — פון דעם דאָרנבוים, אין וועלכן דער רבונו של עולם האָט זיך באַוויזן צו משה רבינו... איז די ביידע זאַכן האָבן מיר נישט. אָבער שמואל זאָגט ווייטער: „או תולעים מאשפה" — ווערים פון מיסט. זיינען דאָס ווערים און מיסט פון בבל און פון ארץ ישראל, וועלן מיר מוזן געברויכן היגע שפּינוועבס. (קוקט זיך אַרום.) אָן איז טאָקע אין יע־נעם ווינקל אונטערן באַלקן אַ גרויס שטיק שפּינוועבס. נעמט עס אַראָפּ, זייט מוחל, רב דאָזשע, וועלן מיר די וואונד פאַרדעקן און דעם באַלקן אָפּרייניקן...

ד אָ ז ש ע (האָט אַראָפּגעשאַרט פון אונטערן באַלקן אַ גרויס שטיק שפּינוועבס און טראָגט עס צו, צו ישראלן).

י ש ר א ל. לייגט עס אַרויף אָט־אַ־דאָ... מאַכט עס פּאַמעליבקע... טוט עס מיט אַ גוטן האַרץ, וועלן די וועגט זיין ווייך.

א ו ר ח (קרעכצט שטאַרק).

י ש ר א ל (פאַרבינדנדיק אים דעם קאָפּ). אמר רב הונא: כל שהקדוש ברוך הוא חפץ בו מדכאו ביסורים — האָט רב הונא גע־זאָגט: וועמען גאָט האָט ליב, דריקט ער אים מיט יסורים...

א ו ר ח (קרעכצט שוואַכער).

י ש ר א ל. ואמר רב הונא, און נאָך האָט רב הונא געזאָגט: אם רואה אדם שיסורים באים עליו — אַז אַ מענטש זעט, אַז יסורים קומען אויף אים אָן, יפשפש במעשיו, זאָל ער בודק זיין זיינע מעשים, אפשר האָט ער אַזוי געזינדיקט, אַז...

א ו ר ח (שטופּט אים אָפּ מיט כעס). צבועק!

י ש ר א ל. צבועק גאָר?!

א ו ר ח. דו שיטסט מיט גמרא־ווערטלעך נאָר אום אָפּצולאַכן. מי טאָר אין דיינע דלד אמות נישט שטיין!

י ש ר א ל. אשרי השומע ושותק — וואויל דעם, וואָס הערט, ווי מי באַליידיקט אים, און ער שווייגט.

א ו ר ח. דו טוסט עס דאָך נאָר אום אויפצורייצן זיי אקעגן מיר און אקעגן אַלע תורה־לערנער און אקעגן דער תורה.

י ש ר א ל. ניין. זיי ווייסן שוין, אַז די תורה איז עפּעס אַנדערש און די תורה־לערנער זיינען ווידער עפּעס אַנדערש, אָבער פאַר אייך איז גלייכער, איר זאָלט זיך בעסער אוועקלייגן.

א ו ר ח. אוועקלייגן זיך! און מנחה דאַוונען? דערפון טראַכסטו נישט! און שלש סעודות עסן? מי דאַרף דאָך שוין באַלד שלש סעו־דות עסן! (דרויסן גערויש. מי שטעלט אָן די אויערן. אורח, גאַנץ דערשראָקן, רוקט זיך צום בעט אין ווינקל.)

פ י י ו ו ל (קומט אַריין, האַלטנדיק צוויי יונגע כלאָפּעס פאַרן קאַרשעל. ביידע דאָזשעס יינגלעך הינטער אים, גאַנץ דערשראָקענע. ער שטופּט צו די כלאָפּעס צום אורח, וועלכער שטרעקט אויס ביידע הענט ווי אָפּצואַוועדן זיך). בעט ביי אים פּראָשטשעניע, אַז נישט וועל איך אייך ביידן די קעפּ צוברעכן.

ד אָ ז ש ע (מיט שרעק). פייוול, וואָס טוסטו? וואָס'טו געטאָן? לאָז זיי אָפּ! דעם סטאַראָסטעס!

מ י כ ל י ע. אוי! אוי!

פ י י ו ו ל (אָפּשטויסנדיק פון זיך דאָזשען). דעם סטאַראָסטעס אָדער אפילו דעם וואָיעוואָדעס! זיי וועלן בעטן פּראָשטשעניע אָדער איך צוברעך זיי די קעפּ.

ד אָ ז ש ע. לאָז זיי אָפּ, זאָג איך דיר!

מ י כ ל י ע. גזלן, לאָז זיי אָפּ!

פ י י ו ו ל (ווידער אָפּשטויסנדיק דאָזשען). בעט פּראָש־טשעניע אָדער...

ד י כ ל אָ פּ ע ס. פּראָסטי אוווריי!

פ י י ו ו ל. ראַווין, זאָגט.

ד י כ ל אָ פּ ע ס. פּראָסטי, ראַווין!

פ י י ו ו ל. איצטער צו אַלדי רוחות (דרייט זיי אום צו דער טיר און גיט זיי אַ שטויס אַרויס. די כלאָפּעס אַנטלויפן, קוקן זיך אפילו נישט אום. פייוול, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעווישט די הענט, טריאומ־פיש.) אָט אַזוי!

ד אָ ז ש ע. וואָס'טו געטאָן? איך וועל באַלד האָבן אויף מיר די גאַנצע דאָרף!

פ י י ו ו ל. נו, איז וואָס?

ד אָ ז ש ע. ווי הייסט „איז וואָס?"

מ י כ ל י ע. „נו איז וואָס?" פרעגט ער גאָר!

י ש ר א ל. דו האָסט טאַקע עפּעס אָפּגעטאָן.

פ י י ו ו ל. איך ווייס, אז איך האָב עפּעס אָפּגעטאָן. איך האָב עס געוואָלט אָפּטאָן.

ד אָ ז ש ע. האָסט געזאָלט עס אָפּטאָן ביי זיך אין פּעטשעריסק.

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. און וואָס איז דער שכל?

פ י י ו ו ל. דער שכל איז — אז גענוג! זיי דערלויבן זיך צופיל מיט אונז. איז דאָס דער שכל. זיי אונז — מיר זיי! (געקלאַפּ פון געוואָרפענע שטיינער אויף ווענט און דאַך.)

מ י כ ל י ע. אַי, דאָ האָט איר שוין! מי וואַרפט שטיינער!

פ י י ו ו ל. (לאָזט זיך צו דער טיר, לויפט אַרויס).

א ו ר ח (וואַרפט זיך אַריין אין בעט מיט די הענט אויפן קאָפּ).

מ י כ ל י ע. אַי, ער וועט זיי נאָך צוברעכן די קעפּ! ער'ט אונז אומגליקלעך מאַכן!

י ש ר א ל (איילט צו דער טיר, דאָזשע נאָך אים).

פ י י ו ו ל (קומט אַריין). אַנטלאָפן זיינען זיי.

מ י כ ל י ע. אַי, איך וועל איצטער מורא האָבן צו באַווייזן זיך דרויסן און וועל מורא האָבן אַרויסצולאָזן די קינדער פון שטוב!

פ י י ו ו ל. מורא... מורא... בעט איס (ווייזט אָן אויף ישראלן.) וועט ער דיך אויסלערנען נישט מורא צו האָבן. (צו ישראלן.) אָדער וועסטו איצטער אויך מורא האָבן?

ד אָ ז ש ע. איך וועל אים גאָר איצטער נישט לאָזן גיין אין זיין בודקע!

מ י כ ל י ע. די קינדער וואָלטע נישט.

ד י י י נ ג ל ע ך. מיר האָבן נישט מורא!

י ש ר א ל (צו דאָזשען און מיכליען). און איר דאַרפט אויך נישט מורא האָבן. איך וועל גיין אין בודקע און וועל נישט מורא

האָבן, וועל דאָרטן נעכטיקן אַליין און וועל נישט מורא האָבן. אַז מען האָט פאַר אַלץ און שטענדיק מורא און מען איז פול מיט פּחד, פאַרגעסט מען די איינציקע מורא, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן — די מורא פאַר גאָט.

ד אָ ז ש ע. וואָס רעדט איר, וואָס, רבי! איר פאַרשטייט נישט, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן! דעם סטאַראָסטעס בענאָקעס! ער וועט זיך דאָך אין מיר נוקם זיין...

פּ י י ו ו ל. וועל איך זיך אין אים!

ד אָ ז ש ע. אַ גליק וועט מיך טרעפן! — און ווי וועסטו זיך אין אים נוקם זיין? אַ סך האָסטו זיך נוקם געוועזן אין די, וואָס האָבן דערהרגעט דיין טאַטן?

פּ יי וו ל. איז אָט פון היינט אָן... איך האָב זיך אַלץ געישובט, געטראַכט אַלץ... און אָט דערטראַכט זיך... ווי האָט זי מיך פריער אָנגערופן גזלן... נו, איז ווער איך אַ גזלן. (מען קוקט אים אָן דערשטוינט, שמעון זאַוול דערטראָגט קוים די אַרבעס צום מויל. איין איטשע ליפּע ווייזט נישט אַרויס קיין איבעראַשונג נאָר אַ ביסל פאַרלעגנהייט. פּייוול, אַ ביסל פאַרלאָרן פון דעם איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט, גיט צו ווייניקער העזהדיק:) ער אָט... דער רבי... האָט מיר אַרויסגעהאָלפן.

י ש ר א ל. איך דיר? אַרויסגעהאָלפן?!

פּ י י ו ו ל. נו, יאָ... די כוונה... אַבי די כוונה אַ יידישע.

י ש ר א ל. דאָס, וואָס דו האָסט פאַרטראַכט, פירט קיינמאָל נישט צו גאָט. גזלנות און בלוטפאַרגאָס זיינען נישט די וועגן פון גאָט.

פּ י י ו ו ל. האָסט נישט פאַרשטאַנען. נישט גלאַט אַזוי אַ גזלן. נאָר נעמען נקמה, באַשטראָפן... נישט גזלענען גלאַט אַזוי. נאָר אָננעמען זיך פאַר יידן... שוין לאַנג געטראַכט, דער זיידע איז אָן עדות... (אויגן ווענדן זיך צו איטשע ליפּען.)

א י ט ש ע ל י פּ ע (אין פאַרלעגנהייט). נו, יאָ, גערעדט.

פּ י י ו ו ל. אַ סך מאָל אפילו.

י ש ר א ל. און איר, זיידעניו, האָט אים נישט אָפּגערעדט?

פ י י ו ו ל. אפילו מסכים געווען!

א י ט ש ע ל י פ ע. נו, יאָ... ער איז גערעכט. נקמה איז ריכ־טיק. שוין לאַנג באַדאַרפֿט. איך מיין, איך אַליין שוין לאַנג באַדאַרפֿט.

פ י י ו ו ל. גלייך ווי דער טאַטע איז דערהרגעט געוואָרן, האָב איך זיך געזאָגט: איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעכענען!

י ש ר א ל. דאָס איז נישט דער וועג פֿון גאָט, און יידן וועלן פֿון אים נישט געהאָלפֿן ווערן.

פ י י ו ו ל. וועג פֿון גאָט!... דו וועסט מיר זאָגן איין וועג, דער דאָרט וועט מיר זאָגן אַן אַנדערן, און איך פֿיל, אַז מיין וועג איז אַ וועג, און יידן וועלן געהאָלפֿן ווערן. נקמה איז ריכטיק, זיי וועלן דערהרגענען אַ יידן, וועלן מיר דערהרגענען אַ גוי...

י ש ר א ל. ווער מיר?

פ י י ו ו ל. יידן. יידן אַזו ווי איך איינער. מיין טאַטע איז נישט דער איינציקער, וועמען זיי האָבן דערהרגעט. זיי האָבן אומגעבראַכט אַ סך טאַטעס, און אַ סך זין פֿילן אַזוי ווי איך... און אַ סך אַנדערע יידן. פֿאַראַן גענוג. ביטערע הערצער, עלנטע, אונטערגעצונדענע, אָפּ־געברענטע, אַרויסגעטריבענע פֿון די דערפֿער... זיי וועלן צושטיין!

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. זיי וועלן.

פ יי ו ו ל. אָט!.. אָט!.. זעסטו!.. איך האָב מיט שמעון זאַוולען נישט גערעדט. שמעון זאַוול, דו שטייסט צו? זיי דערגייען דיר גוט די יאָרן, איך ווייס...

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. וועל איך עס נקמה נעמען!

פ י י ו ו ל. און דו, נחמן וועליע?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. ווערן אַ גזלן?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל (מיט שפּאָט). באַה!

פ י י ו ו ל. אַ באַשטראָפֿער! זיי וועלן אונטערצינדן אַ יידן, וועלן מיר אונטערצינדן אַ גוי... זיי מאַכן די וועגן סכנת נפשות פֿאַר יידן, וועלן מיר זיי מאַכן סכנת נפשות פֿאַר גוים... אַזוי ווי זיי אונז, אַזוי מיר זיי... דאַרפֿסט זיך נאָך קווינקלען?... די אַרענדע פֿאַרלירסטו דאָך סיי־ווי... שטיי צו...

מ י כ ל י ע. איך מיין דאָך אַלץ, אַז ער לאַכט, אַז ער מאַכט שפּאַס.

פ י י ו ו ל. זיינען די יידישע צרות שפּאַס?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. אַ ייד מיט ווייב און קינדער...

פ י י ו ו ל. קאָנסטו זיי פאַרזאָרגן? האָסטו ברויט פאַר זיי?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. האהא!

פ י י ו ו ל. וואו וועסטו זיך מיט זיי אַהינטאָן, ווען מי וועט דיך אַרויסטרייבן פון דאָרף?

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. דאָך — ווערן אַ גזלן!

י ש ר א ל. אַזוי רעדט אַ ייד.

פ י י ו ו ל. גזלנים זיינען זיי, די רוצחים אונזערע!

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. און די מלוכה וואָס וועט טאָן?

י ש ר א ל. פרעג, וואָס גאָט וועט טאָן!

פ י י ו ו ל. וואָס גאָט וועט טאָן, ווייס איך נישט, נעם זיך נישט אונטער צו ענטפערן. און דו ווייסט אויך נישט. אָבער וואָס די מלוכה וועט טאָן, קאָן איך ענטפערן. אויב זי וועט זיך דערוויסן פון אונז, וועט זי זען אונז כאַפּן און אַראָפּדרייען אונז די קעפּ. דאַרפן מיר זען, אַז זי זאָל זיך פון אונז נישט דערוויסן, און אַז זי וועט זיך פון אונז דערוויסן, זאָל זי אונז נישט קאָנען כאַפּן. די וועלדער זיינען גרויס און געדיכט, און וועלדער זיינען פאַראַן אַ סך. אָבער איך האָב נאָך אַ פּלאַן. דו שטיי נאָר צו און קאָנסט זיך זיין, וואו דו וועסט זיין, נאָר אַז מי וועט דיך דאַרפן, וועט'ן דיך רופן. וועסט אָפּטאָן די אַרבעט און גיין צוריק אַ חיים, ווי גאָרנישט איז געשען. אַ, מי קאָן שוין אויספּלאַנעווען!

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. הרגענען... אונטערצינדן... עפּעס נישט פאַר מיר...

ד אַ ז ש ע. משוגע, מיינע שונאים!

פ י י ו ו ל. און אויך נישט פאַר מיר, אָבער זיי טרייבן אונז דערצו. אָט וואָס! איז ווי זיי אונז...

א ו ר ח (אַרויסשפּרינגענדיק פון בעט, מיט כעס צו ישראל). און דו הערסט און — גאָרנישט! מיך האָסטו פאַרשאָטן מיט גמרות,

און פאַר אים האָסטו שוין גאָר קיין גמרא נישט! פאַרוואָס זאָגסטו אים נישט, אַז עס שטייט געשריבן: „ירחיק אדם את עצמו מן הגזל מישראל ומן הגוי" — אַ ייד דאַרף זיך דערווייטערן פון גזלה פון אַ ייד און פון אַ גוי, ווייל דער וואָס באַגזלט אַ גוי, וועט לסוף באַגזלענען אַ יידן, און ווער עס וועט פאַרגיסן גויש בלוט, וועט לסוף פאַרגיסן יידיש בלוט...

פ י י ו ו ל (שטרייגג). איך וויל נישט זיין קיין גזלן... מיר וועלן נישט גזלענען גלאַט אַזוי!...

א ו ר ח. איך האָב עס געהערט! אַ באַשטראָפער וועסטו זיין! פאַר יידן וועסטו זיך אָננעמען! אַ נייער שופט בישראל!

פ י י ו ו ל. איך פאַרשטיי נישט, וואָס דאָס מיינט. אָבער מיך אַרט נישט, וואָס איר זאָגט. האָב איך דאָך געמאַכט, אַז די ביידע שקצים זאָלן ביי אייך בעטן פּראָשטשעניע. און ווען זיי וואָלטן אייך פריער אַוועקגעלייגט אַ טויטן, וואָלטן זיי ביידע אַ מיתה משונה איינגענומען אונטער מיינע הענט. נו, וואָלט איך געטאָן שלעכט? וואָלט איך געווען אַ שלעכטער ייד?

א ו ר ח (צו ישראלן). זאָג אים שוין דו!

י ש ר א ל. ער האָט דאָך אייך געפרעגט. אדרבא ענטפערט איר, אַ רב און מורה דרך. איך ווייס, אַז אין מיר ציטערן אַלע אברים, ווייל וואָס ער האָט פאַרקלערט איז נישט פון גאָט, נאָר פון שטן, רחמנא לצלן.

א ו ר ח. אָט דאָס! אָט דאָס!

פ י י ו ו ל. איך אַליין האָב זיך דערצו דערקלערט.

י ש ר א ל. נאָר דער שטן האָט געקאָנט אַריינטאָן אין דיר אַזאַ געדאַנק, וואָס קאָן אָנבריינגען גרויסע צרות אויף יידן.

א ו ר ח. געוויס!

פ י י ו ו ל. און איך זאָג פאַרקערט.

א ו ר ח. פאַר איין דערהרגטן גוי, וועלן זיי אומברייננגען צענדליקער יידן, אויסהרגענען גאַנצע קהילות.

פ י י ו ו ל. זיי טוען עס סיוויסוי.

י ש ר אל. איך מיין גאָר אַנדערע צרות.

פ יי ו ל. מיר וועלן פאַרהיטן פון אַלע צרות.

י ש ר א ל. דו ווייסט אָנבריינגען די גרעסטע צרה אויף דער יידישער נשמה.

פ י י ו ל. וואָס אַזוינס?

י ש ר א ל. די יידישע נשמה דאַרף זיין ריין פון שפיכות דמים.

פ י י ו ל. וואָס איז שפיכות דמים? ווייס נישט געגוי דעם טייטש.

י ש ר א ל. בלוט־פאַרגיסן...

פ י י ו ל. נו, אויב דאָס שרעקט דיך, איז וועלן מיר קיין בלוט נישט פאַרגיסן. וועלן מיר דערווערגן, דערשטיקן, הייגען, דער־טרינקען, פאַרברענען...

א ו ר ח. ווי! ווי!

י ש ר א ל. דאָס איז אַלץ אומבריינגען, רציחה, און דאָס איז איינע פון די גרעסטע עבירות — אַן עבירה, וואָס איז אַזוי גרויס ווי עבודה זרה, און דו ווילסט אריינשלעפּן די יידישע נשמה אין אַזא אָפּגרונט.

פ י י ו ל. וואָס דרייסטו מיר דאָרטן אַ קאָפּ מיט דער יידי־שער נשמה! ווילסט מיך נאָר פאַרפּומעווען. און איך ווייס, וואָס איך וויל, און איך ווייס, אַז איך בין געגעבט, און דו דריי מיר מער נישט קיין קאָפּ. און ער דאָרטן וועט זיין מיט מיר...(צייגט צום הימל.)

י ש ר א ל. ניין.

פ י י ו ל. איך טו עס פאַר יידן, און ער וועט זען, אַז איך בין געגעבט. און איך וועל זיין אַ פרומער ייד, דאַוונען יעדן טאָג... איך און דער זיידע...

א י ט ש ע ל י פ ע. נו ווי דען אַנדערש?

פ י י ו ל. און אַלע וואָס מיט מיר...

א ו ר ח. וואָס פאַר אַ חילול השם! וואָס פאַר אַ חילול השם!

פ י י ו ל. אָפּהיטן שבת... שבת קודש, ווי אין סידור... איז וואָס נאָך?

י ש ר א ל. איך וויל בעטן דיך רחמים, איך וויל וויינען פאַר דיר: טו עס נישט! ווי גאָט איז דיר ליב, טו עס נישט! וועסט פאַר־שפּילן די וועלט און יענע וועלט!

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. עה!

פ י י ו ו ל. מיט וואָס וועל איך פאַרשפּילן די וועלט? מיט וואָס האָב איך זי? איך וועל זי ערשט געווינען, ווען איך וועל טאָן, וואָס מיין האַרץ זאָגט מיר, איך זאָל טאָן. און יענע וועלט... וואָס ווייס איך פון יענער וועלט? ווער האָט זי ביי זיך אין קעשענע?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. אָט דאָס איז גערעדט! (צו נחמן וועל־יען.) און דיר שטייט נישט אָן...

נ ח מ ן ו ו ע ל י ע. איך וועל שוין אָפּקומען מיין וועלטל, ווי איך האָב אָנגעהויבן.

י ש ר א ל. אָט אַזוי רעדט אַ ייד.

פ י י ו ו ל. אָט אַזוי רעדט אַ... אַ... אַ וואָרים! זעט, ווי עס פלאַקערן די אויגעלעך ביי דיינע תּלמידים! ווען זיי וואָלטן געווען על־טער, וואָלטן זיי איצטער אַוועק מיט מיר. נישט אַזוי, יאָטלעך?

מ י כ ל י ע. אָי, זיי האָבן עס גאָר נישט געדאַרפט הערן!

י ש ר א ל. איז הער־זשע, זאָלסט וויסן זיין! אונזער כּוח ליגט נאָר אין גאָט, נישט אין אונזערע הענט. וועלן מיר זיך פאַר־לאָזן אויף גאָט, וועלן מיר זיך דערנענטערן צו אים און געראַטעוועט ווערן; וועלן מיר זיך פאַרלאָזן אויף אונזערע הענט, וועלן מיר זיך דערווייטערן פון גאָט און אומקומען...

פ י י ו ו ל. האָסטו שוין אָפּגעזאָגט אַלץ? איז איצטער קאָן איך נעמען אַ ביסל בּאָב און אַרבעס, און אַ גוטן שבת!

א ו ר ח. מי טאָר אים נישט לאָזן אַוועקגיין! מי'ט געדאַרפט רופן...

פ י י ו ו ל. וועמען? זאָג עס אַרויס, און איך פאַרענדיק, וואָס די שקצים האָבן אָנגעהויבן.

א ו ר ח. אָט, אָט! עס הייבט זיך אָן! ער וועט פאַרגיסן יידיש בלוט אויך.

פ י י ו ו ל. אויב עס וועט זיך געפינען א יידישער מוסר, וועט ער האָבן א גויאישן טויט!

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. מיט אייך, מיט אזעלכע ווי איר, האָבן מיר געמאָגט אָנהייבן. איר זייט אונז נישט בעסער ווי די גוים. איר דערגייט אונז אויך גוט די יאָרן. איר טרעט אונז געגוג מיט די פיס, לאָזט אונז דעם קאָפּ נישט אויפהייבן. שוין לאַנג צייט געווען, מיר זאָלן זיך נעמען צו אייך!...

א ו ר ח. הערט נאָר דיבורים!

א י ט ש ע ל י פּ ע. האָט נישט קיין פאַריבל, אָבער ער'ט ריכטיק געזאָגט. איר'ט אונז דאָס לעבן גאַנץ ביטער געמאַכט.

פ י י ו ו ל (צו ישראלן). דיך מיינט מען נישט.

י ש ר א ל. (ווי ער וואָלט אים נישט געזען און געהערט, פאַר־דבקהט). דעם יידנס לעבן קאָן ליכטיק ווערן, ווען ער וועט נאָט באַ־גרייפן. יעדע ביטערניש און יעדע טרויעריקייט וועט זיך אָפּטאָן פון אים, ווען ער וועט נאָט דערזען, מיט נאָט פאַראייניקן זיך...

פ י י ו ו ל. נו, נישט מער באָב און ארבעס... געגאַנגען! א גוטן שבת!

ד אָ ז ש ע. ווי וועסטו איצטער דורכגיין די דאָרף?

פ י י ו ו ל. אָהאָ!... איך טראָג עפּעס אין כאַליעווע.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. און איך אויך.

פ י י ו ו ל. (צו נוזמן וועליען). און דו מסתמא נישט, מיין כשרער ייד. נו איז קום, פאַרלאָז זיך שוין אויף אונז.

ד אָ ז ש ע. וואָס וועט דאָ זיין מיט אונז?!

מ י כ ל י ע. רבונו של עולם!

פ י י ו ו ל. זאָל ער אייך דאָ באַשיצן, אייער מלמד. ער האָט קיין מורא נישט, און אַזאַ מחותן מיט גאָט.

י ש ר א ל (ווי פריער). אל אלהי ישראל, דו ביזט חסד, דו ביזט רחמים, גיס אויס דיינע מידות אויף דיין פאָלק ישראל! די יסור־רים, וואָס דו שיקסט אויף אים אָן, מיט זיי ווילסטו אים דאָך בלויז לייטערן, כדי ער זאָל קאָנען א געלייטערטער דערנענטערן זיך צו דיר, פאַראייניקטער ווערן מיט דיר, מער צוגעטוליעט ווערן צו דיר. זיינען

זיי דען יסורים, ווען זיי זיינען מקרב צו דיר? זיינען צרות, אויב זיי דערהייבן צו דיר?

פ י י ו ו ל. ער געפעלט מיר... א גוטן שבת! און געדענקט, קיינעם קיין וואָרט נישט, קיין נעמען נישט אָנרופן... פאַרגעסן! (גייט אַרויס.)

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל (הינטער אים). נאָר א פּיפּס, און מיר!..(קלאַפּט זיך אויף דער כאַליעווע, גייט אַרויס.)

א י ט ש ע ל י פ ע (נאָכגייענדיק). איבער זיבעציק יאָר, און אָט... מנאַ... א גוטן שבת!

נ ח מ ן וו ע ל י ע. עט! א גוטן שבת אייך אַלעמען! (גייט אַרויס.)

י ש ר א ל. גאָטעניו, תעניתים וועל איך פאַסטן, מיין לייב וועל איך פּייניקן... טו עס פון דיינטוועגן, אויב נישט פון דיין פאָלקס וועגן, וועגן אַ זיין געדאַנק, ברייננ אים אויף אַנדערע וועגן!...

# צווייטער אַקט.

## ערשטע סצענע.

ישראלס חדר אין טלוסט. אין דער רעכטער וואַנט די אַריינגאַנגטיר, אין דער הינטערוואַנט אַ פענסטער, אין דער לינקער וואַנט די הינטערוואַנט פון אַ גרויסן אויוון, פון ביידע זייטן פון דער אויוונוואַנט פּאָליצעס, אויף וועלכע עס געפינען זיך ספרים און אַנדערע זאַכן. אַ לאַנגער טיש מיט בײנק אַרום אים פּאַרנעמט דעם מיטן צימער.

ישראל זיצט ביים עק טיש צום פענסטער צו און זאָגט תורה פאַר אַן עדה יידן, וואָס זיצן אויף די ביינק אַרום טיש. אברהם קוטעווער און זיין באַגלייטער זיצן ביים אַנדער עק טיש.

ישראל (מיט אַ לערן־ניגון). איז וואָס באַווייזט עס? דאָס באַווייזט, אַז דער רמבם איז געווען אַ פּשטן און האָט פיינט געהאַט פּלפּול. דערפאַר איז נאָך אים ראשית דעת, דער עיקר וויסן, וידעת את י״י, זאָלסט וויסן גאָט. דע את אלהי אביך, ווייס גאָט דיין פאָטער, און וואָס קאָן זיין פּשוטער, ווי וויסן אַ פאָטער, ווי וויסן גאָט? ווייל יעדער מענטש איז אַ חלק אלוה ממעל... (אין טיר באַווייזט זיך פּייוול. ישראל דערזעט אים, ווערט איבעראַשט, בלייבט שטיין אין זיין תורה־זאָגן. עולם קוקט זיך אום אויף דער טיר.)

פּייוול (ווינקט איימיצן הינטער זיך. באַלד באַווייזט זיך הינטער אים איטשע ליפּע).

ישראל (פריינטלעך, קומענדיק צו זיך פון דער איבעראַשונג). קומט אַריין! קומט אַריין! שלום עליכם! (פּייוול און איטשע ליפּע באַוועגן זיך אַריין אין חדר, שטעלן קוים פיס.)

דער באַגלייטער. רב אברהם, איר דאַרפט שוין פאָרן אַ היים.

אברהם. ווער זאָגט, איך דאַרף? איך קאָן פאָרן מאָרגן אינדערפרי. איך וויל נאָך הערן. (שטילער.) דער יונגערמאַן איז... (דערעדט נישט, נאָר באַצייכנט זיין התפעלות מיט אַ גרימאַסע.)

באַגלייטער (מיט צופרידנקייט). וואָס האָב איך אייך געזאָגט?

ישראל (צו פייוולען און איטשע ליפען). קומט צו, זעצט זיך. איר קומט'אָך מסתמא פון ווייט. דערווייל וועט איר הערן אַ ביסל תורה.

פייוול. מיר זיינען נישט צוליב דעם געקומען.

ישראל. ניין? נו... אַוואַדע וואָלט געווען בעסער, ווען איר וואָלט געקומען צוליב דעם, אָבער...

פייוול. מיר האָבן ווייניק צייט. מיר האָבן נאָך אַ ווייטן וועג צו גיין.

ישראל. און פון דעם ווייטן וועג זייט איר געקומען. דאַרפט איר זיך דאָך טאַקע פאַררוען.

פייוול. מיר קאָנען זיך צוזעצן, אָבער מיר ווילן נישט הערן. נישט פאַר אונזערע קעפּ.

ישראל (צום עולם). איר וועט מוחל זיין, רבותי. איך וועל איצטער מער נישט זאָגן. איך בין איצטער געגליכן צו אַ פידלער, וואָס האָט ליב געהאַט צו שפּילן אויף זיין פידל פאַר אַלעמען, וואָס האָבן געהאַט אָפענע אויערן און געוואָלט אים הערן, און האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון זייער הנאה. אָבער איינמאָל האָט ער באַמערקט אין זיין עולם צוויי טויבע, האָט ער געזאָגט: איצטער קאָן איך ניט שפּילן, ווייל די צוויי וועלן קיין הנאה נישט האָבן, און איך וועל זען זייער צער און אומגעדולד, און וועל נישט קאָנען גוט שפּילן. (די צוהערער שטייען אויף, קוועלן אָן פון דעם משל, אַברהם קוטערוועט איז פול התפעלות. ישראל שטייט אויף, אַרויסצובאַגלייטן, און רעדט ווייך און פריינטלעך.) אָבער איך וועל נאָך שפּילן פאַר אייך. מיר זיינען דאָך אַלע היגע. דאָך איר, רב אברהם, איר פאָרט אָפּ מאָרגן אינדערפרי צוריק אַהיים אין בראָד...

אברהם. איך וועל זיך נאָך זען מיט אייך פאַרן אָפּפאָר.

י ש ר א ל. ווען?

א ב ר ה ם. נאָך היינט.

י ש ר א ל. נאָר נישט שפּעט ביידערנאַכט.

א ב ר ה ם. איר גייט פרי שלאָפן?

י ש ר א ל. כּדי אויפצושטיין צו חצות.

א ב ר ה ם. אָ!... איז גוט, מיר וועלן זיך שוין זען אַ סך פריער. (גייט אַוועק מיט זיין באַגלייטער.)

י ש ר א ל (ווענדט זיך צו פייוולען און איטשע ליפען). וואָס שטייט איר נאָך אַלץ? קומט, מיר וועלן זיך זעצן. (זיי זעצן זיך.) פון־וואַנען קומט איר?

פ י י ו ו ל. אָט דאָ, פון אַרום טלוסט.

י ש ר א ל. און וואָס האָט אייך געבראַכט צו מיר?

פ י י ו ו ל. אַ בקשה... אָט... דעם זיידנס אַ בקשה.

י ש ר א ל (צו איטשע ליפען). וואָס, דהיינו?

א י ט ש ע ל י פּ ע. הם... ווייס נישט, ווי אַרויסצוברענגען.

פ י י ו ו ל. זאָלסט זיין מיט אונז... ביי אונז...

א י ט ש ע ל י פּ ע. אָט!

י ש ר א ל. וואו מיט אייך?

פ י י ו ו ל. אָט וואו מיר זיינען. היינט דאָ, מאָרגן דאָרטן...

י ש ר א ל. איך זאָל ווערן אַ.. .

א י ט ש ע ל י פּ ע. ניין... ניין... חס ושלום!

פ י י ו ו ל (גראָב). און מיר זיינען אויך נישט!

י ש ר א ל. פאַרשטיי איך נישט, וואָס איר ווילט.

א י ט ש ע ל י פּ ע (מיט אַ קוק אויף פייוולען און נישט געפינענדיק ביי אים קיין גרייטקייט צו ריידן, קרעכצט אָפּ). מנאַ... אָט... נו... מיר זיינען איצטער אַ מנין און מער...

י ש ר א ל. גאָט אין הימל!

א י ט ש ע ל י פּ ע. אַלע פרומע יידן. דאַוונען אַלע טאָג... וואַשן זיך צום עסן... בענטשן... האַלטן שבת... פרומע יידן... דער־פאַר בין איך געקומען צו דיר, רבי.

פ י י ו ו ל. ער איז גאַנץ פאַרליאָפּעט אין דיר!

א י ט ש ע ל י פ ע. טאַקע אמת. ביזט אַ הייליקער ייד. איז וואָס דער תּכלית צו זיין אַ מלמד? דו קום בעסער צו אונז... מיר דאַרפן האָבן אַזאַ, וואָס זאָל קאָנען דאַוונען פאַרן עמוד... לייענען די תורה... אַ קאַפּיטל תהלים פאַרטייטשן... טאַקע מוסר זאָגן... אַ שאלה פּסקענען...

י ש ר א ל. איר מאַכט חוזק, איטשע ליפּע!

א י ט ש ע ל י פ ע. חלילה! זאָל מיך גאָט שטראָפן!

י ש ר א ל. איז ווי קומט איר מיט דעם צו מיר? איך אין אַ הייל פון גזלנים!

א י ט ש ע ל י פ ע. נישט קיין גזלנים, רבי...

פ י י ו ו ל. גזלנים! אַוועקגעפּטערט די רוצחים, וואָס האָבן געהרגעט מיין טאַטן — נו? אַן עבירה? אַוועקגעלאָזן מיטן פייער דיין זלידקאַ, ווייל זיי האָבן אונטערגעצונדן דיין דאָזשעך, נו? איז שלעכט? באַגראָבן אַ לעבעדיקן דעם גאַליצער סטאַראָסטע, ווייל ער האָט אָפּגעטאָן אַ מיאוסע מעשה מיט אַ יידישער ווייבל, אַז זי איז געשטאָרבן אונטער זיינע הענט, נו, וואָס, געדאַרפט אים לאָזן לויפן? אָפּגעשמיסן דעם גאָרילאָוועקער פּריץ — אָבער אַזוי גוט! געקאַטעוועט און אָנגעזאָגט: „דאָס האָסטו דיר, פאַרוואָס דו האָסט דיין מאָשקאָ גע־שמיסן!" נו, איז דאָס גאַזלאָוואָיע?... גזלנים!... נקמה גענומען! אָפּ־געדעכנט זיך פאַר יידן!

י ש ר א ל. פון דיר רעדט אַרוים רציחה, און דו ווילסט זי הייליקן! ווילסט רייניקן די טומאה.

פ י י ו ו ל. וואָס רציחה! וואָס טומאה! וואָס בעבעסטו דאָרטן! בעבעט! קום, זיידע!

א י ט ש ע ל י פ ע. די שאלה!

פ י י ו ו ל. אַ, יאָ, די שאלה.

י ש ר א ל. די שאלה?

פ י י ו ו ל. אַ קליינינקייט. אפשר גאָר נישט נויטיק. אָבער עס מוליעט.

י ש ר א ל. א שאלה... בין נישט קיין רב, פסקן נישט קיין שאלות... און וועלכע שאלות האט איר נאך צו פרעגן?

פ י י ו ו ל. איך שעם זיך צו ריידן דאס מיט דיר, און ווען ער, דער זיידע, איז נאך דערביי. אָבער ער איז אויך באַשטאַנען, אַז מי זאָל זיך מיט דיר דורכריידן...

י ש ר א ל. רייד שוין! רייד שוין!

פ י י ו ו ל. אויך דו ווערסט אין כעס?

י ש ר א ל. בין איך אין כעס? איך וויל שוין אויסהערן — און א סוף.

פ י י ו ו ל. איך האָב שוין אַלץ פאַרטיק געהאַט אין קאָפּ און אַט ווייס איך נישט, ווי איך זאָג עס גאָר אַרויס. דו ביזט עפּעס אַזאַ... דו ביזט עפּעס אַן אַנדערער... איך ווייס, דו וועסט אפשר רויט ווערן, ווען איך קום דערמיט אַרויס.

י ש ר א ל. שפיכות דמים ברייננט צו עבודה זרה, ברייננט אויך צו עריות.

פ י י ו ו ל. וואָס איז דאָס אַזוינס? — אָדער אפשר איז עס טאַקע, וואָס איך מיין.

י ש ר א ל. איר האָט שוין אָפּגעטאָן וואָס מיט נקבות?

פ יי וו ל. אָט־אָט! געטראָפן! מיר האָבן עטלעכע שיקסעס... נו, ווייסט'אָך!

י ש ר א ל. טיף און טיפער אין די מ"ט שערי טומאה!

א י ט ש ע ל י פ ע. נישט איך... די אינגערע... איך האָב זיי געזאָגט, מי דאַרף נישט... מי טאָר נישט...

פ יי וו ל. פאַרשטייסט? מיר ווילן באַשטראָפן. ווי זיי אונז, אַזוי מיר זיי. און זיי האָבן שוין געגוג יידישע מיידלעך... ווייסט'אָך... ווי וואָלסטו עס אָנגערופן? קאָן זיך דאָס וואָרט נישט דערמאָנען...

א י ט ש ע ל י פ ע. מאַנס געוועזן... נו...

פ י י ו ו ל. אָט דאָס איז עס... דאַרפן מיר אויך. ווי זיי, אַזוי מיר... נקמה! אָבער איך ווייס נישט אַקוראַט, צו איז עס נקמה אָדער יצר הרע...

א י ט ש ע ל י פ ע. איך זאָג: יצר הרע...

פ י י ו ו ל. און איך וואָלט נישט געוואָלט יצר הרע... אויב יצר הרע, טויג נישט... איז וואָס דענקסטו?

י ש ר א ל. עס שווידערט אויף מיר דער לייב!

פ י י ו ו ל. אויב יצר הרע, וועט עס מער נישט געטאָן ווערן.

י ש ר א ל. דאָס גאַנצע טאָר נישט געטאָן ווערן! אַלץ, וואָס איר טוט, טאָר נישט געטאָן ווערן!

פ י י ו ו ל. דאָס איבעריקע איז נישט יצר הרע! דאָס איבעריקע איז נקמה!

י ש ר א ל. וואָס זייט איר געקומען צו מיר? איר מאַכט מיך פאַר אַ שותף אין אייערע מעשים!

פ י י ו ו ל. שטייט דיר נישט אָן? איך שעם זיך נישט מיט אונזערע מעשים. זיי זיינען שוין איינמאָל מעשים!... אָבער נישט יצר הרע. נאָכגעבן דעם יצר הרע קאָן מען נאָך אָנהייבן גלאַט ראַבעווען און שיכורן... זעסט, דאָס טויג נישט... איז דו זאָג אונז קלאָר און דייטלעך.

י ש ר א ל. אַז נישט נאָר דאָס, נאָר אַלץ, וואָס איר טוט, קומט דאָך פון דעם שטן!

פ י י ו ו ל. דו ענטפער מיר אויף דעם איין פונקט.

י ש ר א ל. רבונו של עולם, ווי עפן איך אויף זיינע אויגן?

פ י י ו ו ל. ניש'קשה, זיי זיינען שוין אָפן. נאָר אין דעם איין פונקט...

י ש ר א ל. רבונו של עולם!

פ י י ו ו ל. איז ווילסטו מיר נישט זאָגן... איז גוט... איז פסקן איך אַליין... זאָל מיינס אריבערגיין... עס איז פון יצר הרע, ווי דער זיידע זאָגט...

א י ט ש ע ל י פ ע. נו אָט! געוויס!

פ י י ו ו ל. און מער רירן מיר זיך צו קיין שיקסע נישט צו.

א י ט ש ע ל י פ ע. אָט אזוי!

פ י י ו ו ל. בעסער די קעפּ זיי אַראָפּדרייען, אָבער נישט דאָס... האָב איך ריכטיק געפּסקנט?

ישראל (קלאַפּט זיך אויף דער ברוסט). ווי מיר! ווי מיר!

פייוול (דערשטוינט). דאָס פאַרשטיי איך עפּעס נישט. (קוקט אָן איטשע ליפּען.)

איטשע ליפּע. הע!

פייוול. וואָס ווי אים? וואָס האָט ער זיך צו קלאַפּן אין האַרצן?

ישראל. קערט זיך אום!

פייוול. מיר זיינען נאָך נישט אַוועקגעגאַנגען.

ישראל. קערט זיך אום צו גאָט און יידישקייט!

פייוול. איך קאָן שוין ווערן אין כעס, ווי איך בין אַ ייד!... בין אַ ייד, דאַרף זיך נישט אומקערן... האָב דעם פּעלץ נישט איבערגעקערט, און וועל נישט... בין אַ בעסערער ייד, ווי... ווי... אפילו ווי... טפו! קום, זיידע!

ישראל. רב איטשע ליפּע! זיידעניו! הערט זיך צו!...

פייוול. נישטאָ מער וואָס צו הערן! גיי, זיידע! (שטופּט אים צו דער טיר.)

איטשע ליפּע. מנאַ... העהע...(גייען אַרויס.)

ישראל (ברעכט אויס אין טרערן). רבונו של עולם! אדון העולמים! האָסט מיינע תעניתים נישט אָנגענומען, פון מיינע פּייניקונ־גען האָסטו פאַרמאַכט דיינע אויגן, און האָסט זיינע געדאַנקען נישט אָפּגעווענדט. ער איז געוואָרן רצחן און גזלן און וואָס נישט, אָבער דו ווילסט עס דאָך נישט, דו קאָנסט עס דאָך נישט וועלן, אפילו ווען ער טוט עס פאַר דיין פאָלק! נישט ווי אַלע פעלקער איז דיין פאָלק, און זיינע וועגן זיינען נישט די וועגן פון דעם אמורי... פאָטער מיי־נער, מלך מיינער, איך ווייס, אַז לגדולות נוצרתי, איך בין געבאָרן געוואָרן גרויסע זאַכן צו טאָן פאַר דיין פאָלק, און מיין נשמה איז נאָענט צו דיר... איך בין געבאָרן געוואָרן אַ ליכט צו זיין אין דעם פינסטערן לעבן פון דיין פאָלק... אָבער דו שיקסט מיר אים ווי אַ וואָרנונג, אַז מיין צייט איז נאָך נישט געקומען, אַז איך טאָר נאָך נישט נתגלה ווערן. איך דאַרף נאָך נישט אַרויס צו דיין פאָלק, איך דאַרף נאָך נישט קומען צו אים מיט דיין וואָרט, וואָס איז נאָך שוואַך אין מיר און האָט דעם גזלן נישט געקאָנט אָפּשטעלן אין זיין גזלנות.

וועל א י ך ווייטער לעבן א נ ס ת ר, א פארבאָרגענער און באהאלטענער, און ווייטער קלעטערן צו דיר, דערנענטערן זיך מער צו דיר, פאראייניקטער ווערן מיט דיר. (גייט צו דער פאָליצע, נעמט אַראָפּ אַ ספר.) איידער איך ווער אַנטפּלעקט, דאַרף איך וואָס מער אַנטפּלעקן פון דיר, די אייביק אַנטפּלעקטער און שטענדיק פארבאָרגענער היה הוה ויהיה! (זעצט זיך ביים טיש און עפנט אויף דעם ספר.)

א ב ר ה ם ק ו ם ע ו ו ע ר (קומט אַריין). איינער אַליין? דאָס איז גוט.

י ש ר א ל. און איך האָב ערשט אויפגעמישט דעם „זוהר". און מיין אויג איז געפאַלן אויפן פסוק „ואברהם זקן בא בימים".

א ב ר ה ם. אצבע אלהים!

י ש ר א ל. איז וואָס ווילט איר מיר זאָגן גוטס, רב אברהם?

א ב ר ה ם. טאַקע גוטס, רב ישראל. איך האָב אויסגעפונען, אז דו ביזט אַן אַלמן, און אַן אַלמן שוין אַ היבש ביסל יאָר, איז ווי זיצט עפּעס אַ ייד אָן אַ ווייב? ביזט'אָך אַ בן תורה, ווייסט דאָך: כל אָדם שאין לו אשה אינו אָדם — אַ מענטש אָן אַ ווייב איז גאָר קיין מענטש נישט.

י ש ר א ל. האָט איר פאַר מיר אַ שידוך?

א ב ר ה ם. צו דעם פיר איך דאָך. איך אַליין וויל זיך מיט דיר משדך זיין.

י ש ר א ל. אַ גרויסער כבוד!

א ב ר ה ם. איך האָב אַ טאָכטער אַ גרישה — טראַכט נאָר נישט קיין שלעכטס.

י ש ר א ל. איך טראַכט קיינמאָל נישט לרעה.

א ב ר ה ם. איך האָב זיך עס געריכט פון דיר. איז וויס טאַקע: זי איז אַ גרושה, אָבער נישט זי איז אָפּגעגט געוואָרן, ווייל דער מאַן האָט אין איר געפונען ערות דבר, נאָר זי האָט אָפּגעגט איר מאַן, ווייל זי האָט אים געדאַרפט אָפּגטן על פי דין. מאדו'שם היה הדבר — דער אויבערשטער האָט אַזוי געוואָלט. און איצטער הייב איך אָן צו זען, פאַרוואָס דו האָסט געדאַרפט ווערן אַן אַלמן און זי אַ גרושה. ווילסטו זיך משדך זיין מיט מיר?

י ש ר א ל. איר זייט רייך און איך אָרעם, וועט עס נישט זיין, אַז איך נעם אַ ווייב צוליב איר געלט?

א ב ר ה ם. גאָט זאָל מיך שטראָפן, אויב איך וועל דיך ווען חושד זיין אין דעם.

י ש ר א ל. און אייער זון, דער גאון רבי גרשון? און זי, אייער טאָכטער?

א ב ר ה ם. זיי וועלן גאָרנישט פאַרקלערן. פאַר זיי וועט זיין געגוג, אַז איך האָב געשלאָסן דעם שידוך.

י ש ר א ל. וואָס וועלן לייט זאָגן?

א ב ר ה ם. ווען לייט וועלן דיך דערקענען, ווי איך האָב דיך דערקאָנט, וועלן זיי דיך נישט חושד זיין.

י ש ר א ל. זייט איר זיכער, אַז איר קענט מיך? ווייסט איר, ווער איך בין?

א ב ר ה ם. איך ווייס, ווער דו ביזט, אָבער איך ווייס נאָך, אַז להבא וועסטו זיין מער, ווי דו ביזט. מיין זון, איך זע אין דיר אַ גרויס ליכט.

י ש ר א ל (פייערלעך). איצטער קאָן איך ווערן אייער איידים!

א ב ר ה ם (אויסשטרעקנדיק צו איס זיין האַנט). מזל טוב! איך וועל צונויפרופן מיינע פריינט און דו דיינע, און מיר וועלן שרייבן תנאים.

י ש ר א ל. מיר וועלן שרייבן תנאים, אָבער נישט פאַר אַן עולם. צווישן אונז אַליין זאָל עס בלייבן. איך וויל די זאַך בסוד.

א ב ר ה ם. פאַרוואָס בסוד? פאַרוואָס באַהאַלטן?

י ש ר א ל. ווייל איך וויל נאָך בלייבן באַהאַלטן. דאָס ליכט, וואָס איר האָט דערזען אין מיר, וועט נאָך לאַנג פאַרבאָרגן בלייבן. איך דאַרף זיך נאָך מכין זיין, נאָך לאַנג זיך צוגרייטן. מיר וועלן שרייבן תנאים, מיר ביידע דאָ, אונטער פיר אויגן. דאַרפן מיר דען עדות?

א ב ר ה ם. אָבער, זון מיינער!...

י ש ר א ל. מיר וועלן אַריינשרייבן אין די תנאים נישט מער ווי מיין נאָמען און מיין טאַטנס זכרונו לברכה נאָמען, אָן מהור״רם און אָן שבחים. ישראל בן אליעזר, און נישט מער.

א ב ר ה ם. צו וואָס דאָס אַלץ?

י ש ר א ל. ווייל איך וויל נאָך לאַנג בלייבן פאַר דער וועלט נישט מער ווי ישראל בן אליעזר. דאָס ליכט, וואָס איר האָט דערזען, האָט איר אַליין געזען. נישט איר נישט איך טאָרן עס נאָך נישט אַנטפּלעקן.

א ב ר ה ם (מיט ציטער). מיין זון... רבי... בוצינא...

י ש ר א ל. ניין, נאָך נישט... ישראל פּשוט.. בלויז ישראל... איך גיי אַרויס און קריג אַ תנאים.

א ב ר ה ם. איך האָב זי דאָ מיט מיר. (נעמט אַרויס פון בוזים־קעשענע צוויי תנאימס און לייגט זיי אַוועק אויפן טיש.) אָט, שרייב אַריין.

י ש ר א ל. ניין, איר מיט אייער אייגענער האַנט.(נעמט פון אַ פּאָליצע טינט און פעדער.) אָט איז דאָס שרייבגעצייג. שרייבט. און פאַרגעסט נישט: ישראל בן אליעזר.

א ב ר ה ם (נעמענדיק די פעדער). ישראל בן אליעזר... עס ציטערט מיר די האַנט... ישראל... איך זע, ווי דיין נאָמען וועט לייכטן... בן אליעזר... און נישט מער... איך פרעג נישט, ווער דיין טאַטע איז געוועזן...

י ש ר א ל. אַ צדיק.

א ב ר ה ם. אַ צדיק... אַ צדיק... געווים אַ צדיק!... און איך טאָר עס נישט אַריינשרייבן... און טאָר נישט צושרייבן צו דיין נאָמען, וואָס איך ווייס וועגן דיר... וואָס וועל איך זאָגן מיין זון? וואָס וועל איך זאָגן מיין טאָכטער? חנה הייסט זי... זעסט, איך שרייב אַריין חנה בת... נו, ווי קאָן איך איצטער זיך צושטעלן שבחים? דיר נישט, מיר יאָ...

י ש ר א ל. שרייבט, שרייבט — די שבחים, צו וועלכע איר זיין געוויינט, די שבחים, וואָס באַצירן שטענדיק אייער נאָמען.

א ב ר ה ם. און אַז מיין זון, דער גאון רבי גרשון וועט מיך

פרעגן? און אז מיין טאָכטער וועט מיך פרעגן? וואָס עפּעס ישראל בן אליעזר? ווער איז ער? וואָס איז ער?

י ש ר א ל. זאָלן זיי אליין אויסגעפינען און דערווייל אמונה האָבן אין זייער טאַטן.

א ב ר ה ם. נו, נו... אַ שווערער עסק... דיך באַהאַלטן און זיך אַליין פאַרשטעלן... זיי וועלן דאָך מיר קוקן אין די אויגן, וועלן ארויסלייענען פון זיי... איז ווי וועל איך... נו, נו,... אָט האָסטו אַ תנאים און איך אַ תנאים, שרייב זיך אונטער אויף ביידע.

י ש ר א ל (שרייבט זיך אונטער).

א ב ר ה ם. ישראל בן אליעזר... נו, נו... (נעמט זיין תנאים, לייגט צונויף, באַהאַלט אין בוזים־קעשענע, שטייט אויף.) ווייסט, עס איז מיר, ווי איך וואָלט אַ פעסל וויין אויסגעטרונקען, אזוי דרייט זיך מיר אין קאָפּ... איך בין עפּעס ווי בגילופין... איך קאָן דאכט זיך גאָר קיין שריט נישט מאַכן.

י ש ר א ל. איך וועל אייך באַגלייטן צו אייער אכסניא. (פירט אים.)

א ב ר ה ם. ישראל בן אליעזר... ישראל פּשוט... העהע... נו, נו...

## צ ו ו י י ט ע ס צ ע נ ע.

אַ צימער ביי רבי גרשון קוטעווער. רעכטס אַ טיר, לינקס אַ טיר, אין דער הינטערוואַנט צוויי פענסטער. צווישן ביידע פענסטער אַ קאַנאַפּע, פאַר דער קאַנאַפּע אַ טיש. ביי דער ברייט פון טיש רעכטס אַ פאָטערשטול, ביי דער לינקער ברייט און פאָרנט שטולן. — — רבי גרשון זיצט אויפן פאָטערשטול, זיינע דריי דיינים ביי די אַנ־דערע דריי זייטן טיש.

ר ב י ג ר ש ו ן (איבערקוקנדיק פּאַפּירן, וואָס ליגן פאַר אים אויפן טיש). אַ גרויסער ייד געווען מיין טאַטע, און וויפל מען האָט אים נאָכגעזאָגט ביי זיין מיטה, איז אַלץ ווייניק. אַלץ, וואָס מען האָט געזאָגט, זיינען געווען דברים שיש בו, זאכן, וואָס ער האָט טאַקע ביים לעבן געטאָן, אָבער מ'ט נישט אַלץ געוואוסט, וואָס ער

האָט געטאָן. ער האָט געוואָלט שטאַרבן אַן אָרעמאַן און האָט עס דערגרייכט. צוגעבן, צושיינקט, געבליבן קוים אויף צו באַצאָלן חובות... ווען מי וואָלט די אַלע כתבים אויפגעעפנט, ווען דער הייליקער נפטר איז נאָך געלעגן פאַר אונז, וואָלטן זיי געוועזן דער רעדעוודיקסטער הספד... כתב נאָך כתב, כתב נאָך כתב... וואָס איז דאָס פאַר אַ כתב?... אַ תנאים! אַ תנאים צווישן זיין טאָכטער, מיין שוועסטער חנה און איינעם... איינעם ישראל בן אליעזר... טשיקאַווע... זיין חתימה... און... ישראל בן אליעזר... האָב קיינמאָל נישט געהערט פון אים דעם נאָמען... האָט ווער פון אייך אים ווען געהערט? ישראל בן אליעזר...

די דיינים (חזרן איבער איינער נאָך דעם אַנדערן). ישראל בן אליעזר... (שאָקלען מיט די קעפּ, קוקן זיך איינער דעם אַנדערן אָן.) ישראל בן אליעזר... ווער קאָן עס זיין?

גרשון. די תנאים זיינען געשריבן געוואָרן אין דעם טאָג, ווען ער איז קראַנק געוואָרן, דריי טעג פאַר זיין פּטירה... געשריבן געוואָרן אין טלוסט... וועט מען זיך דאַרפן אָנפרעגן אין טלוסט.

ערשטער דיין. מי וועט זיך נישט דאַרפן אָנפרעגן. דער ישראל בן אליעזר וועט זיך דאָך מסתמא אַליין באַווייזן.

צווייטער דיין. דער חתן וועט דאָך מוזן קומען.

דריטער. אפשר וויים די כלה? אפשר האָט רב אברהם זכרונו לברכה איר פריער דערציילט?

גרשון. רופט זי טאַקע אַריין. (דער דיין גייט אַרויס טיר לינקס.) כלתה נפשי — מיין האַרץ גייט מיר אויס, אַזוי וויל איך וויסן. ישראל בן אליעזר... מיין טאַטע זכרונו לברכה האָט געטאָן אַ שידוך, און דער חתן זאָל אַריינגעשריבן ווערן אין די תנאים אַזוי סתם... דאָס איז דאָך זיכער אַ בן תורה. איז וואָס עפּעס גלאַט אַזוי ישראל בן אליעזר? (דער דריטער דיין קומט אַריין, הינטער אים חנה, גרשון ווענדט זיך צו איר, נישט קוקנדיק אויף איר.) איך האָב געפונען צווישן די כתבים פון דעם טאַטן זכרונו לברכה דיינע תנאים.

חנה (איבעראַשט). מיינע תנאים?!..

גרשון. ער האָט זיי געשריבן אין טלוסט אין דעם טאָג, וואָס

ער איז קראַנק געוואָרן, תנאים צווישן דיר און איינעם ישראל בן אליעזר. האָסטו געוואוסט, אַז ער גייט שרייבן די תנאים?

ח נ ה. איך הער עס איצטער צום ערשטן מאָל.

ג ר ש ו ן. האָסטו געהערט פון אים וועגן איינעם אַ ישראל בן אליעזר?

ח נ ה. ער האָט מיר דעם נאָמען קיינמאָל נישט דערמאָנט.

ג ר ש ו ן. האָט ער בכלל דעם נאָמען דערמאָנט?

ח נ ה. איך האָב אים קיינמאָל נישט געהערט.

ג ר ש ו ן. ישראל בן אליעזר... אַזוי שטייט אין די תנאים, געשריבן מיטן טאַטנס האַנט... סתם ישראל בן אליעזר... ווער איז ער? וואָס איז ער? פון וועמען שטאַמט ער אָפּ?

ח נ ה. פאַרוואָס פרעגסטו אַזויפיל?

ג ר ש ו ן. ווי הייסט? און דיר איז עס גאָר נישט קשה?

ח נ ה. ניין.

ג ר ש ו ן. וואָס טייטש ניין?

ח נ ה. דער טאַטע זכרונו לברכה האָט עס געטאָן, און ער האָט געוואוסט, וואָס ער טוט.

ג ר ש ו ן. מיט דיינע ווערטער באַשעמסטו מיך, שוועסטער. איך האָב עס אויך געדאַרפט זאָגן. אָבער מיר איז דאָך פאָרט קשה. ווייס איך דען, ווי און אונטער וועלכע אומשטענדן דער טאַטע האָט געשריבן די תנאים? ער איז אין דעם אייגענעם טאָג קראַנק געוואָרן — אפשר איז ער שוין געווען קראַנק, ווען ער האָט זיי געשריבן?

ח נ ה. קאָן איך זען די תנאים?

ג ר ש ו ן. געוויס. זיי זיינען דיינע תנאים. האַלט זיי ביי זיך.

ח נ ה (גייט צו אים צו, נעמט די תנאים, באַטראַכט זיי). די תנאים זיינען גוט.

ג ר ש ו ן. געוויס זיינען זיי גוט. זיי טראָגן דעם טאַטנס חתימה. אָבער ווער ווייס...

ח נ ה. ער האָט זיי געשריבן זיצנדיקערהייט, ווייל ליגנדיקער־

הייט וואָלטן די אותיות ארויסגעקומען ביי אים קרומלעך — איז ער געוועזן געזונט, ווען ער האָט געשריבן די תנאים.

ג ר ש ו ן. לאָז מיך זען.

ח נ ה (געבנדיק אים די תנאים). און איך לייען נאָך עפּעס ארויס.

ג ר ש ו ן (קוקנדיק אין די תנאים). פאַרוואָס קאָן איך גאָר־נישט ארויסלייענען?

ח נ ה. דו קוקסט נישט מיט די אויגן, מיט וועלכע איך קוק. און פילסט נישט מיטן הארץ, מיט וועלכן איך פיל.

ג ר ש ו ן (אומקערנדיק איר די תנאים). איז וואָס האָסטו ארויסגעלייענט? איך זע גאָרנישט ארוים.

ח נ ה. אז דער ישראל בן אליעזר איז נישט אבי ווער.

ג ר ש ו ן. ווי אזוי האָסטו עס ארויסגעלייענט? ווי אזוי זעסטו עס?

ח נ ה. דער טאַטע זכרונו לברכה האָט אריינגעשריבן דעם נאָמען מיט זייער גרויסע אותיות, און זיין האַנט האָט אים געציטערט, ווען ער האָט דעם נאָמען געשריבן. קוק זיך נאָר גוט איין. (גיט אים די תנאים.)

ג ר ש ו ן. איך קוק און זע און קאָן עס אַנדערש פאַרטייטשן. אדרבא זעט איר. (גיט איבער די תנאים צו די דיינים.) אפשר האָט ער זיך געדאַרפט אָנשטרייגען... (די רדיי קוקן אריין, איינער נאָך דעם אַנדערן, זעען גאָרנישט, דריקן מיט די פּלייצעס און קערן אום די תנאים צוריק צו רבי גרשון.)

ח נ ה. און איך האָב נאָך עפּעס געזען.

ג ר ש ו ן. נו?

ח נ ה. די חתימה פון דעם ישראל בן אליעזר.

ג ר ש ו ן. וואָס האָסטו אין איר געזען?

ח נ ה. איך האָב אין איר געזען, אז ער איז נישט קיין יונגער־ייִנגל, ווי מיין ערשטער איז געווען. אָבער איך האָב אויך ארויסגע־לייענט פון איר פשטות און ענוות, און, אויב דו ווילסט, אפילו א לב טוב.

ג ר ש ו ן. דו קריכסט שוין אויף גלייכע ווענט, מיין שוועס־טער. און איך זאָג, אז די גלייכסטע זאַך איז אָנצופרעגן אין טלוסט.

ח נ ה. ניין, מיר וועלן דאָס נישט טאָן. מיר וועלן נישט שטעלן אין ספקות דאָס, וואָס דער טאַטע זכרונו לברכה האָט גע־טאָן. די תנאים זיינען מיינע, און איך האַלט זיך אָן זיי. דעם טאַטן זכרונו לברכה איז דער שידוך געפעלן געוואָרן, דאַרפן מיר נישט חוקר ודורש זיין.

ג ר ש ו ן. זאָל זיין אַזוי. נאַ דיר די תנאים.

ח נ ה (נעמט די תנאים און גייט אַרויס מיט אויפגעשיי־נטן געזיכט).

ע ר ש ט ע ר ד י י ן. עס איז פאַראַן עפּעס אין דעם, וואָס זי האָט אַרויסגעלייענט.

צ ו ו י י ט ע ר. און אויב „אין מזווגין לו לאדם אשה אלא לפי מעשיו" — אז דער זווג פון אַ מענטש איז נאָך זיינע מעשים, מוז ער זיין אַ מענטש פון גאָר גרויסע מעשים, ווייל ער קריגט אַזאַ ווייב, ווי אייער שוועסטער.

ד ר י ט ע ר. וואָלט מען דערפון געקאָנט דרינגען, אז ביי אים אויך איז עס זיווג שני, און ער מוז זיין אַ גרויש אָדער אַן...

י ש ר א ל (קומט אַריין, אָנגעטאָן אין אַ פויערישן פעלצל, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, מעשה פּראָסטאַק און רעדט גראָב אַרויס). אַ גוטן טאָג!.

ג ר ש ו ן (אָנקוקנדיק אים). איר ווילט אַ נדבה?

י ש ר א ל. ניין, איך בין נישט געקומען נאָך אַ נדבה, איך וויל זען רב גרשונען.

ג ר ש ו ן. וועגן וואָס?

י ש ר א ל. דאָס וועל איך זאָגן רב גרשונען אַליין.

ג ר ש ו ן. ווער ביזטו?

י ש ר א ל. אַז מיר וועלן זיין אַליין, וועל איך זאָגן.

ג ר ש ו ן. וואָס פאַר־אַ סודות האָסטו מיט מיר?

י ש ר א ל. טאָקע אַ סוד. איז דאַרפן מיר זיין אַליין.

ג ר ש ו ן (צו די דינים). לאָזט מיך אַליין מיט אים. (די דינים גייען אַרויס.) נו, וואָס איז דיין סוד?

י ש ר א ל (נעמט אַרויס פון בוזים די תנאים און גיט זיי אים איבער).

ג ר ש ו ן (איבערראַשט, קוקט פון די תנאים אויף ישראלן און פון ישראלן אויף די תנאים). דאָס ביזטו אפשר ישראל בן אליעזר?

י ש ר א ל. איך. און איך בין געקומען, איר זאָלט מיר געבן מיין ווייב.

ג ר ש ו ן. וואָס פאַר א לשון רעדסטו?

י ש ר א ל. וואָס איז שלעכט אין מיין לשון? תנאים געשריבן, איז גיט מיר מיין ווייב.

ג ר ש ו ן (אין גרויסער אויפרעגונג). ביזטו דאָס ישראל בן אליעזר?!

י ש ר א ל. ווי דען קום איך צו די תנאים?

ג ר ש ו ן. האָסטו זיי נישט אפשר...

י ש ר א ל. זיי טראָגן מיין חתימה. איך האָב זיך אויף זיי געחתמעט.

ג ר ש ו ן. דו קאָנסט אזוי שיין שרייבן?

י ש ר א ל. האָב זיך אויסגעלערנט.

ג ר ש ו ן. האָסטו נאָך וואָס געלערנט?

י ש ר א ל. אָט.

ג ר ש ו ן. האלטסטו ווען א ספר?

י ש ר א ל. דעם טייטש־חומש.

ג ר ש ו ן. און מיין טאַטע רב אברהם קוטעווער זכר צדיק לברכה האָט די תנאים געשריבן, געוואָלט דיך פאַר אַן איידים!

י ש ר א ל. ער האָט אַליין געשריבן די תנאים.

ג ר ש ו ן. דו האָסט אים געצוואונגען דערצו! מיט א האַק געשטאַנען איבער אים!

י ש ר א ל. רב גרשון, אין טייטש־חומש שטייט געשריבן...

ג ר ש ו ן. אין טייטש־חומש!! דו ביזט געווען די סיבה פון זיין טויט!

י ש ר א ל. ער איז געווען איבער זעכציק יאָר און איז גע־שטאָרבן מיט אַ שמייכל.

ג ר ש ו ן. דו ביזט געשטאַנען ביי זיין פּטירה?

י ש ר א ל. איך האָב קריעה געריסן.

ג ר ש ו ן. ווי קומסטו... דאָס... דאָס איז אַלץ פאַראַן אין דיין טייטש־חומש?

י ש ר א ל. איך וויל זען מיין כלה.

ג ר ש ו ן (איילט צו דער טיר לינקס און רופט). חנה! חנה!

י ש ר א ל (רוקט אַריין די הענט אין אַרבל, קאַרטשעט זיך צו־נויף, ווערט פּראָסטער און פאַרגרעבטער).

ג ר ש ו ן (קוקט אים אָן און ווערט פאַרצווייפלט). ער איז נישט געווען ביים זינען? מיט אים איז עפּעס געווען! דאָס קאָן דאָך גאָר אַנדערש נישט זיין!

ח נ ה (קומט אַריין).

ג ר ש ו ן (מיט אַ מאַך מיט דער האַנט אויף ישראלין) ישראל בן אליעזר!

ח נ ה (רואיק). דער, וועמען דער טאַטע זכר צדיק לברכה האָט אויסגעקליבן פאַר מיר.

ג ר ש ו ן. קוק אָן אַ מענטש! זע אַ הילוך!

ח נ ה. אין דרויסן איז אַ פראָסט, און אַז נישטאָ קיין פוטער, מוז וואַרעמען אַ פּויעריש פעלצל.

ג ר ש ו ן. איך פרעג ביי אים, צי האַלט ער ווען אַ ספר, ענט־פערט ער: דעם טייטש־חומש!

ח נ ה. אויך אין טייטש־חומש זיינען לעבעדיקע גאָטס ווערטער.

ג ר ש ו ן. שוועסטער, איך וויל דעם שידוך נישט!

ח נ ה. דער טאַטע זכרונו לברכה האָט אים געוואָלט.

ג ר ש ו ן. מיר'ן מבטל זיין די תנאים!

ח נ ה. נישט איך.

ג ר ש ו ן. דו ווייסט נישט, וואָס דו נעמסט אויף זיך!

ח נ ה. איך נעם אויף זיך דעם רצון פון אונזער פאָטער זכרונו לברכה.

ג ר ש ו ן. גוט, נעם אויף זיך דעם רצון פון דעם נפטר, אָבער פאַרשפּרעך מיר, אַז נאָך דער חתונה וועסטו זיך מיט אים גטן.

ח נ ה. דו, רבי גרשון, זאָלסט זאָגן אַזאַ זאַך!

ג ר ש ו ן. איך וועל פאַר חרפּה און בושה די אויגן נישט קאָנען אויפהייבן! אַז דער דאָ, דער בעל הטייטש-חומש, זאָל זיין מיין שוואָגער!!

ח נ ה. איז ווייל דיר שטייט נישט אָן, זאָל איך זיך גטן? רבי גרשון!

ג ר ש ו ן. רבי גרשון! רבי גרשון! גיי, האָב חתונה, אָבער זייט נישט אויף מיינע אויגן. איך וועל דיר קויפן אַ פערד און וואָגן און פאָר מיט אים אַוועק, וואוהין אייערע אויגן וועלן טראָגן. נאָר אַוועק פון בראָד! נאָר וואָס וויטער פון מיר! איך קאָן אים נישט אָנקוקן! איך קאָן אפילו אין זיינע דלד אמות נישט שטיין! (איילט אַרויס פון צימער.)

י ש ר א ל (נעמט אַרויס די הענט פון די אַרבל, גלייכט זיך אויס, בינדט אויף דעם שטריק, וואַרפט אַראָפּ פון זיך דאָס פעלצל און בלייבט שטיין פאַר איר, שבתדיק אָנגעטאָן, אין זיין גאַנצער שיינקייט, איידלקייט, דורכגייסטיקייט).

ח נ ה. (רייסט פאַרנאַנדער די אויגן, פול התפעלות, מאַכט מיט דער האַנט אַ באַוועגונג צו דער טיר, ווי זי וואָלט געוואָלט צוריק־רופן דעם אַנטלאָפענעם און אָטעמט אַרויס). ברודער!

י ש ר א ל. ניין, ער דאַרף מיך נישט זען אַט אַזוי.

ח נ ה האָט דיך דער טאַטע אַזוי געזען?

י ש ר א ל. איך בין אים נתגלה געוואָרן, ווייל ער האָט נאָך פריער מיך דערקאַנט.

ח נ ה. און איצטער ביזטו מיר נתגלה געוואָרן.

י ש ר א ל ווייל אויך דו האָסט מיך דערפילט.

ח נ ה. י ש ר א ל בן אליעזר!...פשוט ישראל בן אליעזר.

י ש ר א ל. און איך וועל נאָך לאַנג בלייבן פּשוט ישראל בן אליעזר. ווילסטו זיין מיין ווייב?

ח נ ה. ווייסטו שוין נישט דעם ענטפער?

י ש ר א ל. דיין ברודער האָט דיר געזאָגט, אַז דו ווייסט נישט, וואָס דו נעמסט אויף זיך. איך וועל עס דיר אויך זאָגן: מיין פאַר־באָרגנהייט וועט לאַנג געדויערן, און פאַר אַלע די יאָרן וועסטו ליידן נויט און דחקות און בזיונות...

ח נ ה. וועסט פון מיר קיין ביטער וואָרט נישט הערן.

י ש ר א ל. מיר וועלן זיין אַ סך צושיידט, ווייל איך וועל דאַרפן התבודדות.

ח נ ה. ווען דו וועסט נישט זיין מיט מיר, וועסטו נישט זען, ווי איך פיל; און אַז דו וועסט קומען, וועסטו מיך טרעפן מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף מיינע ליפּן.

י ש ר א ל. און אַ חותם וועסטו אַרויפטאָן אויף דיינע ליפּן, קיינעם נישט אויפדעקן, אַז איך בין אַ נסתר.

ח נ ה. דאָס האָסטו מיר נישט געדאַרפט זאָגן, אויב דו האָסט מיך באַטש אַ ביסל דערקאַנט.

י ש ר א ל. גיי זאָג דיין ברודער, מיר ווילן שטעלן חופּה.

# דריטער אַקט.

אין אַ באַרגיקער געגנט. רעכטס וואַלד, לינקס וואַלד, אין הינ־טערגרונט אַ פעלזוואַנט, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ שמאָלע עפענונג — דער אריינגאַנג אין אַ הייל. — פון דער הייל הערט זיך אַ מענערשטים: אין לערנען, אָדער דאַווענען, אָדער זינגען. דרויסן איז העלער טאָג. פון פאָרנט לינקס קומט אַרויס פייוול, הינטער אים שמעון זאַוול, בערטשיק, מאיר און נאָך אַנדערע.

פ י י ו ו ל. ששש... איך הער דאָ אַ קול. (זיינע באַגלייטער מאַכן אַ באַוועגונג צו אַנטלויפן... פייוול שטעלט זיי אָפּ מיט באַפוילע־רישן געפליסטער.) נישט אַנטלויפן... בודק זיין! (הערט זיך צו, קוקט זיך אַרום, דערזעט די הייל, גנבעט זיך צו איר, קומט צו צו דער עפענונג, שטעלט זיך מיטן רוקן צו דער פעלזוואַנט און שעפטשעט אַריבער צו די באַגלייטער, וועלכע זיינען געבליבן שטיין ביי די בוי־מער.) אַ הייל! (כאַפּט אַ קוק אין הייל אַריין.) אַ ברענענדיק ליכט אַנגעקלעפּט הויך אויף אַ שטיין. (קוקט ווידער אַריין, קוקט זיך שטאַרק צו און רופט אויס פאַרחידושט.) וואָס זאָגט איר צו דעם (צולאַכט זיך.) אַ ייד אין טלית און תפילין! און אויף אייך איז אָנ־געפאַלן אַ בהלה! געוואָלט אַנטלויפן. (מיט אַ קאָפּ־באַוועגונג צו מאירן.) קוקט נאָר אָן יענעם דאָרט, דעם תלמיד חכם! שטייט דאָרטן, דער וואַלד־גזלן, און עס וואַרפט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. קום נאָר צו אַהער, תלמיד חכם! אפשר איז דאָס איינער פון דיינע לייט. (ווענדט זיך צו דער הייל און שרייט אַריין.) העי, דו דאָרט, קום נאָר אַרויס אַהער! קוקט נאָר אָן, ווי דאָס וואַרפט מיט די הענט! זעט נאָר, ווי עס וואַרפט אים דאָרט די נכפה!... דו, האָסט דאָרטן קיינעם נישט ביי זיך? ביזט דאָרטן איינער אַליין? (טרעט אַריין אין דער עפענונג.) מי זעט קיינעם נישט מער... איז קום אַרויס, דו! לאָז זיך אָנקוקן! נו, וועסט זיך באַוועגן? וועסט אַרויסקומען? שטייסט שמונה־עשרה?

ווי דאָס שרייט און וואַרפט זיך... שאָקלט זיך ווי אַ לולב... (קוקט אַרויס און רופט מאירן.) קום נאָר אַהער, מאיר! זע, וואָס טוט ער דאָרטן. האָב דאָך קיין מורא נישט! איך שטיי דאָך דאָ.

מ א י ר (אַריינקוקנדיק, פול שרעק). אַ ייד.

פ יי וו ל. תלמיד חכם, דאָס האָב איך שוין געזאָגט.

מ א י ר. ער דאַוונט.

פ י י וו ל. וואָס וואַרפט ער זיך אַזוי?

מ א י ר. טאַקע עפּעס מאָדנע... בעסער נישט שטיין דאָ... בעסער נישט צוקוקן...(וויל אַנטלויפן.)

פ י י וו ל (האַלט אים צו). האָסט שוין אויף אַלעמען אָנגעיאָגט אַ מורא. וואָס איז דער שרעק? איז עס אַ מכשף? איז עס אַ נישט־גוטער?

מ א י ר. ווער ווייס? בעסער אָפּטראָגן זיך.

פ י י וו ל. איך וועל דיר באַווייזן אַן אָפּטראָגן זיך! אַז איר וועט זיך אָנהייבן צו שרעקן, וועט איר זיך שרעקן און שרעקן. ביזט'אָך אַ תלמיד חכם, האָסטו נישט עפּעס אַ וואָרט אַזאַ? עפּעס אַ פּסוק אַזאַ?

מ א י ר. ווען איך וואָלט געוואוסט, ווער דאָס איז.

פ י י וו ל. שאַ, ער טוט אויס דעם טלית... העי, דו, קום נאָר אַרויס!

מ א י ר. רוף אים נישט!... דאָס קאָן נאָך חס ושלום זיין...

פ י י וו ל. איך וועל דיר באַלד פאַרפאָרן אין דיין פּרעסער, וועסטו אויפהערן צו שרעקן! (רופט ווידער אַריין אין דער הייל.) וואָס געדויערט עס דאָרטן ביי דיר? העי, דו, זאָל איך אַריינקומען און דיך אַרויסשלעפּן? — אַהאַ, ער באַוועגט זיך... ער גייט... העי, דאָס איז דאָך... דאָס איז דאָך...

י ש ר א ל. וואָס ברענט עס דאָרטן ביי אייך? האָט איר נישט געזען, אַז איך דאַוון? (קומט אַרויס.) גוט מאָרגן, יידן! (איינקוקנדיק זיך.) אַהאַ, איך זע שוין... דו...

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. דער מלמד!

י ש ר א ל (קוקט זיך איין אין אים). שמעון זאוול פון גליצע.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. ער גערענקט!

י ש ר א ל (ארומקוקנדיק זיך). און דער זיידע?

פ י י ו ו ל. נישטא מער. אוועקגעשטארבן.

י ש ר א ל. ברוך דיין האמת! מיט זיין אייגענעם טויט?

פ י י ו ו ל. געוועזן צו אלט. אוועקגעלייגט זיך און נישט אויפ־געשטאנען מער. נישט געוואלט שטארבן, דו ביזט געווען גערעכט. געוואלט זען, וואס וועט נאך זיין.

י ש ר א ל. געקומען צו קבר ישראל?

פ י י ו ו ל. וואס הייסט עס? — א, יא!... באגראבן אויפן בית עולם אין ראדוויל, געזאגט תהלים, משניות געלערנט... דער דא, אונזער תלמיד חכם... רב מאיר... גערענקסט, איך און דער זיידע זיינען געווען ביי דיר? א, שוין איבער זיבן יאר א מעשה... דער זיידע האט זיך געהאט ארייגענומען אין קאפ, אז עס מוז מיט אונז זיין איינער, וואס ווייס א דין. נו, דו האסט נישט געוואלט, האבן מיר דעם געפונען... ארויסגעשלעפט פון א קלויז... געזעסן דארטן און געהונגערט... נו, ביי אונז... זעסטו... אפגעפאשעט אים... אבער דו.. ווי דו זעסט אויס... ווי ביזטו עס אנגעטאן... און אין א הייל... בא־האלטסט זיך פון וועמען? דו... דו האסט עפעס אפגעטאן?

י ש ר א ל. חלילה וחס! נאר עס איז פאראן אזא זאך ווי התבודדות.

פ י י ו ו ל. היס... היס... וואס?

י ש ר א ל. התבודדות... אפשיידן זיך, אפזונדערן זיך, אוועקגיין פון מענטשן און אלע זייערע וואכעדיקע זאכן, און לעבן ביחידות, אליין פאר זיך...

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. ברוגז אויף דער וועלט!

י ש ר א ל. ניין, נישט מחמת ברוגז אויף דער וועלט, נאר אום צו קאנען ארייננטאן זיך מיט אלע מחשבות און מיטן גאנצן לייב און לעבן אין דערטראכטן זיך צום מהות כביכול פון דעם בורא יתברך און צו קאנען בעסער פארשטיין אים דעם באשעפער און זיין באשאף.

פ יי ו ו ל. איז דא אין הייל...

יש ר א ל. איז טאקע דא אין הייל, טיף אין וואלד, צווישן

הויכע בערג... טאקע דא האָב איך משיג געווען אונזער בורא. טאַקע דאָ אין דער שטילקייט פון דער הייל, און דרויסן אין דעם זשורטשען פון די וואַסערלעך, אין דעם שורשען פון די בוימער, אין דעם געזאַנג פון די פויגעל, אין דעם זשומען פון פליג און בין, אין דעם געטו פון די פאַרשיידענע חיות...

פ יי וו ל. שוין יאָרן, אַז איך און זיי לעבן אין וועלדער און הערן וואַסערלעך און בוימער און פויגעל...

י ש ר א ל. און האָט גאָרנישט אַרויסגעהערט! דאָס איז דערפאַר, ווייל איר האָט זיך דאָך צוגעהערט בלויז צו קומען נישט אָן כאַפּערס, וואָס ווילן אייך כאַפּן, אָדער כאַפּיקע, וואָס איר ווילט כאַפּן... איר האָט נישט געזוכט גאָט, האָט איר גאָרנישט אַרויסגעהערט.

פ י י ו ו ל. וואָס האָסטו אַרויסגעהערט?

י ש ר א ל. אַז דער בורא יתברך איז אַלץ, אַז אַלץ, וואָס מיר זעען און באַנעמען, איז עס ער אַליין. ער איז אַלץ און אומעטום — מלא כל הארץ כבודו, און נישטאָ קיין עפּעס, וואָס זאָל זיין פריי פון אים. אומעטום, וואוהין דו קוקסט, און אין אַלץ, אויף וואָס דו קוקסט, זעסטו גאָט, און גאָט זעט דיך, קוקט אויף דיר.

פ י י ו ו ל (קוקט זיך אַרום מיט ציטער). וואָס רעדסטו דאָרטן!

מ א י ר. הער נאָר דו, ביזטו נישט צומאָל א שבתי צביניק?

י ש ר א ל. זיינען דאָס געווען די רייד פון א שבתי צביניק?

מ א י ר. דו האָסט ביי זיך ספרים?

י ש ר א ל. איך האָב.

מ א י ר. בין איך א בעלן א קוק טאָן.(לאָזט זיך צו דער הייל.)

י ש ר א ל (פאַרשטעלט אים דעם וועג). דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין. איך קאָן דיר זאָגן. קבלה ספרים, דער זוהר הקדוש...

מ א י ר. איך וויים שוין! (וויל אַריין אין הייל.)

פ יי וו ל. וואַרט, זאָג מיר קלאָר, וואָס איז עס, וואָס דו האָסט אָנגערופן.

מ א י ר. ווייסט נישט, וואָס אַ שבתי צביניק איז? ווייסט נישט אַ שעבס? ערגער ווי אַ גוי, טויזנט מאָל ערגער ווי אַ משומד. מי'ט זיי שוין צוויי מאָל אַריינגעלייגט אין חרם. (פאַרשווינדט אין הייל.)

פ י י ו ו ל (צו ישראלן). ביזטו, וואָס ער האָט געזאָגט? ביזטו אַ שעבס?

י ש ר א ל. האָב איך דאָ פריער גערעדט ווי אַ ייד אָדער ווי איינער, וואָס איז טויזנט מאָל ערגער ווי אַ משומד?

פ י י ו ו ל. איך וויל וויסן יאָ צי ניין. ביזטו אָדער ביזטו נישט?

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. דער אורח יעמאָלט ביי דאָזשען האָט אים אויך אַזוי אָנגערופן.

י ש ר א ל. אוןביידע האָבן פאַלש עדות געזאָגט. גאָט האָט מיך אויסגעהיט דערפון, און איך האָב זיך דערמיט נישט מטמא געמאַכט.

מ א י ר (קומט אַרויס מיט אַ פּאַק ספרים און מאַנוסקריפּטן). ער איז! ער איז! ער האָט ספרים, וואָס מע טאָר נישט לייענען! ספרים, וואָס ליגן אין חרם! כתב יד'ן, וואָס זיינען...

י ש ר א ל (גייט אים אַנטקעגן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, קוקנדיק אים שאַרף אין די אויגן). דו וועסט מיר גלייך אָוועקגעבן די ספרים, אָדער די הענט וועלן דיר אָפּנעמען.

מ א י ר (דערשרעקט זיך און גיט אים די ספרים, שעפּטשענדיק). שבתי צביניק! עוכר ישראל!

י ש ר א ל. זאָג עס נאָך אַ מאָל, און די צונג וועט דיר אָפּדאַרן.

מ א י ר (וויל עפּעס זאָגן, דערשרעקט זיך נאָך מער, וואַרפט זיך אויף דער ערד און צוראָוועט זיך).

י ש ר א ל (טראָגט אַוועק די ספרים צוריק אין הייל, די איבעריקע קוקן אים נאָך מיט שרעק און דרך ארץ. קוקן אַזוי איבעראַשטע, ביז ישראל קומט אַרויס צוריק, אָן די ספרים).

פ י י ו ו ל. אַזאַ איינער ביזטו?

י ש ר א ל. וואָס פאַר איינער?

פ יי ו ל. מי דאַרף גאָר וויסן, ווי אומצוגיין מיט דיר.

י ש ר א ל. דאָס דאַרף מען וויסן מיט אַלע מענטשן.

פ י י ו ל. און ער וואָלט טאַקע געוואָרן אַ קאַליקע?

י ש ר א ל. ווער עס איז חושד אומשולדיקע, ווערט באַשטראָפט אין זיין גוף.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל (קלאַפּט מאירן מיטן פוס). העי, דו, תלמיד חכם, קאָנסט נאָך ריידן?

י ש ר א ל. ער קאָן, ער וועט ריידן.

פ י י ו ל. קום, לאָמיר זיך צוזעצן. (ער און ישראל זעצן זיך איינער קעגן דעם אַנדערן. די אַנדערע צולייגן זיך אין גראָז.) ביזט שוין לאַנג דאָ אין וואַלד?

י ש ר א ל. זיבן יאָר.

פ י י ו ל. זיבן יאָר?! זומער און ווינטער?

י ש ר א ל. זומער איז מיין הייל קיל און ווינטער איז זי וואַרעם.

פ י י ו ל. זיבן יאָר, זומער און ווינטער...

י ש ר א ל. דו זאָלסט זיך דאָך נישט וואונדערן!

פ י י ו ל. פון וואָס לעבסטו?

י ש ר א ל. פון תעניתים.

פ י י ו ל. דו זעסט עס אויס. אָבער דו פאַסט זיך דאָך אָפּ אַ מאָל. וואָס עסטו, ווען דו פאַסט נישט?

י ש ר א ל. דו זעסט דאָס גריבל ביים אַריינגאַנג אין הייל? אין איר שיט איך אַריין אַ ביסל מעל, גיס צו אַ ביסל וואַסער, און די זון באַקט, און עס ווערט אַ קיכל. גענוג אויף צו דערהאַלטן די נשמה.

פ י י ו ל. און ווען די זון איז נישטאָ? און ווינטער?

י ש ר א ל. גיט מען זיך אַן עצה מיט אַ ביסל פייער. האָלץ איז פאַראַן.

פ י י ו ל. פונוואַנען נעמסטו די מעל?

י ש ר א ל. מיין ווייב שטעלט מיר צו.

פ י י ו ו ל. דיין ווייב? האָסט אַ ווייב? און קינדער?

י ש ר א ל. האָב אַ ווייב. און קינדער.

פ י י ו ו ל. פון וואָס לעבן זיי?

י ש ר א ל. אין זומער קומט זי אַהער מיט פערד און וואָגן דריי מאָל אַ וואָך. איך גראָב אָן אַ וואָגן ליים, זי פירט אַוועק אין שטאָט, פאַרקויפט און האָט אויף צו לעבן.

פ י י ו ו ל. און ווינטער?

י ש ר א ל. גיי איך אין שטאָט פון צייט צו צייט, און אָט... גאָט פאַרלאָזט נישט.

פ י י ו ו ל. צו וואָס טוסטו דאָס אַלץ?

י ש ר א ל. דאָס איז אַ וועג צו גאָט.

ב ע ר ט ש י ק. ער מוז וועלן אַראָפּברייננגען משיחן.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל. ער מוז וועלן ווערן אַזאַ איינער, וואָס ער אַליין זעט אַלעמען און קיינער קאָן אים נישט זען.

פ י י ו ו ל (לאַכט). נו, איז ער עס נאָך נישט געוואָרן, אָבער מיר זיינען עס יאָ געוואָרן. אַז מיר האָבן אָן אויג אויף איימיצן, זעט ער אונז נישט און הערט אונז נישט, און פּלוצים מיר זיינען דאָ. פּלוצים שטייט ער אַרומגערינגלט און קאָן אונז נישט זען, ווייל אונזערע פּנימער זיינען פאַרדעקט, און איך גיב אַ זאָג: פּאַניע פּריץ, דו באַנעמסט זיך זייער שלעכט מיט דיינע יידן, איז זיי־זשע מוחל און זאָג אָפּ ווידוי אָדער שווער אונז, אַז דו וועסט עס מער נישט טאָן. דאָס האָבן מיר ערשט אָפּגעטאָן אין קוטעוו מיט דעם קאָמיסאַר, און איצטער גייען מיר אין קאָסעוו. דאָרטן ווען מיר פירן אַזאַ געשפּרעך מיט דעם ראש הקהל, וואָס באַנעמט זיך מיט זיינע יידן ערגער ווי דער קוטעווער קאָמיסאַר.

י ש ר א ל. רצחנסטו יידן אויך?

פ י י ו ו ל. אויב דאָס זיינען אַזעלכע יידן, וואָס זיינען ערגער צו יידן ווי די גוים — יידן, וואָס האָבן זיך אַרויפגעזעצט רייטנדיק אויפן עולם און דריקן פון אים אַרויס די נשמה. זיי מוז מען אויך זאָגן: אַראָפּ אָדער איר וועט ליגן צוקוואַשעטע. וואָס איז? פאַר

אַזעלכע יידן ווילסטו זיך אָננעמען? יידן זיינען עס? וואָס איז, זיי דאַוונען דריי מאָל אַ טאָג?

י ש ר א ל. אויף דאַרויף שטייט געשריבן, זאָל קומען דער באַלעבאָס פון וויינגאָרטן און פאַרניכטן זיינע דערנער.

פ י י ו ו ל. וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה?

י ש ר א ל. דער באַלאַבאָס פון וויינגאָרטן איז דער רבונו של עולם, און די דערנער זיינען די שלעכטע יידן...

פ י י ו ו ל. אָ, איך פאַרשטיי! איז דאַרף דער באַלעבאָס אַליין אויסיעטן די דערנער אָדער קאָן ער עס טאָן דורך אַיימיצן אַנדערש? איז פון וואַנען ווייסטו, אַז איך און זיי זיינען נישט זיינע שלוחים?

י ש ר א ל. געוויס, גאָט איז אין אַלע אונזערע מעשים. קיינער רירט נישט מיט אַ פינגער, אַז אין דעם ריר זאָל נישט זיין גאָט. אָבער פאַראַן מעשים, וואָס גאָט וויל, זיי זאָלן געטאָן ווערן, און פאַראַן מעשים, וואָס גאָט וויל נישט, זיי זאָלן געטאָן ווערן. און מעשים, וואָס גאָט וויל נישט, זיי זאָלן געטאָן ווערן און זיי ווערן געטאָן, זיינען זינד.

פ י י ו ו ל. דאָס איז איבער מיין שכל. (טרייסלענדיק מאירן.) תלמיד חכם, שטיי אויף און זאָג אַ וואָרט, אויב דיין צונג האָט דיר נישט אָפּגעדאַרט. דו דאַרפסט עס בעסער פאַרשטיין.

מ א י ר (ברומט עפּעס אַרויס).

פ י י ו ו ל. נו, ער האָט אויך גאָרנישט פאַרשטאַנען. (צו ישראלן.) חזר איבער נאָך אַ מאָל, לאָמיך הערן.

י ש ר א ל. גאָט איז אין אַלע אונזערע מעשים.

פ י י ו ו ל. האָב איך געהערט.

י ש ר א ל. אין די גוטע און אין די שלעכטע.

מ א י ר (קרעכצט אַרויס). אי וויי!

פ י י וו ל. ער שטימט נישט איין.

י ש ר א ל. דער בורא יתברך האָט באַשאַפן אַלץ, און ער האָט באַשאַפן טוב ורע, גוטס און שלעכטס, אָבער ער וויל, אַז דער מענטש זאָל אויסקלייבן דאָס גוטס. ער וויל, אַז דער מענטש זאָל טאָן דאָס, וואָס איז גוט אין זיינע, גאָט ברוך הוא׳ס, אויגן. טוט דער מענטש

גוטס, ווערט גאָט דערהייבן. טוט דער מענש שלעכטס, פאַלט דער כביכול ביי זיך אַראָפּ. דיינע מעשים זיינען שלעכט.

פ י י ו ו ל. איז עס שלעכט אויסצוויעטן דערנער? איז עס שלעכט צו נעמען נקמה פאַר יידן? ווייסט, ווי דער דאָ, דער תלמיד חכם, רופט מיך? שומר ישראל רופט ער מיך, ווי אין תהלים שטייט. און ער זאָגט, אַז איך בין נישט קיין גזלן נאָר אַ תליון. איך באַשטראָף שולדיקע, אַזוי ווי איך האָב שטענדיק געטענעט. איז וואָס שלעכט?

י ש ר א ל. גאָט וויל, אַז יידן זאָלן זיין ריין פון בלוט. הייליק דאַרפן יידן זיין, באַהעפטן זיך מיט גאָט מיט דער גאַנצער נשמה, לעבן מיט אים, אין אים...

פ י י ו ו ל (צולאַכט זיך, קוקט זיך אַרום אויף זיינע באַגלייטער.) זיי זיינען איינגעשלאָפן, איז נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. ביזט זיבן יאָר אַליין אין וואַלד, ביזטו נישט קליגער געוואָרן. זיי דאָ נאָך אַ ווײַלע, וועסטו אַרויסקומען איינגאַנצן אַ דולער. גיי, פאַרקריך אין דיין לאָך. איך וועל זיך אויך צולייגן, אַ כאַפּ טאָן אַ דרעמל. אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. (ציט זיך אויס.)

י ש ר א ל. אויך איך האָב די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

פ י י ו ו ל. וואָסטו געטאָן די גאַנצע נאַכט?

י ש ר א ל. געלערנט.

פ י י ו ו ל. און וואָס טוסטו בייטאָג?

י ש ר א ל. אַ ביסל שלאָף איך, און דערנאָך לערן איך ווידער.

פ י י ו ו ל. באַרימסט זיך?

י ש ר א ל. חס ושלום! איך ענטפער אויף דיין פרעגן.

פ י י ו ו ל. איז לערנסטו גאַנצענע נעכט און גאַנצענע טעג און האָסט אַלץ נישט אויסגעלערנט.

י ש ר א ל. אַזוי איז שווין די תורה. זי האָט קיין סוף נישט.

פ י י ו ו ל. איז בעסער שוין נישט אָנהייבן.

י ש ר א ל. ווען דו שטייסט ביי אַ קרעניצע פון פרישן קילן וואַסער, וועסטו זיך אָפּזאָגן פון צו טרינקען, ווייל דו קאָנסט נישט אויסטרינקען די גאַנצע קרעניצע?

פ יי וו ל. ביזט מיר צו קלוג. גיי שלאָפן.(גענעצט.) בין מיד און שלעפעריק. בין אַ גאַנצע נאַכט געגאַנגען. געגאַנגען און געגאַנגען און פּונקט אָנגעטראָפן אויף דיר.

י ש ר א ל. מיינסטו, אַז דאָס איז צופעליק?

פּ י י ו ו ל (געניצט). בעסער, ווי איך וואָלט דאָ אָנגעטראָפן אויף וואַלדהיטער מיט ביקסן און מעסער.

י ש ר א ל. מיר האָבן זיך געמוזט טרעפן.

פ יי וו ל. איך האָב אָפט געטראַכט פון דיר. ווייסט, וואָס איך האָב געטראַכט? אַ קלוגער, אַ קלוגער, האָב איך געטראַכט, און דאָך אַ יאָלד.

י ש ר א ל. און איך האָב געטראַכט פון דיר: אַ ייד מיט אַ יידישן האַרץ און מיינט גוט, אָבער ווייס נישט דעם ריכטיקן וועג. איינער צומאָל וויים דעם ברייטן שליאַך, קען אָבער נישט די זייטנ־וועגלעך און מוז בלאָנדזשען.

פּ י י ו ו ל. אַנטקעגן וואָס זאָגסטו עס?

י ש ר א ל. דער ברייטער שליאַך איז דער גוטער רצון צו וועלן העלפן יידן, אָבער די הילף ליגט אין די זייטנוועגלעך, און זיי מוז מען קענען. אַז נישט טרעט מען אַרויף אויף אַ זייטנוועגל און מען בלאָנדזשעט און מען בלאָנדזשעט, און לסוף לאָזט זיך אויס, אַז אַנ־שטאָט צו העלפן האָט מען גאָר פאַרפירט גאָטס פאָלק אין נייע אומ־גליקן.

פּ י י וו ל (שנעל אויפזעצנדיק זיך). הער, דו! איך האָב קיין אומגליקן נישט געבראַכט! דו דרייסט מיר צופיל אַ ספּאָדיק!

י ש ר א ל. האָסט נאָך קיין אומגליקן נישט געבראַכט, אָבער דיין זייטנוועגל פירט דאָך צו אַן אָפּגרונט. מען מוז זיין באַהעפט מיט גאָט...

פ י י וו ל. און ליגן באַהאַלטן אין אַ הייל גאַנצע זיבן יאָר, און אויסטאָן זיך פון דער וועלט, און אויף דעם ברייטן שליאַך פון וועלן העלפן יידן זאָל וואַקסן גראָז! ווייסטו כאָטש, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט פאַר די זיבן יאָר? גיי שלאָפן, גיי! (ציט זיך אויס און דרייט זיך איבער מיטן רוקן צו ישראלן.)

ישראל. דו האָסט עפּעס איצטער אַ זאָג געטאָן...

פּייוול. איך הער נישט מער!

ישראל (גייט צו דער הייל. ביים אַריינגאַנג הייבט ער אויף די הענט צום הימל ווי אין געבעט און גייט אַריין).

מאיר (הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט נאָך ישראלן, קוקט זיך אַרום אויף די שלאָפער, באַטראַכט פּייוולען, פּרובירט צו צו שמעון זאַוולען, וואָס ליגט נישט ווייט פון אים, נעמט ביי אים אַרויס אַ מעסער פון כאָליאַווע, שטייט אויף און גייט פּאַרזיכטיק צו דער הייל).

פּייוול (דרייט אויס דעם קאָפּ, קוקט אים נאָך, שפּרינגט אויף, לאָזט זיך נאָך אים און כאַפּט פאַר דער האַנט מיטן מעסער). וואָס'טו געוואָלט טאָן?

מאיר (קרימט זיך פאַר ווייטיק און לאָזט אַרויס דאָס מעסער). ער איז אַ שעבס! ער איז אין חרם! אַזאַ איז אַ מצווה אומצוברייננען!

פּייוול (דריקט אים אַראָפּ אויף די קני און הייבט אים אָן צו באַאַרבעטן מיט דער פויסט). האָסט ביי מיר געדאַרפט פרעגן! ווי אונטערשטייסטו זיך?... ער האָט דיך געוואָלט פאַרשילטן, אַז די הענט זאָלן דיר אָפּנעמען און די צונג זאָל דיר אָפּדאַרן, און אָט וועט עס מקוים ווערן...

מאיר (הייבט אָן צו שרייען און יאָמערן. די שלאָפער וואַכן אויף, שפּרינגען אויף).

שמעון זאַוול. וואָס איז געשען?

פּייוול (גייט אָן מיט זיינע קלעפּ). ער אַ שעבס און דו נישט, וועט ער טאָקע לעבן און דו נישט!

ישראל (איילט אַרויס און כאַפּט אָן פּייוולען פאַר דער האַנט). גענוג!

פּייוול (וויל זיך באַפרייען פון ישראלס האַנט).

ישראל. ניין, זאָג איך, נישט מער. האָסט דאָס אויך נישט געדאַרפט. זע, ווי דו האָסט אים צוקאַליעטשעט.

פּייוול (אָפּשליידערנדיק מאירן). גיי אין אַל'די רוחות!

מ א י ר (פאַלט אַריין צווישן בוימער און בלייבט ליגן).

פ י י ו ו ל (צו ישראלן). ווייסטו, וואָס ער האָט געוואָלט טאָן?

י ש ר א ל. ער האָט געמיינט, אַז איך פאַרדין זיין מעסער.

ש מ ע ו ן ז א ו ו ל (כאַפּט זיך). דאָס איז גאָר מיין מעסער! (הייבט אויף דאָס מעסער.) ווי געפעלט אייך? מיט מיין מעסער! ביי מיר אַרויסגעגנבעט דעם מעסער!

י ש ר א ל. נו איז וואָס? זאָלסט דאָך זיין צופרידן. ער האָט דיין מעסער געוואָלט מזכה זיין מיט דער מצווה, מיך צו קוילענען. מעסער־אַרבעט איז דאָך ביי אייך אַ מצווה.

פ י י ו ו ל (האַרט). איך האָב אים געדאַרפט לאָזן דיך דער־שטעכן!

י ש ר א ל. עס דרעמלט און שלאָפט נישט דער שומר ישראל.

פ י י ו ו ל. אַהאַ!

י ש ר א ל. איך מיין גאָט ברוך הוא.

פ י י ו ו ל. אָבער געראַטעוועט האָב א י ך דיך!

י ש ר א ל. ביזט געווען גאָט ברוך הוא'ס שליח.

פ י י ו ו ל. אַזוי! איצטער בין איך יאָ געווען זיין שליח, אָבער ווייטער נישט! האַהאַהאַ!...

י ש ר א ל. פאַראַן אַ בייזע שטעכיקע פליג, וואָס טוט נאָר שלעכטס, אָבער איינמאָל האָט זי געראַטעוועט דוד המלך עליו השלום פון אַ סכנה.

פ י י ו ו ל. בין איך אַ בייזע שטעכיקע פליג! פאַרדריסט מיך באמת, וואָס איך האָב דיך געראַטעוועט.

י ש ר א ל. האָסט געמוזט.

פ י י ו ו ל. קומט, חברה, מיר'ן גיין! יענעם דאָרט וועלן מיר דעם איבערלאָזן. זאָלן זיי זיך איינער דעם אַנדערן אָראָפּרייסן די נעזער. אונז טויג דער תלמיד חכם נישט מער. ער קאָן נאָך ווערן אַ מסור. קומט! מיט דעם קאַסעווער ראש הקהל וועלן מיר זיך שוין אויסריידן אָן אים. ווייניקער תורה, מער קולאַקעס. קומט! די בייזע

שטעכיקע פליג וועט ווייטער טאָן שלעכטס און — ראַטעווען!
(מאַרשירט אַוועק רעכטס, די אַנדערע נאָך אים.)

י ש ר א ל (גייט צו מאירן). ער איז שוין אַוועק! קאָנסט אויפשטיין, אַרויסקומען... (העלפט אים אויפשטיין.) לאָז זיך אָנקוקן... ער'ט דיך גוט צומזיקט. בלוט פון מויל. די אויגן אונטערגעהאַקט... וועל אַרויסברענגען וואַסער, אַרומוואַשן אַ ביסל... אומקערן דיר דעם צלם אלקים... (גייט אַריין אין הייל.)

מ א י ר (קוקט זיך אַרום, הייבט אויף אַ צווייג פון דער ערד, וואַרפט אים אַוועק, קוקט זיך ווידער אַרום, דערזעט אַ שווערן צווייג, הייבט אים אויף).

י ש ר א ל (קומט אַרויס מיט אַ קענדל וואַסער, אַ האַנטוך און אַ בינטל גראָז. דערזעט דעם צווייג אין מאירס האַנט און צושמייכלט זיך). נו, נו, נו... וואַרף אַוועק! נישט פאַר דיינע כוחות... און איך קום דאָך דיר העלפן, איז ווי איז עס עפּעס?...

מ א י ר (וואַרפט אַוועק דעם צווייג און כאַפּט זיך פאַרן מויל מיט שווערן געקרעכץ).

י ש ר א ל. לאָז זען... עפן נאָר אויף דעם מויל... נו יאָ, אַ צאָן אַרויסגעזעצט... אַזאַ אכזריות!... דאַרף מען אָפּשטעלן דאָס בלוט... אָט דאָס לייג איך צו, עס וועט אַ ביסעלע אַ ברען טאָן, אָבער עס מאַכט נישט... לאָז מיך נאָר אַריין מיט מיין האַנט... בייס מיר נאָר נישט אָפּ קיין פינגער...

מ א י ר (שרייט אויף).

י ש ר א ל. נו, יאָ... נו יאָ... איך האָב דאָך געזאָגט. אַ ביסעלע אַ ברען געטאָן... דאָס בלוט וועט זיך גלייך אָפּשטעלן... איצטער וועל איך זען, וואָס איך קאָן טאָן מיט די אונטערגעשלאָגענע אויגן... אַ שטיקל רוי פלייש וואָלט גאָר גוט געווען... איז וואו נעמט מען עס? אָבער דאָס גראָז דאָ וועט אויך אַ ביסל העלפן.... און אַ ביסל אָפּדריקן. אָט אַזוי אָ... אין אַ פּאָר טעג וועט עס פאַרשווינדן. יאָ. אַזאַ אכזר! נאַ, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? גיי נישט אַוועק נאָך אים... געהערסט נישט צו אים. דו קער זיך אום צוריק, פונוואַנען ער האָט דיך אַרויסגעשלעפּט, און פאַרגעס אים און זיינע מעשים... פאַרגעס גאָר אינגאַנצן... טראַכט גאָר אפילו נישט וועגן אים... נעם זיך צוריק

צו דער תורה און טראַכט נאָר וועגן גאָט ברוך הוא, וועסטו נישט ווערן קיין מוסר... דערפון זאָלסטו זיך זייער און זייער היטן... ווי אין פסוק שטייט: אשמרה לפי מחסום... נו, גיי געזונט. דאָס איז דיין זעקל? נעם אים און גיי... און האָב קיין מורא נישט. וועסט אָנטרעפן מענטש אָדער חיה, איז נאָר נישט דערשרעקן זיך. טראַכט נאָר: דאָס איז דאָך אַ מענטש אַזוי ווי איך, און די חיה איז נאָך נידעריקער פאַר מיר, הייסט עס, אַז נישט זיי שרעקן מיך, נאָר גאָטס כוח, וואָס איז אין זיי פאַרבאָרגן — דאַרף איך נישט מורא האָבן פאַר זיי נאָר פאַר גאָט אַליין.

מ א י ר. ווער ביזטו?

י ש ר א ל. נישט, וואָס דו האָסט מיך אָנגערופן.

מ א י ר. ביזט אַ נסתר!

י ש ר א ל. און בין איך עס, דאַרף איך עס זיין. דערציילגאָרנישט, האַלט בסוד. פאַרגעס... דאָ האָסטו פאַר דיר דריי וואַלדשטעגן. איינער, אויף וועלכן דו ביזט געקומען. איינער, אויף וועלכן ער און זיינע לייט זיינען אַוועקגעגאַנגען. דעם דריטן האָב איך אַליין בלויז אויסגעטראָטן, און אים זאָלסטו נעמען.

מ א י ר (ביים שטעג). מע זעט אים קוים, און דער וואַלד — אַזוי געדיכט. אַ מורא!

י ש ר א ל. דו טראַכט נישט פון דער מורא, טראַכט פון גאָט, און וועסט בשלום דאָ דורכגיין. נאָך איידער די זון וועט זיך זעצן, וועסטו שוין זיין צווישן יידן.

מ א י ר. הלוואי, רבונו של עולם! הלוואי!

י ש ר א ל. גיי בשלום!

מ א י ר. דו שטיי נאָר דאָ! דו שטיי!

י ש ר א ל. איך וועל שטיין... איך וועל שטיין... אָבער דו פאַרגעס מיך, וואָס וועט שטיין הינטער דיר. געדענק גאָט, וואָס איז אומעטום מיט דיר. אָך, ווי ווייניק דו טראַכסט פון גאָט!

מ א י ר. איך וועל טראַכטן... איך וועל טראַכטן... (גייט אַוועק.)

י ש ר א ל (קוקט אים נאָך). ער גייט און ציטערט... וואָלט גע־

וואָלט אומדרייען זיך און אַ קוק טאָן, צי איך שטיי דאָ... ווי ווייניק ער טראַכט פון גאָט!... וואָס דערציילט איר מיר, מיינע בוימער? אייער קלענסטער געוויש דערשרעקט אים... איר זינגט שירה צו גאָט, און זיין אויער פאַרנעמט נאָר סכנה... עס שרעקט אים דער אָפּקלאַנג פון זיינע אייגענע טריט. יאָגט אין אים גאָט אַריין, איר בוימער פון וואַלד! דערנענטערט אים צום בורא! (קוקט זיך שטאַרקער איין.) ער ווערט רואיקער... ער הייבט אָן צו פאַרלירן זיין מורא... ער האַלט זיין קאָפּ גלייך, גייט מיט פעסטע טריט... ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום הימל... נו, איז גוט!... איצטער איז גוט!... (קוקט נאָך אַ ווײַלע.) קומט איצטער דער פאַרקער... נו, גיי בשלום! (דרייט זיך אום, מאַכט אַ פּאָר שריט צו דער הייל.) די צייט פון שלאָפן איז שוין פאַריבער... אָדער זאָל איך דאָך? די זון... (הייבט אויף דעם קאָפּ.) די זון איז גאָר פאַרדעקט געוואָרן, און די בוימער שטייען ווי אַנגעכמורעטע. ווייסט איר דען, בוימער, וואָס איך טראַכט? מיר וועלן זיך צושיידן. נאָר אַ זוך טאָן אין „זוהר", וואָס די היינטיקע באַנגעניש קאָן באַדייטן. אהא, מיין העזעלע קומט! שיר נישט פאַר־געסן... יאָ, קום, קום. איך האָב וואָס פאַר דיר. (גייט צו די בוימער לינקס.) אַ נוסבוים האָט מיר פריינטלעך אונטערגעטראָגן פאַר דיר פון זיין פרוכט. (נעמט פון קעשענע ניס און וואַרפט צווישן די בוימער.) ביזט שוין מסתמא פריער דאָ געווען, האָסטו דערהערט פרעמ־דע שטימען און ביזט צוריק אַנטלאָפן. מורא, מורא, אַלץ מורא, און דו זאָלסט'אָך נאָר פאַר גאָט מורא האָבן. האָסט'אָך אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַר מיר. האָסט'אָך אַפילו פאַר דיין דם שונא דעם ווייזלטיר אויפגעהערט מורא צו האָבן... נו, וואָס האָסטו שוין אָנגעשטעלט דיינע לאַנגע אויערן? שוין ווידער מורא? נאַטירלעך קומט עס דאָס ווייזעלע, אונזער פריינט. קום, קום, ווייזעלע, אויך פאַר דיר האָב איך וואָס אָנגעגרייט... נו, וואָס עפּעס? וואָס עפּעס?... ביידע גאָר אַנט־לאָפן... דערהערט טריט... פרעמדע טריט... איימיצער קומט טאַקע... ווער זאָל עס זיין? (חנה קומט אַרויס פון רעכטס.) חנה! דו גאָר!

ח נ ה. גוט מאָרגן דיר, ישראל! גאָט זיי דאַנק, דו ביזט גע־זונט! גאָרנישט איז מיט דיר געשען.

י ש ר א ל. גוט מאָרגן דיר, מיין ווייב! וואָס עפּעס היינט געקומען? איז דען היינט אַ טאָג, וואָס איך דאַרף אָנגראָבן אַ וואָגן

ליים? האָב איך עס נישט געכטן ערשט? האָסט פאַרקויפט די ליים? האָסטו נישט גענוג נאָך אויף דער הוצאה?

ח נ ה. איך לאָז דיך ריידן, עס איז געשמאַק צו הערן דיך. אָבער ווי פרעגסטו דאָס? בין איך פּלוצלונג אַן אויסבריינגערין געוואָרן? איך האָב די ליים געכטן פאַרקויפט און קוים אויס ווי גע־ווינלעך.

י ש ר א ל. איז עפּעס וואָס געשען?

ח נ ה. אונזער טעכטערל, אונזער האָדעלע איז עפּעס נישט מיט אַלעמען... עפּעס איז מיט איר... אַ גאַנצע נאַכט האָט זי אָפּגע־ווינט, און אויך נאָך היינט אינדערפרי. זי וויל דעם טאַטן... טאַטע און טאַטע און הערט נישט אויף צו מאָנען און צו וויינען. הייב נישט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מיט איר איז געשען. וואָס עפּעס מיט אַמאָל? וואָס איך האָב אין איר נישט אַריינגערעדט!... מיט גוטן גערעדט און מיט בייזן... אפילו אָנגעפּאַטשט איר אויפן הינטערן... אָבער גאָר־נישט האָט געהאָלפן. זי הערט נישט־אויף: טאַטע און טאַטע! האָב איך באַשלאָסן, אַ ז ד ו מוזט עס וויסן. עפּעס איז עס דאָך נישט גלאַט. איך האָב שוין מורא געהאַט, אַז עפּעס האָט דאָ מיט דיר געטראָפן, און דאָס קינדעלע האָט דאָס שוין דערפילט.

י ש ר א ל. זי האָט דערפילט.

ח נ ה. איז עפּעס דאָ מיט דיר געשען?

י ש ר א ל. געשען. געוויס. איך דאַרף גאָר מער אין „זוהר" נישט אַריינקוקן. האָדעלע האָט עס שוין אַרויסגעזען.

ח נ ה. וואָס פאָרט, ישראל?

י ש ר א ל. איך גיי אַ־היים, אין שטעטל. איך פאַרלאָז מיין הייל, דעם וואַלד, די בערג, מיין התבודדות. איך קער זיך אום אין ישוב צווישן יידן.

ח נ ה (דערפרייט). ישראל!

י ש ר א ל. זיבן יאָר אַליין, מיט די אויערן פאַרשטאָפּט פאַר אַלץ, וואָס קומט פאָר אין לעבן צווישן מענטשן, צווישן יידן... אַזוי האָט אויך דער אר"י הקדוש. דאָס האָט געמוזט זיין. דאָס איז אַ צייטמאָס, גענוג פאַר אַריינקוקן אין זיך אַליין, פאַר באַהעפטן זיך מיט דער נאַטור, פאַר דערנענטערן זיך צום בורא עולם און צו דער־

קענען אים אין זיינע מעשים. אַפּגעוועזן אין התבודדות זיבן יאָר, אָפּגעדינט ווי יעקב אבינו פאַר רחלען... איצטער קום איך ארויס פון דער התבודדות...

ח נ ה. און צו התגלות!

י ש ר א ל. האָב איך דאָס געזאָגט? ניין, דאָס האָב איך נישט געזאָגט. האָב איך נישט געזאָגט: ווי יעקב אבינו פאַר דער מוטער רחל? נאָך זיבן יאָר ביז מיין התגלות, ביז איך וועל זיך אַנטפּלעקן פאַר גאָטס פאָלק און זיין פירער ווערן.

ח נ ה. וואָס איז געשען, ישראל?

י ש ר א ל. אָך האָב דאָ געהאַט אורחים. די גזלנים מיט זייער אטאמאַן. האָבן אהער פארבלאָנדזשעט, געדאַרפט אהער פארבלאָנדזשען. דער אטאמאַן איז געשיקט געוואָרן צו דערמאָנען מיך און צו דערווייזן מיר עפּעס. צו דערמאָנען מיך, אַז איך דאַרף אַרויס פון מיין התבודדות און זיין צווישן מיינע יידן, און לעבן זייער לעבן, און וויסן אַלץ, וואָס דער טאָג ברענגט זיי. אָבער אויך צו דערווייזן מיר, אַז מיין כוח רייכט נאָך נישט אויס, אַז איך דאַרף נאָך אָפּוואַרטן מיט מיין התגלות.

ח נ ה. ווי אַזוי איז דאָס דיר דערוויזן געוואָרן?

י ש ר א ל. מיינע רייד האָבן קיין פּעולה נישט געטאָן, אַלע מיינע ווערטער זיינען געוועזן אַרויסגעוואָרפן, ווי מיט זיבן יאָר צוריק.

ח נ ה. ווען טו נאָך נישט נתגלה ווערן?

י ש ר א ל. ווי קאָן איך, ווען פון אויבן ווייזט מען מיר קלאָר, אַז איך בין נאָך נישט ראוי.

ח נ ה. נאָך גאַנצע זיבן יאָר.

י ש ר א ל. ביז איך וועל ווערן זעקסאונדרייסיק יאָר. דער ארי הקדוש איז געוועזן זעקסאונדרייסיק יאָר, ווען ער איז נפטר געוואָרן. איך דאַרף אָנהייבן אין דעם עלטער, ווען ער האָט אויפגעהערט.

ח נ ה. איז נאָך זיבן יאָר אַרומגיין, ווי די ווייב פון אַן עם הארץ, באַדויערט ווערן, וואָס איך האָב אַ גראָבן יונג פאַר אַ מאַן, פאַרלאַכט ווערן, ווייל מיין מאַן גייט אַרום אין אַ גראָבן פּעלצל אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק.

ישראל. ווער איך דען נישט פארלאכט? ווער איך דען נישט גראָב באהאנדלט?

חנה. נאָך זיבן יאָר ארומגיין מיט א סוד... צו וויסן, ווער מיין מאַן איז, און שווייגן, אויף די ליפּן עס נישט ארויסברענגען... נאָך גאַנצע זיבן יאָר...

ישראל. דערמיט בויסטו זיך א געצעלט צווישן די צדקניות פון פאָלק ישראל.

חנה. און נאָך זיבן יאָר לעבן פון דעם, וואָס דו וועסט אָנגראָבן א וואָגן ליים און איך וועל אים פארקויפן...

ישראל. ניין, איך וועל זיך ווידער נעמען פאר מלמדות... איך וועל זיך אויסלערנען שחיטה און ווערן א שוחט, און אז השם יתברך וועט וועלן, וועלן מיר זיך ארויפשלאָגן אויף א קרעטשמע. דו וועסט זיין די קרעטשמערקע, און איך וועל זיך ווייטער מכין זיין, לייטערן גוף און נשמה, ביז דער טאָג וועט קומען...

חנה. די זיבן יאָר וועלן מיר א חלום זיין.

ישראל. דערווייל האָבן מיר זיך פארערדט, און האָדעלע הערט נישט אויף צו וויינען.

חנה. דאָס קינד האָט געווים שוין דערפילט, אז דו קומסט א היים.

ישראל. קום, וועסט מיר העלפן צונויפנעמען מיינע ספרים.

חנה. און דערנאָך באהאַלטן זיי, קיינער זאָל זיי ביי אונז נישט זען. הייליקע ספרים, אַז איך שטייט אָן צו ליגן באהאַלטן, מאָג מיר אוואדע אָנשטיין!

# פערטער אַקט.

## ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע.

אַ קרעטשמע־צימער, וואָס איז כמעט ווי דאָזשעס קרעטשמע־צימער, נאָר האָט די הינטערוואַנט צווי טירן, וואָס פירן אין אַנדערע צימערן, און די לינקע וואַנט האָט צוויי פענסטער. עס איז שפּעט אין אָוונט, אויפן טיש ברענט אַ ליכט. — רב יעקב זיצט פאַרן ליכט און לערנט. חנה זיצט אויפן בעט הינטערן אויוון און שטריקט אַ זאָק.

י ש ר א ל (קומט אַרויס פון דער הינטערוואַנט־טיר לינקס). איך האָב אויסגעבעט פאַר אייך דאָס בעט, רב יעקב.

ר ב  י ע ק ב (לערנט נאָך אַ ווײַלע, גיט אַ קוש דעם ספר, מאַכט אים צו, נעמט אים, שטייט אויף און גייט צו דער טיר). געדענק־זשע, ישראל, די פערד זאָלן זיין אָנגעגרייט. קום, וועסט מיר אויסטאָן די שטיוול. (גייט אַריין אין צימער, ישראל נאָך אים.)

ה נ ה (קוקט נאָך און שאָקלט מיטן קאָפּ).

י ש ר א ל (קומט אַרויס, מאַכט צו די טיר הינטער זיך, בלייבט שטיין צווישן די פּריטילקעס, הייבט אויף דעם קאָפּ און אויגן צום באַלקן, אָטעמט אויף, ווי באַפרייט, און רעדט פרום אַרויס). אָפּגעטאָן אַלע שוואַרצע אַרבעטן. (טרעט אַריין אין צימער.) קאָנסט גיין שלאָפן, חנה.

ח נ ה (אַוועקלייגנדיק איר אַרבעט). און איך האָב געוואַרט, ביז מיר וועלן זיין אַליין.

י ש ר א ל. האָסט מיר וואָס צו זאָגן? מאַך עס בקיצור.

ח נ ה. ישראל, ביזט היינט געוואָרן זעקסאונדרייסיק יאָר.

י ש ר א ל. ווי ווייסטו?

ח נ ה. איך האָב די לעצטע זיבן יאָר יעדן טאָג געציילט נישט פון ראש השנה נאָר פון דעם טאָג פון דיין געבאָרן.

י ש ר א ל. האָב איך דיר ווען געזאָגט דעם טאָג פון מיין געבאָרן?

ח נ ה. האָסט מיר געזאָגט דעם טאָג, ווען דו ביזט געוואָרן בר־מצווה. איז עס נישט דער טאָג פון דיין געבאָרן?

י ש ר א ל. יאָ, מיין ווייב. און איך בין היינט געוואָרן זעקס־אונדרייסיק יאָר.

ח נ ה. נו, און?...

י ש ר א ל. און עס איז געקומען דער טאָג פון מיין התגלות.

ח נ ה (אָטעמט שטיל אַרויס). אָט דאָס האָב איך געוואָלט הערן. אנטשולדיק, מיר האָט אַ ביסל דער קאָפּ פארשווינדלט... (לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער באַנק בײַם טיש.) דאנקן גאָט!... דאנקן גאָט!...

י ש ר א ל. יאָ, אַ דאנק השם יתברך. איצטער הייבט זיך אָן מיין לעבן. ביז איצטער איז געווען צוגרייטונג. די זעקסאונדרייסיק יאָר זיינען פאַר מיר געווען אַ גאַנג צום בורא עולם, דערנענטערונג צו קודשא בריך הוא.

ח נ ה (זיפצט אַרויס). שווערע יאָרן געווען.

י ש ר א ל. פאַרוואָס רופסטו זיי שווערע?

ח נ ה. אַזוי אָנגעליטן זיך.

י ש ר א ל. איך — געליטן?

ח נ ה. די זיבן יאָר אין וואַלד, צווישן ווילדע בערג און טאָלן...

י ש ר א ל. ערשט דאָרטן האָט זיך מיר גאָט אַנטפּלעקט אין זיין גאַנצער גרויסקייט! ערשט דאָרטן האָב איך גאָט דערקענט!

ח נ ה. נאָר געדאַרפט גראָבן ליים, איך זאָל קאָנען דער־נערן זיך און די קינדער...

י ש ר א ל. דאָך נישט פאַרהונגערט חס ושלום.

ח נ ה. און די לעצטע זיבן יאָר — וואָס נישט איבערגע־טאָן! און אַרומגעגאַנגען אָפּנעריסן, אָפּגעשליסן, די פוספינגער אַרויס־געשטעקט פון די צופאַלענע שיך...

י ש ר א ל. האָט עס מיר חם ושלום פאַרשאַדט? גאָט איז שטענדיק געווען ביי מיין זייט.

ח נ ה. געמוזט זיין א משרת ביי מיין ברודער, א שמייסער ביי זיינע פערד...

י ש ר א ל. עס האָט זיך געלוינט דער שפּאַס מיט דעם פאַרבלענדטן, וואָס האָט מיך אַזויפיל געזען און קיינמאָל נישט דער־קאָנט. איך מוז נאָך איצטער לאַכן, ווען איך טראַכט וועגן די פערד און וואָגן אין דער בלאָטע. א לוסטיקע געשיכטע, וואָס איך וועל דערציילן און דערציילן. איך האָף נאָך, אז אינגיכן וועל איך זי קאָנען דערציילן אים אין גוטן מוט. ער מיינט נאָך עד היום, אז די פערד זיינען פאַרקראָכן אין דער בלאָטע, ווייל איך בין געווען א שלעכטער טרייבער. ער ווייס נישט, אז איך האָב בכיוון אַריינגע־פירט זיי אַהין, צו שפּילן זיך מיט אים א ביסל, מיט דעם גרויסן גאון. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיין פּנים. וואו נעמט זיך גאָר אין א פרומען ייד אַזויפיל כעס? ווי האָט ער מיך געזידלט! און איך האָב געשפּילט דאָס נעבעכל, געערדט מיט הכנעה, מיט דעם ניגון פון אשמנו, מיט דעם לשון פון טייטש־חומש. אָבער ער האָט גאָר־נישט אַרויסגעהערט, גאָרנישט דערשפּירט, געשריען און געשאָלטן. און אז איך האָב עפּעס א שמוצער געטאָן די פערד, און זיי האָבן זיך א ריס געטאָן ווי ווילד און אַרויסגעשלעפּט דעם וואָגן פון דער בלאָטע, פאַרשטייט ער גאָרנישט, באַגרייפט ער גאָרנישט, און איז מיך משלח — ער וויל מיך נישט פאַר א שמייסער...

ח נ ה. געמאַכט דיך פאַר א קרעטשמער.

י ש ר א ל. דיך, נישט מיך. איך בין גאָר געווען אַן אורח אין קרעטשמע, אַן אורח אויף שבת. ווי דער ארי הקדוש אין זיין קליינעם שטיבל ביים טייך נילוס אין מצרים, אַזוי האָב איך פאַר־בראַכט די גאַנצע וואָך אין קליינעם שטיבל אין וואַלד ביים טייך פּרוט, און אין דער היים, אין דיין קרעטשמע, שבת און יום טוב...

ח נ ה. און אז איך פלעג דיך רופן, ווען מיר האָבן געהאַט וויכטיקע אורחים.

י ש ר א ל. א מאָל אין א שמיטה.

ח נ ה. און יעמאָלט ביזטו געווען א משרת, א פּראָסטער

משרת... די בעטן געמאַכט, די שטיוול אויסגעטאָן, געריייניקט... שווער געפּעק געטראָגן...

י ש ר א ל. דאָס האָט געהערט צו מיין וועג צו גאָט... געדולד געלערנט... געלערנט צו האַלטן זיך קליין און נישט צו יאָגן זיך נאָך כבוד, צו געדענקען, אַז דער מענטש איז אויך נישט מער ווי אַ וואָ־רים און האָט נאָר אַזויפיל יכולת, וויפל דער בורא יתברך האָט אים געגעבן... געלויבט השם יתברך, בין בייגעשטאַנען אַלע נסיונות און דעם וועג דורכגעגאַנגען אָן פאַרבלאָנדזשעניש... דורכגעגאַנגען דעם וועג!

ח נ ה. ווי קלאַפּט מיר מיין האַרץ! גאָטעניו, אָ, גאָט!

י ש ר א ל. איצטער טרייבט מען מיך שוין פון אויבן: אַנט־פּלעק זיך פאַר דיינע ברידער און ווייז זיי דעם וועג, וואָס פירט זיי צו גאָט! יאָ, חנה... היינט ווער איך זעקסאונדרייסיק יאָר, און איך טרעט אַרויס פון מיין פאַרבאָרגנהייט. דערפאַר איז מיר געשיקט געוואָרן רב יעקב. ער וועט מיר מיין העלפער ווערן. דער ערשטער טאָג פון מיין זיבנאונדרייסיקסטן יאָר וועט מיך שוין זען אָן דער מאַסקע פון דעם פּראָסטאַק, וועט מיך זען אין מיין אמתער געשטאַלט.

ח נ ה. איך האָב דיר פאַר דעם טאָג ווייסע קליידער אָנגע־גרייט, אַליין זיי אויפגענייט, מאָס גענומען פון דיינע אַלטע שבת־בגדים.

י ש ר א ל. וואָס דו האָסט זיך דורך דעם געקויפט אויף יענער וועלט!

ח נ ה. און ווייסע זאָקן האָב איך דיר אויסגעשטריקט, און פּאַנטאָפל ווייסע צו זיי געקויפט... ליגט אַלץ אין גרויסן קאַסטן. ווילסט זיי זען?

י ש ר א ל. דו וועסט מיר אַלץ אַרויסגעבן. פון היינט אָן וועט מען מיך נישט זען אין אַנדער קליידונג. איך גיי זיך טובל זיין אין טייך.

ח נ ה. אָט איצטער ביי דער נאַכט! איז איצטער נישט צו קיל?

י ש ר א ל. דאָך נישט קילער ווי אין ווינטער, ווען איך בין זיך טובל אין ברענענדיקסטן פראָסט.

ח נ ה. א שוואכע יידענע! (גייט אין דער הינטערוואַנט־טיר רעכטס.)

ישראל (הייבט אויף די הענט און שאָקלט זיך פאַרדבקהט).

ח נ ה (קומט אַרויס מיט די ווייטע קליידער אויסגעשפּרייט אויף אירע אָרמס).

ישראל (ווי אויפגעכאַפּט, גייט איר אַנטקעגן, נעמט ביי איר איבער די קליידער אויף זיינע אויסגעשפּרייטע אָרמס). זייד! ווייסער זייד!

ח נ ה. ווי דען אַנדערש, מיין געטלעכער מאַן?

ישראל (מאַכט צו די אויגן אויף אַן אויגנבליק). דו האָסט מיך אָנגערופן מיט דעם נאָמען, וואָס איז מיר באַשערט... איש אלקים!... איך גיי זיך טובל זיין. און איבערטאָן זיך. אַריין אין מיין אמתער הויט... (גייט צו דער אַרויסגאַנגטיר.)

ח נ ה (הינטער אים). אויך איך וועל איצטער אַן אַנדערע ווערן.

ישראל (ווענדט זיך אום צו איר). אַן אַנדערע... ווער איך דען אַן אַנדערער? איך ווער נאָר, וואָס איך בין, אָפן פאַר דער וועלט... (פאַלט צו מיט די ליפּן צו דער מזוזה, קושט זי און רעדט פרום, ווי געזונגען.) פאָטער מיינער אין הימל, מלך פון דער וועלט, איך נעם איבער פון דיר דעם רשות צו פירן די קינדער פון דיין פאָלק ישראל אויף דעם וועג, וואָס פירט צו דיר. צו לערנען זיי, ווי צו זוכן דיך, ווי צו דערנענטערן זיך צו דיר, ווי צו באַהעפטן זיך מיט דיר. זיי זאָלן וויסן, וואָס דו ווילסט פון זיי און וואָס זיי דאַרפן טאָן צו זיין נאָענט צו דיר. זייערע הערצער זאָלן אָנגעפילט זיין מיט ליבשאַפט צו דיר, מיט ליבשאַפט צו דיין פאָלק ישראל און מיט ליבשאַפט צו דיין תורה. באַשאַפער פון דער וועלט, דו האָסט מיך אַרויסגעטיילט פון זיך, איך זאָל אויפדעקן פאַר דיין פאָלק דיין רצון און ווי דיין רצון דאַרף געטאָן ווערן, שריי איך צו דיר, איך אָרעמער מענטש און וואָרים, אַז מיין רצון זאָל זיין דיין רצון און זאָלסט אין דיין גרויסער גוטסקייט טאָן מיין רצון, ווי איך טו דיינעם אין מיין בטלדיקייט פאַר דיר! (קושט די מזוזה נאָך אַ מאָל.)

ח נ ה (מיט טרערן אין די אויגן, שעפטשעט פרום). אָמן! (עפנט פאַר אים די טיר.)

י ש ר א ל (גייט אַרויס).

ח נ ה (קוקט אים נאָך, מאַכט צו די טיר, הייבט אויף הענט און אויגן און שעפטשעט אַרויס באַגייסטערט פרום). איך דאַנק דיר, גאָטעניו! (שטייט אַ ווײַלע ווי פאַרגליווערט. אַ קלאַפּ אין טיר ברענגט זי צו זיך.) ווער דאָרטן?

פ י י ו ו ל. (דרויסן). אַ ייד.

ח נ ה. איר קאָנט אַרײַנקומען. די טיר איז אָפן.

פ י י ו ו ל (קומט אַרײַן). אַ גוט־נ־אָוונט!

ח נ ה. אַ גוט־נ־אָוונט, אַ גוט יאָר. ווי קומט עפּעס אַ ייד אַזוי שפּעט?

פ י י ו ו ל. אַזאַ ייד בין איך. אַ נאַכט־ייד.

ח נ ה. איך הער צום ערשטן מאָל.

פ י י ו ו ל. איר הערט צום ערשטן מאָל, אַז פאַראַן יידן, מיט וועמען מע זאָל זיך בעסער נישט באַגעגענען בײַנאַכט?

ח נ ה. גזלנים?!

פ י י ו ו ל. איר דאַרפט זיך נישט שרעקן. איך בין נישט געקומען אײַך שלעכטס טאָן.

ח נ ה. זײַט איר — דער אטאמאַן?

פ י י ו ו ל. ער אַליין.

ח נ ה. וואָס... וואָס זײַט איר געקומען?

פ י י ו ו ל. אַפּריער וועל איך זיך צוזעצן... איך קום פון ווײַט... (זעצט זיך.)

ח נ ה (גייט צו דער הינטערוואַנט־טיר רעכטס, עפנט זי און בלײַבט דאָרטן שטיין).

פ י י ו ו ל. איך האָב אײַך געזאָגט, איר דאַרפט נישט מורא האָבן.

ח נ ה. איך בין אַליין אין חדר, און איר זײַט אַ פרעמדער מאַן.

פ י י ו ו ל. איז דער מאַן נישטאָ אין דער היים?

ח נ ה. נישטאָ.

פ י י ו ו ל. בין איך געגאַנגען אומזיסט. ווען וועט ער קומען?

ח נ ה (ענטפערט נישט).

פ י י ו ו ל. איר'ט מורא צו ענטפערן. אָבער מיר איז נישט וויכטיק, ווען ער וועט קומען. האָב עס גאָר נישט געדאַרפט פרעגן. דער עיקר איז, ער איז איצטער נישטאָ אין שטוב, און איך וועל אים נישט זען.

ח נ ה. וואָס'ט איר געוואָלט אים זען?

פ י י ו ו ל. איצטער וועל איך נישט ענטפערן. (פּאַוזע.)

ח נ ה. איר זייט נאָך אַלץ אַ גזלן?

פ י י ו ו ל. איך בין נאָך אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט זיין, אָבער רב ישראל האָט געוואָלט כאַפּן גאָט פאַר די פּאָלעס, און נאָר יידן און יידן, און איז געוואָרן אַ קרעטשמער, אַ שיינקער, שיכורט אָן די פּויערים, און זיי שלאָגן יידן...

ח נ ה (שטאַרק אויפגעבראַכט). איר זאָלט וועגן רב ישראלן אַזוי נישט ריידן! איר דאַרפט זיך די הענט וואַשן, ווען איר רעדט וועגן אים! איר דאַרפט זיך דעם מויל כשרן, ווען איר רעדט אַרויס זיין נאָמען!

פ י י ו ו ל. אי־אי־אי!...

ח נ ה. און עס איז אַ ליגן, וואָס איר האָט געזאָגט! כזב ושקר! אַ בלבול! פון אונזער קרעטשמע זיינען נאָך קיינמאָל נישט אַוועק קיין שיכורע גוים צו שלאָגן יידן! און מיין מאַן האָט זיך בכלל נישט געמישט אין דער קרעטשמע! ער איז געזעסן אָפּגעזונדערט אין אַ שטיבל ביים טייך...

פ י י ו ו ל. הת—בוד—דות... איך געדענק נאָך...

ח נ ה. יאָ! התבודדות! געזעסן אָפּגעזונדערט און געלערנט און...

פ י י ו ו ל. זאָל זיין!... אָבער געהאָלפן יידן האָט ער נישט? און איך האָב געהאָלפן! וואָס מיינט איר, טו איך דאָ היינט ביידער־נאַכט אין דאָרף? איך בין נישט געקומען צו רב ישראלן... איך בין

אריין אזוי זיך... ווייל איך בין שוין דאָ אין דאָרף, האָב איך מיר געזאָגט, וועל איך שוין אריין צו רב ישראלן און אַ רייד טאָן זיך מיט אים. אָבער איך בין אין דאָרף, ווייל דער אכזר, דער טלוסטער קאָמיסאַר, געפינט זיך נישט ווייט פונדאַנען. אין שטאָט איז נישט געווען מעגלעך צו צוקומען צו אים, אָבער דאָ איז ער שוין אַ גע־פּאַקטער... ער וועט ביי אונז ברענען ווי אַ ליכטל, און עס וועט נאָך הייסן, אַז פּויערים האָבן עס געטאָן. איז גוט, זאָל עס אזוי הייסן, אַבי יידן וועלן פּטור ווערן פון אַ המן...(פון דרויסן אַ שאַרפער פייף.) געהערט דעם פייף? דאָס גיט מען מיר אַ סיגנאַל, אַז ביים קאָמיסאַר איז פינסטער געוואָרן... ער'ט זיך געלייגט פּאָפן... נו, דאַרף איך גיין... אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט געטראָפן רב ישראלן... האָב ליב א רעד צו טאָן מיט אים... שוין לאַנג, לאַנג נישט געזען און נישט גערעדט... און דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט וועגן אָנשיכורן גוים, איז גאָרנישט... פאַרגעסט... אַ הונט האָט געבולן... איך ווייס, אַ טייערער ייד אייער מאַן... זאָל ער תורה לערנען... זאָל ער התבודדות... דאָס איבעריקע וועל איך טאָן... אַ גוטע נאַכט! (גייט צו דער טיר.) איר זאָגט מיר נישט קיין גוטע נאַכט? נו, איז נישט... די נאַכט וועט שוין זיין אַ גוטע פאַר מיר און פאַר אַלע יידן... (גייט אַוועק.)

ח נ ה (מאַכט צו די טיר, אין וועלכער זי איז געשטאַנען, גייט צו דער גאַסטטיר, עפנט זי, קוקט אַרויס, הערט זיך צו, מאַכט צו די טיר, טרעט אַריין אין צימער, לאָזט זיך גיין צו דער צימערטיר, בלייבט שטיין, לאָזט זיך צוריק צו דער גאַסטיר).

י ש ר א ל (קומט אַריין אָנגעטאָן אין וויסן, אַ ליכטיקער, אַ לייכטנדיקער).

ח נ ה (אָטעמט שטאַרק אויף פאַר התפעלות, שלאָגט צונויף די הענט). אַן אַנדערער! אין גאַנצן אַן אַנדערער!

י ש ר א ל. איימיצער איז דאָ געווען.

ח נ ה (פאַרלאָרן). ווי אזוי... פונוואַנען...

י ש ר א ל. ווער איז דאָ געווען?

ח נ ה (פאַררוכט איר טיכל אויפן קאָפּ, קוקט אַוועק אָן אַ זייט).

י ש ר א ל. אַז דו לייקנסט נישט, אַז איימיצער איז דאָ געוועזן, מוזטו מיר זאָגן, ווער איז דאָ געוועזן.

ח נ ה (שטאַמלענדיק). דער גזלן... דער אטאמאן...

י ש ר א ל. איך האָב טאַקע דערפילט וואָלד... איז פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געוואָלט זאָגן?

ח נ ה. ער איז נישט געקומען מיט תשובה־געדאַנקען. ער איז נאָך גזלן, וועט גזלן בלייבן.

י ש ר א ל. איך ווייס.

ח נ ה. און גראָד היינט געקומען!

י ש ר א ל. עס מאַכט נישט.

ח נ ה. ווערסטו... ווערסטו נתגלה ווערן?

י ש ר א ל. מיין התגלות איז אַ באַשלאָסענע זאַך — אויבן.

ח נ ה. און איך האָב מורא געהאַט!...

י ש ר א ל. וואָס'ט ער געוואָלט פון מיר?

ח נ ה. נאָר זען דיך... נאָר ריידן מיט דיר. ער איז געקומען אין דאָרף, ווייל...

י ש ר א ל. דאָס דערצייל מיר נישט. איך וויל נישט זיין שותף. גיי שלאָפן איצטער. איך וועל זיך זעצן לערנען.

ח נ ה. איך בין אַזוי ווייט פון שלאָף. (גייט צו דער רעכטער הינטערוואַנט־טיר און גייט אַריין אין צימער.)

י ש ר א ל (זוכט אויס נאָך אַ ליכט, צינדט אָן, שטעקט אַריין אין אַ צווייטן לייכטער, נעמט אַ ספר פון אונטער בעט אַרויס, זעצט זיך פאַרביידע ליכט מיטן געזיכט צו די פענסטער און הייבט אָן צו לערנען). אמר אליהו: רעיא מהימנא הא שעתא איהי לסלקא לעילא...

ח נ ה (קומט אַרויס פון צימער מיט אַ קלייד אויף די הענט, גייט אַריבער צום בעט הינטערן אויוון, טוט אויס פון זיך די קרעטשמערקע און טוט אָן אויף זיך אַ רבצין, וואַרפנדיק אָפטע פרומע באַגייסטערטע בליקן אויף ישראלן, וועלכער לערנט איצטער הויך מיט אַ בנעימות־דיקן ניגון, שטאַרק שאָקלענדיק זיך).

ר ב י ע ק ב (אין דער לינקער טיר). ווער לערנט דאָס אַזוי?

(טרעט אַריין אין צימער.) ווער איז דאָס? (מאַכט אַ פּאָר שריט.) ווער איז דאָס? (קומט צו צום טיש.) אוי! ישרא... ישרא... אוי! (לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער באַנק אַנטקעגן ישראלן, ווי אין חלשות.)

ישראל (הייבט אויף אים אויף זיינע אויגן מיט אַ ווייטן פרעמדן בליק). וואָס איז אייך, רב יעקבֿ?

רב יעקב (קוים וואָס ער רעדט). איר... איר... אַן אַנדערער... אוי, אַזאַ ליכט אויף אייך!... אַ נסתר... רב ישראל!...האָב נישט געוואוסט... איר'ט מיר מוחל זיין... אוי!... אוי!...

ישראל. איר זייט דער ערשטער און דער איינציקער לעת עתה, און איך בין אויף אייך גוזר, אַז גלייך ווי איר וועט קומען אין שטאָט, זאָלט איר גיין אין קהל־שטיבל און אָנזאָגן דאָרטן בזה הלשון: עס איז דאָ אַרום אייך אַן אור גדול, אַ גרוים ליכט, איז עס נישט מער ווי רעכט, איר זאָלט אים ברענגען אין שטאָט אַריין.

חנה (אַ רבצין איצטער, הייבט אויף די הענט, דריקט זיי צונויף אין גרויסער באַגייסטערונג).

רב יעקב (הייבט אויף די הענט אין חלשות־שוואַכקייט). אוי!

## צווייטע סצענע.

אַ וואַלדוועג. — עס קומט אָן אַ גרופּע יידן מיט רב יעקבֿן אין פּאָרויס. אַלע זיינען יום טובדיק אָנגעטאָן.

איין ייד. איך זע נאָך דער זון, אַז מיר האָבן נאָך צו גיין אַ שטיק וועג ביז'ן דאָרף. איז לאָמיר זיך אַ ביסל פּאַררוען.

רב יעקב. וואָס עפּעס פּאַררוען זיך? פּאַררוען זיך וועלן מיר אין דאָרף ביי אים אין קרעטשמע.

צווייטער ייד. טאַקע. איך וויל אים שוין אַזוי זען. איז וואָס שייך פּאַררוען זיך? פּאַרלירן צייט?

דריטער. אָבער וואָס טוט מען, אַז די פיס זאָגן זיך אָפּ צו גיין?

רב יעקב. איז עס אַ סימן, אַז איר זייט נישט זוכה.

ע ר ש ט ע ר. איך וועל אייך באַווייזן, אַז איך וועל דווקא דער־גיין און שנעלער נאָך פאַר אייך.

פ ע ר ט ע ר. אַז איך האָב גאָר אַ פּלאַן.

פ י נ פ ט ע ר. אַ פּלאַן עפּעס פון קפיצת הדרך?

ז ע ק ס ט ע ר. דאָס וואָלט גאָר נישט שלעכט געווען!

ר ב י ע ק ב. און וואָס עפּעס מיט שכר הליכה? ווען איר האָבן קפיצת הדרך, וועט איר האָבן אַ מכה שכר הליכה.

פ ע ר ט ע ר. הערט'אַך בעסער אויס מיין פּלאַן!

פ י נ פ ט ע ר. אויב נישט קפיצת הדרך, איז אויף וואָס דאַרף איך אייער פּלאַן?

פ ע ר ט ע ר. הערט'אַך אויס! לאָזט'אַך ריידן!

ע ט ל ע כ ע. נו שוין! נו שוין!

פ ע ר ט ע ר. מיין פּלאַן איז, אַז אַזוי ווי מיר זיינען אין וואַלד, און מיד זיינען מיר, זאָלן מיר דערווייל אויספּלעכטן פאַר אים אַ שטול פון צווייגן פון ביימער.

ר ב י ע ק ב. דאָס וועט אונז אָבער אַזוי פאַרהאַלטן!

פ ע ר ט ע ר. דערפאַר אָבער וועלן מיר האָבן אַ שטול, אויף וועלכן מיר וועלן אים אַוועקזעצן און לאָזן אים זאָגן פאַר אונז תורה. איר פאַרשטייט, וואָס דאָס מיינט? אַ שטול פון פרישע צווייגן...

פ י נ פ ט ע ר. דאָס איז טאַקע אַ גוטער געדאַנק.

פ ע ר ט ע ר. זעט איר, האַ!

ע ט ל ע כ ע. אַ שיינער געדאַנק!

ר ב י ע ק ב. זייט זיך מודה, אַז איר זייט אַלע מיד.

פ ע ר ט ע ר. טאַקע מיד. וואָס דען נישט מיד? די פיס זיינען מיד. די הענט אָבער זיינען נישט מיד. איז זאָלן זיך די פיס פאַררוען און זאָלן די הענט אַרבעטן...

פ י נ פ ט ע ר. איך רייס שוין צווייגן.

ז ע ק ס ט ע ר. ווייסט איימיצער, ווי מי פלעכט אַ שטול?

ע ט ל ע כ ע. וואָס איז דאָ דער קונץ?

פ ע ר ט ע ר. מיר'ן אויספלעכטן אזא שטול! (צווייגן ווערן אָנגעטראָגן.) מיר קאָנען זיך שוין נעמען צו דער ארבעט. אָבער לאָמיר עפּעס זאָגן א ניגון, וועט זיך בעסער פלעכטן. (זינגעו אַ ניגון און פלעכטן דעם שטול.)

פ י י וו ו ל (קומט אַרויס פון צווישן בוימער. די זינגער דער־שרעקן זיך, האַקן אָפּ אינמיטן, בלייבן שטיין אין זייער אַרבעט, הייבן אָן אויפצוהייבן זיך פון די פלעצער. פייוול צו די באַגלייטער הינטער אים). יידן!

ע ו ל ם (ווי אויפּאָטמענדיק). יידן!

פ י י וו ו ל. וואָס עפּעס אינמיטן וועג אין וואַלד אזא זינגע־ניש אויף אייך? גוים זאָלן זיך צונויפלויפן און אָנברעכן אייך די ביינער?

פ ע ר ט ע ר. מי האָט זיי אין דר'ערד, די גוים! מיר וועלן דאָ נאָך זינגען און מיר וועלן דאָ נאָך טאַנצן. א גרוים ליכט, אַן אור גדול איז אויפגעגאַנגען, א גרויסער צדיק האָט זיך אַנטדעקט, א לאַמעד וואָווניק, א נסתר, און מיר גייען אַראָפּצוברייננגען אים אין שטאָט.

פ י י וו ו ל. איז עס דער קרעטשמער דאָ נישט ווייט אין קליסטאָוועקע?

ר ב י ע ק ב. ער טאַקע! ער!

פ י י וו ו ל. דעם קען איך שוין פון לאַנג. איך קאָן אייך וועגן אים וואָס דערציילן. איך קען אים נאָך, ווען ער איז געווען א מלמד ביי דאָזשע דעם אַרענדאַר אין זלידקאָ. דאָס איז שוין אַ מעשה פון באַלד פופצן יאָר. א שבת איז דאָס געווען, און איך האָב ביי אים געפרעגט: „וואָס איז אמתע פרומקייט?" און ער האָט מיר געענטפערט: „ליב האָבן גאָט אָן א פארוואָס איז אמתע פרומ־קייט".

ע ו ל ם (טשמאָקעט מיט די ליפּן פאַר התפעלות, און איינער צום אַנדערן מיט באַגייסטערונג). האָסט געהערט?! האָסט געהערט?!

צ וו ו י י ט ע ר. שוין מיט פופצן יאָר צוריק! לאַנג איז ער געווען אַ מלמד ביים אַדענדאַר?

פ י י וו ו ל. ער איז דערנאָך געווען א מלמד טאַקע ביי אייך אין טלוסט.

ד ר י ט ע ר. א מלמד אין טלוסט? (קוקט זיך איבער מיט די אנדערע.)

פ י נ פ ט ע ר. אי, דאס מוז זיין דער מלמד רב ישראל!

ז ע ק ס ט ע ר. דער איז פלוצים נעלם געווארן...

פ י י ו ו ל. זיבן יאר האט ער אפגעלעבט אליין אין א וואלד צווישן קאסעוו און קוטעוו... אין א הייל געוואוינט און הייליקע ספרים געלערנט... (רעדט וויכטיק ארויס.) התבודדות!

ע ו ל ם (התפעלותדיק). אויאויאוי!

פ ע ר ט ע ר. און דערנאך? און דערנאך?

פ י י ו ו ל. ווייסט איר דאך. א קרעטשמער געווארן...

ר ב י ע ק ב. און דו האסט אלע יארן געהאט די זכיה צו קענען אים?

פ י י ו ו ל. זכיה אדער נישט זכיה... געקענט, אבער פון דער־ווייטנס.

ר ב י ע ק ב. ווער ביזטו?

פ י י ו ו ל. א נסתר, אבער נישט קיין צדיק... נישט קיין לאמעד וואווניק... שטעק אויך אין וואלד, אבער לערן נישט קיין תורה... האב אפילו פיינט די...

ע ט ל ע כ ע (מיט שרעק). ביזט...

פ י י ו ו ל. איר דארפט נישט אנרופן. וואס זייט איר אלע אזוי דערשראקן? האב איך וועמען פון אייך שלעכטס געטאן? איר האט זיך גאר געדארפט דערפרייען מיט מיר. צוזינגען זיך האט איר געדארפט. דער טלוסטער קאמיסאר וועט אייך מער נישט אנטאן קיין צרות — וועמען האט איר דאס צו פארדאנקען? פארברענט איז ער געווארן, א האלאוועשקע — ווער האט עס געטאן? ישראל דער קרעטש־מער מיט זיינע תפילות אדער איך און די, וואס זיינען דא מיט מיר? ווער'ט איינגעשטעלט דאס לעבן? און אז מיר באשטראפן אויך יידן, זיינען זיי עס אלע ווערט... נו, איז פארוואס פרייט איר זיך נישט מיט מיר? וואס פאר א שרעק איז אויף אייך אנגעפאלן? וואס שטייט איר, ווי באנומענע, ווי די צינגער וואלטן אייך אפגענומען? זייט איר אפשר אויך אזעלכע יידן, וואס מיר דארפן אוועקלייגן און קאטעווען?

איר ציטערט, האַ? תורה־לערנער, תּלמידי־חכמים, כּלי קודש און ווי איר הייסט דאָרטן, האָט איר מיר גאָרנישט וואָס צו זאָגן? וואָס טראַכט איר דאָרטן פון מיר? שילט איר מיך אין טאַטן אַריין? מיין טאַטן טאָרט איר נישט טשעפּען. ער איז געשטאָרבן פון גויאישע הענט... נו, זאָגט'אָך אַ וואָרט!... איך בין אַן עם הארץ, אַ כאַם! ווייסט איר, וואָס דער געוועזענער מלמד האָט מיר יענעם שבת געזאָגט? איך קאָן טאָן, וואָס איך וויל, אַבי די כּוונה איז געווענדט צו גאָט... נו, בין איך אַ גזלן, אַבי די כּוונה... בין אַ באַשטראָפער, אַ שומר ישראל... נו, וואָס זינגט איר נישט?... איך זע, איר האָט אויסגעפלאָכטן אַ שטול... פאַר אים, האַ? פאַרן גרויסן ליכט... גיט נאָר אַהער דעם שטול! גיט, זאָג איך אייך, אַז נישט וועט איר ערגער מאַכן. (צו אַ פּאָר הינטער אים.) ברענגט מיר דעם שטול! (צוויי קרעפּטיקע בחורים לאָזן זיך צו די יידן אַרום דעם שטול. די יידן פאַרשטעלן דעם שטול, אָבער טרעטן אָפּ, ווען די בחורים קומען צו. די בחורים נעמען דעם שטול און טראָגן אים צו פּייוולען, וועלכער קאָמאַנדירט.) שטעלט אים אַוועק מיט פּאַראַד! (צו זיינע אַנדערע באַגלייטער.) שטעלט זיך אַרום... אַ לייבוואַך... און איצטער וועל איך זיך אַוועקזעצן. (זעצט זיך אַוועק מיט גרויסער ברייטקייט.) נו, בין איך איצטער אַ גרויסער ייד! אַ גרויס ליכט! זאָגט, אַז איך בין עס נישט! ווער האָט נאָך מער אויפגעטאָן פאַר יידן, ווי איך און די דאָ? איר מאָגט אויך פאַר זיי שטולן פלעכטן. (זיינע באַגלייטער לאַכן.) נו, וואָס שטייט איר אַזוי, ווי שיפּן וואָלטן אייך אונטערגעגאַנגען? איך האָב טמא געמאַכט דעם הייליקן שטול? זאָגט עס נאָר, און איר קריגט אין די פּרעסערס... דערהייבן האָב איך דעם שטול! זאָגט אים, אייער צדיק, אַז איך בין אויף אים געזעסן... דער גרעסטער צדיק! זאָגט, אַז ניין! נו, זאָגט, אַז ניין! פּופּצן יאָר, אַז איך נעם נקמה פאַר יידישע צרות, ווער קאָן זיך צו מיר גלייכן? האָב איך נישט גענוג געשטראָפט? נאָר האָבן מיר קיין תורה נישט געלערנט... זיינען מיר נישט קיין פרומע יידן... אָבער אָנגענומען פאַר יידן האָבן מיר זיך? פּופּצן יאָר!... פאַרדין איך נישט דעם שטול? יידן דאַרפן האָבן אַ — נו, אַ ווי הייסט ער דאָרטן? — אַ מנהיג! איז וואָז בין איך? מוז עס דייקע זיין אייגער, וואָס ליגט אין אַ הייל איבער ספרים? אָט זיץ איך אויף דעם געפלאָכטענעם שטול און רוף אויס:

יידן, ווילט איר געהאָלפן ווערן, קומט צו מיר! איך וועל אייך לער־נען נקמה צו נעמען אין אייערע שונאים! איך וועל אייך אויסמו־שטירן, מי זאָל האָבן פאַר אייך דרך ארץ! נו? וועל איך זיין א שלעכטער מנהיג? (ער קוקט אָן די יידן מיט שטרייגנען בליק — ער איז איצטער ווירקלעכער פירער.)

ר ב י ע ק ב (שרייט אויס פלוצים). ער קומט אָן! ער קומט אָן! דאָרטן אויפן וועג — אין ווייסן! ער האָט געזען ברוח הקודש, אז מע קומט נאָך אים, איז ער אַרויס אַנטקעגן. (לאָזט זיך לויפן, די אַנדערע נאָך אים.)

פ י י ו ו ל. זיינען אַנטלאָפן צו אים, האָבן מיר נישט געענט־פערט. פאַרוואָס האָבן זיי געשוויגן? קאָנט איר עס פאַרשטיין? האָבן אוים.עפלאָכטן פאַר אים א שטול און זיינען פאַרציטערטע געוואָרן, ווען איך האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אים. פאַרוואָס איז עס? וואָס האָט ער געטאָן פאַר זיי און וואָס האָב איך געטאָן פאַר זיי? פונ־דעסטוועגן — צו אים לויפן זיי, פון מיר אַנטלויפן זיי!... עך, יידן, יידן!... אין אייערע טאַטעס אריין!... זעט, ווי זיי האָבן זיך ארומגע־כאַפּט מיט אים! ווי זיי זיינען אים באַפאַלן מיט זייערע שלום עליכמס! מיר האָט קיינער פון זיי קיין שלום עליכם נישט געגעבן... העי!... העהע!... זעט, ווי זיי קוועלן דאָרטן!... זייערע פּנימער האָבן זיך אַזוי צושיינט, אז מי זעט אפילו פון דאַנען... וואָס זאָגט ער זיי דאָרטן אַזוינס?... א שטיקל תורה מסתמא... און פאַרטיק, זיי זיינען זיינע!... זעט נאָר, וואָס דאָרטן טוט זיך!... מאַכן איבער אים א חופּה פון צווייגן, און ער שטייט און דרשנט, און דרשנט... זעט נאָר, מע ווישט זיך די אויגן!... ווי געפעלט עס אייך!... וואָלט געווען א בעלן צו הערן, וואָס ער זאָגט דאָרטן אַזוינס. וואָלט איר נישט?

א ב א נ ל י י ט ע ר. וואָס מיר וואָלטן שוין פאַרשטאַנען!

פ י י ו ו ל. אויך אמת. מיר וואָלטן מסתמא גאָרנישט פאַר־שטאַנען, און זיי לעקן דאָרטן די פינגער... און אפשר? — ער דער־ציילט שיינע מעשות. קוקט נאָר, מויל און אויערן אויפגעריסן! און זאָלן איצטער אונטערקומען א פּאָר שיכורע גוים, ניש'קשה, זיי וואָלטן זיך אומגעקוקט אהער... זיי וואָלטן געלאָפן צו אונז... אָבער זיי האָבן דאָרטן גאָר פאַרגעסן, אַז עס זיינען פאַראַן גוים אויף

דער וועלט... זעט נאָר, אינמיטן וואַלדוועג, און ער דרשנט און דרשנט... איר ווייסט, איך הייב אָן צו פאַרשטיין. זייער כוח ליגט אין דעם, וואָס זיי קאָנען פאַרגעסן, אַז עס זיינען פאַראַן גוים אויף דער וועלט. אויף וואָס דאַרפן זיי האָבן אונז, אַז זיי קאָנען פאַרגעסן?

א ב א ג ל י י ט ע ר. די גוים אָבער האַלטן אין איין דערמאָנען.

פ י י וו ל. דאָס איז אויך אמת. אָבער די יידן ווערן דערמאָנט און ווייסן פאָרויס, אַז זיי וועלן פאַרגעסן, און עס איז שוין ווידער גוט... העהעהע... עך, יידן, יידן! אַ רוח אין אייערע טאַטעס טאַטעס!... שאַ, ער פאַרנעמט זיך אַהער! (פריילעכער ניגון שטייגט אויף, דערנענטערט זיך.) פריילעך איז זיי מיט אים!... זאָל איך אים אָפּטרעטן דעם שטול אָדער בלייבן זיצן?

א ב א ג ל י י ט ע ר. זאָלן זיי אים פּרוּוון אָפּנעמען!

פ י י וו ל. שוטה, נישט צי זיי וועלן אָפּנעמען, נאָר צי זאָל איך אוועקגעבן, אָט וואָס!

י ש ר א ל (קומט אָן אונטער אַ חופּה, וואָס דער זינגענדיקער עולם האַלט איבער אים. ער טרעט אַרויס פון אונטער דער חופּה און גייט לאַנגזאַם צום שטול, זיינע אויגן, פול גוטסקייט, אָנגעשטעלט אויף פייוולען, אויף זיינע ליפּן אַ פריינטלעכער שמייכל).

פ י י וו ל (זיצט, אָבער באַלד הייבט ער אָן לאַנגזאַם אויפצוהייבן זיך פון שטול. אויפשטעלנדיק זיך, טרעט ער אָפּ נאָך הינטן, באַפרייט דעם וועג צום שטול).

י ש ר א ל (צוקומענדיק, שאָקלט פריינטלעך מיטן קאָפּ און רעדט האַרציק אַרויס). יישר כוח! (דרייט זיך אויס צום עולם און לאָזט זיך אַראָפּ אויפן שטול. דער געזאַנג רייסט אָפּ — דער עולם בלייבט שטיין אין דערוואַרטונג. ישראל רעדט.) דער שטול פון מנהיג און מורה דרך איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן, ווייל ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר מיר פון גאָט ברוך הוא. ער, דער קודשא בריך הוא, וויל, אַז איך זאָל פירן זיין פאָלק ישראל אויף דעם וועג צו אים. וואו ליגט דער וועג צו אים? זוכט אים נישט אין ווייטקייטן. נישט אין הימל איז דער וועג און נישט אין די טיפקייטן פון דער ערד, נאָר אין אייגענעם האַרץ. נישט מיט קאָפּ און שכל, נאָר מיט האַרץ

און געפיל קאָן מען צוקומען צו גאָט. וואָס שטאַרקער דאָס געפיל, אַלץ נענטער קומט מען צו אים צו. ווי גייט מען אויף דעם וועג צו גאָט? דער ערשטער שריט איז תפילה — די אמתע האַרציקע תפילה רוקט אַוועק דעם פאַרהאַנג, וואָס טיילט אונז אָפּ פון דעם בורא יתברך. דער צווייטער שריט איז תורה-לערנען, ווען מען לערנט מיטן זעלביקן אמת און מיט דער זעלביקער האַרציגקייט, ווי מען איז מתפלל. און אַזוי שריט ביי שריט, שריט ביי שריט קומט מען צו באַהעפטונג מיט דעם באַשאַפער. אָבער יעדער שריט מוז געמאַכט ווערן מיט שמחה. איך בין געקומען אויף דער וועלט צו ווייזן דעם וועג, ווי יעדער ייד זאָל איבערנעמען אויך דריי אהבות, דריי ליב־שאַפטן: אהבת השם, אהבת ישראל און אהבת התורה, און ער דאַרף אויף זיך נישט נעמען קיין סיגופים, קיין תעניתים און פייניקונגען. היט זיך פון עצבות! צווייערליי דאָקטוירים זיינען פאַראַן: איינער היילט מיט ביטערע גראָזן, א צווייטער היילט מיט זיסע רפואות. איך וויל זיין דער צווייטער. קומט, איך גיי צו די, וואָס וואַרטן אויף מיר! (שטייט אויף.)

ר ב י ע ק ב. זיצט, רבי, מיר וועלן אייך אויפן שטול אַוועק־טראָגן אין שטאָט.

י ש ר א ל. ניין. א מנהיג דאַרף גיין פאָרויס, נישט רייטן אויף זיין עולם. (ער גייט, דער עולם הינטער אים. דער געזאַנג הייבט ווידער אָן.)

פ י י וו ל (ווען ישראל און דער עולם פאַרשווינדן, רעדט אַרויס צו זיינע באַגלייטער, פול ביטערקייט). אַלץ גאָט, אַלץ תורה, אַלץ תפילה!... אָבער וואָס וועגן יידישע צרות!? וואָס וועגן די גוים?! פאַרגעסן!...

# פינפטער אַקט.

## ע ר ש ט ע   ס צ ע נ ע.

אַ מאַרקפּלאַץ אין מעדזשיבאָזש. קראָמען אין אַלע זייטן. דאָ, דאָרטן פאַרקויף־טישלעך. עס דרייען זיך אַרום פאַרהאַוועטע פאַרזאָרג־טע געשטאַלטן. — צוויי קרעמער קומען אַרויס, באַגעגענען זיך, שטעלן זיך אָפּ.

ע ר ש ט ע ר (מיט התפעלות). נו, האַ?

צ ו ו י י ט ע ר. וואָס דען!

ע ר ש ט ע ר. אָפּגעראַטעוועט, האַ!

צ ו ו י י ט ע ר. אַז ווי ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן צו פאָרן אין ראַדוויל, האָב איך געוואוסט, אַז זיי זיינען געראַטעוועט.

ע ר ש ט ע ר. אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט!

צ ו ו י י ט ע ר. מ'יט שוין געהאַט צוגעגרייט די תּליות!

ע ר ש ט ע ר. אָפּגעראַטעוועט פון די הענט פון אַזאַ צורר, ווי דער ראַדווילער הראַביע!

צ ו ו י י ט ע ר. און וואָס איז פון דעם קושעווערס און דעם וואַווילאָווקערס?

ד ר י ט ע ר  ק ר ע מ ע ר (צוקומענדיק). עפּעס געכאַפּט אַ געשעפטל?

ע ר ש ט ע ר. וואָס געשעפטל!

צ ו ו י י ט ע ר. געשעפטל!

ד ר י ט ע ר. אַז די פּנימער אייערע שיינען אַזוי!

ע ר ש ט ע ר. מיר ריידן וועגן מעשה ראַדוויל.

ד ר י ט ע ר. רב ישראל איז היינט אינדערפרי געקומען צוריק.

צ ו ו י י ט ע ר. אָט וועגן דעם ריידן מיר דאָך!

ד ר י ט ע ר. און טאקע אפגעראטעוועט?

צ ו ו י י ט ע ר. איר דארפט נאך פרעגן?

פ ע ר ט ע ר ק ר ע מ ע ר (גייט לאנגזאם פארביי, הערט זיך צו, וויל קענטיק אויפכאפן, וועגן וואס ריידן די דריי).

ד ר י ט ע ר (ווינקט צו די ערשטע צוויי). הם! הם! (צום פערטן.) וואס'טו ביי אונז ארויסגעהערט?

פ ע ר ט ע ר. וואס איז? מי קאן ביי אייך וואס ארויסהערן?

ד ר י ט ע ר. איז וואס'ט'צעך צוגעהערט?

פ ע ר ט ע ר. וואס צוגעהערט זיך? ווען צוגעהערט זיך? איך האב געמיינט, איר דערציילט עפעס וועגן בעל שם אין ראדוויל.

ע ר ש ט ע ר. האבן מיר טאקע!

פ ע ר ט ע ר. טאקע אפגעראטעוועט? ווי אזוי האט ער?

ע ר ש ט ע ר. וואס איז פאראן צו פרעגן ווי אזוי! פויליש רעדט ער ווי איינער פון זיי. אלע פריצים ווערן גאר זיין כפרה, ווייל וויפל מאל האט ער זיי געהיילט...

צ ו ו י י ט ע ר. און גאט טאקע! און גאט! ער איז גוזר און גאט איז מקיים! (עס קומען צו נאך עטלעכע קרעמער.)

פ י נ פ ט ע ר. איר רעדט וועגן ראדוויל און רב ישראל? ער'ט טאקע געהאלפן!

ז ע ק ס ט ע ר. וואלט ער אזוי געהאלפן צו פרנסה!

ז י ב ע ט ע ר. ווער עס דארף געהאלפן ווערן, ווערט דורך אים געהאלפן. (צוויי טרעגער קומען צו.)

ע ר ש ט ע ר ט ר ע ג ע ר. אזויפיל קרעמער צוזאמען... וועט זיין עפעס אפצוטראגן?

ד ר י ט ע ר ק ר ע מ ע ר. דעם דלות.

צ ו ו י י ט ע ר ט ר ע ג ע ר. וועמען ווילט איר אים צושטעלן?

ד ר י ט ע ר ק ר ע מ ע ר. דאס מאכט שוין נישט אויס, אבי ביי מיר זאל ער נישט זיין.

פ ע ר ט ע ר ק ר ע מ ע ר. נא, פון שטיין און באלאמוטשען וועט קיין תכלית נישט ארויסקומען.

ד ר י ט ע ר. און פון גיין?

פ ע ר ט ע ר. איך ווייס? אז מען גייט, קאָן מען עפּעס דער־שמעקן, אויפכאַפּן...

פ י נ פ ט ע ר. די איינציקע זאַך, וואָס דו קאָנסט איצטער כאַפּן, איז אַ מנחה.

ד ר י ט ע ר. אַ גרויס גליק וועט דיך טרעפן! (לאַכט.)

ז י ב ע ט ע ר. אַט גייט דער בעל שם! (ערשטער און צווייטער טיילן זיך אָפּ און גייען אונטקעגן.)

ז ע ק ס ט ע ר (צום דריטן). און איר האָט געלאַכט פון מנחה.

ד ר י ט ע ר. געלאַכט! ווער'ט געלאַכט! איך האָב נישט גע־לאַכט פון מנחה!

י ש ר א ל (קומט אָן, אָנגעטאָן אין ווייסן, מיט דעם ליולקע־ציבוק אין מויל. אַ גוטער, פריינטלעכער שמייכל באַשיינט זיין פּנים).

ע ר ש ט ע ר און צ ו ו י י ט ע ר (באַגריסן אים). שלום עליכם, רבי!

י ש ר א ל. עליכם שלום! עליכם שלום!... שטייען אַ סך יידן צוזאַמען... פון וואָס ריידן יידן? אויב איר דערמאָנט דערביי און לויבט זיין נאָמען, איז שוין גוט.

ע ר ש ט ע ר. מיר ריידן וועגן ראַדוויל.

י ש ר א ל. וועגן ראַדוויל... נו, געלויבט השם יתברך, אַרויס־געריסן פינף יידן פון תליונס האַנט.

צ ו ו י י ט ע ר. איך האָב געוואוסט, אז אויב איר האָט זיך גענומען פאַר דעם, זיינען זיי שוין געראַטעוועט.

י ש ר א ל. נישט שטענדיק, ליבער פריינט, נישט שטענדיק. ווען עס וואָלט געווען, ווי דו זאָגסט, וואָלט געווען גאָר גוט! יידן זיינען שטענדיק אין תליונס האַנט, און סכנות שוועבן תמיד איבער אונזערע קעפּ. האָט איר דאָך געדאַרפט פרעגן, פאַרוואָס נעם איך נישט און ראַטעווע איינמאָל פאַר אַלעמאָל.

ע ר ש ט ע ר ט ר ע ג ע ר. נו טאַקע?

י ש ר א ל. איז עס אַ סימן, אַז עס הייגנט נישט אָפּ פון מיר אַליין, אַז איר, איר אַלע, יעדער איינציקער פון אייך און אַלע צו־

זאמען — דאָס גאַנצע פאָלק ישראל — דאַרף האָבן אַ האַנט אין דעם. ווילט איר דאָך איצטער וויסן וואָס און ווי אַזוי...

ש ט י מ ע ן. אוואדע! אוואדע!

י ש ר א ל. טיק הערט אַ מעשה.

ש ט י מ ע ן (פול צופרידנקייט). אאאא! (באַוועגונג, צונויפּרוקעניש, אַ שמייכל אויף די געזיכטער.)

י ש ר א ל. איך זע, אַז איר ליבט צו הערן מיינע מעשות. הלוואי זאָלט איר אַזוי אויספאָלגן די מוסר השכלס. אָבער איר וועט שגין... איר וועט'אָך, יידן! נו, איז הערט־זשע. אין ערגעץ אַ מדינה איז געוועזן אַ גרויסער גבור, און די איינוואוינער פון דער מדינה האָבן זיך געפילט אַזוי זיכער הינטער אים, אַז זיי האָבן נישט געלערנט, ווי מען האַלט מלחמה, און נישט פאַרזען זיך מיט כלי זיין. זיי האָבן זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אויף זייער גבור. ויהי היום, און אַ שטאַרקער שונא איז באַפאַלן די מדינה. דער גבור האָט זיך געכאַפּט פאַר זיינע כלי זיין, ערשט נישטאָ די כלי זיין: דער שונא האָט זיך געקלינגט און אָוועקגענבעט זיי ביי אים. און אַז דער גבור האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו שלאָגן זיך, און קיין חיל האָט ער אויך נישט געהאַט, ווייל דאָס פאָלק האָט זיך פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף אים, האָט די מדינה פאַרלאָרן די מלחמה. כאַפּט איר זיך דעם מוסר השכל? (וואַרט אַ רגע, קוקט זיך אַרום. אַלע שווייגן, וואַרטן, און ער זאָגט ווייטער.) דער מוסר השכל איז, אַז אַ גבור אַליין איז ווייניק, און מאָג ער זיין ווי שטאַרק. דאָס פאָלק אַליין דאַרף אויך זיין צוגעגרייט, יעדער איינער פון פאָלק דאַרף וויסן, ווי צו שלאָגן זיך. דער גבור דאַרף האָבן אַ חיל. האָט איר פאַרשטאַנען?

צ ו ו י י ט ע ר ט ר ע ג ע ר. וואָס פאַר אַ חיל קאָנען מיר זיין, אַז מיר קאָנען קוים דאַוונען.

י ש ר א ל. ער האָט טאַקע גוט פאַרשטאַנען. איז האָב איך נאָך אַ מעשה. דער לייב, דער מלך פון אַלע חיות, איז איינמאָל שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף זיינע אונטערטאַנען. זיינען די חיות צונויפגעקומען זיך און זיך מיישב געווען, ווער זאָל גיין און איבערבעטן דעם מלך. האָט דער פוקס אָנגערופן זיך, אַז ער וועט גיין, ווייל ער האָט דרייהונדערט משלים — אָט אַזוי ווי איך... אָבער אויפן

ווען האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט, נישט דאָ געדאַכט, פאַרגעסן אַלע זיינע משלים און קאָן נישט קומען פאַרן קעניג. איז געבליבן, אַז יעדע איינע פון די חיות זאָל זיך ווענדן צום מלך, יעדע איינע מיט איר אייגענעם לשון נאָך אירע כוחות און נאָך איר כוונה. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען ביים מלך די אָנגעלייגסטע זאַך. ווייל יעמאָלט האָט ער געוואוסט, אַז יעדע איינע פון די חיות איז אים געטריי, און דווקא ווייל יעדע איינע האָט גערעדט, ווי זי האָט געקאָנט און לויט אייגענעם שכל. גאָט, דער מלך מלכי המלכים, וויל, אַז מי זאָל אים דינען אויף אַלע אופנים. אויף פאַרשיידענע אופנים קאָן מען צוקומען צום בורא עולם מיט דער הילף פון וואָרט. מיט ווערטער פון תורה און תפילה, ווי אויך מיט ווערטער, וואָס מי רעדט מיט אַ פריינט אין מאַרק, ווען נאָר די כוונה איז געווענדט צו גאָט.

ד ר י ט ע ר ק ר ע מ ע ר. גאָר נייע דיבורים!

פ ע ר ט ע ר. נישט ווי דער מגיד פאַריקן שבת.

י ש ר א ל. איך בין טאַקע אויפן מגיד שטאַרק ברוגז געווען און האָב עס אים אויך געזאָגט: רב מגיד סערדצע, וואָס ווילסטו פון יידן? וואָס רעדסטו שלעכטס אויף זיי? וואָס פאַרמסרסטו זיי? טו נאָר אַ קוק: אַן אָרימער ייד לויפט אַרום אַ גאַנצן טאָג, שמייעט און האָוועט צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, אָבער ווי עס ווערט פאַרנאַכט, בלייבט ער שטיין אַ דערשראָקענער: געוואַלט, מנחה! לויפט ער און כאַפּט אָפּ אַ מנחה אויף גיך, אויף גיך, ווייס אפילו נישט, וואָס ער זאָגט, אָבער זיין הארץ איז מיט דעם בורא, און אויבן אין הימל ווערן פאַרציטערט אַלע מלאכים, ווען עס דערטראָגן זיך צו זיי די ווערטער פון דער אָפּגעכאַפּטער תפילה פון דעם פאַר־שמייעטן ייד, און זיי זינגען פאַר גאָט: מי כעמך ישראל!

ע ר ש ט ע ר ק ר ע מ ע ר (התפעלותדיק). איאַיאַי!

צ ו ו י י ט ע ר. איאַי!

ע ו ל ם. אַי גוט!

פ י י ו ו ל (קומט אַרויס פון רעכטס). „אַי, גוט!“ הער איך און זע פנימער, ווי מי וואָלט זיך באַלעקט, און אין פאַווילִיטש האָט מען אַריינגעזעצט אַלע יידן פון שטאָט און מי גרייט פאַר זיי אָן אַ שרעקלעכן טויט.

ישראל (אויפגערעגט). ווי? וואָס דערציילסטו?

פייוול. צו דיר טאַקע קום איך מיט דעם.

ישראל. וואָס איז געשען?

פייוול. אַ גאַנצע גויאישע פאַמיליע, וואָס האָט געוואוינט אין אַ יידישער גאַס, איז אויסגעהרגעט געוואָרן. מאַטקאַ, באַטקאַ, פיר קינדער, דזיאַד און באַבאַ.

ישראל. ווער האָט עס געטאָן?

פייוול. זיכער נישט דער רב פון פאַווליטש און נישט די דיינים. זיי אַלע זיצן.

ישראל. ווער האָט עס געטאָן?

פייוול. ווי ווייט איך ווייס פאַווליטשער יידן, האָט עס קיינער פון זיי נישט געטאָן, און זיי ווערן איצטער געפייניקט.

ישראל (שטרייענג). ווער האָט עס געטאָן?

פייוול. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? איך האָב עס נישט געטאָן.

ישראל. פאַר איך גלייך אין פאַווליטש.

פייוול. אומזיסט דיין טרחה. זיי זיינען שוין פאַרמשפּט. זיי געפינען זיך אין די הענט פון דעם רצחן טווילייא.

ישראל. צו טוויליאַן האָב איך נישט קיין צוטריט.

פייוול. אין דריי טעג אַרום וועלן זיי אומגעבראַכט ווערן אויף שרעקלעכע אופנים.

ישראל (ווי פּריטשמעליעט). ווי אַזוי האָב איך עס נישט געוואוסט?

פייוול. אין פאַווליטש איז קיינער נישט געבליבן, וואָס זאָל קאָנען קומען אָנזאָגן.

ישראל (מיט הענט און אויגן צום הימל). פאַרוואָס האָט מען עס מיר נישט געלאָזט וויסן? רבונו של עולם, צום רשע טווילייא האָב איך נישט קיין צוטריט, אָבער צו דיר האָב איך דאָך יאָ! (מיט טרערן.) קאָן איך דיין גזר נישט צוריסן? (געוויין אין עולם.) מוזן זיי אומקומען?

פ י י ו ו ל. זיי מוזן נישט, אויב דו און זיי דאָ זאָלן נאָר וועלן.

י ש ר א ל (ווי פריער). אַ־פריער דאַרף מען אויבן וועלן.

פ י י ו ו ל. נו? וויל מען אויבן?

י ש ר א ל (פאַרלאָרן). מע שוויגט... מע זאָגט מיר גאָרנישט... רייד! אפשר ביזטו דער שליח. וואָס דאַרפן מיר דאָ וועלן?

פ י י ו ו ל. אַרויסברעכן זיי פון תפיסה.

י ש ר א ל. וואָס?

פ י י ו ו ל. איך דאַרף דערצו אַ הונדערט קרעפטיקע יידן און מיר וועלן איבערפאַלן די תפיסה...

י ש ר א ל. איז דאָס דער איינציקער ראַטונעק?

פ י י ו ו ל. דער איינציקער.

י ש ר א ל. ווייס איך איצטער, פאַרוואָס מען האָט מיר פון אויבן נישט געלאָזט וויסן. ווייל ער קאָן זיין אַ ראַטונעק פאַר די פּאַווילישער יידן, אָבער אַ גרויס אומגליק פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

פ י י ו ו ל. פאַרוואָס?

י ש ר א ל. וואָס, מיינסטו, וועט די ממשלה טאָן מיט כלל ישראל, וואָס געפינט זיך אין איר רשות, ווען יידן וועלן באַפאַלן איר תפיסה און געוויס אויך אויסהרגענען אירע שומרים?

פ י י ו ו ל (פאַרלעגן). אפשר וועט זי עפּעס טאָן און אפשר נישט. זי וועט נישט וויסן, פונוואַנען די אָנפאַלער זיינען געקומען.

י ש ר א ל. דערפאַר וועט זי אויסלאָזן איר כעס אויף אַלע יידן אין אַלע שטעט.

פ י י ו ו ל. זי וועט... זי וועט נישט וויסן, צי יידן...

י ש ר א ל. וואָס דען, זי וועט דענקען, אַז גוים זיינען געווען אַזוי גוט און פרום און האָבן אַרויסגעראַטעוועט די פּאַווילישער יידן?

פ י י ו ו ל. נו, זי וועט דאָך נישט אַלע יידן אַריינזעצן אין דער תפיסה.

י ש ר א ל. און אַז נישט תפיסה?!

פ י י ו ו ל. אָ, דו האָסט מיך גאַנץ צובוטשעט! אָבער איך ווייס, אַז אויב מיר וועלן דאָס נישט טאָן, וועלן אַלע פּאַווליטשער יידן אומקומען מיט אַ שרעקלעכן טויט.

י ש ר א ל. וועלן צוקומען נייע קדושים, אָבער דער ראַטונאַק איז אוממעגלעך.

פ י י ו ו ל. פאַרוואָס בין איך געלאָפן צו דיר!

י ש ר א ל. דאַנקען גאָט דערפאַר!

פ י י ו ו ל. די פּאַווליטשער יידן וועלן נישט דאַנקען גאָט דערפאַר.

י ש ר א ל. זיי וועלן שטאַרבן ווי פרומע יידן.

פ י י ו ו ל. א י ך וועל נישט דאַנקען גאָט!

י ש ר א ל. דו זאָלסט עס נישט זאָגן! גאָט האָט דיך ריכטיק געפירט.

ג ע פ ל י ס ט ע ר (אין עולם). ווער איז ער? ווער איז ער?

פ י י ו ו ל (בייז). דער גזלן בין איך! דער גזלן! דער גזלן, וואָס איז געקומען בעטן זיך ביי איך, איר זאָלט קומען העלפן מיר און מיינע גזלנים צו ראַטעווען יידן פון זיכערן טויט! דער גזלן בין איך! דער אטאַמאַן!

י ש ר א ל (אין פרומען געבעט). רבונו של עולם, הערסט זיינע ווערטער? ער, דער גזלן, האָט געוואָלט ראַטעווען דיינע יידן, און דו? דו ווילסט נישט... דו האָסט פאַרשלאָסן די טויערן פון רחמים... מיינע ווערטער דערגרייען נישט צו דיר...

פ י י ו ו ל (וואַרפט זיך אויף דער ערד). זיי וועלן אומקומען!

י ש ר א ל (ברעכט אויס אין אַ געוויין). זיי וועלן אומקומען!

## צ ו ו י י ט ע ס צ ע נ ע.

ישראלס הייל. פינסטער, דורך דער עפענונג דרינגט אַריין כמור־נער טאָג און באַלייכט אַ קליינעס שטח.

י ש ר א ל (באַווייזט זיך אין דער עפענונג מיט זיינע ביידע

שרייבער הינטער אים). זיבן יאָר האָב איך דאָ פאַרבראַכט אין התבודדות, געגאַנגען דעם וועג צו גאָט, דערנענטערט זיך צו אים... (האַקט אָפּ, הערט זיך צו.) דאָ זיינען פאַראַן מענטשן... איך פיל דאָ מענטשן... (צו די שרייבער.) נאָר נישט דערשראָקן זיין... דער אַל־מעכטיקער איז מיט אונז אויף אַלע אונזערע וועגן... איך וועל אַריין און אַרומטאַפּן.

די שרייבער (מיט שרעק). רבי!

ישראל. אַי, זייט איר דאָך גאָר פּחדנים! דאָס טויג נישט. איך לערן אייך און לערן אייך...

א שרייבער. וואָסערע מענטשן קאָנען דאָ זיין? דאָך נאָר...

פייוול (פון דער פינסטערניש אַרויס). גזלנים! (ביידע שרייבער דערשרעקן זיך און שפּרינגען אָפּ מיט שמע ישראל, פייוול באַווייזט זיך.) העהע... זיי האָבן זיך דאָך דערשראָקן. און דו גאָר־נישט!...

ישראל. גם כי אלך בגי צלמות לא אירא רע...

פייוול. נו, נו, דו רייד צו מיר נישט מיט דיינע פּסוקים. איך האָב דערהערט דיך ריידן נאָך דרויסן, און האָב דיך גלייך דער־קענט.

ישראל (צו די ביידע שרייבער). איר קומט נישט אַריין. איר פאַרדינט נישט אַריינצוקומען. גייט צוריק צו אַלעקסיסן און צו פערד און וואָגן...

די שרייבער. רבי!

ישראל. גייט! גייט! טוט, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. (די ביידע באַוועגן זיך קוים, ישראל מאַכט אַ טריט צו זיי.) נו?! (די ביידע גייען אַוועק, ישראל קוקט זיי אַ ווײַלע נאָך און טרעט אַריין אין היל, קוקט זיך אַרום). מיין הייל.

פייוול. שוין לאַנג אויך מיינע.

ישראל. יעדער שטיין אין איר איז מיר אַן אַלטער פריינט.

פייוול. און דאָך איז פאַראַן אַן ענדערונג.

ישראל. סיידן איך זע נישט גוט.

פ י י ו ו ל. אַזוי אויך געמאַכט, אַז מי זאָל נישט זען און נישט באַמערקן. (גייט צו דער רעכטער וואַנט.) זעסט אָט דאָ די שטיינער?

י ש ר א ל. וויפל מאָל האָבן מיינע הענט אויף זיי גערוט!

פ י י וו ל. און איצטער איז נישט גוט אָנצושפּאַרן זיך אויף זיי. זיי האָנען נאָך אַרויספאַלן.

י ש ר א ל. וואָס האָסטו מיט זיי געטאָן?

פ י י ו ו ל. מיר האָבן זיי ביסלעכווייז אַרויסגעריסן און הינטער זיי געמאַכט אַ לאַנגן, לאַנגן וועג, גוט צו באַהאַלטן זיך און צו אַנטלויפן.

י ש ר א ל. און דאָ לעבסטו שטענדיק?

פ י י ו ו ל. ניין, נאָר ווען איך דאַרף. ביזטו אויך געקומען אַהער צו באַהאַלטן זיך?

י ש ר א ל. פון וועמען באַהאַלטן זיך?

פ י י ו ו ל. שטעט און דערפער זיינען געוואָרן אומזיכערע פלעצער פאַר יידן. איין שחיטה נאָך דער אַנדערער.

י ש ר א ל. פון גאָטס האַנט איז נישטאָ קיין באַהעלטעניש.

פ י י ו ו ל. איז וואָס ביזטו געקומען אַהער?

י ש ר א ל. אין פאַרבייפאָרן. געוואָלט מיינע שרייבער באַווייזן מיין היל און אַליין געבוינקט אַ קוק צו טאָן.

פ י י ו ו ל. ווי אַזוי האָסטו זיך געלאָזן אין וועג אין אַזאַ צייט? די וועגן זיינען פול מיט צווישעטע גוים.

י ש ר א ל. דער בורא עולם האָט מיך געפירט און באַהיט ביז איצטער, און ער וועט מיך ווייטער פירן און באַהיטן. איך קאָן נישט זיצן רואיק, ווען יידן ברויכן הילף.

פ י י ו ו ל. פאָרסטו וואוהין אָדער קומסטו שוין צוריק?

י ש ר א ל. שוין צוריק. געווים. וואָלט איך זיך אָפּגעשטעלט און פאַרקראָכן אַהער, ווען יידן וואַרטן אויף הילף?

פ י י ו ו ל. אפשר גערדאַרפט טרעפן זיך מיט מיר.

י ש ר א ל. צו זען, ווי דו האָסט זיך באַהאַלטן?

פ י י ו ו ל. איך לעב שטענדיק אין באהעלטעניש. אָבער אין דער לעצטער צייט טראַכט איך עפּעס, און גוט וואָס דו ביזט אָנגעקומען...

י ש ר א ל. וועגן וואָס טראַכסטו און וואָס האָסטו פאַרטראַכט?

פ י י ו ו ל. אַזאַ גרויסע כוואַליע פון שחיטות, ווייס איך שוין נישט וואָס צו טאָן, וואוהין צו וואַרפן זיך, וועמען באַשטראָפן... טראַכט איך: נו, וואָס טוט מען? וואָס וועט זיין דער סוף? עך, טראַכט איך, וואו איז עפּעס ארץ ישראל?

י ש ר א ל. אַזוי גאָר!

פ י י ו ו ל. די יידן צוריק אין ארץ ישראל... איז וואו, טראַכט איך, איז משיח? טראַכט איך אַליין: משיח... משיח... און אָט איז מיר איצטער איינגעפאַלן: פאַרוואָס נישט דו?

י ש ר א ל. וואָס?! איך—משיח?!

פ י י ו ו ל. נו, נישט משיח... אָבער דו ביזט גלאַט אַ גרויסער יחסן ביי יידן, אַ גאַנצער, ווי זאָל איך עס זאָגן... אַ בעל שם, אַ וואונדער־טוער... זיי פאָלגן דיך, הערן זיך צו צו אַלץ, וואָס דו זאָגסט זיי, לויפן נאָך דיר נאָך... איז גיי נאָך ארץ ישראל און זיי וועלן נאָך דיר נאָכלויפן.

י ש ר א ל. רייד נישט! רייד נישט!

פ י י ו ל. איז עס אַזוי קרום? דאַכט זיך די גלייכסטע זאַך. ארץ ישראל, ירושלים, רחלס קבר — אַלץ אונזערס... און אויס פּוילישע פּריצים. און אויס היידאַמאַקעס...

י ש ר א ל. אמת, אמת... אָבער משיח מוז קומען.

פ י י ו ו ל. איז ווען וועט ער קומען?

י ש ר א ל. ווען מיינע קוואַלן וועלן זיך צוגיסן איבער דער וועלט.

פ י י ו ו ל. וואָס פאַר אַ קוואַלן דיינע? איך פאַרשטיי דיך נישט.

י ש ר א ל. ווען מיין לימוד, דאָס, וואָס איך לערן אין יידישן פאָלק, וועט זיך פאַרשפּרייטן, וועט אָנגענומען ווערן, צוערשט מוז

דער איינציקער ייד אויסגעלייזט ווערן פון דער טומאה פון דער וועלט, פון די קייטן, אין וועלכע ער ליגט געשמידט ביים יצר הרע, מוז פריי מאַכן דעם וועג צווישן זיך און גאָט, יעמאָלט וועט פריי ווערן דער וועג פאַר משיחן און דער גאולה. דאָס וועט זיין ווען יעדער איינציקער ייד וועט דערקענען גאָט אזוי ווי איך.

פ י י ו ל. יעדער ייד, אַלע יידן זיין ווי דו?!

י ש ר א ל. וועלן דאַרפן קאָנען אזוי זיך באַהעפטן מיט גאָט.

פ י י ו ל. און ערשט יעמאָלט... מיר ווערט זויער אויפן האַרצן!

י ש ר א ל. איז דאָס אזוי שווער מיינסטו?

פ י י ו ל. איך וועל זיך דאַכט זיך באַלד צוואַוויינען.

י ש ר א ל. הלוואי! דיינע טרערן וועלן זיין די אָנגעלייגסטע ביי גאָט.

פ י י ו ל. איז וואו נעם איך טרערן?

י ש ר א ל (איילט צו דער וואַנט רעכטס, שפּרייט אויס אויף איר די הענט און שרייט אַרויס). גואל ישראל, הער, ווי זיין האַרץ וויינט! זע, ווי ער בענקט נאָך אויסלייזונג! (בלייבט שטיין, ווי פאַר־גליווערט. ער איז פאַרדבקהט. באַלד פאַרוואַרפט ער דעם קאָפּ אויף הינטן, די ליפּן שעפּטשען, די אויגן פאַרגלייזט, און טרערן קאַפּען.)

פ י י ו ל (קענטיק דערשראָקן, פאַרלאָרן, הייבט זיך אָן צו רוקן צום אַרויסגאַנג. ביים אַרויסגאַנג ווערט ער אויפמערקזאַם אויף עפּעס דרויסן, ציט זיך אַ ביסל צוריק, קוקט אויפמערקזאַם און לויפט אַרויס. באַלד הערט זיך דרויסן אַ שרעק־געשריי: ראַבין! ראַ־בין! פייוול שלעפּט אַריין אַלעקסיסן, דריקנדיק אים פאַרן האַלז).

א ל ע ק ס י ס (ראַנגלענדיק זיך, אָטעמט קוים אַרויס). ראַבין, ראַטוי!

י ש ר א ל (ווערט אַרויסגעריסן פון זיין פאַרגליווערונג, קומט צו זיך, רעדט אַרויס). וויי! וויי! (טרייסלט זיך פאַרנאַנדער און שרייט אַרויס.) לאָז אים אָפּ! דאָס איז מיין פערדשמייסער!

פ י י ו ל (לאָזט לאַנגזאַם אָפּ זיין האַנט). האָב נישט גע־וואוסט... געזען, אַז ערל זוכט דאָ ארום...

א ל ע ק ס י ם (קוים ריידנדיק). די פערד זייער אומרואיק... דיינע שרייבער אויך... בין איך געקומען רופן... זיי מיך געשיקט...

פ י י ו ו ל. הע!... נאָך אַ ביסל און ער וואָלט געווען אַ דער־וואָרגענער.

י ש ר א ל (זייער טרויעריק). אָבער עפּעס אַנדערש איז יאָ דערוואָרגן געוואָרן. (גייט אַרויס, שטופּנדיק אַלעקסיסן פאַר זיך.)

פ י י ו ו ל (קראַצנדיק דעם קאָפּ). וואָס האָט ער מיט דעם געמיינט?

## ד ר י ט ע ס צ ע נ ע.

ביי ישראלן. אַ גרויס צימער. אינמיטן אַ טיש, ביי די ווענט און ביים טיש בייגק. איין טיר לינקס, אַ צווייטע אין דער הינטער־וואַנט. רעכטס פענסטער. — איין חסיד שטייט ביי דער אַ ביסל געעפנטער הינטערוואַנט־טיר און קוקט אַריין אין צווייטן צימער, פונוואַנען עס קומען אַרויס ישראלס פאַרדבקהטע געשרייען ביים יאַוונען. דריי אַנדערע חסידים זיצן ביים טיש פאַרציטערטע פון ישראלס געשרייען, שאָקלען זיך, שעפּטשען, הייבן הענט און אויגן צום הימל. ביי דער לינקער וואַנט פאָרנט זיצט אויף אַ באַנק פייוול, אָנגעכמורעט, שטאַרק געעלטערט.

ח ס י ד (ביי דער טיר שעפּטשעט). ער'ט פאַרוואָרפן זיין קאָפּ אויף הינטן... ער בויגט זיך אויף הינטן... ער בויגט זיך... ער בויגט זיך... ער דערגרייכט באַלד די ערד מיטן קאָפּ... זיין פּנים!... אַי, זיין פּנים!... (פאַלט אין חלשות. די דריי אַנדערע לויפן צו אים צו, הייבן אים אויף, לייגן אים אַרויף אויפן טיש.)

צ ו ו י י ט ע ר ח ס י ד. וואַסער! אַ ביסל וואַסער! (דריי־טער חסיד לויפט אַרויס.)

פ ע ר ט ע ר ח ס י ד. מע קאָן אים גאָר נישט אָפּמינטערן.

צ ו ו י י ט ע ר. ער'ט נישט געטאָרט קוקן.

פ ע ר ט ע ר. דאָס קומט, וואָס מע שטעלט צופיל אויף זיך. איך האָב דען נישט געוואָלט קוקן?

צ ו ו י י ט ע ר. און איך? (דריטער חסיד קומט אַריין מיט אַ קענדל וואַסער, הינטער אים האָדל.)

ד ר י ט ע ר (צוקומענדיק מיט האָדלען צום טיש און האַל־טנדיק פאַר איר דאָס קענדל). שפּריץ אויף אים, האָדעלע, שפּריץ! פון דיינע הענט וועט ער גלייך קומען צו זיך.

ה אָ ד ל (שפּריצט איינמאָל און צווײמאָל, ביים דריטן מאָל קרעכצט דער געחלשטער אויף).

ד ר י ט ע ר. נו, אָט, איך האָב געזאָגט!

ה אָ ד ל. טראָגט אים אַרויס. טראָגט אים אַריין אין גרויסן צימער און בלייבט דאָרטן מיט אים. קומט נישט אַהער. אין געוויסע צייטן איז בעסער צו זיין פון וויטן. (די דריי טראָגן אַרויס דעם געחלשטן, האָדל באַגלייט זיי צו דער טיר.)

פ י י ו ו ל (שטייט אויף און גייט צו דער טיר פון ישׂראלס צימער).

ה אָ ד ל (פאַרכאַפּט אים דעם וועג, מאַכט צו פאָרזיכטיק די טיר און פאַרשטעלט זי). ווילסט אויך חלשן?

פ י י ו ו ל. איך האָב שוין איינמאָל געזען דעם טאַטן, דעם קאָפּ פאַרבויגן אויף הינטן, אָבער נישט ביז צו דער ערד, און זיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט, און פון זיינע אויגן האָבן געגאָסן טרערן, אָבער איך האָב נישט געחלשט.

ה אָ ד ל. ווער ביזטו? איך זע דיך דאָ צום ערשטן מאָל.

פ י י ו ו ל. איך זע דיך אויך צום ערשטן מאָל, אָבער איך וויים, ווער דו ביזט. ביזט דיין מאַמע אויסער אויג.

ה אָ ד ל. זאָג דאָך זכרונה לברכה.

פ י י ו ו ל. דאָס איז נישט פאַר מיין צונג.

ה אָ ד ל (שטאַרקער). ווער ביזטו?

פ י י ו ו ל. דיין מאַמע...

ה אָ ד ל. זכרונה לברכה...

פ י יו ו ל. האָט אויך איינמאָל אָנגעקוקט מיך מיט אַזוינע אויגן.

ה אָ ד ל. וואָס זיינען דאָס פאַר־אַ ענטפערס?

פ י י ו ו ל. איך רייד דאָך וועגן דיין מאַמען.

ה אָ ד ל. זאָג דאָך...

פ י י ו ו ל. אָ, יאָ... עליו השלום.

ה אָ ד ל. עליה השלום.

פ י י ו ו ל. וואָס האָב איך געזאָגט?

ה אָ ד ל. דו ווילסט מיר נישט זאָגן, ווער דו ביזט.

פ י י ו ו ל. דיין מאַמע האָט אַליין געטראָפן. (כאַפּט זיך און גיט צו.) זכרונה לברכה.

ה אָ ד ל. דו רייצסט זיך מיט מיר.

פ י י ו ו ל. אַזאַ מענטש בין איך.

ה אָ ד ל. וואָס פאַר־אַ מענטש?

פ י י ו ו ל. אַ מענטש, וואָס האָט האַלט צו רייצן זיך. כאַפּ איך איינעם, רייץ איך זיך מיט אים, איידער... העהעהע... אָך, יאָ, זאָג איך אים, איך האָב שוין לאַנג געוואָלט באַקאַנט ווערן מיט דיר, שוין אויסגעקוקט די אויגן נאָך דיר... דו ביזט עפּעס אַזאַ איי־נער, וואָס האָט זיך געבאָדן אין יידישן בלוט... אַן אָנפירער אַ גאַנ־צער...

ה אָ ד ל. דו...

פ י י ו ו ל. נו! נו!

ה אָ ד ל. דו ביזט...

פ ו ו ל. האָסט געטראָפן. איך זע עס אין דיינע אויגן.

ה אָ ד ל. דער אטאמאן!

פ י י ו ו ל. נו, אָט.

ה אָ ד ל. דער גזלן!

פ י י ו ו ל. דאָס נישט! דאָס האָב איך פון דיין מויל נישט געוואָלט הערן. דיין מאַמע אויך, זכרונה לברכה... ניין! ניין! נישט גזלן! אטאמאן, יאָ... אטאמאן, אָבער נישט פון גזלנים... באַשטראָ־פער, אָט... נקמה... קיינמאָל נישט באַפאַלן אויף גלאַט גזלענען... דיין טאַטע ווייס...

י ש ר א ל (באַווייזט זיך אין זיין טיר). דו דאָ מיט מיין האַדלען. (צו האָדלען.) דאָ האָט דאַכט זיך איימיצער געחלשט.

ה אָ ד ל. רב יחיאל.

י ש ר א ל. געקוקט, וואוהין ער האָט נישט געדאַרפט. (צו פייוולען.) פונוואַנען קומסטו און וואוהין גייסטו?

פ י י ו ו ל. איך קום פון נישט וויט פונדאַנען און גיי אין זאַסלאַוו.

י ש ר א ל. אין זאַסלאַוו! — איך בין דאָרט ערשט געוועזן.

פ י י ו ו ל. דו — ערשט — אין זאַסלאַוו?!

י ש ר א ל. וועגן וואָס אַ מענטש טראַכט, דאָרטן איז ער.

פ י י ו ו ל. אויב אַזוי, כאָג איך דיך פרעגן, וואָס הערט זיך דאָרטן.

י ש ר א ל. מי האָט געפונען אַ הרוג אויפן וועג צווישן זאַס־לאַוו און בעלאָגאָראָדקע.

פ י י ו ו ל. איך וויים.

ישראל. דער גוף שוין אינגאַנצען צופוילט, דער הרוג איז מסתמא לאַנג צוריק געהרגעט געוואָרן. מען קאָן אפילו נישט וויסן, צי אַ ייד צי אַ גוי.

פ י י ו ו ל. אַ גוי?

י ש ר א ל. אַזוי זאָגן די גוים. און זיי זאָגן, אַז יידן האָבן אים געהרגעט. האָט מען שוין אַריינגעזעצט עטלעכע און דרייסיק יידן פון די שענסטע באַלאַבאַטים מיט דעם רב און די דיינים, און מען טוט זיי אָן יסורים מיט ענויים, זיי זאָלן זיך מודה זיין. וואָרט, גייסטו אפשר נאָך זאַסלאַוו מיט דיין אַלטן פּלאַן צו באַפאַלן די תפיסה און באַפרייען די יידן?

פ י י ו ו ל. ניין. אָבער איך וויל וויסן, וואָס האָסטו געטאָן אין זאַסלאַוו.

י ש ר א ל. געזוכט דאָרטן דעם רוצח.

פ י י ו ו ל. וואָס?!

י ש ר א ל. גאָר פּשוט. די איינגעזעצטע יידן זיינען דאָך געווים

נישט די רוצחים. נישט נאָר דער רב און די דיינים און די שענסטע באַלאַבאַטים, אפילו די שפּלדיקסטע יידן זיינען עס נישט, ווייל מיר געברויכן נישט קיין בלוט פאַר אונזערע מצות, ווייל דאָס איז דער שרעקלעכסטער בלבול אויף גאָטס פאָלק, וואָס יעדער בלוט־געברויך איז אים אסור על פּי דין. אָבער איימיצער האָט דאָך דעם הרוג דער־הרגעט, האָב איך מתפּלל געווען, אַז דער רוצח זאָל אַרויסקומען און זיך מודה זיין, און די אומשולדיקע זאָלן באַפרייט ווערן.

פ י י ו ו ל. דער רוצח האָט זיך אָפּגעזוכט.

י ש ר א ל (מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל). רבונו של עולם!

ה א ָ ד ל. גאָטוניו!

פ י י ו ו ל. און ער וועט טאָן, וואָס דו האָסט געוואָלט.

י ש ר א ל. ווי ווייסטו דאָס?

פ י י ו ו ל. איך בין דער רוצח.

ה א ָ ד ל (טרעט אָפּ מיט שרעק).

י ש ר א ל. דו — נישט קיין גוי?

פ י י ו ו ל. איך. נישט קיין גוי.

י ש ר א ל. פונוואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז דיין הרוג?

פ י י וו ל. זיי האָבן אים געפונען, וואו איך האָב אים גע־לאָזן. דאָס איז געווען אַרום חנוכה־צייט. אָנגעטראָפן זיך מיט אים אויג אויף אויג. אָן אָנפירער געווען אין די לעצטע שחיטות. נו, האָב איך געמאַכט אַ סוף מיט אים. קיינער מיט מיר נישט געווען, נישט געקאָנט אים טיף פאַרשאַרן, נאָר מיט שניי פאַרדעקט... נו, דער שניי איז צוגאַנגען, האָט'ן אים געפונען.

י ש ר א ל. און דו גייסט זיך מודה זיין.

פ י י ו ו ל. אַראָפּנעמען די שולד פון אומשולדיקע יידן.

י ש ר א ל. עס איז מיר שרעקלעך צו דערמאָנען דיך, אַז דו מוזט זיך באַאיילן.

פ י י ו ו ל. ביי דיין טויער וואַרט אויף מיר אַ רייטפערד, און איך וועל עס דאָפּלט שנעל יאָגן. נאָר אַ־פריער...

י ש ר א ל. דו ווילסט וואָס פון מיר?

פ י י ו ו ל. זאָלסט מיט מיר זאָגן ווידוי.

ה אָ ד ל (אָטעמט שווער אויף).

י ש ר א ל. געדאַרפט טובל זיין זיך... געדאַרפט זיך אָנדערש צוגרייטן... נאָר... זאָל זיין... זאָג מיר נאָך: „עס זאָל זיין דיין רצון..."

פ י י ו ו ל. זאָג מיט מיר ווי אין סידור.

י ש ר א ל. איך וויל, דו זאָלסט וויסן, וואָס דו זאָגסט. גאָט פאַרשטייט אַלע לשונות, און ער וויל נאָר דאָס הארץ. וואָס דאַרפסטו דעם סידור? קאָנסט צו אים ריידן מיט דיינע אייגענע ווערטער. וואָס וואָלטסטו אים איצטער געזאָגט?

פ י י ו ו ל (טראַכט אַ ווײַלע, מאַכט אַוועק מיט דער האַנט). בעסער נישט. וועל בעסער זאָגן ווידוי. אַ ייד ווי אַלע יידן. דו זאָג מיט מיר ווי אין סידור.

י ש ר א ל. נו, זאָג: יהי רצון מלפניך...

פ י י ו ו ל. יהי רצון מלפניך...

י ש ר א ל. י"י אלהי ואלהי אבותי...

פ י י ו ו ל. יי אלהי ואלהי אבותי...

י ש ר א ל. שתהא מיתתי...

פ י י ו ו ל. שתהא מיתתי...

י ש ר א ל. כפרה על כל עונותי...

פ י י ו ו ל. כפרה על כל עונותי...

ה אָ ד ל (ברעכט אויס אין אַ געוויין).

י ש ר א ל. אירע טרערן קיידן איצטער פאַר דיר, דו דאַרפסט נישט מער.

פ י י ו ו ל. טייערע טאָכטער!

י ש ר א ל. קענסטו שמע ישראל אויף אויסווייניק?

פ י י ו ו ל. ווי אַ וואַסער.

י ש ר א ל. אין דיין לעצטער מינוט פאַרגעס נישט צו זאָגן שמע ישראל.

פ י י ו ו ל. .האָב׳ס אַליין געוואוסט. וועל נישט פאַרגעסן.

י ש ר א ל. עס גרוילט מיר צו דענקען, וואָס פאַר אַ שרעקלעכן טויט דו וועסט שטאַרבן.

פ י י ו ו ל. און אַזוי שטאַרבט מען נישט אין שרעקלעכע יסורים און מיט ווילדע געשרייען? א י ך וועל נישט שרייען.

י ש ר א ל. גאָט זאָל דיך שטאַרקן.

ה אָ ד ל (וויינט שטאַרקער).

פ י י ו ו ל. טייערע טאָכטער!... נו, איך וועל זיך באַאיילן! זיי וועלן זיך דאָרטן דערפרייען מיט מיר... דער יידישער גזלן, וועמען זיי האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט כאַפּן, וועמעס נאָמען זיי האָבן אַפילו נישט געוואוסט... אָ, יאָ! וועגן מיין נאָמען. פאַרשוויייג, דער־מאָן אים נישט... איך וויל נישט פייוול דער גזלן... בין נישט געווען אַזוי זיך אַ גזלן, אָבער עס האָט זיך צוגעקלעפּט... דער גזלן!... ניין, נישט מיט מיין נאָמען... נישט פייוול... דערמאָן אים נישט און קיינער וועט אים נישט דערמאָנען... דערמאָן מיך אינגאַנצן נישט...

י ש ר א ל. דו גייסט שטאַרבן, און דיין רצון מוז געטאָן ווערן.

פ י י ו ו ל. איז גוט. אָט אַזוי... ווי נישט געווען... געוואָלט אַ סך העלפן... נו, אָט איצטער, צולעצט, זאָג מיר...

י ש ר א ל. וועסט באַלד וויסן דעם אמת. דו גייסט זיך שטעלן פאַר דעם דיין האמת, פאַר דעם מלך מלכי המלכים...

פ י י ו ו ל. צוערשט אָבער פאַר די הינט פון די פאַנעס... העהע... נו, איך גיי... ווייסט, ווער עס וועט מיך באַגלייטן איצטער דעם גאַנצן וועג? דער אָנבליק פון איר, דיין מיידל... טייערע טאָכ־טער!... עך, וועל איך זיך יאָגן! זיי געזונט, רבי! זיי געזונט, טאָכ־טער! (גייט שנעל אַוועק.)

י ש ר א ל. נעם אים אויף אונטער דיינע פליגלען, אל מלא רחמים.

# דער צדיק און דער שטן

## טראגעדיע אין פיר אַקטן.

(1939 — 1933)



מיט אַנערקענונג צו ש. אַנ־סקי ז״ל, וועמעס פראַגמענטן „טאָג און נאַכט״ האָבן מיר געדינט פאַר אַ טרעפּ צו מיין טראַגעדיע.

**פּערזאָנען** פון ערשטן, דריטן און פערטן אקט:

דער רבי רב העשל.
די אלטע רביצין, זיין מוטער.
שבע, זיין פּלימעניצע.
צדוק, זיין גבאי.
רב איצעלע זלאָטקאָווער.
זאוול, זיין גבאי.
קאָפּל, ברוך, ביינוש, — חסידים.
אַ שטילער איד.
אַ יונגע ווייבל.
כייקל דער קרומער.
דער שמש.
ערשטער בעל הבית.
צווייטער „ „ „
דריטער. „ „ „
חתן, כלה, יידענעס, יידן, קלעזמער, חסידים.
די פריילעכע געסט.
אַברהם בער., מאָטל שייע., מעכל., הענדזל., שמואליק. — חסידים זקנים.

ד י  א ל ט ע  א ס ת ר.
עולם פון טאטעס און מאמעס
א  מ א ן.
פון צווייטן אַקט:
ד ע ר  ש ט ן.
מ ע פ י ס ט אָ פ ל.
א נ א ט ה ע מ א.
א ל א פ י ט ו ס.
ע ר ש ט ע ר  ש ר ע ט ל.
צ ו ו י י ט ע ר  „ „ „
ד ר י ט ע ר  „ „ „
פ ע ר ט ע ר  „ „ „
פ י נ פ ט ע ר.  „ „ „
שדים און שדיכעס.
האנדלונג קומט פאָר אין אן אַלטער צייט און אן אַלטער שטאָט.

# ערשטער אַקט

אַ קלויז אין רב העשלס הויז. אין מיטן הינטערוואַנט אַן אָרון קדש מיט אַן עמוד פאַר איִם. פון ביידע זייטן פון אָרון קדש — פענסטער. אין דער וואַנט פאָרנט די דרויסנטיר. אין דער לינקער וואַנט צוויי טירן: די פאָרנטסטע פירט אין די צימער פון רב העשל, די הינטערשטע אין די צימער פון דער אַלטער רביצין. רעכטס און לינקס ביי די ווענט לאַנגע טישן מיט לאַנגע ביינק פון ביידע זייטן, ביי דער הינטערוואַנט נאָר בענק אַליין פון ביידע זייטן פון דעם עמוד.

צדוק שטייט ביים רעכטן פענסטער און קוקט אַרויס. זאַוול זיצט לעבן איִם אויף דער באַנק; קאָפּל שטייט מיטן רוקן ביים עמוד. ברוך און ביינוש זיצן ביים רעכטן טיש איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן: ברוך אויף דער הינטערבאַנק, ביינוש אויף דער פאָדערבאַנק; ברוך שאָקלט זיך אין דער ברייט, מער נאָך רעכטס, ביינוש פון פאָרנט נאָך הינטן און מער נאָך לינקס. ביי ביידע טישן זיצן חסידים, שאָקלען זיך, זאָגן תהילים, הערן זיך צו צום געשפרעך, פון דרויסן דרינגט אַריין אַ געיאָמער.

צ ד ו ק. לויה נאָך לויה... נישטאָ דאַכט זיך אַ הויז, וואו עס זאָל נישט זיין קיין מת... און אַלץ קינדערלעך, קינדערלעך...

ק אָ פּ ל (מיט אַ שווערן זיפץ). און נישטאָ קיין אָפּשטעל.

ז אַ ו ו ל. האָט מען אַלץ געטאָן?

ג ע ק ר ע כ ץ. געטאָן... געטאָן... געטאָן...

צ ד ו ק. וואָס האָט מען׳שוין נישט געטאָן?

ק אָ פּ ל. דריי תעניתים האָט שוין שטאָט געפאַסט!

ב ר ו ך. היינט שטעלט מען אַ חופּה אויפן בית עולם...

ב י י נ ו ש. מי מאַכט חתונה צוויי אָרעמע יתומים.

ב ר ו ך. קאַליקעס נעבעך.

ב י י נ ו ש. ער אַ בלינדער, זי אַ שטומע.

ז א ו ו ל. האָט מען זינד געזוכט?

צ ד ו ק. ווי דען?

ק אָ פּ ל. די ערשטע זאַך.

ב ר ו ך. נאָך ווי געזוכט!

ב י י נ ו ש. נאָך ווי גענישטערט!

ב ר ו ך. ווי די לייז.

ב י י נ ו ש. ווי...(קראַצט זיך.) יאָ!

ז א ו ו ל. און גאָרנישט געפונען? היתכן? עפּעס מוז דאָך..

צ ד ו ק (מיט אַ זיפץ). נישט אויפגעדעקט...

ב ר ו ך. איך האָב שוין געהאַט עפּעס אָנגעטאַפּט... עפּעס אַ אישה... קומט שפּעט פאַרטאָג אַ היים...

ביי נ ו ש. האָב איך זי גראָד דערטאַפּט... האָט זיך אויסגעלאָזן — אַ זקנה! אַ באָבע, וואָס קומט פון יולדות.

ז א ו ו ל. וואָס זאָגט אייערער, זאָל געזונט זיין?

צ ד ו ק (מיט אַ זיפץ, וואָס ווערט איבערגעחזרט פון די אַנדערע). דער רבי!

ב ר ו ך (אין זיין שאָקלעניש.) דער רבי... דער רבי...

ב י י נ ו ש (אין זיין שאָקלעניש). דער רבי... דער רבי...

ק אָ פּ ל. געראַנגל!

ז א ו ו ל. אזוי!

ק אָ פּ ל. פאַרשפּאַרט ביי זיך אין חדר...

ב ר ו ך. פאַסט גאַנצע טעג.

ב י י נ ו ש. נישט ער עסט, נישט ער טרינקט....

ב ר ו ך (צו ביינושן). האָב איך דאָך געזאָגט, אַז ער פאַסט.

ב י י נ ו ש. און וואָס האָב איך געזאָגט?

ז א ו ו ל. די סיטרא אחרא מוז זיין שטאַרק!

צ ד ו ק. אַ שווערע מלחמה!

ק אָ פּ ל. אַ שווערע! אַ שווערע!... זינט די מגפה האָט זיך אָנגעהויבן, לאָזט ער קיינעם צו זיך נישט צו.

ז אַ ו ו ל. האָבן מיר אפשר נישט געדאַרפט אַריינקומען.

צ ד ו ק. ניין, איר האָט דאַכט זיך גוט געטאָן. ווען איך האָב אים אָנגעזאָגט, אַז דער זלאָטאָקאָווער איז געקומען, האָט ער גלייך געזאָגט: „ברענג מיר אים אַריין!" און איז אויפגעשטאַנען צו גיין אים אַנטקעגן.

ז אַ ו ו ל. אַ שאָד, וואָס איך וועל אים נישט קאָנען זען. וואָלט וועלן אויף אים אַ קוק טאָן. מע זאָגט עפּעס...

ק אָ פּ ל. די שכינה רוט אויף זיין פּנים. זיין פאָטער, דער קדוש, אויסן אויג.

ז אַ ו ו ל. ער איז דאָך געבאָרן געוואָרן נאָך זיין טאַטנס טויט?

ק אָ פּ ל. פּונקט צו ניין חדשים, נאָכדעם ווי זיין טאַטע דער קדוש איז געשטאָרבן אויף קידוש השם אין דער גרויסער מלחמה, איז ער געבאָרן געוואָרן.

ז אַ ו ו ל. דאָס איז אויך עפּעס אַ גרויסער נס.

ק אָ פּ ל. אַלץ הייסט אַ נס!

ב ר ו ך. נאָך איידער ער איז געבאָרן געוואָרן...

ב י י נ ו ש. נאָך אין זיין מאַמעס בויך...

ב ר ו ך. האָט מען געוואוסט, אַז עס וועט געבאָרן ווערן אַ זון, אַ נאָמען נאָך דעם קדוש...

ב י י נ ו ש. און מע האָט אים גערופן רבי!

ב ר ו ך (באַגייסטערט אַרויסזינגנדיק). אַי, רבוניו!

ב י י נ ו ש (חזרט איבער אין אַן אַנדער טאָן). רבוניו! (די איבערחזרונג ווערט ניגון, וועלכן עס כאַפּן אויף אַלע אַנדערע חסידים, אויסער צדוק, קאָפּל און זאַוול — שטילער, האַרציקער, פרומער ניגון, פול מיט בענקשאַפט נאָך דעם רבין. דער געזאַנג ווערט איבערגעריסן דורך דעם אַריינקומענדיקן שמש.)

ש מ ש (צו צדוקן). פון בית עולם איז געקומען אַ שליח. מ'וויל דעם רבין צו דער חופּה און הקפות.

צ ד ו ק. זאָג אים, דער רבי וועט נישט קומען...

ש מ ש. עס וועט זיך טאָן חושך.

צ ד ו ק. גיי ענטפער, וואָס איך האָב דיר געהייסן!

ש מ ש. נו, רבונו של עולם! (גייט אַוועק מיט אַ קרעכץ.)

ק אַ פּ ל. דו וואָלסט פונדעסטוועגן אַריינגעגאַנגען צו אים.

צ ד ו ק. זיין אָנזאָג איז, ער וועט צו קיינעם זיך נישט באַווייזן. ווען עס וועט קומען די צייט, וועט ער אַרויס.

ז אַ ו ו ל. אפשר איצטער, ווען מיינער איז מיט אים....

צ ד ו ק. ער וועט ביי זיין אָנזאָג בלייבן.

אַ י י ד (דאַר און מאָגער, אַ צאַרט איידל געזיכט, רוקט זיך אַריין דורך דער קוים געעפנטער טיר). גוטן טאָג, רבותי!

צ ד ו ק. גוטן טאָג! וואָס וויל אַ ייד?

ד ע ר י י ד. דעם רבין זען.

צ ד ו ק. דאָס קאָנסטו נישט.

ד ע ר י י ד. איך מוז.

צ ד ו ק. דאָס מוזן אַלע, אָבער דעם רבין זען קאָן מען נישט. ווי ביזטו אַהער אַריין?

ד ע ר י י ד. מיט מיין שטילקייט. איר זעט דאָך, רב צדוק, איך בין שטיל, איך מאַך קיין קולות נישט. איך מוז דעם רבין זען. לאָזט מיך צו דעם רבין צו, רב צדוק.

צ ד ו ק. זאָל איך ווערן בייז? זאָל איך דיך אַרויסוואַרפן מיט מיינע אייגענע הענט? דו קאָנסט דעם רבין נישט זען, האָב איך דיר געזאָגט.

ד ע ר י י ד. פון אַלע בראָכן איז מיינער דער גרעסטער.

צ ד וק. איך גלויב דיר, אָבער דו קאָנסט נישט זען דעם רבין.

ד ע ר י י ד. איך האָב לאַנגע יאָר געוואַרט אויף אַ קינד, ביז גאָט האָט מיך געבענטשט מיט אַ קדיש... דעם רבי'ס ברכה... איצטער איז ער מיר געפערלעך קראַנק... דער רבי מוז אים ראַטעווען... איך מוז זען דעם רבין.

צ ד ו ק. ביזט נישט דער איינציקער.

ד ע ר י י ד. מיין אשה האָט געוואָלט גיין אהער מיט גע־שרייען, מיט יללות, איך האָב זי נישט געלאָזן. ביים רבין מאַכט מען נישט קיין געוואַלטן, האָב איך איר געזאָגט. נאָר שטילקייט וועט אויפעפענען זיין האַרץ. איך וועל גיין, מיך וועט ער פאַר־נעמען. איז זי געבליבן ביים קינד. די הענט אויפן קאָפּ, מיט קרעב־צען רייסנדיק די הימלען, די וויג פאַרטרינקנדיק אין טרערן. און איך בין דאָ. מוז זען דעם רבין. מיין קינד וואָלט געפונען אַ באַ־זונדער אָרט אין זיינע תפילות.

צ ד ו ק. איך קאָן דיך נישט אריינלאָזן צום רבין. אָבער — דאָס איז די טיר צו זיינע חדרים, שפּאַר זיך אָן איר צו, ער וועט דיך שוין דערפילן. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן טאָן פאַר דיר. גיי דער־נאָך אהיים און האָף: דיין קינד וועט שוין געזונט ווערן.

ד ע ר י י ד. דאָס איז שוין אויך גוט. (גייט צו דער טיר, דריקט זיך צו איר צו מיט פאַרזאָנדערגעשפּרייטע אָרעמס און זיפצט ארויס מיט תחנונים.) רבי! רבי! (שטייט אַ ווײַלע אין פאַרגליווער־רונג.) איך וויל האָפן... ער האָט מיך פאַרנומען... די טויערן פון רחמים וועלן זיך אויפעפענען פאַר מיר.

צ ד ו ק א ו ן ח ס י ד י ם. הלואי!

ד ע ר י י ד. אַ גוטן טאָג אייך, רב צדוק! אַ גוטן טאָג אייך, יידן! (גייט אַוועק.)

ז אַ ו ו ל. ער האָט מיין האַרץ צובראָכן.

ק אָ פּ ל. מ׳קאָן שוין נישט אַריבערטראָגן.

צ ד ו ק. און ווי איז א י ם שוין!

ב ר ו ך. איך האָב עפּעס געוואַרט, אַז די טיר וועט זיך אויפ־עפענען...

ב י י נ ו ש. און דער רבי זאָל געזונט זיין...

ב ר ו ך. וועט ארויסקומען...

ב י י נ ו ש. יאָ, אַזוי האָט זיך מיר אויך געדאַכט.

ב ר ו ך. אוי, וואָלט דאָס עפּעס געווען!

ב י י נ ו ש. אי, אי, וואָלט דאָס עפּעס געווען!

ב ר ו ך. אָי, רבוניו!

ב י י נ ו ש. אָי, רבוניו! (זיין איבערחזרונג ווערט ווידער ניגון, אַ מיט טרערן איבערגעפּילטער ניגון.)

א וו י י ב ל (דעם קאָפּ פאַרדעקט ביז איבערן שטערן, קומט אַריין שטיל, מיט אַ שטאַרן בליק, ציטערט אויף, ווען זי דערהערט געזאַנג. ער ווערט גלייך איבערגעריסן).

צ ד ו ק. וואָס וויל אַ יידענע?

ד י וו י י ב ל. דעם טויט.

צ ד ו ק (שטרענג). וואָס רעדט א יידענע!

ד י וו י י ב ל. איך וויל דעם טויט. איך וויל, דער צדיק זאָל מתפּלל זיין פאַר מיר, און איך זאָל שטאַרבן, גאָט זאָל מיך ברייננען צו מיינע קינדער.

צ ד ו ק. יידענע!

ד י וו י י ב ל. צוויי קינדערלעך האָב איך געהאַט, אַ יינגע־לע און אַ מיידעלע... זיי זיינען ביידע אין איין טאָג ביי מיר געשטאָר־בען... און איך לעב נאָך... ערשט פון שבעה, ארויסבאַגלייט די נש־מות... האָב אַלע טרערן אויסגעוויינט... און לעב נאָך... דאָס האַרץ האָט ביי מיר נישט געפּלאַצט... בין נישט געשטאָרבן... זאָל דער רבי אויסבעטן אויף מיר דעם טויט.

צ ד ו ק. וואָס רעדסטו, אשה!

ד י וו י י ב ל. איך וויל אַליין נישט אָנטאָן זיך קיין מיתה... נישט פאַרזינדיקן מיין נשמה, פאַרשפּילן יענע וועלט... איך וויל צו מיינע קינדערלעך... זיי זיינען אין דעם ליכטיקן גן עדן... דער רבי מוז מיין בעטער זיין... גאָט זאָל מיך צונעמען צו זיי...

צ ד ו ק. דו ווייסט נישט, וואָס דו רעדסט!

ד י וו י י ב ל. איך ווייס... איך ווייס! איך וויל דעם טויט. איך קאָן נישט מער לעבן. דער רבי קאָן מיר העלפן. מ׳זאָגט, ער האָט בייזע אויגן, ווען ער ווערט אין כעס. זאָל ער אויף מיר אַ קוק טאָן מיט בייזע אויגן, וועל איך אומקומען, וועל ווי אַ שטרוי פאַרשרפעט ווערן, וועל אויסגעלאָשן ווערן ווי א ליכט אין ווינט, ווי מיינע בייז־דע קינדערלעך.

צ ד ו ק. בייזט נישט ביים זינען, מוזט משוגע זיין!

ד י ו ו י י ב ל. משוגע? איך? דאָס וואָלט אויך גוט גע־וועזן... ווען איך ווער משוגע, וואָלט איך ווי א טויטע געוועזן... וואָלט מער פון מיין אומגליק נישט געוואוסט... עס וואָלטן מיר געלעבט ביידע קינדערלעך... איך וואָלט זיי געהאַט לעבן זיך... מיט מיר... ביי מיר... ביים פּאַרטוך ביידן... מיין יינגעלע... מיין מיי־דעלע.. אָט זיינען זיי.... איך זע זיי דאָך... זיי רופן מיך... איך קום!.. איך קום!... די מאַמע קומט!... זי קומט!... זי קומט!... (לויפט אַוועק.)

ז אַ ו ו ל. טאַקע אויף אַן אמת משוגע געוואָרן!

ק אָ פּ ל. א שרעק! אַ שרעק!

ב ר ו ך (שרייט ארויס אַ פסוק תהילים). שיר מזמור לבני קרח למנצח על מחלת משכיל להימן האזרחי.

ב י י נ ו ש (שרייט אַרויס דעם צווייטן פסוק). יהוה אלהי ישועתי, יום צעקתי בלילה נגדך. (זיי זאָגן אַזוי פסוק ווייטער פסוק. די איבעריקע חסידים האַלטן מיט.)

ח י י ק ל ד ע ר ק ר ו מ ע ר. (רייסט זיך אריין מיט קולות). זאָל דער רבי זאָגן! זאָל דער רבי אַליין זאָגן! וואָס איז דאָס פאַר אַ יושר?!

צ ד ו ק (שטרענג). ששששש!

ב ר ו ך. ש ש ש!

ב י י נ ו ש. שאַ!

ח י י ק ל. ניין, זאָל דער רבי זאָגן!

צ ד ו ק. שריי נישט! וואָס שרייסטו?

ח י י ק ל. וואָס שריי איך! מיין בלוט שרייט אין מיר, שריי איך. דאָס איז דאָך א רציחה! פאַרוואָס מאַכט מען חתונה פיישקע דעם בלינדן און נישט מיר?!

צ ד ו ק. וועסטו נישט שטילער ריידן, ווערסטו ארויסגע־וואָרפן!

ח י י ק ל. איך וואָלט וועלן זען, ווי איר וואָלט שטילער גע־רעדט! (צוואָוועט זיך.) איך וויל חתונה האָבן! איך וויל א ווייב

האָבן! פאַרוואָס קומט עפּ פּיישקען און נישט מיר? איך בין עלטער! זאָל זיך דער רבי אָננעמען פאַר מיר!

ז אַ ו ו ל. אַ נייע יללה!

ב ר ו ך (לאַכט אויף). האַ!

ב י י נ ו ש. הע!

ח י י ק ל. פאַרוואָס איז פּיישקע בילכער פאַר מיר?

ק אָ פּ ל. מסתמא האָט דאָך קהל אויסגעפונען.

ח י י ק ל. גאָרנישט האָט קהל אויסגעפונען! האָט קהל גאָר נאָכגעפרעגט, ווער וויל חתונה האָבן? ווער דאַרף חתונה האָבן? האָט קהל אָנגעפרעגט ביי מיר?

ז אַ ו ו ל. מסתמא איז אים באַשערט.

ח י י ק ל. באַשערט?! ווי קאָן עס זיין באַשערט? פון וועמען קאָן זי אים זיין באַשערט? אַז ער איז אַ בלינדער און זי איז אַ שטו־מע, וועט ער אפילו נישט קאָנען זען, ווי זי רעדט!

צ ד ו ק. דו גייסט שוין אַריין אין גאָטס דרכים? דו — קאָנסט הינקען אַליין, פּיישקע אָבער איז אַ בלינדער און מוז אַ פי־רער האָבן.

ח י י ק ל. דאַרף ער אַ שטעקן, פאַרוואָס גיט מען אים אַ ווייב?

צ ד ו ק. גיי קלאָג אָן דעם רבונו של עולם און טראָג זיך אָפּ פונדאַנען!

ח י י ק ל. וועט די מגפה נאָך אָנהאַלטן לאַנג? וועט באַלד קומען נאָך אַ מגפה?

צ ד ו ק. וואַרפט אים אַרויס! (חסידים הייבן זיך אויף פון זייערע ערטער.)

ח י י ק ל. איך וועל ריידן שטיל, איך וועל אייך בעטן רח־מים... איך וויל חתונה האָבן! איך וויל אַ ווייב האָבן!... (חסידים שטופּן אים צו דער טיר.) מאַשקע מיט די איינגעדאַרטע פּיס — איך וואָלט מיר איר חתונה געהאַט... זאָל דער רבי זאָגן! זאָל דער רבי הייסן!... (ווערט אַרויסגעשטופּט.)

ב ר ו ך. נו, א!

ב י י נ ו ש. א, נו! (הייבן ווידער אָן דעם תהלים פסוק, ווייטער פסוק.)

ש מ ש (איילט אריין). פון בית עולם קומט מען אהער מיט דער חופּה!... דער גאַנצער עולם!... זיי ווילן נישט קיין הקפות אָן דעם רבין... קומט דער רבי נישט צו זיי, קומען זיי צום רבין!...

ק אָ פּ ל. אפשר איז גוט אַזוי. ווען קהל וועט קומען מיט חתן־כלה, וועט ער אפשר לכבוד חתן־כלה...

צ ד ו ק. ער וועט נישט אַרויסקומען. (צום שמש.) דו לאָז אַריין דעם עולם. דער עולם דאַרף נישט בלייבן שטיין דרויסן. (שמש גייט אַרויס.)

ק אָ פּ ל. וועסט אפילו נישט אַריינגיין צו אים?

צ ד ו ק. ער וויס אַליין. (שמש קומט אַריין, הינטער אים בעלי הבתים מיט דעם חתן און באַלעבאָסטעס מיט דער כלה. אַלע אָנגעטאָן אין זייערע בעסטע בגדים.)

ע ר ש ט ע ר ב אַ ל אַ ב אָ ס. מיר גייען נישט קיין הק־פות אָן דעם רבין.

צ ו ו י י ט ע ר. וואָס זיינען מיר אָן אים? וואָס פאַר אַ באַ־טרעף האָבן מיר?

ד ר י ט ע ר. אַ סטאַדע אָן אַ פּאַסטוך!

ש ט י מ ע ן. האָט מען אים אָנגעזאָגט, אַז מיר קומען? — וויס ער, אַז מיר זיינען דאָ? — פאַרוואָס קומט ער נישט אַרויס? — וועט ער נישט אַרויסקומען?

צ ד ו ק. שרייט נישט! מאַכט נישט קיין טומל! שטעלט זיך אויס צו הקפות! מאַכט פּלאַץ פאַר דעם רבין. אויב ער קאָן און דאַרף, וועט ער אַרויסקומען. שפּילט אויף, קלעזמער! (די קלעזמער שפּילן אויף. אַלע שטעלן זיך אויס צו די הקפות. חתן־כלה ווערן אַוועקגעשטעלט אונטער דער אויפגעשטעלטער חופּה, און דער עולם שטעלט זיך אויס, ווי אַ גרויס ראָד. אַלע אויגן זיינען געווענדט צו דעם רבינס טיר אין גרויסער דערוואַרטונג. צדוק שטעלט אָפּ די קלעז־מער מיט אַ האַנטבאַוועגונג.) שאַט! (די קלעזמער הערן אויף.

עס ווערט זייער שטיל. מיוואַרט, מיט אָנגעשטעלטע אויגן און אויערן צום רבינס טיר. צדוק רייסט איבער די שפּאַנונג.) דער רבי קומט נישט אַרויס, וועט נישט אַרויסקומען. וועלן מיר אַליין. קום, קאַפּל! קומט, רב זאַוויל! ברוך, ביינוש, אַלע — מיר וועלן פּראַוון די הקפות...

ש ט י מ ע ן. וואָס קאָן עס זיין? — וואָס זאָל עס הייסן? — וואָס איז מיטן רבין? איז ער חלילה קראַנק? — פאַרוואָס זאָגט מען אונז נישט? וואָס באַהאַלט מען פון אונז?

צ ד ו ק. שאַט! פרעגט נישט קיין קשיות! קומט הקפות! קודשא בריך הוא וועט זיך מרחם זיין. קלעזמער! (די קלעזמער שפּי־לען ווידער אויף. פון דער צווייטער טיר לינקס קומט אַרויס די רביצין־מוטער, הינטער איר שבע. זיי ווערן אויפגענומען מיט פרו־מען געפּליסטער.) די רביצין! די מאַמע! און שבעלע! (געפּליסטער ווערט פרייד־אויסרוף:) די רביצין! די מאַמע! און שבעלע! (קלעז־מער רייסן איבער זייער שפּילן.)

ר ב י צ י ן. אויפן בית עולם איז מיר שווער געוועזן אַרויס־צוקומען, האָט איר פאַרדינט אַ מצוה און זייט געקומען אַהער.

ש ב ע (אַרומקוקנדיק זיך). דער רבי איז דאָ נישטאָ גאָר.

ש ט י מ ע ן. דער רבי איז נישטאָ! —ער האָט אונז גאָר פאַרגעסן! — אָפּגעטאָן זיין האַנט פון אונז!

ר ב י צ י ן (באַרואיגנדיק מיט פריינטלעכע האַנטבאַוועגונ־גען). רעדט נישט אַזוי... ער האָט נישט פאַרגעסן... ער האָט נישט אָפּגעטאָן זיין האַנט... דער, וואָס איבער אים און אונז, האָט אָפּ־געטאָן זיין האַנט, און ער, דער רבי, וויל זיין טיר נישט עפענען, ביז ער וועט נישט אויפעפענען די שערי רחמים... (אַ געוויין ברעכט אויס.) שאַ, שאַ... איר זייט אויף אַ חתונה... א י ך וועל גיין מיט אייך די הקפות... קום, שבע'לע... (די קלעזמער שפּילן. די הקפות באַוועגן זיך צוערשט פּאַמעלעך, דערנאָך ווערן זיי תפילה־עקסטאַז און גייען צוריק איבער אין שטילער באַוועגונג ביז פאַר־גליווערונג. די רביצין וואַכט אויף די ערשטע.) מזל טוב! מזל טוב! די הילף וועט קומען!

צ ד ו ק. מזל טוב! מזל טוב!

א ל ע (אויפגעוואַכט און אויפגעלעבט). מזל טוב! מזל טוב! מזל טוב!

ר ב י צ י ן. איצטער, רב צדוק, וועט איר נעמען חתן־כלה און אַלע מחותנים און אָפּפירן אין קהל־שטיבל. די טישן זיינען דאָרטן געדעקט. אַ חופּה־וועטשערע, ווי עס דאַרף צו זיין. שפּילט, קלעזמער, פירט חתן־כלה מיט אַ פריילעכטס. (קלעזמער שפּילן אַ פריילעכטס. רביצין פּאַטשט אונטער מיט די הענט.) טאַנצט, מחותנים! טאַנץ, שבע'לע! (עולם און שבע טאַנצן דעם פריילעכטס. עולם טאַנצט אַרויס.)

ב ר ו ך (צו די אַנדערע חסידים). נו?

ב י י נ ו ש. האָ?

ב ר ו ך. אַלע זיינען געבעטן.

ב י י נ ו ש. אַלע.

ב ר ו ך. וועסטו מיך אַמאָל לאָזן אַליין ריידן?

ב י י נ ו ש. וואָס אַרט דיך, אַז איך רייד אויך? דו אַליין האָסט נאָר וואָס צו זאָגן?

ב ר ו ך (צו די איבעריקע). קומט!

ב י י נ ו ש. קומט! (ברוך, ביינוש און די איבעריקע חסידים טאַנצן אַרויס נאָך דעם עולם.)

צ ד ו ק (צו זאַוולען). קומט אויך, רב זאַוול.

ק אַ פּ ל. קומט טאַקע. אַ סעודת מצוה.

ז א ו ו ל. ווי קאָן איך אַוועקגיין? (ווייזט אויף דעם רבינס טיר.)

ר ב י צ י ן. ווער איז דער ייד?

צ ד ו ק. רב זאַוול, רב איצעלע זלאָטקאָווערס. רב איצעלע זיצט איצטער ביים רבין.

ר ב י צ י ן. האָט דער רבי ביי זיך אַ גאַסט גאָר? מיט ליב זאָל ער זיין. גייט, רב זאַוול. ווען רב איצעלע וועט זיך באַווייזן, וועלן מיר אים דאָ נאָך פאַרהאַלטן. גייט. אַ סעודה מצוה. זייט זיך משמח.

ז א ו ו ל. וועל נאָר ברכה מאַכן. קום גלייך צוריק. אַ גוטן תמיד אייך, רביצין!

ר ב י צ י ן. גייט, גייט. (באַגלייט זיי אַרויס.) האָט ער גאָר א גאַסט ביי זיך. א סימן טוב. וועט אַרויסקומען מסתמא באַלד. (גייט צום פענסטער רעכטס.)

ש ב ע. ווער? דער פעטער? (גייט נאָך איר.)

ר ב י צ י ן. פּרייסט זיך. ביינקסט שוין נאָך דעם פעטער. (עפנט אַ ביסל דאָס פענסטער. קוקט אַרויס. די מוזיק דרינגט אריין אין חדר.)

ש ב ע. וועט עס זיין אַ סגולה, באָבע?

ר ב י צ י ן. האַ? די חתונה? אז גאָט וועט וועלן, וועט עס זיין א סגולה.

ש ב ע. מ'האָט שוין אַזויפיל איבערגעטאָן.

ר ב י צ י ן. מ'וויל גאָט דערגרייכן. טוט מען פארשיידנס. אזוי און אזוי.... (פון דרויסן דרינגט אַריין אַ יאָמער.) ווידער א לויה...

א פ ר ו י (דרויסן יאָמערנדיק). פאַרוואָס איז ער געשטאָר־בען?

ר ב י צ י ן (מאַכט לאַנגזאַם צו דאָס פענסטער און רעדט פּאַמעלעך צו זיך אַליין). איך קען אַ פרוי, וואָס טענה'ט אַ לעבן־לאַנג: פאַרוואָס איז ער געבאָרן געוואָרן?

ש ב ע. אַזוי אומגלקלעך איז זי מיט איר קינד?

ר ב י צ י ן (זעצט זיך לינקס אויף אַ באַנק). יאָ... אַזוי אומגליקלעך איז זי.

ש ב ע (זעצט זיך צו איר צו). פאַרוואָס שטאַרבן קינדער פאַר פרעמדע זינד?

ר ב י צ י ן. דעם ענטפער האָט נאָך קיינער נישט.

ש ב ע. אויך דער פעטער נישט?

ר ב י צ י ן. הם! מיינסט, דער פעטער וויים שוין אַלץ?

ש ב ע. איך גלויב, פון אים איז גאָרנישט נישט פאַרבאָרגן.

ר ב י צ י ן. וואָס עס דאַרף פון אים פאַרבאָרגן בלייבן, ווערט פון אים פאַרבאָרגן.

ש ב ע. ווען ער קוקט מיך אָן, דאַכט זיך מיר, ער זעט מיך דורך און דורך.

ר ב י צ י ן. הלוואי זאָלסטו פון אים קיין סוד נישט דאַרפן האָבן.

ש ב ע. און עס וועט בלייבן פון אים אַ סוד?

ר ב י צ י ן. ווען דו וועסט וועלן.

ש ב ע. ער וועט נישט דערזען? נישט דערקענען?

ר ב י צ י ן. האָסטו וואָס צו באַהאַלטן פון אים?

ש ב ע. ניין! ניין! איך וואונדער זיך בלויז....

ר ב י צ י ן. היט זיך אַ סוד צו האָבן. עס איז שווער מיט אַ סוד צו לעבן.

ש ב ע (נאָך אַ קליינער פּאַוזע). עס פאַלט שוין צו די נאַכט.

ר ב י צ י ן. נאַכט....

ש ב ע. איך ליב די נאַכט. איך ליב אין בעט צו ליגן אַליין און שטיל, און טראַכטן אין פינסטערניש געדאַנקען, חלומען אַזוי זיס, איידער איך שלאָף נאָך איין, און ווינטשן זיך, אַז דער חלום זאָל דער המשך פון די געדאַנקען זיין. ליבסטו נישט נאַכט?

ר ב י צ י ן. ניין. איך האָב פאַר איר אַפילו מורא. האָב מורא אַליין און שטיל צו זיין, טראַכטן אין דער פינטערניש... מיינע מחש־בות זיינען נישט קיין גליקליכע און נישט קיין פרייליכע....

ש ב ע. איך וועל אָנציגדן די ליכט. (הייבט אָן אָנצוצינדן די ליכט, בלייבט פלוצלונג שטיין אין גרויסער איבעראַשונג. די טיר פון דעם רביס צימער האָט זיך געעפנט און עס קומען אַרויס רב איצעלע און רב העשל.)

ר ב ה ע ש ל. איך וועל אייך באַגלייטן ביז דער טיר. (קוקט זיך ארום.) קיינער גאָר נישטאָ דאָ!... דו דאָ גאָר, מאַמע, און — שבע...

ר ב י צ י ן. מיר זיינען ביידע אַרויס צו די הקפות.

ר ב ה ע ש ל. האָט מען דאָ טאַקע געפראַוועט די הקפות.

ר ב י צ י ן. פון בית עולם זיינען זיי אַהער געקומען.

ר ב ה ע ש ל. געוואָלט צווינגען מיך ארויסצוקומען צו זיי.

ר ב י צ י ן. פאַרוואָס טאַקע נישט?

ר ב א י צ ע ל ע. געדאַרפט... געדאַרפט...

ר ב ה ע ש ל. פאַרוואָס זאָגט איר עס ווידער, רב יצחק?

ר ב א י צ ע ל ע. איך האַלט זיך ביי מיינס. וואָס איר זייט נישט אַרויסגעקומען, וועט אָנמאַכן מער עצבות אין עולם, און דאָס דאַרף נישט זיין.— וואו איז עפּעס מיין זאָוול?

ר ב י צ י ן. אַוועק מיט אַלעמען צו דער חופּה־וועטשערע. איך האָב אים געבעטן, וועט באַלד זיין צוריק. וואו שטייט איר דאָ איין? נישט געהערט גאָר, אַז איר דאַרפט קומען. זייט איר נישט אונזער אורח?

ר ב א יצ ע ל ע. איך בין דאָ על פּי סיבה. געזאָלט בלויז דורכפאָרן, האָט מיט מיין וואָגן וואָס געטראָפן. איך פאָר מיט מיין אייגענעם מנין. אַלע אין אַכסניה. וואַרטן איצטער אויף מיר צו מעריב.— וועד איז דאָס די בתולה?

ר ב ה ע ש ל. זי? מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטערס טאָכטער... אַ קיילעכדיקע יתומה...

ר ב א י צ ע ל ע. איר אַליין האָט קיין קינדער נישט?

ר ב ה ע ש ל. ניין. זיי האָבן זיך ביי מיר נישט געהאַלטן... גאָט האָט זיי ביי מיר צוגענומען... צוויי זין און אַ טאָכטער...

ר ב א י צ ע ל ע. וויי אויף די פאַרלאָרענע! הטוב ומטיב וועט רחמנות האָבן, אַנדערע וועלן קומען...

ר ב ה ע ש ל. מיין אישה ליגט פאַרשלאָפט די לעצטע עטליכע יאָר.

ר ב א י צ ע ל ע. אויף פאַרשיידענע וועגן ווערט דער מענטש געפּרואווט און געלייטערט. דער רופא חולים וועט איר שיקן אַ רפואה שלמה. (מיט אַ בליק אויף שבעין.) ווי אַלט איז די בתולה?

ר ב י צ י ן. וועט ווערן זעכצן ביז הונדערטאונצוואַנציק.

ר ב א י צ ע ל ע. נאָך נישט קיין כלה? נישט פאַרקנסט? שטייט שוין אין שידוכים?

ש ב ע. באָבע, איך גיי צו דער מומען. (איילט אַרויס.)

ר ב י צ י ן. פאַרשעמט האָט זיך דאָס קינד. ניין, איר באַ־שערטער האָט זיך נאָך נישט געפונען.

ר ב  א י צ י ל ע. עס ווערט מיר קלאָר, פאַרוואָס איך בין דאָ געבליבן. איך האָב געוואוסט, עס איז נישט אומזיסט. איך האָב א זון אין איינע יאָרן מיט איר. קאָן עס דאָך אַ שידוך ווערן.

ר ב  ה ע ש ל. אַ שידוך? אויסגעבן זי?

ר ב  א י צ ע ל ע. איז וואָס? ווי דען?

ר ב  ה ע ש ל. מיין קראַנקע פרוי איז צו איר שטאַרק צו־געבונדן... ווי אַ טאָכטער איז זי איר...

ר ב  א י צ ע ל ע. איז דאָך אודאי גוט. עושה צדקה בכל עת — דער טוט שטענדיק גוטס, ווער עס דערציט אַ יתום און אַ יתומה און גיט זיי אויס.

ר ב  ה ע ש ל. יאָ געווים, איך ווייס... אָבער... מיין ווייב...

ר ב  א י צ ע ל ע. צוליב איר טאָר די מיידל נישט פאַרזעסן ווערן... וואָלט איר אן אייגענע טאָכטער אין דעם עלטער נישט אויס־געגעבן? זי געפעלט מיר פאַר מיין זון... אַ יפת תואר און פון יחוס... מיר וועלן מחותנים ווערן — דאָס איז גאָר אַ קרן! הלוואי וואָלט זי געווען אין אמתן אייער טאָכטער, בלוט פון אייער בלוט...

ר ב י צ י ן (זיפצט שווער).

ר ב  ה ע ש ל. הלואי!... הלואי!...

ר ב  א י צ ע ל ע. איז וואָס זאָגט איר צו דעם שידוך?

ר ב  ה ע ש ל. זי איז אַ יתומה — זי מוז געפרעגט ווערן.

ר ב  א י צ ע ל ע. דאָס איז עפּעס אַנדערש. פרעגט זי, אָבער זאָגט איר: דאָס בחורל איז אן עילוי, וועט נישט פאַרמיאוסן דעם בוים, פון וועלכן ער שטאַמט... און זאָגט איר אויך, אַז ער איז נישט מיאוסער פאַר איר. און מאָרגן אם ירצה השם וועט איר מיר געבן איר און אייער תשובה. (זאַוול קומט אריין.) און אָט איז זאַוול. העכסטע צייט, האָסט פאַרגעסן, איך דאַרף צו מעריב.

ז אַ ו ו ל. האָב נישט פאַרגעסן. איר זעט, איך בין געלאָפן.

ר ב א י צ ע ל ע. איז קום. זאוול, אז גאָט וועט וועלן, וועלן מיר ווערן מחותנים.

ז א ו ו ל. ווי אזוי דען?!

ר ב א י צ ע ל ע. דאָ איז פֿאַראַן אַ בתולה אַ יפת תואר אין שטוב, איך האָב אַ בחור אין הויז — וועסטו שוין פרעגן, פֿאַר־וואָס דער וואָגן איז אונז דווקא דאָ צובראָכן געוואָרן? אַ גוטע נאַכט אייך, רב העשל! אַ גוטע נאַכט אייך, רביצין!

ר ב ה ע ש ל. אַ גוטע נאַכט אייך, רב יצחק!

ר ב י צ י ן. גייט געזונטערהייט! (רב איצעלע און זאוול גייען אַוועק. רב העשל גייט צו זיין טיר. די רביצין שטעלט אים אָפּ.) בלייב, מיין זון, גיי נאָך נישט אוועק.

ר ב ה ע ש ל. איך וויל צוריק צו זיך.

ר ב י צ י ן. אויף אַ ווייל נאָר. איך וויל דיך אויף אַ ווייל נאָך מיט מיר. קום זעץ זיך צו ביי מיר.

ר ב ה ע ש ל. איך וועל שטיין פֿאַר דיר, מאַמע.

ר ב י צ י ן. מוזט זייער שוואַך זיין. דו פֿאַסט שוין אַ לאַנגע צייט. און ביזט אזוי אויפגערעגט.

ר ב ה ע ש ל. די מגפה, מאַמע.

ר ב י צ י ן. יאָ, מיין זון. אַ שווערער ענין.

ר ב ה ע ש ל. דער צער פון שטאָט גייט מיר טיף אין דער נשמה, און נאָך מער ווייטיקט מיין האַרץ, וואָס איך העלף נישט, קאָן נישט העלפן. איך הייב זיך אָן צו שרעקן.

ר ב י צ י ן. פון וואָס? פֿאַר וועמען?

ר ב ה ע ש ל. הקדוש ברוך הוא איז גוזר אַ גזירה און דער צדיק איז זי מבטל. ווען ער איז זי אָבער נישט מבטל, איז ער אפשר גאָר קיין צדיק נישט.

ר ב י צ י ן (מיט שרעק). ניין! ניין!

ר ב ה ע ש ל. אפשר בין איך נישט דער, פֿאַר וועמען די וועלט און איך אַליין האַלט מיך. איך טראָג אַ מאַנטל, וואָס איז נישט מיינער, אַ נאָמען, וואָס געהערט נישט מיר.

ר ב י צ י ן (קרעכצט אַרויס אַן אויפגעשריי).

ר ב ה ע ש ל. דערפֿאַר קום איך איצטער נישט אַרויס צום עולם. איך וויל וויסן, ווי שטייט עס מיט מיר. וואו און אין וועמען ליגט די שולד, וואָס מיינע תּפֿילות דערגרייכן נישט, ווערן נישט אָנ־גענומען. פֿאַרוואָס אַנטפֿלעקט מען עס מיר נישט? פֿאַרוואָס בין איך עס נישט ראָוי? פֿאַרוואָס ווער איך אָפּגעוואָרפֿן?!

רביצין (קרעכצט ביטער און באַהאַלט דאָס געזיכט אין די הענט).

ר ב ה ע ש ל. איך ליג אויף דער ערד, איך פּייניק מיין לייב, איך וויין, איך שלאָף נישט נעכט, טו תּפֿילה, זוך מיר תּשובֿה... האָב איך זיך שוין געוועגדט נאָך זכות אָבֿות... דער זכות פֿון מיין פֿאָטער דעם קדוש זאָל מיר ביישטיין... ער איז דאָך געווים געווען אַ צדיק... האָט זוכה געווען צו שטאַרבן אויף קידוש השם...

ר ב י צ י ן (קרעכצט ביי זיינע ווערטער ווי אונטער אַן אָנפֿאַל פֿון גרויסן ווייטיק. צום סוף הייבט זי אָן צו שלאָגן זיך אין דער ברוסט, רייסן און קנייפּן אויף זיך דעם לייב, און שרייט מאָוימדיק אַרויס). איך קאָן נישט מער! איך קאָן נישט מער!

ר ב ה ע ש ל. מוטער!

ר ב י צ י ן (קוקט נישט אויף אים, שטייט אויף). איך גיי... איך גיי...

ר ב ה ע ש ל. מאַמע, דו באַהאַלטסט עפּעס פֿון מיר... דו ווייסט עפּעס... דו האָסט אַ סוד... זאָג, מאַמע, האָב איך געטראָפֿן? עפּעס ווערט מיר קלאָר. נישט דעם טאַטנס הייליקער טויט האָט דיין לעבן דיר פֿאַרפֿינסטערט...

ר ב י צ י ן (האַלטנדיק זיך אָן דער וואַנט). ניין... ניין... הער אויף!

ר ב ה ע ש ל. מאַמע, אפֿשר האָסטו די דערקלערונג!

ר ב י צ י ן (שלעפּט זיך צו דער טיר). ניין... ניין...

ר ב ה ע ש ל (מיט געבעט). מאַמע!... מאַמע!... (ווען זי שטעלט זיך נישט אָפּ און עפֿנט איר טיר, שרייט ער זייער בייז אויס.) מאַמע!

ר ב י צ י ן (קוקט זיך אויף אים אום און שרייט אויס). נישט דאָס פּנים!... נישט דאָס פּנים!... (איילט אַוועק.)

ר ב ה ע ש ל. זי האָט אַ סוד! זי האָט אַ סוד, קיין ספק נישט! זי פאַרבאָרגט וואָס פון מיר. זי איז אַנטלאָפן... וואָס האָט זי זיך פאַר מיין פּנים דערשראָקן? וואָס האָט זי דערזען אויף מיין פּנים? (קוקט זיך אַרום, ווי ער וואָלט געזוכט אַ שפּיגל אָדער איימיצן, ביי וועמען צו פרעגן.) מיין פּנים... כעס איז אויף אים געוועזן... כעס אויף איר... אויף דער מאַמען... די עבירה קעגן כיבוד אם! אָ, רבון עלמין!...

ש ב ע (קומט אריין, דערשרעקט זיך, שרייט אויף און וויל זיך צוריקציען).

ר ב ה ע ש ל (קוקט זיך אום אויף איר געשריי). שבע!... שבע!... וואָס זוכסטו דאָ? וואָס ווילסטו? נאָך וואָס ביזטו אַהער אַריינגעקומען? וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? וואָס שטייסטו אַזוי דערשראָקן? וואָס זעסטו אויף מיין פּנים?

ש ב ע. אָ, פעטער!

ר ב ה ע ש ל. וואָס זעסטו, זאָג!

ש ב ע. א שרעק אַ גרויסן.

ר ב ה ע ש ל. אַ שרעק... אַ שרעק... אַ שרעק פאַר זיך אַליין!

ש ב ע. פּעטער!

ר ב ה ע ש ל. גיי! גיי!... ניין דו האָסט מיר נאָך נישט געענטפערט: נאָך וואָס ביזטו אַהער געקומען? וואָס האָט דיך אַהער געבראַכט?

ש ב ע. איך ווייס נישט, פעטער.

ר ב ה ע ש ל. דו ווייסט! זאָג דעם אמת!

ש ב ע. די באָבע איז אַריינגעקומען גאַנץ אַ צובראָכענע, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס...

ר ב ה ע ש ל. האָסטו מיט איר געזאָלט בלייבן! פאַרוואָס ביזטו פון איר אַוועק?

ש ב ע. האָב געוואָלט ווייסן...

ר ב  ה ע ש ל. זי וואָלט דיר געזאָגט.

ש ב ע. האָב געוואָלט אויף אייך א קוק טאָן.

ר ב  ה ע ש ל. וואָס רעדסטו, שבע! דאַרפסט נישט וועלן זען מיך!

ש ב ע. יאָ, פעטער!

ר ב  ה ע ש ל. זײַ ביי דער מומען, ביי דער באָבען זײַ, טרעט פון זיי נישט אָפּ!

ש ב ע. יאָ, פעטער! (וויל צומאַכן די טיר און אַוועק.)

ר ב  ה ע ש ל. וואַרט... וואַרט... וואָס האָב איך געוואָלט? אָ, יאָ, דער זלאָטקאָווער, וועמען דו האָסט דאָ פריער געזען, וויל זיך מיט דיר משדך זיין.

ש ב ע (אָטעמט דערשראָקן אויף).

ר ב  ה ע ש ל. ער האָט א זון אַן עילוי, אין איינע יאָרן מיט דיר, און נישט מיאוסער פאַר דיר. דו ביזט א יתומה און דאַרפסט זאָגן, צו ווילסטו דעם שידוך אָדער נישט.

ש ב ע. שידוך?... איך וויל קיין שידוך נישט...

ר ב  ה ע ש ל. דו ביזט אין יאָרן שוין, יינגערע פון דיר האָבן חתונה...

ש ב ע. אָ, פעטער, מיר איז דאָ אַזוי גוט ביי אייך!

ר ב  ה ע ש ל. א טאָכטער איז גוט ביי טאַטע־מאַמע, אָבער זי האָט חתונה.

ש ב ע. איך וויל נאָך נישט חתונה האָבן... איך וויל נישט אַוועק...

ר ב  ה ע ש ל. דו מוזט... דו מוזט!...

ש ב ע (מיט טרערן). אַז איר וועט הייסן, פעטער.

ר ב ה ע ש ל. דו ביזט א יתומה. דו דאַרפסט וועלן. ווילסטו נישט, וועל איך דיך נישט נויטן. איז דיר דער שידוך נישט באַשערט, איז ער נישט מן השמים. קאָנסטו רואיק ווייטער בלייבן...

ש ב ע. א דאַנק אייך, פעטער!

ר ב ה ע ש ל. אָבער גלייכער איז... אַ סך גלייכער איז, זאָלסט צושטימען צום שידוך.

ש ב ע. ניין! ניין! איך וויל נישט אַוועק פון אייך!... (צע־ וויינט זיך און אַנטלויפט.)

ר ב ה ע ש ל (מיט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט די געוואָלט פאַרהאַלטן, בלייבט שטיין, רייבט זיך דעם שטערן און רעדט מיט שרעק.) וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס געווען אין מיר? פאַר־ וואָס האָב איך זי דאָ פאַרהאַלטן?! איך האָב מיינע אויגן אויף איר געהאַלטן, נישט אָפּגעווענדט זיי פון איר... געוואָלט האַלטן... נישט געוואָלט אָפּווענדן... רב איצעלע!... ער איז גערעכט! און אפשר האָט די מאַמע וואָס באַמערקט? אין מיר איז עס געלעגן באַהאַלטן... פון מיר אַליין באַהאַלטן... אָבער אויבן האָט מען עס שוין געוואוסט... רב איצעלע איז געקומען ווי אַ שליח... און די מאַמע איז אַ צווייטע התראה... איצטער ווייס איך! איצטער איז דער וועג מיר קלאָר! תשובה גלייך!... תשובה... (לאָזט זיך צום אָרון קודש.)

צ ד ו ק (קומט אַריין. דערזעט דעם רבין, שרייט כמעט אויס). רבי, איר דאָ! איר'ט פאַרלאָזט אייער התבודדות! געלויבט — וואָס איז מיט אייך, רבי!

ר ב ה ע ש ל. צדוק, וועסט מיר העלפן תשובה טאָן! וועסט מיר העלפן צו פאַרטרייבן...

צ ד ו ק. ווייסט איר עס שוין, רבי!

ר ב ה ע ש ל. איך ווייס... איך ווייס... איך האָב עס שוין אויסגעפונען.

צ ד ו ק. האָב איך קיין טעות נישט.

ר ב ה ע ש ל. אויך דו ווייסט?

צ ד ו ק. איך האָב גלייך דערקענט, דאָס זיינען זיי.

ר ב ה ע ש ל. ווער זיי?

צ ד ו ק. די לייטלעך...סמאל ימה שם? און זיין חברה!

ר ב ה ע ש ל. וואָס רעדסטו?

צ ד ו ק. איר ווייסט עס דאָך שוין, רבי!

ר ב ה ע ש ל. וואו? וואו האָסטו זיי געזען, געהערט?

צ ד ו ק. אין דער אַלטער מיל־חורבה... אַט איצטער אין פאַרבייגיין... אַ געלעכטער און געטומל און פעך־געשטאַנק...

ר ב ה ע ש ל. האָסט נישט אַריינגעקוקט?

צ ד ו ק. וואָס רעדט איר, רבי! אַ שרעק איז מיך באַפאַלן, בין געלאָפן אַהער צו אייך אָן אַ נשמה, קוים דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט דרויסן פאַר דער טיר...

ר ב ה ע ש ל. וועסטו זיך אומקערן און אַריינקוקן.

צ ד ו ק. רבי!

ר ב ה ע ש ל. דאָס מוז זיין. איך מוז גענוי וויסן. לאָז מיך איבערקוקן דיינע ציצית... (טוט עס.) דיינע ציצית זיינען אַלע כשר... חזר דאָרטן: „יגער יהוה בך, השטן!" זאָג „אל מלך נאמן". איך וועל דיר דאָ העלפן, מיט וואָס איך קאָן... וועסט נישט נפגע ווערן. גיי! לישועתך קויתי יהוה!

צ ד ו ק. כאָטש נאָך וועמען מיט מיר...

ר ב ה ע ש ל. גלויבסטו נישט מער אין מיין כח?!

צ ד ו ק. כאָטש קאַפּלען...

ר ב ה ע ש ל. זאָל איך ווערן אין כעס? גיי! דיר וועט גאָר־נישט זיין!

צ ד ו ק. גאָטעניו פאָטער, שטיי מיר ביי! (גייט אַוועק.)

ר ב ה ע ש ל (לאָזט זיך אַראָפּ אין גרויסער שוואַכקייט פאַרן אָרון קודש). ע ר איז שוין דאָ! דאָס איז דער בעסטער סימן... יגער יהוה בך, השטן! רבון העולמים, דיר איז אַנטפּלעקט און באַוווסט, אַז מיין ווילן איז צו טאָן דיין ווילן... יהי רצון מלפניך, גאָט מיין גאָט און גאָט פון מיינע אָבות, אַז דו זאָלסט פאַרניכטן און פאַר־טרייבן פון מיר דעם יצר הרע, דערווייטער אים פון אַלע מיינע אברים. שריי אָן אויפן שטן, ער זאָל מיך נישט באַהערשן, און רייניק מיינע געדאַנקען... (צוואַוויינט זיך אַ האַרציגן געוויין.)

# צווייטער אַקט.

(אינטערמעצא)

די מיל־חורבה. אַ גרויסער רוים אָן פענסטער, איבער וועלכן עס ליגט ווייט אין דער הויך אַ משופּעדיקער דאַך. ער איז אויסגעצן פּילט מיט אַ געדיכטן טונקלרויטן שיין, אין וועלכן עס באַוועגן זיך ארום פאַרשיידענע שדים־פיגורן. צווישן זיי, שווער און אומבאַהאָלפן, קוים הייבנדיק די פיס, אַ גרויסע דיקע אומגעלומפּערטע פּירקאַנטי־קע ברוּאה אָן אַ קענטיקן פּנים, באַגלייט פון נישט־דערמאַכטע, נישט דערפורמטע פאַרזעניש. ביי דער הינטערוואַנט אויף א דערהויכונג אַ טראָנשטול, אויף וועלכן עס זיצט דער שטן, מיט צוויי קלענערע שטולן פון ביידע זייטן, אויף וועלכע עס זיצן מעפיסטאָפעל און אַנאַטהעמאַ. די דריי קוקן זיך צו צו דער באַוועגונג, וואָס איז לאַנגזאַ־מער טאַנץ, באַגלייט פון אומגעזעענע אינסטרומענטן און אַלגע־מיינעם נישט צו הויכן געזאַנג.

ג ע ז א נ ג.

קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ־קוואַ,\
קוואַקן פרעש פון אָנהייב נאַכט.\
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ־קוואַ...\
שלאָפט דער מענטש און טייוול וואַכט.

מיאאו, מיאאו, מיאאו־מיא,\
מיאאוקען קעץ אין שפּעטער שעה.\
מיאאו, מיאאו, מיאאו־מיא....\
שלאָף נישט, מענטש, דער שד איז דאָ!

האאו, האאו, האאו־האוו,\
בילן הינט אין נאַכט־געהיט.

האאו, האאו, האאו־האוו...
פאַר אַ שד קיין שמירה ניט!

גלאָקנקלאַנג און שופר־בלאָזן —
מענטש, פאַרטרייבסט אונז נישט מיט דעם!
צולם, קריאת שמע און מזוזה —
שטן האַלט דיך דאָך אין קלעם!

מייז־געקוויטש און מיאאו־מיאאו,
קווא־קווא־קווא און האו־האו־האו
פערד־געהירזש און ציגנמעק —
אַלץ וואַרפט אָן אויף דיר זיין שרעק...
האהאהאהאהאהא...

(דער געזאַנג הערט אויף און עס פאַרשפּרייט זיך אַ שטילער געלעכטער.)

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. לאַנגוויילִיק, קעניג סמאַל! איז דיר נישט לאַנגוויילִיק, אנאטהעמאַ?

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. זייער לאַנגוויילִיק, מעפיסטאָ.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָס האָסטו געהאַט צו מיר, אָ, שטן, און מיך אַרויסגערופן אָהער פון לאַנד פון די גערמאַנען...

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. און מיך פון לאַנד פון די סלאַוון...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אַהער אין דעם יידנגעסט? איך פאַרקער מיט יידן נישט!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. אויך איך מייד זיי אויס.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. זיי לייַנגווייליקן מיך, זיי און זייערע זינד, אויף וועלכער איך דאַרף וואַרטן ביז שפּעט אין נאַכט. זינד! אויך מיר זינד! נישטאָ אין זיי קיין גרויסער פאַרנעם. עס פעלט אין זיי די ווילדע חיה.

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. רויב און מאָרד און לוסט... שטעט און לענדער חרוב מאַכן... ווייבער און מיידלעך פאַרגוואַלטיקן... קינדער אומברענגען... אין בלוט זיך באָדן... אָט וואָס!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. בלוטפאַרגאָס אַ צייטפאַרטרייב, אַ דער־הייבענע באַשעפטיקונג; אכזריות — העלדישקייט, איבערמענטשלעכ־קייט; געגוס ביי מאַטערן און פּייניקן...

אַ נ אַ ט ה ע מ א. דאָס אַליץ איז דעם יידנפאָלק פרעמד, אינ־גאַנצן פרעמד!

מ ע פ י סט אָ פ ע ל. אַ שלום־פאָלק! טריפט פון מוסר און מאָ־ראַל... פוי!... קוק נאָר אָן די באַשעפענישן, די פּרוכט פון זייערע זינד! דאָס זאָלן זיין טייוואָלים! זע דעם גרויסן דאָרט, דעם אומ־געלומפּערטן לאַפּיטוט...

ש ט ן. אַ שווערע קלאָץ, געבאָרן פון אַ געמיינטער זינד.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. זע די קליינע נישט־דערמאַכטע, נישט־דערפורמטע שרעטלעך...

ש ט ן. מפּיל־קינדער פון כלומרשט זינדיקע געדאַנקען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. פוי, ווי לאַנגווייליק עס זיינען מיר די יידן!.

אַ נ אַ ט ה ע מ א. אַפילו טרינקען קאָנען זיי נישט ווי געהעריק!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. קאָנען אויך נישט ווייבערן; ווי עס דאַרף צו זיין. אָ, וואָס האָסטו מיך אַראָפּגעבראַכט אַהער!

ש ט ן. אַ קאַמף אויסצוקעמפן מיט דעם אַלטן דאָרטן אויבן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. דאָס ווערט שוין אויך לאַנגווייליק.

ש ט ן. נישט מיר.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אַך, ווען דו וואָלסט יעמאָלט דעם אָדם נישט איבערגערעדט צו עסן פון דעם עץ הדעת.

ש ט ן. דאָס איז געווען דעם אַלטנס ערשטער „מי טאָרנישט!" און איך האָב אים געמוזט צוברעכן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. געמוזט צוברעכן! אַ וועספּנגעסט צו־בראָכן און טויזנטער „מי טאָר נישט" אויף דעם מענטש אַרויפגע־לאָזן.

ש ט ן. און האָב מיר און אייך באַשאַפן דעם שענסטן צייט־פאַרטרייב. ער דאָרט אויבן וויל דעם מענטש אויפהייבן צו זיך, פאַר

כמעט אַ גאָט אים מאַכן. מיט זיינע פאַרשיידענע „מי טאָר נישט" וויל ער ארויפצווינגען אויף אים זיין געטלעכע מאָראַל, אַרויס־טיילן אים אינגאַנצן פון דער איבעריקער חיה־וועלט, אָפּצוימען אים פון איר מיט צוים נאָך צוים און צוים אַרום צוים. און איך צוברעך אים זיינע צוימען און באַפריי די חיה אין דעם מענטש. איז עס נישט אַ שיין שפּיל מיט דעם, וואָס רופט זיך דער אַלמעכטיקער? ער וויל און קאָן נישט, ווייל איך בין שטאַרקער פיל פאַר אים.

מעפיסטאָפעל. מאַכסטו נישט קיין טעות? דער מענטש איז דיינער געווען, אַ טייל פון דיין חיה־מלוכה, אַ חיה מיט אַלע חיות צוגלייך, אָן וויסן פון גוט און בייז. אָבער איצטער מוזטו פאַר אים קעמפן, מוזט אים אַרויסרייסן פון דעם אַלטנס מאַכט.

שטן. דאָס איז דאָס שפּיל פון שטריק־געצי. דער מענטש איז די שטריק, דער אַלטער און איך, מיר שלעפּן אים יעדער צו זיך.

אַנאַטהעמא. מיר דוכט, ער האָט שוין אַ גאַנץ גרויסן טייל צו זיך אַריבערגעצויגן.

שטן. ווען נאָר די יידן וואָלטן נישט געווען! זיי זיינען דעם אַלטנס בעסטע העלפער, פאַרשפּרייטער פון זיינע אַרומצוימענ־דיקע „מי טאָר נישט". איך האָב געזוכט און זוך זיי צו פאַרניכטן, אָפּראַמען זיי פון מיין ערד. וואָס האָב איך שוין נישט אַלץ צו טאָן! איר ווייסט עס בײדע דאָך, איר זייט מיר גוטע העלפער. פאַרפאָלגונ־גען, אַרויסטרייבונגען, הריגות, שחיטות... פאַרביטערט זיי דאָס לעבן דורך בילבולים און זילזולים, אַוועקגענומען ביי זיי די לופט צו אָטעמען....

אַנאַטהעמא. אַ האַרטע נוס די יידן.

מעפיסטאָפעל. זיינען מיר איצטער אין דעם יידנגעסט, ווייל...

שטן. מיר דוכט, עס שטייט מיר פאָר אַ גרויסער זיג.

אַנאַטהעמא. דורך אַ פּאָגראָם? (דאָס וואָרט פּאָג־ראָם ווערט אויפגעכאַפּט און פאַרשפּרייט זיך מיט געלעכטער פון אַנטציקונג.)

שטן. דעם האָבן מיר שוין איינמאָל דאָ געמאַכט. דו מוזט עס דאָך וויסן.

אנאטהעמא. ווער קאָן אַלע יידן־שחיטות גאָר געדענ־קען!

שטן. דאָך, דאָך, קוק זיך אַרום, דערמאָן זיך.

אנאטהעמא. אַ, ווי האָב איך עס גאָר געקאָנט פאַרגעסן! אַ שיינע הריגה געווען מיט די פיינסטע גאָר גיזאַנסן. מישוועקעם אין קאָפּ, אויסגעשטאָכענע אויגן, אויפגעשניטענע פרויענבייכער, צו־שמעטערטע קינדערקעפּ און פאַרגוואַלטיגונגען לרוב!

מעפיסטאָפעל. היהשער ווי אַלע חיות — אַזוי ליב איך אים, דעם מענטש!

שטן. דערמאָנסטו זיך אויך די סיבה, אַנאַטהעמאַ?

אנאטהעמא. געווים! געווים! עס האָט דאָ געלעבט אַ ייד אַ צדיק. אַ דאָרן דיר אין די אויגן, איז ער אין דעם פּאָגראָם גאָר פיינלעך אומגעבראַכט געוואָרן.

שטן. און איצטער איז דאָ זיין יורש.

אנאטהעמא. אַהאַ, ווילסטו ווידער אַ שחיטה.

שטן. ניין, איך וויל נאָך נישט זיין טויט.

מעפיסטאָפעל. דו פּלאַנעוועסט, זע איך, אַ פאַר־פירונג, אַן אָראָפּפירונג פון וועג.

שטן. ער איז זייער פרום, דער אַלטער אויבן האָט אין אים זיין געטרייסטן דינער, און אַלע יידן היילקן זיך אין זיין צידקות. ווען ער זאָל שטרויכלען, פאַלן מיט אים גאַנצע מאַסן, און דעם אַלטנס חיל וועט שיטערער ווערן, פיל מער ווי נאָך דעם בלוטיקסטן פּאָגראָם.

אנאטהעמא. האָסט זיין פאָטער געמוזט אָפּראַמען דורך טויט, איז דער זון שוואַכער?

שטן. ער איז די פרוכט פון דער פּאָגראָם־נאַכט!

אנאטהעמא. אַ!

מעפיסטאָפעל. אָ־אָ!

שדים (צוזינגען זיך). אַאַאַאַ! אַאַאַאַ!

מעפיסטאָפעל. פאַרפירונג איז מיין גרעסטע ספּעציאַ־ליטעט, איך ליב עס דעם פרומענס בלוט מיט פרויען־תאווה איינ־צוהייצן. אָבער מיט אַ יידן צו טאָן צו האָבן, אַפילו מיט אַ האַלבן ייד, אַפילו מיט אַ פערטל...

שטן. איך האָב עס שוין אַליין, און עס גייט אויך אויף אַ דרך. איר וועט מיר העלפן צו פאַרענדיקן דעם גוטן אָנהייב. דו, אנאַט־העמאַ, וועסט זיך נעמען פאַר דער רביצין זיין מוטער.

אַנאַטהעמאַ. זאָל זי ווידער פאַרגוואַלטיקט ווערן?

שטן. זי טאָר איר סוד נישט אויפדעקן. זי קאָן מיין גאַנצן פּלאַן פאַרניכטן, ווען דער אמת ווערט באַקאַנט. דו מוזט עס מיר פאַרהיטן.

אַנאַטהעמאַ. זאָל איך זי דערווערגן?

שטן. ווען זי זאָל איצטער שטאַרבן, ווערט ער אַן אבל, און דאָס וועט געווים מיר שטערן. ניין, דו האַלט זי אָפּ פון ריידן. און דו, מעפיסטאָ, ווענד אָן דיין קונסט אויף דער קליינער שבע, וואָס וואַקסט ביי אים אין הויז.

מעפיסטאָפעל. אויף קליינע יידנמיידלעך בין איך גראָד אַ בעלן.

שטן. זי דאַרף נישט וועלן דעם רבים הויז פאַרלאָזן, דאַרף זיך אָפּזאָגן פון דעם שידוך, וואָס ווערט איר גערעדט. איך האָב עס איז איר שוין אריינגעטאָן, די פאַרשטאַרק עס נאָך אין איר. זי מוז איצטער וואָס מערער זיין אים אויף די אויגן.

מעפיסטאָפעל. איך וועל געברויכן מיין בלומענדיקסטע שפּראַך, וועל אַפילו מוזיצירן.

שטן. מיט אים וועל איך אַליין זיך ווייטער אָפּגעבן. ער זיצט און לערנט און רעדט און רעדט מיט יענעם דאָרטן אויבן. איך מוז זיך צווישן שורות אריינגנבענען, און צווישן ווערטער, אָדער אָנוואַרפן אַ מידיקייט אויף זיינע אויגן. קומט, די שעה האָט גראָד געשלאָגן. נאָך אַ פּאָר אַטאַקעס און דער זיג איז מיינער! (זיי גייען אוועק. די שדים הייבן אָן אַ געזאַנג.)

ג ע ז אַ נ ג.

לויבט דעם האַר, דעם איינציק גרויסן,
דעם מיט פּלענער איבעררייכן!
מיט סמאָל אונזער קעניג
קאָן זיך קיינער נישט פאַרגלייכן!

ער איז איינציק, ער איז איינער!
מענטש און חיה אים געהערן!
וואָס עס זאָל נישט טאָן דער אַלטער,
וועט סמאָל לייכט צושטערן!

ווער איז קעניג ווי סמאָל?
ווער איז הערשער ווי האַר שטן?
ער׳ט דעם אַלטנס צוים צובראָכן,
מענטש באַפרייען פון פאַרבאָטן!

מענטש און חיה... מענטש איז חיה!
אויסגעטאָן פון גאָט און געצן,
מיט אינסטינקט נאָר זאָל ער לעבן,
דאַרף נישט אַנדערע געזעצן!

זאָל זיין שכל ער פאַרווענדן
זיינע תאוות נאָכצוגעבן,
פול, אינגאַנצן, אויסצופאָלגן
זינענרוף פון חיה־לעבן!

איין מלוכה און איין פירער,
אויסגעגלייכט ווערט מענטש מיט חיה!
לויבט דער האַר, דעם איינציק גרויסן!
לויבט סמאָל דעם באַפרייער!

(געזאַנג און טאַנץ ווערן איבערגעריסן פון דער אַלטער רביצינס וויי־געשרייען. זי באַווייזט זיך, געשטופּט פון אַנטהעמאַן.)

ר ב י צ י ן. וואוהין שטופסטו מיך? וואו בין איך? לאָז מיך אָפּ! ווי מיר! ווי מיר!

אַ נ אַ ט ה ע מ א (שטופּט זי צו ביז צום גרויסן אומגעלומ־פּערטן לאַפּיטוט, לויפט אַרויף אויף דער דערהויבונג, וואַרפט זיך אויף זיין שטול און לאַכט אַ גרויסן געלעכטער. דערנאָך בלייבט ער רואיק זיצן און קוקט אויפמערקזאַם אַראָפּ צו דער רביצין מיט דעם לאַפּיטוט).

לאַ פּ י ט ו ט (דערפרייט זיך, ווען ער דערזעט די אַלטע און ברומט פריידיק ארויס). מאַמע! מאַמע!

ר ב י צ י ן (מיט שרעק). ווער ביזטו? וואָס רופסטו מיך מאַמע?

לאַ פּ י ט ו ט. איך בין דיין קינד, דו קענסט מיך גוט. טראָגסט מיך מיט זיך אַרום טאָג און נאַכט אַ צייט מיט יאָרן. צושיידסט זיך מיט מיר קיינמאָל נישט.

ר ב י צ י ן. איך קען דיך נישט.

לאַ פּ י ט ו ט. איך בין דיין סוד, דיין זינד, וואָס דו באַהאַלטסט.

ר ב י צ י ן. אָהההההה!

לאַ פּ י ט ו ט. דיין זינד בין איך, פון דיין עבירה בין איך געבאָרן. מיט יעדן יאָר וואַקס איך אין ברייט און הויך. ווער גרעסער אַלץ און גרעסער...

ר ב י צ י ן. איך האָב נישט געזינדיקט... מיין ווילן איז עס נישט געווען...

לאַ פּ י ט ו ט. דיין סוד אָבער איז דיין ווילן. האָט דיר ווער געהייסן אַ סוד צו מאַכן פון דעם, וואָס דיר איז געשען?

ר ב י צ י ן. איך האָב געמוזט, געמוזט!

לאַ פּ י ט ו ט. געוואָלט, געוואָלט!

ר ב י צ י ן. איך ווייס דאָך ביז איצטער נישט, ווער איז...

לאַ פּ י ט ו ט. ווייל זיך דאָס נישט אַליין איינריידן.

ר ב י צ י ן. איך רייד זיך נישט איין... מיינע צווייפלען זיי־נען אמתדיקע.

ל א פ י ט ו ט. דו זינדיקסט מיט יעדן וואָרט. ווען דו וואָלסט אויפגעהויבן אויף מיר די אויגן און מיך אָנגעקוקט, וואָלסטו גע־מערקט, ווי איך וואַקס מיט דיין יעדן וואָרט. מיט יעדן וואָרט מאַכס־טו גרעסער דיין עבירה.

ר ב י צ י ן. אָ, ווי איז מיר! אָ וויי! אָ וויי!

ל א פ י ט ו ט. פאַרוואָס האָסטו נישט דערציילט דעם אמת אויף מאָרגן נאָך דער געשעעניש? האָט דיך ווער געצוואונגען דען צו שווייגן? האָסטו גאָר געמאַנט דערפון אַ סוד מאַכן? דיין מאַן איז געוועזן אַ גרויסער צדיק, ווי אַזוי האָסטו זיך דערוועגט די פרוכט פון יענער נאַכט פאַר זיין פרוכט אויסצוגעבן? ווילדע פרוכט טאָר נישט אַריינקומען אין גאָטס קהל, און דו האָסט דיין זון געמאַכט נאָך פאַר אַ רבי!

ר ב י צ י ן. ער איז פרום! ער איז אַ צדיק! ער א י ז אַ רבי! ער איז נישט קיין ווילדע פרוכט! ער איז די פרוכט פון מיין מאַן דעם צדיק.

ל א פ י ט ו ט. איך וואַקס... איך וואַקס... וואַקס אָן אַלץ מערער... אין לייבג און ברייט... ווי אַ טורעם הייב איך זיך אויף איי־בער דיר... דו נערסט מיך מיט די ליגן פון דיין מויל, ווען דו ווילסט דיין צווייפל פאַרלייקענען איינגאַנצן.

ר ב י צ י ן. רחמים, אָ, דערבאַרמונג! אָ, פאַטער פון רחמנות! האָסט מוחל געוועזן אויף גרעסערע זינד!...

ל א פ י ט ו ט. וואָס ווייסטו פון גרעסערע זינד? בין איך נישט גרויס גענוג? האָסט מורא אַ קוק צו טאָן אויף מיר. הייב אויף דיינע אויגן און קוק מיך אָן. זע, ווי גרויס איך בין. איך בין דער מערדער פון די קליינע קינדער, איך בין די מגפה...

ר ב י צ י ן (אין העכסטער פאַרצווייפלונג). וויי־ויי־ויי! ווי און ווינד איז מיר! ווי און ווינד! רבונו של עולם, נעם מיך אוועק! איך וויל דעם טויט, איך וויל נישט לעבן מער!

ל אַ פּ י ט ו ט. בעט נישט דעם טויט אויף זיך. דו בעטסט אויף זיך דעם אייביקן גיהנום.

ר ב י צ י ן. מיין זון, מיין העשל, ער וועט מיין בעטער זיין. זיינע תפלות וועלן מיך אויסלייזן.

ל אַ פּ י ט ו ט. ער איז נישט דאָס, וואָס ער איז. ער וועט בעטן פאַר דיר אין זכות פון זיין פאָטער, און הימל און גיהנום וועלן לאַכן. זיינע תפלות וועלן דיך נאָך טיפער אַראָפּשלעפּן.

ר ב י צ י ן. וואָס זאָל איך טאָן? גאָטעניו, וואָס זאָל איך טאָן?

ל אַ פּ י ט ו ט. דו ווייסט און פרעגסט און — פאַרגרעסערסט מיך.

ר ב י צ י ן. תשובה טאָן?... ראַטעווען מיין נשמה?... פאַר-ניכטן אים?..

ל אַ פּ י ט ו ט. וואָס פרעגסטו אַלץ?

ר ב י צ י ן. איך בין זיין מוטער... איך ליב אים אומענד-לעך... ער איז אומשולדיק... ער איז אַ גרויסער צדיק...

ל אַ פּ י ט ו ט. איך וואַקס, איך וואַקס, ווער שווערער אַלץ. וועל דיך אַראָפּשלעפּן אין דער טיפסטער טיפעניש... אין אַלע אײ-ביקייטן...

ר ב י צ י ן. רבונו של עולם, רחמנות!

ל אַ פּ י ט ו ט. וואָס בעטסטו? דו ווייסט, ער וויל נאָר תשו-בה.

ר ב י צ י ן. תשובה... תשובה... איך וועל... איך וועל...

ל אַ פּ י ט ו ט. דיין האַרץ איז נאָך נישט אין דיינע ווערטער.

ר ב י צ י ן. איך וועל תשובה טאָן... וועל צונויפרופן אַן עדה יידן... וועל זיך מתוודה זיין פאַר זיי...

ל אַ פּ י ט ו ט. דו גלויבסט נישט, וואָס דו זאָגסט.

ר ב י צ י . איך וועל... איך וועל זיך מתוודה זיין און שטאַר-בען.

ל אַ פּ י ט ו ט. דאָס רעדט דיין שוואַכקייט. ווערסטו זיך מתוודה זיין און בלייבן לעבן?

ר ב י צ י ן. רחמנות, גאָט, רחמנות! איך וויל דעם טויט! איך בין איבערזאַט מיט יאָרן!

ל א פּ י ט ו ט. ווילסט אַנטלויפן און רופסט עס תשובה טאָן!

ר ב י צ י ן. אָ, גאָטעניו! אָ, גאָט! דו ווילסט נאָך מידת הדין... נאָך מידת הדין... דו ווייסט, וואָס דו טוסט... ראַטעווע מיין נשמה!... לייז מיך אויס פון מיין זינד... איך וועל תשובה טאָן, מתוודה זיין זיך... אַרויסשרייען מיין זינד... (ווענדט זיך צו גיין.)

אַ נ אַ ט ה ע מ א (שפּרינגט אַראָפּ פון זיין זיץ און פאַרשטעלט איר דעם וועג). וואָס גייסטו טאָן, צדיקת?

ר ב י צ י ן. תשובה טאָן... תשובה...

אַ נ אַ ט ה ע מ א. אויף וואָס ווּעסטו תשובה טאָן?

ר ב י צ י ן. אויף מיין גרויסער עבירה.

אַ נ אַ ט ה ע מ א. וואָס דו ביזט נישט באַגאַנגען.

ר ב י צ י ן. איך בין... איך בין... איך בין באַגאַנגען... אַ שווערע עבירה...

אַ נ אַ ט ה ע מ א. ביזט אין איר נישט שולדיק. האָסטו די פאַרגוואַלטיגונג געוואָלט, געזוכט? האָט דער גרויסער געזונטער קאָזיק די פרוי אין דיר געוועקט, גערייצט? ביזט פאַר שרעק געוועזן גאַנץ באַטויבט, פאַרחלשט און האַלב-טויט אין ראַנגלעניש מיט אים.

ר ב י צ י ן. איך האָב נישט געטאָרט באַהאַלטן.

אַ נ אַ ט ע מ א. דו האָסט נישט געטאָרט אַרויפוואַרפן קיין ספק אויף דיין זון.

ר ב י צ י ן. מיין ספק איז מיין עבירה. איך האָב גאָר נישט געטאָרט קיין ספק האָבן.

אַ נ אַ ט ה ע מ א. דו זינדיקסט, ווען דו זאָגסט עס. ביזטו נישט אין יענער נאַכט געוועזן אַ ווייב דיין מאַן דעם צדיק?

ר ב י צ י ן. אָ, רעד נישט צו מיר אַזוי!

אַ נ אַ ט ה עמ א. האָט ער נישט דיין בויך געבענטשט? האָט ער נישט געזאָגט, דו וועסט אים אַ זון געבאָרן?

ר ב י צ י ן. דאָס האָט ער אָפט געזאָגט. דאָס איז געווען זיין וואונטש און ברכה אַלע יאָרן.

א נ א ט ה ע מ א. אין יענער נאַכט איז זי מקוים געוואָרן.

ר ב י צ י ן. דורך דער פאַרגוואַלטיגונג פון דעם קאָזיק.

א נ א ט ה ע מ א. דאָס ווייסטו נישט. דאָס קאָנסטו גאָר נישט וויסן.

ר ב י צ י ן. איך האָב עס נישט געטאָרט מאַכן פאַר אַ סוד... געמוזט דערציילן... אויפדעקן פאַר דער וועלט...

א נ א ט ה ע מ א. וואָלט די וועלט געשאַפן דיר געווים־הייט? דו וואָלטסט בלויז דיין קינד פאַרניכטן, און די וועלט וואָלט נישט געהאַט דעם צדיק. זע, וואָס פאַר אַ צדיק דו האָסט דער וועלט געגעבן! וואָלט ער דאָס געוואָרן, ווען זיין אָפּשטאַם וואָלט געווען אַ פאַרגוואַלטיגונג, און זיין פאָטער אַ שיכורער קאָזיק? דו זינדיקסט מיט דיין ספקות, דיין סוד האָט דער אויבערשטער אַליין געוואָלט. ער איז געווען מיט דיר — אָ, ווער איך פרום! — פון אים זיינען דיינע מחשבות, פון אים אַלע דיינע מעשים...

ר ב י צ י ן. וואָס ווילסטו מיך נאַרן! מיין עבירה איז גרויס און ווערט נאָך גרעסער...

א נ א ט ה ע מ א. וואָס ווייסטו פון גרויסע עבירות אָדער קליינע? דו וואָלטסט געזינדיקט, ווען דו דערציילסט. דו וואָלטסט די פרוכט פון דעם צדיק אין דיר פאַרשוועכט.

ר ב י צ י ן. איך מוז זיך מתוודה זיין... איך מוז מיין האַרץ באַפרייען... אָראָפּוואַרפן פון זיך די שווערע לאַסט.

א נ א ט ה ע מ א. די שווערע לאַסט האָט ע ר אויף דיר אַרויפגעלייגט, און דו טאָרסט זי נישט אַראָפּוואַרפן פון זיך. דו וועסט באַגיין די גרעסטע זינד, ווי איינער, וואָס מאַכט חרוב אַ גאַנ־צע וועלט, און דו וועסט חרוב מאַכן אַ גרויסע וועלט. האָסטו באַ־קלערט, וואָס עס וועט זיין מיט דיין זון, ווען דו וועסט אים פאַרמסרן, אַז דו ווייסט נישט, ווער זיין פאָטער איז? האָסטו אַ טראַכט געטאָן, אין וואָס פאַר אַ ים פון שרעק און מרה שחורה דו וועסט אַריינ־וואַרפן דאָס יידנפאָלק? ווען, מיינסטו, וועסטו זינדיקן: ווען דו וועסט ריידן אָדער אָנהאַלטן דיין שווייגן?

ר ב י צ י ן. איך ווייס נישט, אָ, איך ווייס נישט!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. ווייס איך דאָך, וואָס איך רייד.

ר ב י צ י ן. איך ווייס נישט, ווער דו ביזט. רעדסטו מיך צום גוטן צו? רעדסטו מיך צו צום בייזן? ביזט פּיליכט דער יצר הרע... ווייסט מיין שוואַכקייט צו מיין זון און טרייבסט מיך טיפער אין דער זינד...

אַ נ אָ ט ה ע מ אַ. וואָלט איך צו דיר אזוי גערעדט? וואָלט איך דיר נישט געזאָגט, אַז אַ גאָט, וואָס פאַרהיט נישט זיינע גע־טרייע פון שחיטות און פאַרגוואַלטיגונגען, איז נישט ווערט, מ'זאָל אים ליבן נאָך און אים געטריי זיין?

ר ב י צ י ן. הער אויף! דו לעסטערסט! איך טאָר עס נישט הערן!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. איך זאָג עס דיר דאָך נישט. איך זאָג נאָר, דו ווייסט נישט, וואָס ער וויל, און ווייסט נישט, וואָס ער טוט, אָבער דו ווייסט, אַז אַלץ, וואָס דו טראַכסט און טוסט, קומט פון אים. דו האָסט נישט געזינדיקט, ווען דו האָסט געשוויגן און אַ צדיק הדור אויפגעצויגן. דו וועסט אָבער זינדיקן, ווען דו וועסט ריידן און דעם צדיקס פּאַרניכטן. וואָס מיינסטו, וויל דער אויבערשטער, דו זאָלסט טאָן?

ר ב י צ י ן. איז עס דיין ווילן? אָ, גאָטוניו... דיין ווילן איז עס... וועל איך שווייגן... וועל איך ווייטער שווייגן... (גייט.) וועל איך ווייטער שווייגן. (גייט אַוועק.)

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ (לאַכט אַ גרויסן געלעכטער, דערזעט דעם אָנקומענדיקן מעפיסטאָפעל און ווענדט זיך צו אים). מעפיסטאָ, איך האָב עס גוט געמאַכט מיט דער אַלטער רביצין. זי וועט איר סוד שוין האַלטן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. איצטער קוק און שווייג און לערן, ווי מען באַגייט זיך מיט פרומע יידנמיידלעך. (אַ רינג פון ייִנגע שעדיכעס קומט אַריינגעטאַנצט אַרום שבעין, וועלכע לויפט אַרום פון איין זייט צו דער אַנדערער גאַנץ פאַרלאָרן און דערשראָקן און זוכט אַן אַנטלויף פון דעם רינג אַרויס. מעפיסטאָפעל נעמט אַ גיטאַרע, שפּילט און זינגט.)

קליין שבע האָט אַ פּעטערל,
טראַכט זי פון אים ביי טאָג און נאַכט.
זי קושט אים אין איר חלום זיס
און בענקט נאָך אים, אָ! ווען זי וואַכט.

קליין שבע האָט איר פּעטערל
אין האַרץ ביי זיך טיף איינגעפּאַסט.
דער פּעטער, אָך, דאָס פּעטערל,
ווען ער וואָלט בעסער אויפגעפּאַסט!

האָט אויגן צוויי און זעט זי נישט —
ווי טוט עס שבע'ן זייער וויי!
האָט אויערן און הערט גאָר נישט
פון טיפן האַרץ איר ליב־געשריי.

האָט ליפּן צוויי און קושט זי נישט —
איז נאָך אַזאַ בזיון פאַראַן?
אָ, פּעטערל! אָ, פּעטערל!
ביזטו אַ מלאך, נישט קיין מאַן?

ש ב ע (צו די שעדיכעס). הערט אויף! הערט אויף! עס דרייט זיך מיר אין קאָפּ!

ש ד י כ ע ס. וועלן מיר אים דרייען דיר צוריק! (טאַנצן פון לינקס נאָך רעכטס און זינגען דאָס ליד אויף צוריק.)

ביזטו אַ מלאך, נישט קיין מאַן?
אָ, פּעטערל! אָ, פּעטערל!
איז נאָך אַזאַ בזיון פאַראַן?
האָט ליפּן צוויי און קושט זי נישט!

פון טיפן האַרץ איר ליב־געשריי,
אָ, הערט ער נישט! אָ, הערט ער נישט!
ווי טוט עס שבע'ן זייער וויי!
ער זעט זי נישט! ער זעט זי נישט!

ש ב ע (מיט אירע פויסטן צו די שעדיכעס). לאָזט מיך ארויס! ווער זייט איר? איך קען אייך נישט. אוועק! אוועק פון מיר!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. שעמסט זיך נישט? וואָס טרייבסטו דיינע חברטעס?

ש ב ע. זיי זיינען נישט מיינע חברטעס. איך האָב גאָר קיינ־מאָל קיין חברטעס נישט געהאַט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. איז עס מעגלעך? ווי קאָן מען זיין אָן חברטעס? ווי קאָן מען זיין אָן שפּיל, געזאַנג און טאַנץ?

ש ב ע. שפּיל, געזאַנג און טאַנץ, זיי זיינען אויסגעלאַסנקייט. אַ יידישע טאָכטער טאָר נישט.... (אַלגעמיינער געלעכטער.)

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. דו רעדסט'אַך ווי די אַלטע רביצין!

ש ב ע. און ווי זי וועל איך זיך אויפפירן אין לעבן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ווילסט אָנהייבן פון סוף? זיינען דיינע פּיס אַזוי שווער ווי אירע? איז דיין גוף דען אַזוי שטייף ווי אירער? איז דיין בלוט דען אַזוי קאַלט און זיינען דיינע אויגן אַזוי פון אַלט־קייט פאַרשלייערט? דו ביזט זעכצן, זי איז איבער זעכציק. דאָרטן, וואו זי מוז אַרומטערקריכן, קאָנסטו אַריבערשפּרינגען...

ש ב ע. איך שפּרינג נישט... איך שפּרינג קיינמאָל נישט... אַ יידישע טאָכטער טאָר נישט שפּרינגען. (אַלגעמיינער געלעכטער.)

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אַזוי זאָגט די אַלטע רביצין. זי פאַר־באַט, וואָס זי קאָן נישט.

ש ב ע. זי איז קיינמאָל נישט געשפּרונגען. זי איז נישט גע־שפּרונגען, אַפילו ווען זי איז געווען יונג, ווען זי איז געווען אין מיינע יאָרן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. דאָס ווייסטו נישט. פאַרוואָס זאָגסטו, וואָס דו ווייסט נישט? האָט זי דיר דען אַלץ פון איר לעבן דערציילט? אפשר באַהאַלט זי וואָס?

ש ב ע. ניין! ניין! זי האָט נישט וואָס צו באַהאַלטן!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. דו גלויב מיר: נישט פרומקייט נאָר אַלטקייט רעדט פון איר אַרויס, אַלטקייט, וואָס האָט די יונגע יאָרן

שוין לאַנג פֿאַרגעסן. אָדער גאָר אַלטקייט, וואָס וויל די יונגע יאָרן פֿאַרלייקענען.

ש ב ע. אָ, ניין! ניין! רייד נישט אַזוי! איך וועל דיר דאָס נישט גלויבן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. גלויב מיר, יוגנט וויל חברטעם האָבן — ביינקסטו נישט נאָך זיי? יוגנט האָט באַוועגלעכקייט אין אַלע גלידער און עס ציט זי צו שפּיל און טאַנץ. דעם אמת זאָג: וואָס פֿילסטו, ווען דו זעסט יונגע מיידלעך טאַנצן? אָט קוק צו און זאָג מיר. (פּאַטשט אין די הענט. יונגע שדים און שעדיכעס הייבן אָן אַ טאַנץ.)

ש ב ע (קוקט צו דעם טאַנץ, ווערט פֿאַראינטערעסירט, איר קערפּער נעמט אָן ביסלעכווייז און אומבאַמערקט פֿאַר איר אַליין אַ טאַנץ־פּאָזיציע).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל (צו אַנאַטהעמאַ). איך האָב אויף עלטערע אַזויפֿיל ווערטער נישט פֿאַרלאָרן, ווי אויף דער דאָזיקער יידנמיידעלע. אָבער זעסט, זי גיט שוין נאָך. באַלד וועט זי ביי מיר טאַנצן.

א י ו נ ג ע ר ש ד (קומט צו צו שבען און לאַדט זי איין צום טאַנץ מיט גראַציעזער פֿאַרבויגונג).

ש ב ע (דערשרעקט זיך, מאַכט אויף אים מיט די הענט, צו שרייט זיך). מ'טאָר נישט! מ'טאָר נישט! מ'טאָר נישט! (אַלגעמיינער געלעכטער.)

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. דו ביזט מיט איר נאָך נישט פֿאַרטיק, מעפֿיסטאָ!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. איך פֿאַרשטיי איצטער, פֿאַרוואָס דו ליבסט בעסער פֿאַגראָמען.

ש ב ע. לאָזט מיך אַרויס! איך וויל אַוועק פֿונדאַנען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אָ, איך ווייס, וואוהין דו ווילסט!

ש ב ע. איך וויל אַהיים! צו דער באָבען און צו דער מומען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. און צו דעם פֿעטער... וואָס ביזטו רויט געוואָרן?

ש ב ע. דאַרפסט מיין פעטער נישט דערמאָנען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. האָסט מורא, איך זאָל אים דיר דער־מאָנען, און טראַכסט דאָך פון אים כסדר.

ש ב ע. ער איז אַ הייליקער, אַ צדיק...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. און אַ שיינער, זייער אַ שיינער. האָסט ליב אויף אים צו קוקן.

ש ב ע. ער איז מיין פעטער.

מ ע פ יס ט אָ פ ע ל. און וואָלטסט געוואָלט, ער זאָל אויף דיר קוקן. גייסט אוים נאָך אַ בליק פון זיינע שיינע אויגן.

ש ב ע (גאַנץ פאַרקלערט). יאָ, איך גיי אוים נאָך אַ בליק פון אים... עפעס ווערט מיר גוט אַזוי, ווען ער טוט אויף מיר אַ קוק. עס איז, ווי ער וואָלט מיך געגלעט און עפעס מיר געזאָגט... עפעס ווייכס, עפעס ליבס... איז דאָס אַן עבירה, ווען איך וויל, ער זאָל אויף מיר אַ קוק טאָן?

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אַן עבירה גאָר! וואָס פאַלט דיר איין! אַן עבירה איז, וואָס דו ווילסט נישט שטאַרק גענוג. דו דאַרפסט נאָך שטאַרקער וועלן, ער זאָל אויף דיר קוקן. עס טוט דיר גוט, זאָגסטו, און ווען דיר איז גוט, דאַנקסטו דען נישט אים דאָרטן אויבן?

ש ב ע. איך דאַנק! איך דאַנק פון גאַנצן האַרצן!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. טוסטו נאָך אַ מצוה. ווען דו זעסט אים נישט און ער זעט דיך נישט, ביזטו טרויעריק — קאָנסטו דאַנ־קען דעם אויבערשטן, ווען דו ביזט טרויעריק? אין טרויער דאַנקט מען דאָך נישט...

ש ב ע. איך דאַנק גאָט שטענדיק, שטענדיק...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל (צו אַנאַטהעמאַן מיט פאַרצווייפלונג). אָההה! (צו שבעין.) ווען ליבסטו בעסער גאָט... (גלאָצט די אוי־גען מיט אומגעדולד.)

אַ נ אַ ט ה ע מ א. נישקשה, אויך איך האָב זיך גענוג דאָ אָנ־געדעדט אין זיין נאָמען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. זאָג, ווען ליבסטו אים בעסער: ווען דו ביזט פריילעך אָדער טרויעריק?

ש ב ע. דו פרעגסט אַ זינדיקע שאלה.

אַ נ אַ ט ה ע מ א (לאַכט).

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אָ, דו ווילסט נישט ענטפערן!

ש ב ע. איך ווייס נישט. איך פאַרשטיי נאָך נישט. איך בין נאָך זייער יונג.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ביזט שוין באַלד זעכצן. ביזט שוין אַ כלה־מיידל.

ש ב ע. ניין! ניין!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָס מיינסטו מיט דעם ניין?

ש ב ע. איך וויל נישט חתונה האָבן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָס זאָגט דערצו דער פעטער?

ש ב ע. ער וויל מיך נישט צווינגען. ווען ער וואָלט אָבער גע־וואוסט...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָס?

ש ב ע. ניין, ער טאָר עס נישט ווייסן!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָס טאָר ער נישט ווייסן?

ש ב ע. איך וויל נישט חתונה האָבן, ווייל איך וויל נישט אוועק פון זיין הויז, איך וויל בלייבן לעבן אים.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ער ווייס עס.

ש ב ע. אָההההה!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ער וואָלט נישט געווען דער גרויסער רבי, ווען ער וואָלט דאָס נישט געוואוסט.

ש ב ע. אָ, זאָג עס נישט! איך וועל נישט קאָנען קוקן אים גלייך אין די אויגן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ער צווינגט דיך נישט, ווייל ער וויל נישט, דו זאָלסט אַוועק. ער וויל, דו זאָלסט זיין לעבן אים. אויך ער גייט אויס נאָך אַ בליק פון דיר.

ש ב ע. ניין, ניין, ניין!... וואָס זאָגסטו דאָרטן? דאָס טאָר מען אפילו נישט טראַכטן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. וואָלטסטו נישט געוואָלט, דאָס זאָל אמת זיין?

ש ב ע. איך וועל זיך באַלד צוואויינען.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. דאָ וויינט מען נישט, קליינע שבע. דאָ זיינען אַלע פריילעך, און דו זאָלסט אויך פריילעך זיין. דו גלויב, דער פעטער וויל דיך נישט אַוועקשיקן; דו גלויב, ער וויל דיך האָבן לעבן זיך. פריי זיך, קליינע שבע! (מיט שיר השירים ניגון.) דו ביזט דעם פעטערס, און נאָך דיר איז זיין געלוסט...

ש ב ע (מיט פרומען שרעק). וואָס האָסטו געזאָגט!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. ער וויל, דו זאָלסט בלייבן לעבן אים.

ש ב ע. יאָ,... יאָ... איך וועל בלייבן לעבן אים. וועל נישט אַוועק, ביז ער וועט מיך נישט אַוועקשיקן. ווען ער וויל מיך זען, אָ, ווען ער וויל מיך זען!... (הייבט אויף די הענט אין אַנטציקונג. די טענצער און טענצערינס רינגלען זי ווידער ארום, זינגען און טאַנצן אַרום איר און דערווייטערן זיך מיט איר, ביז זיי פאַרשווינדן.)

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. פו, האָב שוין לאַנג אזוי נישט געאַרבעט!

א נ א ט ה ע מ א (לאַכט זיין גרויסן געלעכטער). מ'טאָר נישט! מ'טאָר נישט!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אָבער איר „מ'טאָר נישט" איז שוין אָנגעפּלאַצט אַ ביסל, מיט דעם צדיקס הילף וועט עס אינגאַנצן פּלאַצן.

א נ א ט ה ע מ א. נאָך וויכטיקער, וואָס מיט איר הילף וועט דער צדיק פּלאַצן. (שטן קומט אָן מיט רב העשלען. עס ברעכט אויס אַ פרייד־געשריי מיט אַ גאַנצער וואַקכאַנאַליע. אַלע און אַלץ טאַנצן און זינגען.)

ג ע ז א נ ג.

קוואַ־קוואַ־קוואַ און האו־האו־האו,
פּישטש און פייף און מיאו־מיאו־מיאו...
זינגט און רעשט און ברומט און שרייט:
ס'ווערט דער מענטש פון זיך באַפרייט!

יאָך און צוימען פאַלן אָפּ!
מענטש הייבט ווידער אויף זיין קאָפּ
און ווערט מיט שמחה פאַרגעשטעלט:
בירגער פון דער חיה־וועלט!

ר ב ה ע ש ל (שטייט ווי געבלענדעט, קוקט זיך אַרום פאַרוואונדערט, פאַרלאָרן, מאַכט צו די אויגן, שאָקלט זיך ווי אומ־צופאלן. שטן פירט אים ווייטער, ווייטער, פירט אים דורך דעם טאַנצנדיקן עולם ביז צו די קליינע שרעטלעך־פאַרזעניש, וועלכע רינגלען אים אַרום מיט הענט־געפּאַטש און מיט שמחה־געקוויטש).

ש ט ן (לאָזט אים שטיין און איילט צו צו מעפיסטאָפּעלן און אַנאַטהעמאן). אַ שווערע אַרבעט געווען!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. איך פיל דיר מיט.

ש ט ן. ער האָט זיך געווערט, געווערט. געמוזט אים צומאַכן די אויגן, אַ דרעמל אַרויפגעוואָרפן אויף אים. אָבער ער וועט זיך שוין נישט אַרויסדרייען. די מיידל זיצט אים טיף שוין אין זיין בלוט.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. אַ העלד! מקווה־ריח, אויסגעוויקטקייט...

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. תעניתים־בלייכקייט, אָפּגעצערטקייט...

ש ט ן. אָבער אַ פייער ברענט אין אים.

ד י ש ר ע ט ל ע ך (אַרום העשלען). טאַטע! טאַטע! דער קענסטו אונז? פון דיינע מחשבות זרות זיינען מיר געבאָרן געוואָרן, פון דיינע זינדיקע חלומות זיינען מיר די פרוכט. דערמאָנסטו זיך אויף אונז?

ר ב ה ע ש ל (קוקט זיי אָן מיט ווייט פאַרנאַנדערגעריסענע אויגן און שאָקלט שווער צו מיטן קאָפּ). דאָס זיינען זיי... דאָס זיי־נען זיי...

אַ ש ר ע ט ל. איך בין באַשאַפן געוואָרן פון דיין ערשטן זינדיקן בליק, וואָס דו האָסט אויף שבע׳ן געוואָרפן.

ר ב ה ע ש ל (ברומט אַרויס). אווו!

אַ צ ו ו י י ט ע ר. און איך פון דעם פאַרלאַנג אַ צווייטן בליק אויף איר צו וואַרפן.

ר ב ה ע ש ל (שאָקלט מיטן קאָפּ). אוהום!

אַ ד ר י ט ע ר (רעדט פאַר אַ גרופּע הינטער אים). דו ביזט איבער א הייליקן ספר געזעסן, אָבער ביים וואָרט נ ו ק ב א האָסטו שבע'ן געפּילט. און גלייך זיינען מיר געבאָרן געוואָרן, נישט־דער־וואָקסן, ווי דו זעסט.

ר ב ה ע ש ל (קוקט זיי אָן מיט רחמנות).

אַ פ ע ר ט ע ר. האָסט דיין קראַנקע ווייב אָנגעקוקט און פון שבע'ן א טראַכט געטאָן, און וואָס פון דעם איז אַרויס, זעסטו דאָ אין מיר.

ש ט י מ ע ן. און אין מיר! — און אין מיר!— און אין מיר!...

ר ב ה ע ש ל (מיט אַ ליידנדיקן בייענקדיקן אויסדרוק אויף זיין פּנים). אָ, יאָ!

אַ פ י נ פ ט ע ר. העהע! און איך בין דער גרעסטער און שטאַרקסטער, כאָטש דער יינגסטער. איך בין געוואָרן, ווען דו האָסט די אויגן צוגעמאַכט און שבע'ן געזען אין דיינע אַרמס.

ר ב ה ע ש ל (עקסטאַזיש). שבע'ן אין מיינע אָרמס!

מ ע פ י ס ט א פ ע ל (הינטער אים, מיט שיר השירים־טראָפּ, צושפּילנדיק אויף דער גיטאַרע). „דיין לינקע האַנט אונטער מיין קאָפּ, זיין רעכטע נעמט מיך אַרום."

ר ב ה ע ש ל (אנטציקט). ווי אין שיר השירים!

אַ נ אַ ט ה ע מ א (פון דער זייט מיט פינסטערער שטים). דאָס האָט זיך דיר בלויז געחלומט.

ר ב ה ע ש ל. ניין. זי איז געווען אין מיינע אָרמס (אויך מיט שיר השירים ניגון) מיין לינקע אונטער איר קאָפּ און מיין רעכטע האָט זי אַרומגענומען.

ש ט ן. איז דאָס נישט די גרעסטע פרייד? איז דאָס נישט דאָס העכסטע גליק?

ר ב ה ע ש ל (מאַכט עטלעכע עקסטאַזישע טאַנץ־באַוועגונגען).

מ ע פ י ס ט א פ ע ל (מיט שיר השירים ניגון). „ווי שיין און ווי ליב ביזטו, ליבע אין גענוס!"

ר ב ה ע ש ע ל (חזרט איבער מיט עקסטאַזישע טאַנץ־באַוועגונגען). ווי שיין און ווי זיס ביזטו, ליבע אין גענוס!

אַ נ אַ ט ה ע מ א (ווי פריער). ווען דו האָסט זיך אויפגעכאַפּט, האָסטו געפּאַסט און מלקות זיך געשלאָגן.

ר ב ה ע ש ל (קוקט זיך אַרום גאַנץ פאַרלאָרן). איך האָב... איך האָב... וויי מיר!

ש ט ן. פאַר א ביסל פרייד און נחת אַזויפיל יסורים אָנטאָן זיך!

ר ב ה ע ש ל. פאַר אַ ביסל פרייד... איך טאָר קיין אַנדער פרייד נישט האָבן, ווי נאָר אין לערנען, קיין אַנדער נחת נישט, ווי נאָר אין עבודת הבורא... אָבער איך ביינק... איך ביינק...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „אויף מיין געלעגער אין די נעכט האָב איך געזוכט, וועמען מיין נשמה ליבט..."

ר ב ה ע ש ל (ענדיקט מיט טראָפּ). „האָב אים געזוכט און נישט געפונען".

ש ט ן. ז י געזוכט און נישט געפונען!

ר ב ה ע ש ל. זי... זי...

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. ווי רואיק ביזטו געווען, ווען דו האָסט זי נישט געהאַט אין זיך! פאַרוואָס שיקסטו זי נישט אַוועק? פאַרוואָס דערוויטערסטו זי נישט פון זיך?

ר ב ה ע ש ל. איך קאָן נישט... איך קאָן נישט... איך גיי דאָך אויס נאָך איר!

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „גרויסע וואַסערן וועלן נישט קאָנען פאַרלעשן די ליבע און טייכן וועלן זי נישט פאַרפלייצן..."

ר ב ה ע ש ע ל. וואָס וועט העלפן, אַז איך וועל זי אַוועקשיקן איבער בערג און טייכן?

ש ט ן. נאָך גרעסערע בייגקשאַפט, דאָס פייער אין האַרץ וועט ווערן פלאַקער. צום פאַרלאַנג נאָך איר וועט צוקומען קנאה, ווייל אַן אַנדערער וועט זי האָבן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „ווייל שטאַרק ווי דער טויט איז ליבע, שווער ווי אַ קבר איז קנאה; אירע פלאַמען זיינען פייערפלאַמען..."

ר ב ה ע ש ל (צושרייט זיך). עס ברענט! עס ברענט! עס ברענט! עס עסט מיך אויף אינגאַנצן און רויבט מיין רו מיר! איך בין נישט איך מער, איך בין אַן אויסגעביטענער! מיין אויער הערט זיך צו, צו קומט זי נישט, מיט אַלע מיינע גלידער פיל איך זי אין שטוב, און מיינע אויגן זוכן זי, זוכן זי...

מ ע פ יס ט אָ פ ע ל. „קום צוריק, קום צוריק, אָ, שולמית! קום צוריק, קום צוריק און מיר וועלן זיך אָנקוקן!...."

ר ב ה ע ש ל. שולמית... שולמית... (שרייט אויף מיט שרעק.) שולמית!... די תורה! די הייליקע תורה!... ווי מיר!!... פון וועמען האָב איך געטראַכט, ווען איך האָב דעם הייליקן נאָמען אויס־געשפּראָכן!... רבון כל העולמים!... על חטא שחטאתי לפניך בהרהור הלב! על חטא שחטאתי לפניך בועידת זנות! (קלאַפּט זיך אין האַרצן און וויינט ביטערלעך.)

אַ נ אַ ט ה ע מ א. דיין געוויין וועט דיר נישט העלפן, דיין שלאָגן זיך על חטא וועט דיך נישט ראַטעווען. דו טוסט תשובה און זינקסט טיפער נאָך אין זינד. די תפלות זיינען דיר אויף דער צונג, אָבער שבע איז אין דיינע געדאַנקען...

ר ב ה ע ש ל (שטאַרקער נאָך). על חטא שחטאתי לפניך ביצר הרע!

ש ט ן. שבע — יונג און צאַרט און חיותדיק...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „דו ביזט שיין, מיין ליבסטע, דו ביזט שיין, דיינע אויגן טויבן זיך פון צווישן דיינע צעפּ."

ר ב ה ע ש ל (הערט אויף צו וויינען און בלייבט שטיין אין פאַרקלערטער אַנטציקונג).

ש ט ן. שבע... שבע'לע... אַן אַנדערער וועט זי אַוועקנעמען פון הויז... די חדרים וועלן ווערן וויסט און ליידיק... די אויערן וועלן הערן נאָר דעם קרעכץ און יאָמער פון דער קראַנקער וויב...

ר ב ה ע ש ל (וועמט אָן אַ האַרטן בייזן אויסדרוק). איך וועל תפילה טאָן, מיין ווייב זאָל שטאַרבן. צו וואָס דאַרף זי לעבן? זי איז קראַנק און איבעריק און טרייבט מיך צו אַן עבירה. זי מוז

שטאַרבן...גאָט מוז צונעמען זי צו זיך... זי וועט שטאַרבן... זי וועט שטאַרבן... שטאַרבן...

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. אַט דאָס געזיכט דיינס ליב איך צו זען.

ר ב ה ע ש ל. דאָס געזיכט!... וואָס זעסטו אויף מיין געזיכט?!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. ביזט ערשט געוועזן אַ מערדער, האָסט דיין ווייבס טויט געוואָלט.

ר ב ה ע ש ל. יאָ, איך וויל, זי זאָל שטאַרבן.

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. וואָלסטו זי געקאָנט מיט דיינע אייגענע הענט דערמאָרדן?

ר ב ה ע ש ל. מיט מיינע אייגענע הענט?!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. אַרומנעמען אַט אַזוי איר האַלדז און דריקן, דריקן...

ר ב ה ע ש ל. וואָס רעדסטו דאָרטן?!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. קיינער וועט עס קיינמאָל נישט וויסן.

ר ב ה ע ש ל. וואָס טוסטו אין מיר אריין?!

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. און אַז דו בעטסט אויף איר דעם טויט, מאָרדעסטו זי נישט?

ר ב ה ע ש ל. ניין. ניין! נישט מיט מיינע הענט!... איך וועל גאָט בעטן, איך וועל זי שילטן, איך וועל זי אָנקוקן מיט בייזע אויגן און זי וועט שטאַרבן...

אַ נ אַ ט ה ע מ אַ. דאָס איז מאָרד... דאָס איז מאָרד...

ש ט ן. עס וועט דערצו נישט קומען. זי וועט לעבן בלייבן. אויף צו־להכעיס וועט זי לעבן בלייבן. זי האָט אין זיך אַ סך לעבן.

ר ב ה ע ש ל. יאָ, זי האָט אין זיך אַ סך לעבן.

ש ט ן. אָבער דיין טיר וועט זיך עפענען, און שבע וועט אַריינקומען, און דו ביזט אַליין.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל (זינגט און שיר השירים'ט). „ווער איז עס, וואָס קוקט אַריין ווי דער מאָרגנשטערן, שיין ווי די לבנה, קלאָר ווי די זון?...“

ר ב ה ע ש ל (גיט פון זיך אַרויס קורצע, אויפלאַכנדיקע טיריש־תאווהדיקע טענער).

אַ נ אַ ט ה ע מ א. דו פרייסט זיך אַזוי!

ר ב ה ע ש ל. מיין האַרץ גייט אויס נאָך איר! איך באַגער זי!

אַ נ אַ ט ה ע מ א. און דערנאָך וועסטו וויינען, וויינען...

ר ב ה ע ש ל. וועל איך וויינען! וועל איך וויינען!

אַ נ אַ ט ה ע מ א. און אויס צדיק!

ר ב ה ע ש ל. און אויס צדיק!

ש ט ן. ביי דער נאַכט, ווען דאָס הויז איז אין שלאָף פאַרזונקען, ליגט שבע אַליין ביי זיך אין צימער, און איר טיר איז נישט פאַרשלאָסן...

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „איך שלאָף און מיין האַרץ איז וואַך, מיין פעטערס שטים קלאַפּט אָן: עפן מיר...״

ר ב ה ע ש ל (ליידנשאַפטלעך). מיין געליבטע! מיין טייבעלע!

ש ט ן. זי וועט זיך נישט דערשרעקן, וועט זיך נישט צושרייען. וואָס דער פעטער טוט, איז דאָך גוט געטאָן.

מ ע פ י ס ט אָ פ ע ל. „איך וועל אַרויף אויף דער פּאַלמע, וועל זיך אָננעמען פאַר אירע צווייגן, דיינע בריסט וועלן זיין ווי די טרויבן־בינטל...״

ר ב ה ע ש ל. ווי די טרויבן־בינטל!... (שבע ווערט אַריינגעטראָגן אויף אַ בעט. ער שרייט ווילד אויף און לאָזט זיך צו איר, אומוואַרפנדיק די, וואָס שטייען אים אין וועג, כאַפּט זי אַריין אין זיינע אָרמס און גיסט זיך צוזויף מיט איר אין אַ לאַנגן קוש. עס הייבט זיך ווידער אָן די וואַקכאַנאַליע.)

ג ע ז אַ נ ג.

מענטש זאָל שלעכט זיין! מענטש מוז שלעכט זיין!
ווידער ווילדע חיה ווערן!
נישט געבונדן, נישט געפּענטעט,
נאָר זיין לוסט זאָל ער געהערן!

זינד איז אויסטראַכטעניש בלויז,<br>אַן אומזיסטע בלאָסע מורא!<br>מענטש פאַרפירט געוואָרן איז<br>פון אַ פאַלשער יידן־תורה!

ר ב ה ע ש ל (הייבט אויף שבעין אויף זיינע הענט או הייבט אָן מיט איר צו גיין. ער טראָגט זי הויך ווי אַ קרבן, און גייט מיט התלהבותדיקע טאַנצנדיקע טריט. אין דער חורבה דרינגט פלוצ־ ונג אַריין אַ פרומער יידישער געשריי: „רבי!" און אַלץ פאַרזינקט אין פינסטערניש.)

# דריטער אַקט.

רב העשלס חדר. ביי דער הינטערוואַנט אַ טיש מיט שטולן; ביי דער לינקער וואַנט אַ ברייטע הילצערנע באַנק מיט אַ ווענטל; אין דער רעכטער וואַנט צוויי טירן: הינטן די טיר צו די פּאַרצימער, פאָרנט די טיר צו די וואוינצימער. נאַכט. אויפן טיש א לייכטער מיט אַ ברענענדיקן ליכט.

רב העשל (זיצט ביים טיש פאַר דעם ליכט איבער אַ ספר, לערנט אויפן קול, קרעכצט, רייבט זיך דעם שטערן, וואַרפט אום פאַרצווייפלט מיט די הענט, בייסט צוזאַמען די ציינער אין בייזקייט און צושרייט זיך ענדלעך). שטן, אָפּגעמעקט זאָל ווערן דיין נאָמען — וואָס פאַרשטעלסטו מיר די אותיות!... שטן, אָפּגע־מעקט זאָל ווערן דיין געדעכניש! — וואָס פאַרשטעלסטו מיר די ווערטער! שטן, וואָס צומישטו מיר די שורות! גאַטוניו, שריי אָן אויפן שטן! איך וויל ריינע געדאַנקען האָבן! איך וויל נישט די זינדיקע געפילן, וואָס ער שיקט אויף מיר אָן! גיב מיר קראַפט צו קעמפן מיט אים... ווייז מיר אָן, ווי צו קעמפן מיט אים.... (באַ־האַלט דעם קאָפּ אין דעם לינקן אָרם און קלאַפּט זיך אויפן האַרצן מיט דער רעכטער פויסט.) אבינו מלכנו!...

צדוק (רוקט זיך אַריין אין צימער פון דער הינטערשטער טיר, ווי אַ בלינדער, ווי ער וואָלט זיך נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס און מוז זיך אָנהאַלטן אָן דער וואַנט. ביים ערשטן שריט בלייבט ער שטיין ווי פאַרחלשט, מיט צוגעמאַכטע אויגן. באַלד עפנט ער זיי אויף און שטעלט זיי אָן אויפן רבין — אויגן, אין וועלכע עס ליגט אַ טויטלעכער שרעק. דעם רבים באַנעמונג טרייבט ארויס פון זיי־נע אויגן דעם שרעק און טרייבט אריין אין זיי פאַרוואונדערונג, אומבאַגרייף. ער מאַכט פאַרחלשטע באַוועגונגען צום רבין מיטביידע הענט, רירט זיך, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אָפּרייסן פון דער וואַנט, און קרעכצט שווער אָפּ).

ר ב  ה ע ש ל  (ווערט אויפמערקזאַם, האַלט איין זיין קלאַפּן אויף דער ברוסט, הערט זיך אַ ווײַלע איין און קוקט זיך אום). צדוק... ברוך מחיה המתים!... פאַרוואָס האָסטו קאַפּלען מיטגענומען? איך האָב נישט געהייסן...

צ ד ו ק  (קוים וואָס ער רעדט.)  איך האָב אים נישט מיטגענומען... ער האָט מיך אויפן גאַס אָנגעטראָפן און איז צו מיר צוגעשטאַנען...

ר ב  ה ע ש ל.  נישט געדאַרפט אים דערציילן... נישט געטאָרט אים לאָזן גיין... איצטער ליגט ער אַ גוסס, און דו ביזט פון טויטע אויפגעשטאַנען. האָב געמיינט, איך וועל שוין ניט וויסן, וואָס דו האָסט דאָרט געזען. קום, זעץ זיך. האַלסט זיך קוים אויף די פיס... זעץ זיך און דערצייל.

צ ד ו ק.  רבי... רבי... אָי וויי!... אָי וויי!...

ר ב  ה ע ש ל.  קום נענטער צו, זעץ זיך, און דערצייל. דערצייל אַלץ. לאָז גאָרנישט דורך. גיי דורך דורך דיין זכרון ווי מיט אַ בעזים, קער אויס אַלץ, וואָס דיינע אויגן און דיינע אויערן האָבן אַהין אַריינגעטראָגן. זיי מבער דעם חמץ.

צ ד ו ק.  צו וואָס? נאָך וואָס? איר ווייסט אַליין... רבי!

ר ב  ה ע ש ל.  איך ווייס נישט, וואָס דו האָסט דאָרטן געזען. דערצייל מיר!

צ ד ו ק.  איך קאָן נישט, רבי!

ר ב  ה ע ש ל.  איך הייס!

צ ד ו ק.  אָ וויי!... אָ וויי!... ווײ די אויגן, וואָס האָבן אַזוינס געזען!

ר ב  ה ע ש ל.  צדוק!

צ ד ו ק.  ביים ערשטן בליק שוין דורך אַ שפּאַלט אין וואַנט איז קאַפּל אומגעפאַלן מיט „שמע ישראל" אויף זיינע ליפּן. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים, אָפּצומינטערן, ברייגגען אים צו זיך, און אַליין נישט געקאָנט מער אויפשטיין. עס האָבן הענט און פיס ביי מיר געציטערט, און צאָן אָן צאָן האָט מיר געקלאַפּט. ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן, ווייס איך נישט. אָבער פּלוצלונג האָט עפּעס מיך

א טראָג געטאָן, אויפגעהויבן און ווידער צוגעשטעלט צום שפּאַלט. הלוואַי וואָלט איך געבליבן ליגן!

ר ב ה ע ש ל. וואָס האָסטו געזען?

צ ד ו ק. ווײ איז מיר!

ר ב ה ע ש ל. וואָס? זאָג דאָך! רייד דאָך!

צ ד ו ק. איר ווייסט עס דאָך געוויס.

ר ב ה ע ש ל. דו הערסט׳אָך, איך ווייס גאָרנישט!

צ ד ו ק (מאַכט צו די אויגן און רעדט ווי אין אַ טראַנס). אַרומגערינגלט פון זינגענדיקע און טאַנצנדיקע שדים און שעדיכעס... אין ווייסע צדיק־קליידער אָנגעטאָן... אין שטריימל, אַרבע כנפות...

ר ב ה ע ש ל. אל אלהי ישראל! (הייבסט אָן אַרויסצוגעבן מאָרימדיקע קרעכצן.)

צ ד ו ק. מיט אַ נקבה אויף די הענט...

ר ב ה ע ש ל (שרייט מאָרימדיק אויף).

צ ד ו ק. התלהבותדיק... טאַנצנדיק... פון מיר האָט עס אַרויסגעשריען: רבי!!!

ר ב ה ע ש ל. ההההאאא!

צ ד ו ק. און אַלץ איז פאַרשוואונדן, ווי אין דער ערד פאַרזונקען... אָדער איז די ערד פון אונטער מיר פאַרזונקען... איך האָב זיך האַלטן נישט געקאָנט... מיר איז גאַנץ פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן... איך בין אַוועקגעפאַלן... וואָס מיט מיר איז ווייטער געוועזן, קאָנט איר מיר אפשר דערציילן... מ׳האָט מיך און קאַפּלען געפונען און אַהער געבראַכט... איך בין ערשט צו זיך געקומען... פאַרוואָס בין איך בעסער נישט טויט?... פאַרוואָס ליג איך נישט ווי קאַפּל אין שטומער גסיסה?...

ר ב ה ע ש ל (קרעכצט די גאַנצע צייט, גיט אַרויס שמאַרצפולע טענער, ברעכט די הענט, רייבט זיך דאָס געזיכט און מורמלט). רבון העולמים!... מלך מלכיא!... גאָטעניו, גאָט פון מיינע אבות!... (צושרייט זיך אין פאַרצווייפלונג). איך האָב די גאַנצע נאַכט אין תשובה צוגעבראַכט... געפייניקט זיך... געיאָגט פון זיך אַלע מחשבות זרות... געטריבן פון זיך דעם שלאָף, אַז קיין חלום זאָל מיך נישט

זינדיק מאַכן... און דאָך!... און דאָך!... אַזוי ווייט איז עס שוין דערגאַנגען!... אַזוי ווייט האַלט עס דאָרט מיט מיר!... צדוק, גיי און רוף צונויף און ברענג אַהער אַ מנין יידן... דערציייל נאָר קיינעם גאָר־נישט... איך אַליין וועל... אָדער האָסטו שוין וואָס דערציילט?

צ ד ו ק. קיין וואָרט איז נאָך איבער מיינע ליפּן נישט געקו־מען.... איך בין דאָך געלעגן... איר ווייסט'אָך, רבי...

ר ב ה ע ש ל. גיי... גיי... ברענג דעם עולם...

צ ד ו ק. זאָל איך דעם זלאָטקאָווער?

ר ב ה ע ש ל. אַ־וואַדע!

צ ד ו ק (קוים באַוועגנדיק זיך). גאָט, גיב מיר כח! (שלעפּט זיך אַוועק אין מידער שוואַכקייט.)

ר ב ה ע ש ל (לייגט אַרויף ביידע הענט אויפן קאָפּ און צושאָקלט זיך). פון דורכלויפנדיקע מחשבות זרות ווערן מחבלים געבאָרן, פון די פאַרבאָרגנסטע זינדיקע געפילן ווערט פאַר אונז אַ שטריק געדרייט. דער הירהור פון אַן עבירה איז שוין אַן עבירה, דער קלענסטער אויפבליץ פון תאווה גיט אונז אַוועק אין דעם רשות פון דעם שטן... איך בין שוין אין זיין רשות... מיין תשובה האָט מיר נאָך נישט געהאָלפן... איך בין נאָך נישט ריין... איך קאָן זי פון מיר נישט פאַרטרייבן, אַרויסרייסן... ווי מיר! ווי מיר! איך וועל זיך מתוודה זיין פאַר אַן עולם יידן... דערציילן זיי מיין חרפּה... איך וועל זיך לאָזן מלקות שלאָגן... זאָל דער זלאָטקאָווער זי צונע־מען... וואָס גיכער צונעמען... וואָס גיכער... (כאַפּט זיך.) וועט עס אָבער הייסן גובר געווען דעם יצר הרע?... זי וועט נישט זיין פאַר מיינע אויגן, און איך וועל דאָך...

ש ב ע (עפנט אויף די פאָרנסטע טיר און בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט).

ר ב ה ע ש ל (קוקט זי אָן מיט ווייט פאַרנאַנדערגעריסענע אויגן, מאַכט אַ טראָט אויף הינטן).

ש ב ע (שווער אָטעמענדיק, מיט אַ שרעקגעזיכט אויסגעקרימט צום אויפגעשריי, הייבט זיך אָן צוריקצוציען).

ר ב ה ע ש ל (אָטעמט אַרויס). שבע!

ש ב ע (כמעט שרייענדיק אין איר שרעק). זייט מוחל, פע־טער... איך האָב... נישט געוואוסט... איר זייט אליין... איך האָב גע־הערט אייך ריידן..

ר ב ה ע ש ל. וואָס האָט דיך געבראַכט אהער?

ש ב ע. די באָבע האָט מיך געשיקט.

ר ב ה ע ש ל. די באָבע!

ש ב ע. צו וואָלט איר נישט געוואָלט נעמען עפּעס אין מויל?

ר ב ה ע ש ל. גראָד איצטער!

ש ב ע. זי פילט, איר זייט שוין גאַנץ פאַרחלשט.

ר ב ה ע ש ל. גראָד איצטער!

ש ב ע. וואָס זאָל מען אייך ברייגגען, פעטער?

ר ב ה ע ש ל. וועמעס האַנט איז אין דעם? ווער האָט זי מיר אונטערגעשיקט?

ש ב ע. אָ, פעטער! דאָך די באָבע! (רעדט אַרויס מיט רחמנות.) איר זייט'אָך ווירקלעך אַזוי פאַרחלשט.

ר ב ה ע ש ל. די מאַמע די צדיקת... וועמעס שליח קאָן זי זיין?

ש ב ע. איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר פרעגט.

ר ב ה ע ש ל. וועמעס שליח?

ש ב ע. די באָבע האָט מיך געשיקט. ווילט איר א גלאָז מילך?

ר ב ה ע ש ל. רזי דרזין!

ש ב ע. וואָס זאָל איך זאָגן דער באָבען, פעטער?

ר ב ה ע ש ל. דער באָבען?... דער באָבען?...

ש ב ע. זי וויל וויסן, וואָס איר ווילט.

ר ב ה ע ש ל. וואָס איך וויל? איך מוז ווען, וואָס גאָט דייט אָן, איך זאָל וועלן.

ש ב ע. איז ווען וועט איר עס וויסן?

ר ב ה ע ש ל. זאָג דער באָבען: ווען איך וועל אין אַלץ קלאָר ווערן, וועל איך איר זאָגן.

ש ב ע. די באָבע וועט זייער אומגליקלעך זיין. (גייט אַוועק, לאָזנדיק די טיר אָפֿן.)

ר ב ה ע ש ל. וועמעס שליח איז זי געווען? ווער האָט אונטערגעזאָגט דער מאַמען דער צדיקת, אַז זי זאָל איצטער אַריינשיקן צו מיר די בתולה? איז עס געווען אַ פינגער פון אויבן אָדער להבדיל אַלף הבדלות פון דער סיטרא אחרא? קאָן עס זיין, אַז די סיטרא אחרא זאָל זיך באַנוצן מיט דער צדיקת לדבר עבירה? דאָס איז אוממעגלעך! איז עס דאָך פון אויבן?... וואָס איז מען מיט דעם דאָ אויסן געווען? וואָס אַזוינס? (טראַכט שטאַרק נאָך, דרייט מיטן פינגער, ווי ער וואָלט זיך וואָס דערקלערט.) אָט־אָט־אָט... (דרייט ווידער מיטן פינגער.) אַזוי מוז עס זיין, און קודשא בריך הוא האָט מיך אויסגעקליבן... ווי יעקב אבינו אין יענער נאַכט, ווען דער שטן האָט זיך אים געשטעלט אין וועג... דער לעצטער געראַנגל וועט עס זיין!... שטאַרק מיך, גאָטוניו! (ציט זיך, ווי ער וואָלט זיך אָנגענומען מיט קראַפט. רב איצעלע און זאַוול קומען אַריין, קוקן אים אָן מיט פאַרוואונדערונג. זאַוול קאָרטשעט זיך פרוס אַיין און בלייבט שטיין ביי דער טיר, רב איצעלע דערנעענטערט זיך צו רב העשלען.)

ר ב א י צ ע ל ע. גוטנאָוונט, רב העשל!

ר ב ה ע ש ל (דרייט זיך שנעל אויס צו אים, עקסטאַטיש). גוטאָוונט, רב יצחק!

ר ב א י צ ע ל ע. אייער גבאי איז ביי מיר געווען. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל נאָך היינט פון אייך הערן.

ר ב ה ע ש ל. ווייסט איר נאָך וואָס, רב יצחק?

ר ב א י צ ע ל ע. ווען איך וואָלט געווען אַ באַרימער, וואָלט איך געענטפערט, אַז איך ווייס נאָך גאָר אַ סך. אָבער איך בין נישט קיין באַרימער, פרעג איך: וואָס נאָך דאַרף איך וויסן?

ר ב ה ע ש ל. ווייסט איר, פאַרוואָס איר זייט דאָ פאַרהאַלטן געוואָרן?

ר ב א י צ ע ל ע. אום אייך אַרויסצוהעלפן.

ר ב ה ע ש ל. ווייסט איר, אויך פון וועמען אַרויסצוהעלפן מיר?

ר ב  א י צ ע ל ע. איך וואָלט בעסער געוואָלט שווייגן, אָבער ווייל איר פרעגט, ענטפער איך אייך: פון סמאָל ימח שמו, וואָס האָט פאַרוואָרפן זיין נעץ אויף אייך.

ר ב  ה ע ש ל (מיט אַן אויפציטער). האָט אייך מיין גבאי וואָס געזאָגט?

ר ב  א י צ ע ל ע. ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, אָבער איך ווייס, ווי ער איז שיר נישט ניזוק געוואָרן.

ר ב  ה ע ש ל. ווייסט איר, הייסט עס... יאָ. דער ימח שמו האָט דאָ פאַרוואָרפן זיין נעץ, אַריינגעקליבן זיך אַהער אין שטאָט מיט זיין גאַנצן בת...

ז אַ ו ו ל. שמע ישראל!...

ר ב  ה ע ש ל. האָט געלאָזט איינעם פון זיינע מחבלים פאַרשטעלן זיך פאַר מיר...

ר ב  א י צ ע ל ע (שטרייננג). האָט איר נאָכגעזוכט אייערע מעשים?

ר ב  ה ע ש ל. יעדן טאָג און יעדן טאָג.

ר ב  א י צ ע ל ע. האָט איר נאָכגעזוכט אייערע געדאַנקען?

ר ב  ה ע ש ל. יעדע מינוט און יעדע מינוט.

ר ב  א י צ ע ל ע. דאָס אויג און דאָס האַרץ זיינען מעקלערס פון עבירות, און דער יצר הרע הערשט, ווען די אויגן קוקן.

ר ב  ה ע ש ל. און מחשבות זרות זיינען מיך באַפאַלן ווי רויבער און גנבים.

ז אַ ו ו ל (שטיל). וויי!... וויי!...

ר ב  א י צ ע ל ע. האָט איר געהאַלטן פאַר אייערע אויגן די געשטאַלט פון אייער טאַטן דעם קדוש זכרונו לברכה? דאָס איז אַן אויסגעפּרוּווטע סגולה צו אויגן, וואָס פאַרקוקן זיך.

ר ב  ה ע ש ל. איך האָב מיין טאַטן דעם קדוש זכרונו לברכה נישט געקענט, און ווייל אַלע זאָגן, אַז איך בין זייער ענלעך צו אים, זע איך נאָר זיך.

ר ב  א י צ ע ל ע. האָט איר געהאַלטן פאַר אייערע אויגן גאָטס נאָמען, געשריבן אויף פּאַרמעט מיט שוואַרצער טינט.

ר ב ה ע ש ל. מיינע אויגן זיינען שטענדיק צו גאָט גע־ווענדט... און דאָך....

ר ב א י צ ע ל ע. איר וועט מיר אַוועקגעבן אייער פּלימעני־צע. איך בין דאָ צוליב דעם פאַרהאַלטן געוואָרן.

ר ב ה ע ש ל. איר וועט זי אַוועקנעמען, נאָכדעם ווי עס וועט געשען, וואָס גאָט וויל פון מיר.

ר ב א י צ ע ל ע. וואָס איז עס אַזוינס?

ר ב ה ע ש ל. עס קומט אַריין אַ גנב צו אַ חלוש און אַ בעל פּחד, וועט זיך דער בעל פּחד צושרייען, און דער גנב וועט אַנט־לויפן. קומט אַריין דער גנב צו אַ בעל כח און נישט קיין בעל פּחד, לאָזט ער אים אַריינגיין אין זיינע חדרים, לאָזט אים אַפילו נעמען אַ חפץ, און דערנאָך באַפאַלט ער אים, בינדט אים הענט און פיס און גיט אים איבער צום געריכט. דורכדעם ווערט ער פון אים ניצול און איז אויך מציל אַנדערע פון אים. גאָט וויל פון מיר, איך זאָל טאָן ווי דער בעל כח.

ר ב א י צ ע ל ע. און נאָך מער אַריינלאָזן זיך מיטן יצר הרע!

ר ב ה ע ש ל. און איך וועל אים מנצח זיין און דערדריקן, און פריי ווערן און פריי מאַכן די וועלט פון אים.

צ ד ו ק (קומט אַריין ווי אַנגעלאָפן).

ר ב ה ע ש ל (ווענדט זיך צו אים). נוו? וואו איז דער עולם?

צ ד ו ק. זיי קומען. איך בין געלאָפן פאָראויס. געוואָלט זען, צי אַלץ איז כשורה.

ר ב ה ע ש ל. וואָס האָסטו זיך געדענקט, צדוק?

צ ד ו ק. איך ווייס נישט, רבי. עפּעס אַ גרויסער פּחד לעבט אין מיר.

ר ב ה ע ש ל. טרייב אים אַרויס פון זיך. אַלץ איז כשורה, צדוק, און גרויסע זאַכן וועלן געשען. ביזט מיר געטריי, צדוק?

צ ד ו ק. איר פרעגט עס, רבי?

ר ב ה ע ש ל. איך ווייס... איך ווייס... וועסט טאָן אַלץ,

וואָס איך וועל דיר הייסן, וועסט מיר העלפן אין אַלץ... וועסטו, צדוק?

צ ד ו ק. איך וועל, רבי, איך וועל!

ר ב ה ע ש ל. בריינג אַריין דעם עולם.

ר ב א י צ ע ל ע. וואָס גייט דאָ פאָרקומען?

ר ב ה ע ש ל. ווילט איר דערביי נישט זיין?

צ ד ו ק (אין טיר). דער רבי האָט געבעטן, איר זאָלט אַריינקומען. (רב העשל הייבט אָן אַרומצוגיין איבערן חדר, שעפּטשענדיק עפּעס פאַר זיך אין פרומער פריידיקער התלהבות. רב איצעלע קוקט זיך איבער מיט זאַוולען און צושאָקלט זיך מיט אַ דרוק מיט די פּלייצעס. זאַוול צושאָקלט זיך אויך אָפּקרעכצנדיק. עס קומען אַריין ברוך, ביינוש און נאָך חסידים איינער נאָך דעם אַנדערן מיט פרומען הכנעהדיקן גוטן אָוונט).

ר ב ה ע ש ל. איצטער, צדוק, וועסטו דעקן דעם טיש, אַריינברייננען שנאַפּס און וויין... קוק מיך אַזוי נישט אָן. טו, וואָס איך זאָג דיר... שנאַפּס און וויין און פאַרבייסן... מיר ווילן פריילעך זיין. שטיי נישט, גיי! וועסט שוין וויסן, צו וואָס דאָס פירט!

צ ד ו ק. איך גיי, איך גיי... זאָל עס נאָר צו גוטן פירן! (גייט אַרויס דורך דער פאָרנסטער טיר, אַרויסווינקנדיק מיט זיך אַ פּאָר חסידים.)

ר ב ה ע ש ל. מיר ווילן פריילעך זיין. זאָגט אַ ניגון, גייט אַ ריקודל. ברוך! ביינוש!

ב ר ו ך (הוסט אָפּ, קוקט זיך אום אויף ביינושן). הם?

ב י י נ ו ש (הוסט אָפּ). אוהום! (ביידע צעשאָקלען זיך און הייבן אָן — צוויי פאַרשיידענע ניגונים. כאַפּן זיך גלייך און רייסן איבער.)

ב ר ו ך. דו רעדסט מיר שטענדיק נאָך, מעגסטו מיר דאָך נאָכזינגען! (הייבט אָן ביינושעס ניגון.)

ב י י נ ו ש. זעסט, און איך האָב געוואָלט אָנהייבן דיין ניגון.

ר ב ה ע ש ל ((אומגעדולדיג). רעדט זיך שוין צונויף וועגן דעם ניגון און זינגט!

חסידים (הייבן אָן אַ ניגון).

ברוך (מיט פאָרוואורף צו ביינוש). האָ!

ביינוש (מיט פאָרוואורף צו ברודין). נו! (פאַלן אַריין אין ניגון — אַ לאַנגזאַמער ניגון, אַ לאַנגזאַמער טאַנץ. וועדליק רב העשל שטייט אין איין ווינקל פאַרדבקהט, רב איצעלע אין אַ צווייטן ווינקל, און זאַוול פירט זיך פאַרזאָרגט איבערן באָרד.)

רב העשל (רייסט איבער געזאַנג און טאַנץ). ״ניין, דאָס איז נישט די פרייִלעכקייט, וועלכע איך מיין, וועלכע איך דאַרף, אָבער מיינע לייט קענען נישט בעסער. מיינע ניגונים זיי־נען שטענדיק טרויעריקע געווען. רב איצעלע, קענט איר אפשר אַ פריילעכס — איר, וואָס איר דינט גאָט פון שמחה!

רב איצעלע. זאַוול, נו!

זאַוול (ווי אויפגעוואַכט, טרייסלט זיך אויף און הייבט אָן צו זינגען).

ברוך. פשש, מיר קענען דעם ניגון!

ביינוש. פהו, אַוודאי קענען מיר אים! (די חסידים זינ־גען אים שוין מיט. אַ פריילעכער ניגון, אַ פריילעכער טאַנץ. רב העשל און רב איצעלע שטייען אין זייערע ווינקלען פאַרדבקהט מיט לעבעדיקערע באַוועגונגען. צדוק און זיינע העלפער ברייגען וויין און שנאַפּס, דעקן דעם טיש, גיסן אָן די גלעזער.)

רב העשל. קומט, לאָמיר מאַכן לחיים! (נעמט אַ גלעזל בראַנפן, מאַכט די שהכל־ברכה מיט גרויסער כוונה און פרומ־קייט. אַלע ענטפערן אַ האַרציק קרעפטיקן פרומען אמן. רב העשל טרינקט אָפּ אַ קליין ביסל.)

רב איצעלע (מאַכט אַ ברכה איבער אַ גלאָז וויין. דער־זעלביקער פרומער אָמן ענטפערט אים אָפּ. ער גיט אַ קליינעם זופּ פון זיין כוס).

רב העשל. לחיים, רב איצעלע! לחיים, יידן! קודשא בריך הוא וועט געבן און דער שטן, דער אשמדאי, ימח שמו וזכרו, וועט אָפּגעראַמט ווערן פון דער ערד! (טרינקט אויס זיין גלעזל.)

רב איצעלע. לחיים, רב העשל! שטענדיק זאָל מען

שטאַרקן דעם יצר טוב קעגן דעם יצר הרע, און ווער עס קומט צו רייניקן, זאָל מען אים העלפֿן. לחיים, יידן! (טרינקט, די אַנדערע מאַכן ברכה, ענטפֿערן אָמן, ווינטשן לחיים, טרינקען. צדוק גייט אַרום, ווי ער וואָלט זיך קיין אָרט נישט געפֿונען. ברוך און ביינוש מאַכן גלייכצייטיק די ברכה, ענטפֿערן זיך גלייכצייטיק אָמן און טרינקען גלייכצייטיק.)

ר ב ה ע ש ל. א ניגון! אַ פֿריילעכס! אַ ריקוד! איך דאַרף חדוה! איך דאַרף שמחה עילאָה! (זאַוול הייבט אָן אַ נייעם זייער פֿריילעכן ניגון, אַנדערע כאַפּן אים אונטער און עס גייט אַוועק אַ פֿריילעכער טאַנץ. רב העשל שרייט אַריין.) איך וויל נאָך פֿריילע־כער! איך וויל נאָך לעבעדיקער! שאַט! צדוק, דו האָסט נעכטיקע נאַכט ניגונים געהערט, געדענקסטו זיי?

צ ד ו ק. איך האָב גאָרנישט געהערט, איך האָב נאָר אַ רעש פֿאַרנומען, אַ רעש געזען, אָבער נישט מער.

ר ב ה ע ש ל. דו האָסט אָבער די טענץ געזען, געדענקסטו זיי?

צ ד ו ק. רבי!

ר ב ה ע ש ל. געדענקסטו זיי?

צ ד ו ק. עס הייבט מיר אָן צו שווינדלען אין קאָפּ, ווען איך טראַכט פֿון זיי.

ר ב ה ע ש ל. קאָנסטו זיי אונז איבערטאַנצן?

צ ד ו ק. רבי!

ר ב ה ע ש ל. טאַנץ זיי פֿאַר אונז, מיר וועלן זיי מיט דיר מיטטאַנצן.

צ ד ו ק. אוי וויי, רבי!

ר ב ה ע ש ל. עס מוז אַזוי זיין. איך מוז האָבן די גרעסטע מדרגה פֿון פֿריילעכקייט. אַזוי ווי אין עצבות לאָז איך זיך אַראָפּ צו דער מדרגה פֿון זיך־פֿאַרגעסן, אַזוי מוז איך אין דער שמחה ארויפשטייגן צו דער מדרגה פֿון שכחה.

ר ב א י צ ע ל ע. אַ הויכע מדרגה!

ר ב ה ע ש ל. טאַנץ, צדוק!

צ ד ו ק. ווי אזוי, רבי?

ר׳ ב׳ ה ע ש ל. איז דאָס דיין פּאַלגן?

צ ד ו ק. אַז איך בין קיינמאָל קיין טענצער נישט געוועזן.

ר ב ה ע ש ל. וועט געשען אַ נס און דו וועסט טאַנצן. דאָס וועט זיין אַ טייל פון דעם גרויסן נס, וואָס דאַרף דאָ געשען.

צ ד ו ק. אַזאַ טרייפענעם טאַנץ זיך אָנגעזען! טפו! טפו! טפו!... אַ קרימעניש, אַ בויגעניש, אַ דרייעניש... (הייבט אָן נאָכצו־מאַכן דעם טאַנץ.)

ר ב ה ע ש ל. דער נס איז דאָ! ער טאַנצט! (ברוך, ביינוש און די איבעריקע חסידים טאַנצן נאָך צדוקן. דער טאַנץ ווערט אַ פּאַראָדיע אויף דעם שדים־טאַנץ, רב העשל התפעלותדיק.) דער נס ווערט גרעסער, זיי טאַנצן אַלע מיט! (צולאַכט זיך מיט אַ גרויסן געלעכטער.) עס וועט קומען די גרויסע פריילעכקייט, די פאַרגעסן מאַכנדיקע פריילעכקייט! דיצה, רינה וחדוה! צדוק, שטעל זיך אין טיר און רוף אויס: דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין, און ווער עס וויל, זאָל קומען אַהער און משמח זיין זיך!

צ ד ו ק. איך פאַרשטיי גאָרנישט.

ר ב ה ע ש ל. דו דאַרפסט נישט פאַרשטיין. טו, וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

צ ד ו ק (שטעלט זיך אַוועק אין דער הינטערשטער טיר און רופט אויס). דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין, און ווער עס וויל, זאָל קומען אַהער און משמח זיין זיך!

ר ב ה ע ש ל. און איר אַלע וועט תפילה טאָן, וועט זאָגן תהלים. מאַכט זיך נישט זעענדיק. מאַכט זיך נישט הערנדיק, און רייסט נישט איבער דעם תהלים נישט אויף אַ מינוט, נישט אויף אַ רגע. האַלט די אויגן צוגעמאַכט, די אויערן פאַרשטאָפּט. זאָגט די קאַפּיטלעך כ״ה און ק״ל... רב איצעלע, אויף אייך פאַרלאָז איך זיך! איר זייט צוליב דעם דאָ געבליבן. איר וועט מיין העלפער זיין....

ר ב א י צ ע ל ע (וויל עפּעס זאָגן, אָבער אין צימער הייבן אָן אַריינצוקומען געסט, אויפגעלעבט, שטיפעריש, וואָוויליונגעריש, אָנגעקומענע פון אַ מאַסקאַראַד. רב איצעלע ציטערט אויף. מאַכט

צו די אויגן, צושאָקלט זיך, און שרייט אויס). אליך יהוה נפשי אשא... (די איבעריקע חסידים טוען אים נאָך.)

ר ב ה ע ש ל (מאַכט צו אַ ווײַלע די אויגן, גיט זיך אַ שאָקל, שעפּטשעט עפּעס).

ד י ג ע ס ט. דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין! אָט איז בראָנפן! אָט איז וויין!

ר ב ה ע ש ל. דער רבי וויל אויך געזאַנג און טאַנץ!

ד י ג ע ס ט (פּאַטשן אין די הענט אין גרויסער פריילעכ־קייט). העי! הו! (זינגען און טאַנצן.)

ער נעמט זי אַריין אין זיין אָרם
און דריקט זי צו שטאַרק צו זיין ברוסט.
ער'ט קיינמאָל געפילט אַזוי וואַרם.
נאָך קיינמאָל פאַרשפּירט אַזאַ לוסט.

עס גיסן צונויף זיך די ליפּן —
ער קושט זי, און דריקט זי, און דריקט,
באַ'תענוגט זיך מיט אירע ריפּן —
זי ווערט שיר פון איינגשאַפּט דערשטיקט...

ש ב ע (באַווייזט זיך אין דער פאָרנסטער טיר).

ר ב ה ע ש ל (וואָס האָט אַלץ געוואָרפן בליקן אויף יע־נער טיר, שרייט אויף). שבע!

ר ב א י צ ע ל ע (מיט שטאַרקער שטים). ריבה יהוה את יריבי....... (די אַנדערע טוען אים נאָך.)

ר ב ה ע ש ל. קום אַריין, שבע. האָב דיך דאָך געוואָלט רופן, און דו ביזט אַליין געקומען... ביזט נייגעריק געוואָרן... אָדער האָט די באָבע דיך געשיקט?... ווילסט טאַנצן? קאָנסטו טאַנצן?

ש ב ע. איך האָב דאָך קיינמאָל נישט געטאַנצט, פעטער.

ר ב ה ע ש ל. פריידן און פריילעכקייט האָבן קיינמאָל דיינע פיס נישט באַוועגט?

ש ב ע. שרעק און פרומקייט האָבן באַלד זיי אָפּגעשטעלט.

ר ב ה ע ש ל. האָסטו קיינמאָל נישט...

ש ב ע. דאָך.

ר ב ה ע ש ל. ווען?

ש ב ע. אין חלום.

ר ב ה ע ש ל. מיט וועמען?

ש ב ע (קוקט אויף אים גאַנץ דערשראָקן).

ר ב ה ע ש ל. זאָג דאָך, מיט וועמען.

ש ב ע. איך געדענק נישט.

ר ב ה ע ש ל. דו געדענקסט, זאָג!

ש ב ע (פאַרלאָרן). דאַכט זיך... מיט אייך....

ר ב א י צ ע ל ע (דערהעכערט זיין קול אין דעם תהלים־זאָגן. די אַנדערע אויך).

ר ב ה ע ש ל. האא! געדענקסט נאָך וואָס פון דיין חלום?

ש ב ע (מיט גרויסן שרעק). איך געדענק נישט! איך געדענק מער גאָרנישט!

ר ב ה ע ש ל. דו געדענקסט און ווילסט נישט זאָגן. דאַרפסט אויך נישט. איך וויים אַליין... געדענקסטו, ווי דו האָסט געטאַנצט אין חלום? איך וויל, דו זאָלסט דאָ איבערטאַנצן.

ש ב ע. איך קאָן נישט... איך וועל נישט קאָנען...

ר ב ה ע ש ל. דו זאָגסט נישט אמת. דו האָסט זיכער איבערגעטאַנצט דעם טאַנץ פאַר זיך. טאַנץ, איך הייס!

ש ב ע (הייבט אָן צו טאַנצן. צוערשט אומזיכער, דערנאָך זיכערער און זיכערער. אַ טאַנץ פון פאַרליבטקייט און בייענקעניש און פאַרלאַנג).

ד י ג ע ס ט (טענצלען אונטער און זינגען).

ליב מיך, אָ, ליב מיך, מיין האַרציק געטרייער,
מאַך מיך אַ טיילכל פון דיר!
לעש דאָך, אָ, לעש דאָך אין ברוסט מיר מיין פייער,
זעטיק מיין הונגער אין מיר!

טעג זיינען וויסט מיר אין בייַנקעניש שווערער,
נעכט זיינען לאַנג מיר, אַ שרעק!
קירץ מיר די נעכט דאָך, אָ, פריידן פאַרמערער!
פיל אָן מיט זון מיינע טעג!

ר ב ה ע ש ל (מיט שעפּטשענדיקע ליפּן, מיטן אויער צו די תהלים־זאָגער, קוקט אויף שבעין גאַנץ פאַרגאַפט, הייבט זי פּלוצ־לונג אויף, האַלט זי הויך אויסגעצויגן און שרייט אויס). מיט זינד וועל איך פאַרניכטן זינד! יהודיתעם זינד איז האָלאָפערנעסעם טויט! (גייט פייערלעך צו דער פאָרנסטער טיר, די אויגן צוגע־מאַכט, די ליפּן באַוועגט. די געסט טאַנצן פאַר אים, רוקנדיק זיך צו דער טיר.)

ר ב א י צ ע ל ע (שרייט אַרויס). ממעמקים קראתיך יהוה! (דאָס תהלים־זאָגן ווערט פאַרצווייפלונג־געשריי.)

ר ב י צ י ן (מאַיעסטעטיש, קומט אַרויס פונצווישן די טענ־צער, בלייבט שטיין פאַר רב העשלן מיט פאַרניכטנדיקן פייער אין די אויגן און דונערט אַרויס). רשע!

ר ב ה ע ש ל (ציטערט אויף, רייסט אויף די אויגן און לאָזט אַראָפּ שבעין. דאָס תהלים־זאָגן האַקט אָפּ, די געסט פאַרשווינדן.)

ש ב ע (לויפט אַרויס פון צימער מיט אַ שרעק־געשריי).

ר ב ה ע ש ל (רעדט קראַפּטלאָז אַרויס). מאַמע!

ר ב י צ י ן. דיין מאַמע, וואָס וועט דיר איצטער געבן דיין אמתן טאַטן.

ר ב ה ע ש ל. וואָס רעדסטו, מאַמע?

ר ב י צ י ן. איך האָב מיין גאַנץ לעבן אַ סוד אַ שווערן מיט זיך ארומגעטראָגן —

ר ב ה ע ש ל (קרעכצט אַרויס). אַ סוד! — אַ סוד!

ר ב י צ י ן. אַ שרעקלעכער סוד, וואָס האָט געבאָרן נאָך אַ שרעקלעכערן צווייפל. ווי אַ שלאַנג איז דער צווייפל געלעגן אין מיר, און אַן אויפהער געביסן, געשטאָכן, פאַרגיפט מיר דאָס לעבן. אָפט האָב איך געוואונטשן זיך דעם טויט, און משוגעת וואָלט מיר אויס־לייזונג געווען. אָבער דער טויט איז נישט געקומען, און משוגעת האָט

מיך אויסגעפֿעלט. פֿאַרוואָס טוט עס גאָט מיט מיר? האָב איך נישט אויפֿגעהערט צו פֿרעגן. פֿאַרוואָס דערהאַלט ער מיך ביים זינען און ביים לעבן? און האָב געוואוסט דעם ענטפֿער. ער שטראָפֿט מיך פֿאַר מיין סוד! ווייל איך האָב דעם מוט נישט, מיין סוד פֿאַר דער וועלט אויפֿצודעקן! און גאָט האָט געזיגט... איך גיי טאָן זיין ווילן. איך האָב דעם מוט! איך דעק אויף מיין סוד, דער צווייפֿל איז צורונען, און ווי איז מיר און ווי דעם זון, וואָס איך האָב געבאָרן!

ר ב ה ע ש ל. מאַמע! מאַמע!

ר ב י צ י ן. הערט, יידן! הערט אַלע! אין דעם טאָג פֿאַר דער שחיטה, אין וועלכער מיין מאַן דער צדיק איז אומגעקומען, בין איך אין מקווה געגאַנגען. אין יענער נאַכט האָט ער מיין טראַכט געבענטשט, וואָס איז שוין אַכט יאָר נאָך אונזער חתונה אומפֿרוכטבאַר געוועזן. געבענטשט, אַז אַ זון זאָל אונז געבאָרן ווערן, אַ קדיש און אַ יורש. אויף מאָרגן איז די שחיטה אויסגעבראָכן. מיין מאַן דער קדוש איז געהרגעט געוואָרן פֿון דער האַנט פֿון אַ קאָזיק, אָבער איך — איך — אָ, דער שרעקלעכער סוד פֿון מיין לאַנגן לעבן! — איך בין פֿאַרגוואַלטיקט געוואָרן פֿון דעם קאָזיק, דעם מערדער פֿון מיין מאַן.

ר ב ה ע ש ל (שרייט אויף, ווי דערשטיקט פֿון שרעק, רב איצעלע, צדוק, זאַוול, ברוך, בייניש און די איבעריקע חסידים שפּרינגען אויף פֿון זייערע ערטער, ברעכן די הענט, הייבן זיי צום הימל, קרעכצן און אָי־ווייען.)

רב י צ י ן. קיינער האָט עס נישט געזען, און מיין מויל האָט זיך נישט אויפֿגעעפֿנט, איימיצן צו דערציילן. צו וואָס זאָל מען וויסן פֿון מיין שאַנד? זאָל עס בלייבן אַ סוד צווישן מיר און גאָט און דער נשמה פֿון מיין מאַן דעם קדוש. האָב נישט געוואוסט, וואָס איך האָב אויף זיך אַרויפֿגעלאָדן... איך בין טראָגעדיק געוואָרן, מיין בויך איז פֿול געוואָרן מיט קינד. מיינע עלטערן, קרובים, מקורבים, נאָענטע און וויטע האָבן זיך דערפֿרייט, אָבער אין מיר האָט אָנגעהויבן צו נאָגן. וועמעס קינד, אָ, רבונו של עולם?

ר ב ה ע ש ל (לאָזט אַרויס אַ געשריי ווי אַ פֿאַרוואונדעטע חיה).

ר ב י צ י ן. אויב דעם צדיקס, לאָז מיך עס אויסטראָגן און געבערן! אויב דעם קאָזיקס לאָז עס מיר אויסגעשוואומען ווערן! צו גייען חדשים האָב איך אַ זון געבאָרן. אַ שמחה אַ גרויסע אין שטאָט און לאַנד... אַ נס! אַ נס! דעם צדיק דעם קדוש איז אַ קדיש געבאָרן געוואָרן, אַ יורש, זיין אָרט־פאַרנעמער!... אָבער איך בין געזעסן איבער דעם נייגעבאָרענעם מיט אַ שרייענדיקן הארץ און האָב ענלעכקייט אין אים געזוכט. וועמען איז ער ענלעך? אָ, גאָט, נאָך ווע־מען זעט ער אויס? זאָגט מיר, טאַטע־מאַמע מיינע, זאָגט מיר, גוטע מענטשן, נאָך וועמען זעט ער אויס! אָבער אַלע זעען אין אים מיין מאַן דעם צדיק. אַלע — נאָר נישט איך. בלאָנדע האָר האָט אויך ימח שמו דער קאָזיק געהאַט. אָבער די פאַרב פון זיינע אויגן האָב איך נישט געוואוסט. מיט יאָרן האָבן אַלע אין אים אַלץ מער געזען דעם צדיק אויסן אויג, און מיר אָבער איז דער צווייפל אַנגעשטיגן.

ר ב ה ע ש ל. ניין!

ר ב י צ י ן. ער איז געוועזן גוט און פרום, אַ מתמיד און אַ חכם, ווי נאָר דער צדיק וואָלט זיין טאַטע געוועזן. אָבער ער איז געוואקסן הויך, געזונט און שטאַרק — עפּעס פרעמדס אין אים. אַזוי איז מיין מאַן דער צדיק נישט געוועזן. אָפט און עפטערס פלעג איך דעם קאָזיק אין אים דערזען, דער עיקר, ווען ער פלעגט אין כעס ווערן.

ר ב ה ע ש ל (שרייט אויף מיט די פינגערנעגל אויף זיי געזיכט).

ר ב י צ י ן. אָ, פאַרוואָס האָב איך פון דער פאַרגוואַלטיקונג אַ סוד געמאַכט? פאַרוואָס האָב איך פאַר צדיקים מיין ספקות נישט ארויסגערעדט? ווי האָב איך געקאָנט אַ לעבן, אַ לאַנג לעבן אַזוי ארומגיין?... שטענדיק באַדריקט און געפּייניקט... קיינמאָל נישט פריי... אויך אין מיין שלאָף נישט... ענדלעך... איצטער...

ר ב ה ע ש ל. אָ, מאַמע!

ר ב י צ י ן. איך בין דיין מאַמע, פון דעם אָפּזאָגן זיך קאָן איך נישט. אָבער מיין מאַן דער קדוש איז דיין טאַטע נישט.

ר ב ה ע ש ל. מאַמע!

ר ב י צ י ן. ווען איך בין איצטער אריינגעקומען און דיך

דערזען, האָב איך דעם פאַרגוואַלטיקער דערקענט, דעם מערדער פון מיין מאַן. זיין גזיכט איז אין מיר וואַך געוואָרן און זיין געשטאַלט, דער הייב פון זיינע הענט. אַזוי אויך האָט ער מיך אויפגעהויבן און צום בעט געטראָגן... דו ביזט אַ ממזר, דער זון פון אַ קאָזיק, אַ מערדער, אַ פאַרגוואַלטיקער! (חסידים רייסן אויף זיך האָר און בגדים, יאָמערן אויף.)

ר ב ה ע ש ל: ניין! דאָס איז אוממעגלעך! דאָס איז דער אמת נישט! ווען איך וואָלט געווען דעם קאָזיקס, וואָלט איך אויסגעדרונען געוואָרן פון דיין בויך, ווי דו האָסט עס געוואָלט! נאָר די פרוכט פון צדיק האָסטו אויסגעטראָגן און געבאָרן, ווי דו האָסט עס געבעטן! איך בין דעם צדיקס זון!

ר ב י צ י ן. וואָס דו האָסט איצטער געוואָלט, וואָלט דער זון פון צדיק נישט געקאָנט ווען טאָן.

ר ב ה ע ש ל. דו ווייסט נישט, וואָס איך האָב געוואָלט! איך האָב נישט געוואָלט זינדיקן! איך האָב געוואָלט בייקומען די זינד! איך האָב געוואָלט אין גרעסטן קאַמף דעם יצר הרע מנצח זיין! איך וואָלט סמאל ימח שמו דאָ אויף אייביק בייגעקומען! איך וואָלט אים פאַרנאַרט אין גרויסער נאָנטקייט — ער איז דאָך דאָ געווען מיט די געסט! (אַ שוידער גייט דורך די חסידים. אויגן ווענדן זיך צו רב איצעלען, וועלכער שטייט מיט פאַרגלייסטע אויגן. רב העשל מיט געוויין.) איך וואָלט אים געכאַפּט, געבונדן... וואָלט באַפרייט די וועלט פון אים... דער נצחון פון אַלץ, וואָס פרום און גוט און ריין...

ר ב י צ י ן (רעדט קוים אַרויס). האָב איך נישט געדאַרפט ריידן... (ברעכט צוזאַמען.)

צ ד ו ק (איבערבויגנדיק זיך איבער איר). רביצין! רביצין! (מיט שרעק.) רביצין!

ר ב א י צ ע ל ע (נאָך אַ לאַנגן קוק). זי איז נפטר געוואָרן... ברוך דיין האמת!

צ ד ו ק (און די איבעריקע חזרן איבער). ברוך דיין האמת!

ר ב ה ע ש ל (שלעפּט זיך מיד צו). מוטער! — מאַמע! (קוקט אויף איר אַ ווײַלע מיט אַ שטאַרן בליק און מאַכט צו אירע

אויגן מיט אַ לאַנגזאַמער באַוועגונג פון אַ שטומער לאַסקע.) ברוך דיין האמת! (נעמט אָן די לינקע לאַץ, רייסט קריעה און ברעכט אויס אין געוויין.) זי האָט עס נישט געדאַרפט טאָן!... זי האָט עס נישט געדאַרפט טאָן!....

## פערטער אקט.

ר ב ה ע ש ל ס צימער.

ר ב ה ע ש ל (ביי זיין טיש, מיט ביידע הענט אַרומגענומען דעם קאָפּ, זיצט און שאָקלט זיך אין דער ברייט, די אויגן צוגעמאַכט. גלייכט זיך פּלוצלונג אויס, אַראָפּלאָזנדיק ביידע הענט מיט אַ קלאַפּ אויפן טיש). ניין!!! ניין!!! (בלייבט זיצן מיט אַ שטאַרן בליק.)

צ ד ו ק (באַווייזט זיך אין שטיבל־טיר, זיפצט שווער אויף ביים אָנבליק פון רבין, שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ און רעדט אַרויס). זקנים זיינען געקומען.

ר ב ה ע ש ל (נאָך אַ ווײַלע שווייגן, נישט ענדערנדיק זיין בליק). ווער?

צ ד ו ק. שמואליק, הענזל, אברהם בער, מעכל און מאָטל שייע.

ר ב ה ע ש ל. און די אַנדערע?

צ ד ו ק .(אומווילִיק). נישט געקומען.

ר ב ה ע ש ל. פאַרוואָס זיינען זיי נישט געקומען?

צ ד ו ק (שווייגט).

ר ב ה ע ש ל. פאַרוואָס וואַרטסטו מיט דיין ענטפער?

צ ד ו ק (אומווילִיק און פאַרזיכטיק). זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי זיינען איצטער זלאָטקאָווער...

ר ב ה ע ש ל (קרעכצט אָפּ). אוי־אוי־אוי!... — ברייננ אריין די, וואָס זיינען געקומען, וואָס זיינען נאָך נישט אַוועק צום זלאָטקאָ־ווער.

צ ד ו ק (מיט טרייסט טאָן). דאָך נאָר אַ פּאָר אַוועק, נאָר עטלעכע רבי... (קוקט אָן רב העשלען, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַ וואָרט, דערוואַרט זיך נישט, גייט אַרויס.)

ר ב  ה ע ש ל (בלייבט זיצן ווי פאַרגליווערט מיט שטאַרן בליק).

אַ ב ר ה ם  ב ע ר (צו צדוקן, וועלכער העלפט אים אַריין). דאַרפסט מיר נישט העלפן. צום רבין טראָגן מיך מיינע פיס נאָך גוט.

מ אָ ט ל  ש י י ע (הינטער אברהם בערן). אַז דער רבי רופט, גיי איך אַפילו מיט אַ ווייטיק אין קרויץ, אָי! אָי!

מ ע כ ל (הינטער מאָטל שייען). אַז דו קאָנסט קוים גיין, טאָ גיי דאָך נישט צוערשט. פאַרשטעלסט'אָך בלויז דעם וועג.

ה ע נ ז ל. אָט אַזוי אינמיטן גאָר אַ מיטוואָך, אינמיטן טאָג, און צום רבין! אַ זכות! אַ זכות!

ש מ ו א ל י ק (זינגט זיך אונטער אַ ניגונדל). טיראַדידי־דאַם... טיראַדידאַם... (הערט אויף, ווען ער מאַכט אַ פּאָר שריט אין צימער און דערזעט דעם רבין. — נאָך עטלעכע שריט בלייבן זיי שטיין אייגער לעבן אַנדערן, אומאַנטשלאָסן, קוקן באַגייסטערט אויפן רבין און וואַרפן פאַרגנבעטע פרעג־בליקן אויף צדוקן.)

צ ד ו ק (ווינקט זיי, זיי זאָלן זיך דערנענטערן צום טיש, פאַר־שווינדט, מאַכט צו די טיר הינטער זיך. די אַלטע דערנענטערן זיך צום טיש. ביים נעענטערן אָנבליק פון רבין ווערן זייערע געזיכטער פאַרפינסטערט, פאַרערנסט, שאָקלען טרויעריק מיט די קעפּ).

ר ב  ה ע ש ל. אַ גוטן טאָג. (די אַלטע שאָקלען טרויעריק די קעפּ, ווי זיי וואָלטן פאַרהערט די באַגריסונג. רב העשל רעדט רו־איק, ווי ער וואָלט זיי עפּעס דערקלערט.) איר זייט אַריינגעקומען אָן אַ באַגריסונג און ענטפערט מיר נישט אויף מיין גוטן טאָג, ווייל איך בין אַ אבל, אויף מאָרגן נאָך מיין שבעה.

אַ ב ר ה ם  ב ע ר. יאָ, רבי.

מ ע כ ל. אַזוי איז דאָך דער דין.

ש מ ו א ל י ק. אַ מנהג פון קדמונים.

ר ב  ה ע ש ל. גוט — וואָס על פּי דין ועל פּי מנהג.

ה ע נ ז ל. אַז נישט, ווי קומט מען אַריין צום רבין אָן אַ גרוס?

מ אָ ט ל  ש י י ע (מיט דער האַנט ביים קרויץ). אָי,אָי!

ר ב ה ע ש ל. דיר טוט ווי דער קרויז, מאָטל שייע, נעם א שטול און זעץ זיך.

מ אָ ט ל ש י י ע. ניין... ניין... פאַרן רבין זיצן? אזוי טוט מיר מיין רוקן נאָך נישט וויי!

ר ב ה ע ש ל. שפּאַר זיך אָן אָן טיש.

מ אָ ט ל ש י י ע (שפּאַרט זיך אָן מיט ביידע הענט אָן טיש). אי, גוט! אי, גוט!

ר ב ה ע ש ל (נאָך אַ ווײַלע שווייגן). איר האָט מיין — טאַטן געקענט, דעם קדוש, וואָס איך בין אַ נאָמען נאָך אים.

אַ ל ע. העהע... וואָס הייסט געקענט!

ר ב ה ע ש ל. געדענקט איר נאָך, ווי ער האָט אויסגעזעזן?

אַ ל ע. העהע... אָט ווי ערשט געזען!

ר ב ה ע ש ל. ווער פון אייך האָט לענגער אים געקענט?

א ב ר ה ם ב ע ר. איך געדענק אים, זכרונו לברכה, אונז צו לאַנגע יאָר, נאָך אַלס קליינעם ייִנגל... געוועזן אין איין עלטער מיט אים... ער וואָלט אַלט געוועזן איצטער... נו יאָ, ווי איך... אַ יאָר אַכטאונאַכציק...

ש מ ו א ל י ק. איך האָב זיך מיט אים געשפּילט, ווען ער איז אַלט געוועזן אַ יאָר צען... בין מיט אַ יאָר און פיר חדשים, געוועזן יינגער.

ר ב ה ע ש ל. ווי האָט ער אויסגעזעזן?

א ב ר ה ם ב ע ר. העהע... קליין אזוי...

ש מ ו אַל י ק. נישט זייער קליין...

א ב ר ה ם ב ע ר. איך האָב נישט געזאָגט: זייער קליין!... קליין.... דער רבי אין זיין עלטער איז געוועזן אַ סך גרעסער... העהע...

אַ ל ע. אָ, דער רבי!

ש מ ו א ל י ק. העהע... דער רבי איז געוואקסן הויך!....

אַ ל ע (מיט התפעלות). העהע!

ר ב ה ע ש ל. און ווייטער ווי איז ער געוועזן?

א ב ר ה ם ב ע ר. ווי? — וואָס מיינט דער רבי?

ר ב ה ע ש ל. איך מיין, אין גוף.

א ב ר ה ם ב ע ר. דאַר געווען... זייער דאַר...

ש מ ו א ל י ק. אַ שפּענדל... אַט אַזוי... (ווייזט מיטביידע הענט, צושטעלנדיק פינגער צו פינגער.) געקאָנט אים ליכט ארומנעמען מיט ביידע הענט.

ה ע נ ז ל. דער רבי אָבער, געדענק איך גוט, איז געווען ווי אַ שבת־קוילעטש...

מ ע כ ל. אַט אַזעלכע באַקן... (בלאָזט אָן די באַקן.) העהע...

א ל ע. העהע...

ר ב ה ע ש ל. ווי האָט ער אויסגעזען אין מיין עלטער?

א ב ר ה ם. ווען ער איז געווען אַכטאונדרייסיק...

מ ע כ ל. אַ צוועלף יאָר פאַר זיין טויט...

מ אָ ט ל ש י י ע. אָי!

ש מ ו א ל י ק. ער איז געבליבן קליינגעוויקסיק... בין געווען מיט אַ קאָפּ העכער.

ה ע נ ז ל. ווען דער רבי קוקט אויף מיר, קאָן ער זען דעם קדוש... איך מיין, די הויך... און אַפילו די דיק... ער איז אויך געווען אַזאַ דאַרינקער...

א ב ר ה ם ב ע ר. אַ דאַר יינגל... אַ דאַרער מאַן... אינגאַנצן רוחניות געווען.

א ל ע. רוחניות... רוחניות...

מ אָ ט ל ש י י ע. זיין באָרד און וואָנצעס פּונקט ווי מיינע... קאָן דער רבי זען... נאָר אפשר אַ ביסעלע לייגער... (הייבט אויף אַ האַנט און צייגט, אויף וויפל לייגער, און קרעכצט גלייך אָפּ.) אָי! (און לאָזט אַראָפּ די האַנט אויפן טיש.)

מ ע כ ל. לייגער... געווים... אַ סך לייגער... אַט אַזוי ווי מיינע. און ברייט טאַקע ווי מיינע...

ה ע נ ז ל. נאָר אַ סך שיטערער...

א ב ר ה ם ב ע ר. אַ דויטלעכע געווען... ווי דעם רבינס...

ר ב ה ע ש ל. און דער שטערן?

אַ ל ע. דער שטערן? (קוקן אויף רב העשלס שטערן.)

מ אָ ט ל ש י י ע. אַ הויכער שטערן.

מ ע כ ל. כמעט ווי אייערער.

ה ע נ ז ל. ער האָט געטראָגן זיין יאַרמאָלקע שטאַרק אָנגע־רוקט אויפן שטערן.

ר ב ה ע ש ל (רוקט אָן זיין יאַרמאָלקע.)

ה ע נ ז ל. אָט אַזוי טאַקע.

ש מ ו א ל י ק. זיין שטערן!

אַ ל ע. יאָ־יאָ! דעם קדושעס שטערן!

ר ב ה ע ש ל. דער מויל?

מ אָ ט ל ש י י ע. דער מויל?

מ ע כ ל. דער מויל... (קוקן אויף רב העשלס מויל.)

ה ע נ ז ל. וואָס שייך, דער מויל? ווער קאָן געדענקען אַ מויל?

שמ ו א ל י ק. איך ווייס אפילו נישט, ווי מיין מויל...

אַ ב ר ה ם ב ע ר. דער נאָז איז געווען פונקט ווי דעם רבינס.

אַ ל ע (מיט שמחה). פונקט!... פונקט!...

ר ב ה ע ש ל. זיין בליק?... דער קוק פון זיינע אויגן?

אַ ל ע. אָ, דער קוק פון זיינע אויגן!

אַ ב ר ה ם ב ע ר. ער איז געווען חכמה!

ש מ ו א ל י ק. ער איז געווען שמחה.

ה ע נ ז ל. ער איז געווען גוטסקייט!

מ ע כ ל. ער איז געווען ליכטיגקייט!

מ אָ ט ל ש י י ע. ער איז געווען — אָ! (גיט אַ הייב די הענט פאַר התפעלות. קרעכצט גלייך אָפּ.) אָי! (שפּאַרט זיך ווי־דער אָן.)

ר ב ה ע ש ל. דערמאָנט אייך מיין שטים די זייניקע?

אַ ל ע. נאָך ווי! נאָך ווי!

אַ ב ר ה ם ב ע ר. ווען דער רבי רעדט, הער איך דעם קדוש זכרונו לברכה, אונז צו לאַנגע יאָר... אפילו נאָך ייִנגלווייז...

ש מ ו א ל י ק. אמת... אמת... געווען פונקט דאָס קולכל פון דעם קדוש ייִנגלוויז...

ה ע נ ז ל. ביידע שטימען... אזוי גלייך... אַ! אַ!

ש מ ו א ל י ק. דער עיקר נאָך אין נגינה... טיראַדידידאַם...

מ אָ ט ל ש י י ע. די שטימע פון דעם קדוש איז נאָר געווען אַ ביסל דינער, ווייכער.

מ ע כ ל. אַ מאָל אויך מיט אַ קוויטש.

ר ב ה ע ש ל. מער האָב איך נישט וואָס צו פרעגן. אַ דאַנק, וואָס איר האָט זיך מטריח געווען.

אַ ב ר ה ם ב ע ר. הע... אַ דאַנק, וואָס דער רבי האָט צו זיך גערופן!

אַ ל ע. אַ דאַנק!... אַ דאַנק!...

ר ב ה ע ש ל. גייט געזונטערהייט!

אַ ל ע (פאַרטרויערטע). הע! המקום ינחם אותך בתוך שאר אבלי ציון וירושלים!... (הייבן אָן אַרויסצוגיין, אַוועקצושאַרן זיך, טרויעריק אַרויסגעבנדיק פון זיך:) הע... הע... (מאָטל שייע קרעכצט אָפּט אַרויס זיין אָי!)

ר ב ה ע ש ל (מיט זיין פריערדיקן שטאַרן בליק). וואָס וויים איך איצטער מער? — דער נאָז... פיליכט אויך דער קול... און ווייטער אַלץ אַנדערש... פאַרוואָס בין איך גרוים געוואַקסן?...

צ ד ו ק (אין טיר). די אַלטע אסתר... די באָבע...

ר ב ה ע ש ל. ברייננ זי אַריין. (צדוק פאַרשווינדט. רב העשל נישט ענדערנדיק זיין בליק.) וואָס קאָן זי מיר זאָגן? וואָס זוך איך? וואָס קאָן איך געפינען?

צ ד ו ק (ברייננט אַריין אַ זייער אַלטע, שטאַרק צוקאָרטשעטע פרוי, וועלכע גייט מיט קליינע טריטלעך. ער פירט זי ביים טוך, אין וועלכן זי איז איינגעוויקלט, ווי אין אַ פּראָסט).

ד י אַ ל ט ע (קוים באַוועגנדיק די פיס). העהעהע... איך האָב אים פון זיין הייליקער מוטערס בויך אַרויסגענומען... געווען אַ גרוים קינד... אַ שווערער בחור, העהעהע... און צעשריען האָט ער זיך... דאָס הויז פול געמאַכט מיט זיין קול... עס איז ליכטיק גע־

וואָרן פון אים אין אַלע ווינקלען... און אַז איך האָב דאָס גאָפּעלע... האָט די הייליקע געשריען: „איך וויל אים זען! איך וויל אים זען!...״ געדענק עס אָט ווי היינט... יאָ... יאָ... איך אַליין מיט מיינע הענט... פון דער רביצינס בויך... זוכה געווען... דערפאַר אפשר לעב איך אַזוי לאַנג... (צדוק פירט זי צו צום טיש, האַלט זי אונטער פאַרן טוך.) דאָס איז ער דאָך... דער רבי... און איך דערציי́ל... אָט ערשט פון בויך אַרויסגענומען... העהעהע... דער רבי האָט געשיקט נאָך מיר... וואָס וויל דער רבי האָבן?

ר ב ה ע ש ל. וואָס קיינער קאָן מיר נישט זאָגן.

ד י א ל ט ע א ס ת ר. איז וואָס איז דאָ צו פרעגן?

ר ב ה ע ש ל. האָט די באָבע געקענט מיין — טאַטן, דעם קדוש?

ד י א ל ט ע א ס ת ר. געקענט... געקענט... איך האָב אויך ביי זיין ערשטער פרוי זכרונו לברכה דאָס טעכטערל צוגענומען, שבע׳לעם מוטער, שבע׳לען צו לאַנגע יאָר...

ר ב ה ע ש ל. געדענקט די באָבע זיין פּנים?

ד י א ל ט ע א ס ת ר. ווי מיט רויך פאַרצויגן...

ר ב ה ע ש ל. דערמאָנט מיין פּנים נישט זיין צורה?

ד י א ל ט ע א ס ת ר. דער רבי איז אויף זיין טאַטן דעם קדוש נישט געווען ענלעך.

ר ב ה ע ש ל (קרעכצט אָפּ). אוי־אוי!...

צ ד ו ק (שטרייַנג). דו זאָלסט עס דאָך נישט זאָגן אַזוי באַ־שטימט!

ד י א ל ט ע א ס ת ר. איך האָב אַ סך, אַ סך קינדער גע־האָלפן אַרויסקומען אויף דער וועלט... אַ סך, זייער אַ סך... האָב זעלטן ווען געווען, אַ קינד זאָל אינגאַנצן ענלעך זיין... עס מישט זיך בלוט מיט בלוט, מישן זיך געזיכטער, פון צוויי פאַרשיידענע קומט אַרויס אַ דריטס... ווען דער רבי איז געבאָרן געוואָרן, האָבן אַלע גע־שריען, דער קדוש אויס די אויגן... איך אָבער האָב געטענעט, ער איז אין דער מאַמען, אין דער רביצין געראָטן... אויך איצטער זע איך מער די רביצין די הייליקע אויף דעם רבינס פּנים...

ר ב ה ע ש ל. און קיינער האָט קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז איך זע נישט אוים ווי ביידע?

ד י א ל ט ע א ס ת ר. קיינער קיינמאָל נישט... העהע... נאָר די שבת־גויע מאַטריאָנע — אַ פינסטערן גיהנום זאָל זי האָבן, ברע־נען און בראָטן זאָל זי זיך! — ווען זי האָט דעם רבין צום ערשטן מאָל דערזען ביי דער אם אין שויס...

ר ב ה ע ש ל (לאַכט ביטער אויף). מאַטריאָנע... די לעבט נישט מער?

ד י א ל ט ע א ס ת ר. שוין לאַנג אָוועקגעפּגרט... אַ שבת־גויע געווען...יידישע ברויט געגעסן... און אַ סברה, אַז זי האָט גע־האָלפן אין דער שחיטה... אָנגעוויזן, וואו און ווער... אַ גרויסע שי־כורטע געוועזן...

ר ב ה ע ש ל. אַ דאַנק, באָבע, פאַר דער טרחה.

ד י א ל ט ע א ס ת ר. נישטאָ פאַרוואָס... נישטאָ פאַרוואָס...

צ ד ו ק. קום, אַלטע.

ד י א ל ט ע א ס ת ר (אַוועקגייענדיק). אַזויפיל ווייס איך, אַזויפיל זאָג איך... מען ווייס נאָר, וויפל גאָט וויל, מע זאָל וויסן...

ר ב ה ע ש ל (קרעכצט אויף). יאָ־יאָ!

ד י א ל ט ע א ס ת ר. אָבער איך האָב זוכה געווען... נאָך אַ מאָל אַ קוק צו טאָן... נאָך אַ מאָל זען אים מיט מיינע אויגן... אַ דאַנק השם יתברך... אַ דאַנק השם יתברך... (צדוק פירט זי אַרויס.)

ר ב ה ע ש ל. יאָ, מע ווייס נאָר, וויפל גאָט וויל, מע זאָל וויסן... ווער בין איך, גאַטוניו, ווער בין איך??!... דאָך אוממעג־לעך!... נייןןן!! (קראַצט זיך פאַרצווייפלט אויף זיין יאַרמאָלקע.) ווי קאָן איך אָנגיין? ווי קאָן איך לעבן?... און מוז דאָך! און מוז דאָך!...בעל כרחך!... אָבער ווי?!... איך קאָן דאָך איצטער נישט קוקן קיינעם אין די אויגן גלייך!... אַ יעדער איינער קאָן מיר ווארפן אין פנים — אַ וויי! אַ וויי!... און איך אַליין?... ווי זאָל איך זיך באַטראַכטן? ווער בין איך? ווער? ווער?! (באַהאַלט זיין פנים אין זיין אָרם.)

צ ד ו ק (באַווייזט זיך אין טיר, קוקט אויף רב העשלען, פּירט פאַרנאַנדער רחמנותדיק די הענט, שאָקלט מיטן קאָפּ, כליפּעט אויף).

ר ב ה ע ש ל (הייבט אויף דעם קאָפּ). צדוק! וואָס וויינסטו?

צ ד ו ק. קוקנדיק אויף אייך.

ר ב ה ע ש ל. האָסט רחמנות? אויף וועמען אין מיר?

צ ד ו ק. פאַרוואָס פרעגט איר אַזוי, רבי?

ר ב ה ע ש ל. ווייל איך בין צוויי... בין נישט מער איינער...

צ ד ו ק. איר זייט איינער! איינער! געוועזן און געבליבן!

ר ב ה ע ש ל (שרייט אַרויס). וואָלט א י ך עס זיך געקאָנט זאָגן!

צ ד ו ק. רבי!

ר ב ה ע ש ל. האָט נישט מיין מאַמע איר גאַנץ לעבן מיך צווייענדיק געזען? ווי קאָנסטו עס אַזוי זיכער זיין?

צ ד ו ק. איך פיל עס, רבי. און אַלע פילן עס.

ר ב ה ע ש ל. נאָר נישט די, וואָס זיינען געוואָרן דעם זלאָטקאָווערס.

צ ד ו ק. רבי, דער קדוש איז דאָך קיין עקר נישט געוועזן!... איר זייט זיין זון! איר זייט אַ צדיק בן צדיק!...

ר ב ה ע ש ל (מיט ביטערן אויפלאַך). אַזוי זאָגסטו!... און איך... (מיט טרערן אין קול.) ווען איך זאָג אַרויס „אלקי אבותינו", מוז איך גלייך אַ טראַכט טאָן: פון דער מאַמעס צד!...

צ ד ו ק. רבי!!

ר ב ה ע ש ל. און אַז איך זאָג א ב ר ה ם א ב י נ ו, י ע ק ב א ב י נ ו טראַכט איך ווידער: פון דער מאַמעס צד... (כליפּעט אויף.)

צ ד ו ק (ברעכט אויס אין אַ געוויין). איר ברעכט מיין האַרץ מיר, רבי!

ר ב ה ע ש ל. הלוואי װערט מיין האַרץ אין מיר צובראָכן!... ווי דער מאַמעס... אָבער איך האָב אַ שטאַרק האַרץ... דאָס האַרץ פון אַ קאָזיק...

צ ד ו ק. רבי! רבי!

ר ב ה ע ש ל. א קאַזיק... א קאַזיק...

צ ד ו ק. איר טאָרט עס נישט זאָגן!

ר ב ה ע ש ל. האָב געוואָלט דעם שטן מנצח זיין, געוואָלט אים אומברייינגען, באַפרייען פון אים די וועלט, און בין געבליבן בלויז מיט דער דערינערונג פון שבעס גוף אין מיינע פינגער... אָ! אָ! (קלאַפּט זיך איבער די פינגער, ווי ער וואָלט עפּעס אַראָפּגעשאָרט, אַראָפּגעריסן פון זיי און שרייט פאַרצווייפלט.) צדוק! צדוק!

ר ב א י צ ע ל ע (קומט אַריין, בלייבט שטיין אין דערשטוינונג און גייט צו רב העשלען, לאַנגזאַם אַרויסריידנדיק). אַזוי שרייט אַ פאַרוואונדעטע נשמה.

ר ב ה ע ש ל. איך בין עס, רב יצחק! — גוטן טאָג אייך! זעצט זיך.

ר ב א י צ ע ל ע (זעצנדיק זיך). זייט שטאַרק, וועט איר געשטאַרקט ווערן.

צ ד ו ק (רוקט זיך אַרויס).

ר ב ה ע ש ל. שטאַרק זיין... שטאַרק זיין...

ר ב א י צ ע ל ע. און ווילט נישט מער, וויפל איר דאַרפט.

ר ב ה ע ש ל. איך האָב געוואָלט צופיל.

ר ב א י צ ע ל ע. און אויף אַ זייער גליטשיקן וועג.

ר ב ה ע ש ל. וויפל דאַרף איך איצטער וועלן? איצטער האָב איך גאָר קיין וועג נישט.

ר ב א י צ ע ל ע. איר האָט — איר האָט אַ וועג.

ר ב ה ע ש ל. ווען איך וויים נישט, ווער איך בין.

ר ב א י צ ע ל ע. דאַרפט איר אויסקלייבן דעם זיכערן, דעם וויניקער געפערלעכן.

ר ב ה ע ש ל. ציינט איר מיר אים אָן, רב איצעלע. איך וועל אים אָננעמען.

רב א י צ ע ל ע. זאָגט זיך אָפּ פון דער ירושה, וואָס איר האָט איבערגענומען פון דעם קדוש.

ר ב ה ע ש ל. איז ביי אייך שוין באשטימט, אַז איך בין...

ר ב א י צ ע ל ע. חס שלום! איך רייד פון אַ זיכערערן וועג.

ר ב ה ע ש ל. איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון מיין טאַטן?

ר ב א י צ ע ל ע. דאָס האָב איך נישט געמיינט.

ר ב ה ע ש ל. און זאָג איך זיך נישט אָפּ פון מיין טאַטן, פאַרוואָס זאָל איך זיך אָפּזאָגן פון זיין ירושה?

ר ב א י צ ע ל ע. איר ווילט נישט איינזען...

ר ב ה ע ש ל. איך זע איין... איך זע איין... די ירושה הייבט זיך אָן אָפּזאָגן פון מיר. זיי ווערן זלאַטקאָוועד.

ר ב א י צ ע ל ע. איך האָב קיינעם נישט געבעטן.

ר ב ה ע ש ל. זיי וועלן קומען צו אייך... זיי וועלן קומען!... זאָל זיך די ירושה אָפּזאָגן פון מיר, אָבער איך וועל זיך פון איר נישט אָפּזאָגן! וועל זיך נישט אָפּזאָגן פון מיין טאַטן!...

ר ב א י צ ע ל ע. מוט, ווי איר ווילט. נישט צוליב דעם בין איך דאָ איצטער געבליבן אויף מיין צוריקוועגס.

ר ב ה ע ש ל. איך האָב שוין געוואָלט פרעגן, וואָס האָט אייך ווידער געבראַכט.

ר ב א י צ ע ל ע. איך בין געקומען נאָך דעם פּקדון.

ר ב ה ע ש ל. דעם פּקדון?

ר ב א י צ ע ל ע. די בתולה, וואָס איר האָט אויפּדערצויגן פאַר מיין זון.

ר ב ה ע ש ל. ווי איר זאָגט עס! די בתולה וויל נישט אייער זון, און זי איז אַ יתומה.

ר ב איצעלע. ווילט א י ר, וועט זי אויך וועלן.

ר ב ה ע ש ל. איך האָב איר נישט געהייסן נישט צו וועלן.

ר ב א י צ ע ל ע. אין דעם האָב איך אייך נישט חושד גע־וועזן. אָבער איר האָט געוואָלט, זי זאָל נישט וועלן.

ר ב ה ע ש ל. איך האָב איר געזאָגט, וואָס איר האָט מיר געזאָגט וועגן אייער זון...

ר ב א י צ ע ל ע. אייער האַרץ איז נישט געוועזן אין אייערע

רייד, און זי האָט עס געפּילט. ווילט מיט אַן אמת, און זי וועט אויך וועלן.

ר ב  ה ע ש ל (שווייגט).

ר ב  א י צ ע ל ע (שטרייננ). וואָס טראַכט איר נאָך, רב העשל?

ר ב  ה ע ש ל. איך טראַכט, אַז נאָכדעם ווי איר האָט מיר געראָטן אָפּצוזאָגן זיך פון מיין ירושה און פון מיין טאַטן דעם קדוש, דאַרפט איר נישט וועלן מתחתן זיין זיך מיט מיר.

ר ב  א י צ ע ל ע (האַדט). זי איז ג ע ו ו י ס דאָס בלוט פון דעם קדוש.

ר ב  ה ע ש ל (אויפגערעגט, ציטערנדיק אין אַלע אברים, וויל אויפשפּרינגען, האַלט זיך אָבער איין און רעדט בייז און שאַרף אַרוים). איך וועל זי אייך נישט געבן.

ר ב  א י צ ע ל ע (אויפשטייענדיק). איר ווילט זי פאַר זיך?

ר ב  ה ע ש ל. און וועז?!

ר ב  א י צ ע ל ע (גאַנץ נזדזע). איר מיינט עס טאַקע?!

ר ב  ה ע ש ל. מיין ווייב איז אַ נוטה למותדיקע, אַ שכיב מרע, זי קאָן יעדן טאָג שטאַרבן...

ר ב  א י צ ע ל ע. איר בעט נאָך אפשר אויף איר דעם טויט!

ר ב  ה ע ש ל. איר טויט וועט איר אַ חסד זיין.

ר ב  א י צ ע ל ע. איר ווילט זאָגן: אייך.

ר ב  ה ע ש ל. ווען נישט איר צושטאַנד, וואָלט איך זי אָפּגעגט. איך וויל קינדער האָבן.

ר ב  א י צ ע ל ע. גאָט האָט א י י ע ר ע קינדער נישט געוואָלט.

ר ב  ה ע ש ל (שפּרינגט אויף און שרייט ווילד אויף). וואָס?

ר ב  א י צ ע ל ע. ד אָ ס פּנים... איך זע, איך זע... (איילט אַוועק.)

צ ד ו ק (איילט אַריין). וואָס איז דאָ געוועזן, רבי? וואָס איז מיט דעם זלאָטקאָווער? וואָס איז מיט אייך?

ר ב  ה ע ש ל. רוף מיר אַריין שבע׳ן.

צ ד ו ק. וואָס איז פּאָרט געשען?

ר ב  ה ע ש ל. גיי!

צ ד ו ק (איילט אַוועק דורך דער פאָרנסטער טיר).

ר ב  ה ע ש ל (שטייט נאָך אַלץ, ווי ער וואָלט נאָכגעלאָפן מיט זיין בליק נאָך רב איצעלען, קרעכצט אַרויס). דאָס פּנים... דאָס פּנים... (קוקט אויף דער טיר, פון וועלכער שבע דאַרף אַריינקומען, הייבט אָן צו פירן זיך מיט דער האַנט איבערן פּנים, וואַרפט זיך אויף זיין שטול, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ, פאַרדעקט זיך דעם פּנים מיט ביידע הענט, אָטעמט שווער. צדוק און שבע קומען אַריין.)

צ ד ו ק. שבע איז דאָ, רבי.

ש ב ע (קוקט מיט טרויער־אויגן אויף רב העשלען).

ר ב  ה ע ש ל (נעמט לאַנגזאַם אַראָפּ די הענט פון פּנים, האַלט אָבער דעם קאָפּ אָפּגעווענדט און רעדט אַרויס). גוט. לאָז אונדז אַליין.

צ ד ו ק (איז אַ ווייַלע אומאַנטשלאָסן, זיפצט און גייט אַרויס).

ר ב  ה ע ש ל (דעם קאָפּ כסדר אָפּגעווענדט). שבע...

ש ב ע (רחמנותדיק). וואָס איז, פעטער?

ר ב י  ה ע ש ל. דער זלאָטקאָווער איז דאָ איצטער געוועזן. ער וויל דיך אַוועקנעמען.

ש ב ע. ווילט איר מיך אַוועקגעבן?

ר ב  ה ע ש ל. ביזט אַ יתומה, דאַרפסט אַליין אָפּמאַכן ביי זיך.

ש ב ע. איך האָב שוין אָפּגעמאַכט.

ר ב  ה ע ש ל. נו?

ש ב ע. איר ווייסט עס דאָך, פעטער. איך וויל דעם שידוך נישט.

ר ב  ה ע ש ל. דאָס בחורל איז אַ שיינער און אַ תּלמיד חכם.

ש ב ע. איך וויל אים נישט.

ר ב ה ע ש ל. פאַרוואָס?

ש ב ע (שווייגט).

ר ב ה ע ש ל. עס מוז דאָך זיין אַ פאַרוואָס.

ש ב ע. איך וויל זיין ביי אייך.

ר ב ה ע ש ל. אַ מיידל אין דיינע יאָרן מוז חתונה האָבן. — וואָס שווייגסטו? — (ווענדט אַ ביסל דעם קאָפּ צו איר.) וואָס שווייגסטו?

ש ב ע (מיט טרערן). אָ, פעטער! איך ווייס נישט, וואָס צו זאָגן, ווי עס צו זאָגן. איך קאָן פון אייך נישט אַוועק... איך קאָן אָן אייך נישט זיין... אַז איר וועט מיך אַוועקשיקן, וועל איך זיין זייער אומגליקליך...

ר ב ה ע ש ל. און אַז איך זאָל נעמען אייך ביידן נאָך דער חתונה אַהער אויף קעסט?

ש ב ע (האַרט). איך וויל נישט חתונה האָבן.

ר ב ה ע ש ל. ווי זאָגסטו עס!

ש ב ע. ווי איך פיל.

ר ב ה ע ש ל. איז ווייס, אַז דו טאָרכט ביי מיר נישט זיין.

ש ב ע (מיט שרעק). פעטער!

ר ב ה ע ש ל. נאָכדעם וואָס עס איז פאָרגעקומען, טאָרסטו גאָר נישט וועלן אין מיין הויז זיין.

ש ב ע. איך פיל עס נישט... איך ווייס עס נישט.

ר ב ה ע ש ל. ווייסטו, פאַרוואָס דאָס איז דאמאָלט פאָר־געקומען? ווייסטו, פאַרוואָס יענעס אַלץ איז געשען? פאַרוואָס איך האָב דיך אויפגעהויבן אויף די הענט?

ש ב ע. איך ווייס עס נישט. איך ווייס נאָר, אַז איך פיל זיך ווי צוגעבונדן... איך פיל אייערע הענט אויף מיר... איך פיל די באַ־רירונג...

ר ב ה ע ש ל. ((קרעכצט, שאָקלט זיך, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך אירע ווערטער, און שרייט שטרייינג אַרויס). שבע!

ש ב ע (ווי זי וואָלט אים נישט געהערט). איך פיל אייערע פינגער...

ר ב ה ע ש ל. (מיט די פריערדיקע אָפּקראַץ־באַוועגונ־ גען). שבע!

ש ב ע. איך גלעט די ערטער, וועלכע זיי האָבן אויף מיר באַ־ רירט...

ר ב ה ע ש ל (מיט גרויס בייזקייט). שבע!!! (אין קלייזל אַ גרויס גערויש, געשריי, ליאַרם. עס הערט זיך אָן ווי אַ גע־ שלעג.)

צ ד וק (האַרט הינטער דער טיר). איר וועט נישט אַריין!

ש ט י מ ע ן. מיר וועלן שוין יאָ אַריין!

צ ד ו ק (שטאַרקער). איר וועט נישט אַריין!

ש ט י מ ע ן (עקשנותדיקער). מיר וועלן יאָ אַריין!

ר ב ה ע ש ל (שטייט אויף, קוקט שטאַר אויף דער טיר).

ש ב ע (ציט זיך לאַנגזאַם צוריק צו דער פֿאָרנסטער טיר, קוקנ־ דיק איבערראַשט אויף דער הינטערסטער, וועלכע ווערט אויפגעריסן און אין צימער רייסט זיך אַריין אַן עולם פון שרייענדיקע מענער און פרויען אין געראַנגל מיט צדוק, ברוך, ביינוש און אַנדערע חסי־ דים. ביינוש האַלט זיך נאָענט ביי ברוך׳ן, מאַכט נאָך זיינע באַווע־ גונגען און שרייט דאָס וואָרט „אַריין!" נאָך ברוכס „איר וועט נישט".

ק ו ל ו ת. קינדער פאַלן ווי די פליגן! — אַ מגפה! — מ׳טאָר עס נישט דערלאָזן! — הערט אַ מעשה, דער העכט שטינקט גאָר פון קאָפּ!...

ר ב ה ע ש ל (שרייט אַרויס). וואָס איז דאָס?! (עס ווערט שטיל.) וואָס זיינען דאָס פאַר־אַ ווערטער?!... וואָס האָט איר זיך אַריינגעריסן?!... וואָס ווילט איר?!

צ ד ו ק. רשעים מיט זינדיקע געדאַנקען און זינדיקע ווער־ טער!

ג ע מ ו ר מ ל. זינדיקע... זינדיקע... מיר ווייסן נישט, וואו די זינדיקע געדאַנקען זיינען! — מיר ווייסן נישט, ווער זיינען די רשעים!

צ ד ו ק. שטיל!

ב ר ו ך. ששש!

ב י י נ ו ש. שאַ!

צ ד ו ק. איר פֿאַרזינדיקט זיך מיט אייערע ווערטער!

ר ב ה ע ש ל. לאָז זיי ריידן. איך וויל זיי הערן. (זעצט זיך. דער עולם איז דערשראָקן פֿאַר זיין בליק, די פֿרויען צואַוויינען זיך.)

צ ד ו ק. אַ זינד איז, וואָס זיי ווילן זאָגן.

אַ מ אַ ן (גאַנץ הינטן). אַ זינד איז צו פֿאַרשווייגן!

ר ב ה ע ש ל. קום אַרויס פֿונהינטן און רייד, פֿאַרשווייג נישט. איך וויל אַלץ וויסן. (מע רוקט זיך פֿאַרנאַנדער. דער אויסשרייער פֿאַרלירט זיך, קאָן זיך קוים באַוועגן, וויל זיך נישט באַוועגן. מען שטופּט אים פֿאָראויס און מען מוטיקט אים מיט צודרפּונגען: זאָג! רייד!

ר ב ה ע ש ל (אונטערטרייבנדיק). נו?

ד ע ר מ אַ ן (מיט ציטערודיקער שטים). מיר זיינען טאַטעס פֿון קינדער...

פֿ ר ו י ע ן (מיט געוויין). און מאַמעס אויך!...

ד ע ר מ אַ ן. פֿון קליינע קינדער...

פֿ ר ו י ע ן. פֿון ברעקעלעך... פֿון אויסגעבעטענע... אויסגעפּייניקטע...

ד ע ר מ אַ ן. און די מגפה גייט אַרום... וויל נישט אויפֿהערן... קינדערלעך פֿאַלן אַוועק... (געוויין פֿון פֿרויען שטייגט אָן.) פֿאַר אייניצנס זינד...

ר ב ה ע ש ל. נו? (אין עולם גרעסערע פֿאַרלאָרנקייט.)

ד ע ר מ אַ ן (קאָן נישט קוקן גלייך אויף רב העשלען, וואַרפֿט בליקן אויף זיינע אַרומיקע).

ר ב ה ע ש ל. איז וואָס האָט איר זיך אַזוי אַריינגערים?

ד ע ר מ אַ ן (מיט ציטער). שיקט... (עס ווערט זייער שטיל. די ווייבער האַלטן איין דעם געוויין. מען האַלט איין דעם אָטעם. דער מאַן, כמעט מיט ציינער־קלאַפּן.) שיקט פֿון אייך אַוועק... שבע'לען... אייער שוועסטערס טאָכטער...

ר ב  ה ע ש ל  (קרעכצט אַרויס). אוי־אוי...

ד ע ר  מ א ן  (דערשראָקענער). גיט... גיט זי... אַוועק... דעם זלאָטקאָווער... ער וואַרט אויף איר...

ש ב ע  (פון איר אָרט ביי דער פאָרנסטער טיר, שרייט אַרויס). ניין! (אַלע אויגן ווענדן זיך צו איר.)

ר ב  ה ע ש ל. איר האָט געהערט איר ענטפער.

ג ע מ ו ר מ ל. זי איז דאָ געוועזן!... זי איז דאָ געוועזן די גאַנצע צייט!!... זי איז דאָ געוועזן מיט אים אַליין!!!

ר ב  ה ע ש ל. שאַט!

צ ד ו ק, ב ר ו ך, ב יי נ ו ש  (און די חסידים). שאַט! (געמורמל ווערט געשריי.)

ק ו ל ו ת. זי איז דאָ געוועזן מיט אים אַליין!! זי איז דאָ געוועזן מיט אים אַליין!!

ר ב  ה ע ש ל  (אַריבערשרייענדיק). זי איז דאָ געוועזן מיט מיר אַליין! און איר פאַרנעמט זיך גלייך פונדאַנען!

ק ו ל ו ת  ער איז דאָ געוועזן מיט איר אַליין!... ער גיט עס צו!... ער וויל זי נישט אַוועקשיקן!... נאָך וויניק קינדער געשטאָרבן!... אַ רבי איז עס!... אַ שבתי צביניק!... אַ קאָזיק! אַ קאָזיק! אַ קאָזיק!

ר ב  ה ע ש ל  (שפּרינגט אויף, גאַנץ אויסער זיך). וואָס?! איר דערוועגט זיך!! (דער עולם דערשרעקט זיך פאַר זיין בליק און כעס, ווערט אָפּהענטיק, הייבט זיך אָן צו רוקן אויף הינטן. צדוק און די חסידים לאָזן זיך אַרויף אויף דעם עולם און שטופּן אים צו דער טיר.)

צ ד ו ק. רשעים! אַט איצטער ערשט וועט זיך אָנהייבן די מגפה! (די ווייבער יאָמערן. דער עולם ווערט אַרויסגעשטופּט. אין קלייזל גייט אָן אַ גערויש.)

ר ב  ה ע ש ל  (מיט פאַר ווילדן כעס פאַרקרימטן געזיכט). קאָזיק! קאָזיק! איז זאָל זיין קאָזיק!... איז אויס רבי!... נישט מער רבי! (בינדט אָפּ פון זיך דעם גאַרטל און שמייסט אים אַוועק.) איז אויס רבי! (קוקט זיך אַרום נאָך שבען.) שבע! שבע'לע!

ש ב ע  (שרייט אויף פאַר שרעק פאַר דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט).

ר ב ה ע ש ל. זיי האָבן מיך גערופן קאַזיק, ווייל איך זיין קאַזיק! (לאָזט זיך צו איר, כאַפּט זי אַרום און קושט זי. קושט זי.)

ש ב ע (ראַנגלט זיך, שטופּט אים פון זיך).

ר ב ה ע ש ל. אָט אַזוי! זאָל זיין קאַזיק!

ש ב ע. ניין! ניין! לאָזט מיך אָפּ!

ר ב ה ע ש ל. קאַזיק, הא! (קושט זי ווילד און ווילדער.)

ש ב ע (רייסט זיך פון אים אַרויס). ניין! ניין!

ר ב ה ע ש ל. וואָס איז? וואָס ביזטו דערשראָקן? וואָס האָסטו זיך אַוועקגעריסן פון מיר? שבע, דו ביזט דעם פּעטערס, און דער פּעטער איז דיין!... דו האָסט נישט געוואָלט אַוועק פון מיר, און איך האָב דיך נישט געוואָלט אַוועקלאָזן!... דיין ליב האָט נישט גע־קאָנט פאַרגעסן מיינע פינגער, מיינע פינגער האָבן נישט געקאָנט פאַרגעסן דיין ליב... קום!...

ש ב ע. ניין!... איך האָב מורא!... איך האָב איצטער מורא פאַר אייך!.. איר זייט נישט איר!...

ר ב הע ש ל. ווער דען בין איך? איך בין דער פּעטער!... האָסט'אָך געוואָלט דיין פּעטער!...

ש ב ע. נישט דעם פּעטער... נישט אַזאַ...

ר ב ה ע ש ל. וואָס אַ ז אַ...

ש בע. ניין! נישט דעם...

ר ב ה ע ש ל. קאַזיק!... זאָג עס אַרויס!... קאַזיק!!! זיי האָבן עס מיר אין פּנים געוואָרפן... צוליב דיר!... איז זאָל זיין!... שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע!... אויב זיי האַלטן מיך פאַר אַ זינדיקן, איז זאָל זיין!... אויב אויס רבי, איז אויס!...אויב אַ קאַזיק, איז אַ קאַזיק! איז אַ קאַזיק! (כאַפּט אַראָפּ פון קאָפּ די יאַרמאָלקע און שמייסט זי פון זיך אַוועק.)

ש ב ע (שרייט אויס פאַר שרעק).

ר ב ה ע של (שטעלט אָן זיין שטאַרן בליק אויף דער יאַר־מאָלקע, רעדט שווער אַרויס). איז אַ קאַזיק! (טראָגט די האַנט צום אָפּגעדעקטן קאָפּ, פאַרדעקט אים, ציט זיך לאַנגזאַם צו דער יאַרמאָל־קע, הייבט זי אויף, טוט זי אָן.) אַ קאַזיק... גיין... נישט פאַר מיינע כחות...גאָטוניו, ווי האָב איך דאָס געוואָלט? ווי האָב איך דאָס

געוואָרן?... ווי האָב איך דאָס געקאָנט?... (מיט טרערן.) ווי אַ פייער איז אין מיר אַריין... אַ משוגעת... (גייט צו דער קליידלטיר, עפנט זי און רופט אַרויס.) צדוק, ברענג אַלעמען אַריין! (גייט צוריק צו זיין פּלאַץ ביים טיש און קוקט נישט אין שבעס זייט.) אויסגעניכטערט זיך.

ש ב ע (רחמנותפול). פּעטער!

ר ב ה ע ש ל (קוקט זיך אויף איר נישט אום). אויסגעניכטערט. (אין שטיבל קומען אַריין צדוק, ברוך, ביינוש, די חסידים און דער גאַנצער עולם, דערשראָקענע, פאַרלאָרענע. רב העשל שטייט אויף.) יידן! זייט מיר מוחל, יידן! מיט געבראָכענעם האַרץ בעט איך ביי אייך מחילה. און איך דאַנק אייך. איר האָט מיך געבראַכט צו זיך, אויפגעעפנט די אויגן און אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג. מיין שוועסטערס טאָכטער וועט גלייך אָפּגעפירט ווערן צום זלאָטקאָווער.

ש ב ע (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ).

ר ב ה ע ש ל (נישט קוקנדיק אויף איר). שבע!

ש ב ע (נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, ווי צושטימענדיק אין פאָראויס). יאָ, פּעטער.

ר ב ה ע ש ל. ביזט אַן אייניקל פון אַ גרויסן צדיק, פון אַ קדוש. געדענק עס. גיי טו זיך איבער, פּאַק דיינע זאַכן, וואָס אָפּ דיין געזיכט, כשר דיינע ליפּן, און צדוק וועט דיך אָפּפירן צו רב איצעלען. זיי געזונט און פרום!

ש ב ע (מיט רואיקן בליק). זייט געזונט, פּעטער! (גייט אַוועק צו זיך מיט רואיקע טריט.)

ע ו ל ם (אין געשטאַמל). רבי... רבי... איר וועט אונז מוחל זיין... רבי!...

ר ב ה ע ש ל (ווי אויפגעוואַכט). און אויס רבי (שרעק אין עולם.)

ר ב ה ע ש ל. איך וויל נישט זיין מער קיין רבי.

א ו י ס ג ע ש ר י י. רבי!

ר ב ה ע ש ל. איך וויל זיין אַ ייד, בלויז ייד. איר האָט מיך גערופן קאַזיק...

עולם (מיט געוויין). אָ, רבי!

רב העשל. איך האָב זיך אַליין גערופן קאָזיק!...

עולם. הייליקער רבי!

רב העשל. מיין אָפּשטאַם איז מסופק...

עולם. ניין, רבי!

רב העשל. ווייל איך קיינעם זון נישט זיין. איך בין נאָר דער זון פון דעם יידישן גורל. נאָר יידן קאָן אַזוינס געשען... שחיטות... פאַרגוואַלטיקונג... קדושה און טומאה... דאָס קאָן ביי יידן נאָר געמאָלט זיין... נאָר יידן קאָנען אַזוי געוואָרפן ווערן צווישן קדושה און טומאה... וואָס איז — טאַטע? איך בין ייד, קודשא בריך הוא איז מיין פאָטער, דער גאָט פון פאָלק ישראל. זיינער בין איך, זיין זון, זיין קינד.

עולם. רבי!

רב העשל. אוים רבי. קלאַפּט נישט אין מיינע טירן, קומט נישט צו מיר מער מיט בקשות און קוויטלעך. איך וועל מער גאָרנישט האָבן פאַר אייך. אוים רבי. א ייד מיט אַלע יידן צוגלייך. אַ פּשוטער ייד.

עולם. מיר בעטן דאָך מחילה!

רב העשל. איז גוט. האָבן מיר זיך איינע די אַנדערע מוחל געווען, און דערמיט איז אַלץ צווישן אונז געענדיקט. זייט געזונט, יידן! גייט צו אייערע היימען און האָפט, איר וועט אייערע קינדער מגדל זיין. צדוק, קום, דיין לעצטע שליחות וואַרט אויף דיר. און דערנאָך ביזטו פריי פון מיר.

צדוק (גאַנץ צעבראָכן און פאַרוויינט). רבי!

רב העשל. דו ביזט געוויינט צו פאָלגן מיך, וועסטו ווייטער פאָלגן. צום לעצטן מאָל. נישט רבי מער. קום, וועסט שבע'ן אָפּפירן צום זלאָטקעווער. זאָג אים, ער קאָן איבערנעמען מיין גאַנצע ירושה. איך גיי צו מיין קראַנקער ווייב, שבע'ס אָרט ביי איר צו פאַרנעמען. (ער גייט, צדוק הינטער אים מיט געוויין.)

ברוך (רופט אויס). רבוניו!

ביינוש (אין אַנדער טאָן). רבוניו! (איבערחזרונג ווערט ניגון, פול פרומער ביינקעניש.)

# אלה תולדות נח...

טראַגעדיע אין דריי אַקטן.

# פערזאָנען:

נ ח.

נ ח ה, זיין ווייב.

ש ם
י פ ת } זיינע זין
ח ם

ש מ ה, שם'ס ווייב.

י פ ת ה, יפת'עס ווייב.

ח מ ה, חם'ס ווייב.

פ ל ג, שם'ס אוראייניקל.

כ נ ע ן, חם'ס אינגסטער זון.

ש מ ה ז א י
ע ז א ל } אלהים־זין.

א י ס ט א ה א ר.

פ אָ ט ע ר
מ ו ט ע ר } איסטאהארס
ב ר ו ד ע ר

ג ע ר ע ד.

מ א ר.

ר אַ ו ו אַ.

ע ל י ג.

אָ ר ו ד.

צ אַ ר אַ ט.

פ אַ ר כ אַ ד.

אַ ר ד אָ ק.

מענער און פרויער פון פאַר דעם מבול.

אַ ן ע י ל ם'ער.

אַ כ נ ע נ י.

כנענים. עילם'ער, מגוג'ער.

# ערשטער אַקט.

## ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע.

דער פּלאַץ פאַר נחים תבה. אין הינטערגרונט די טירזייט פון דער תבה. רעכטס אַ גרויסער פעלז, וואָס זיין שפּיץ פאַרשווינדט אין דער הויך. לינקס בוימער. די טיר, וועלכע געפינט זיך אין צווייטן שטאָק פון דער תבה, איז אַראָפּגעלאָזן אויף הענגערס. זי איז באַשלאָגן אין איר ברייט מיט פּלאַנקעס און דינט אַלס טרעפּ, אַרויף און אַראָפּ־צוגיין. — נח שטייט אויבן אין דער טיר, לעבן אים זיין זון שם. יפת זיצט אויף דער פינפטער פּלאַנקע פון דער טיר. פאַר אים זיצט חם אויף דער דריטער פּלאַנקע. אונטן אויפן פּלאַץ אַ סך עולם, צווישן וועלכע עס געפינען זיך גערעד, מאר, ראוואַ, עליג, אַרוד צאַראַט, פאַרכאַד און אַרדאַד. אַ רעש פון געלעכטער און חוזק־מאַכעריי פילט אָן די לופט.

נ ח (שרייט אַריין אין דעם רעש). איך רעד צו אייך אין נאָמען פון אלהים, פון אונזער גאָט יהוה. ער באַדויערט, וואָס ער האָט דעם מענטשן באַשאַפן. זיין האַרץ איז טרויעריק אין אים. דעם מענטשנס שלעכטסקייט פילט אָן די גאַנצע ערד, און די געדאַנקען פון זיין האַרץ זיינען אָנגעווענדט אויף רשעות דעם גאַנצן טאָג. (דער רעש פאַרשטאַרקט זיך און נח דערהעכערט זיין קול.) און ער האָט געזאָגט: איך וועל אָפּמעקן פון דער ערד דעם מענטש, וואָס איך האָב באַשאַפן. איך האָב חרטה, וואָס איך האָב זיי געמאַכט. אַ סוף וועט קומען צו אַלץ, וואָס לעבט. זיי האָבן די ערד אָנגעפילט מיט רויב, און איך וועל זיי פאַרניכטן פון דער ערד. (דער געלעכטער־גערויש שטייגט אָן.)

ג ע ר ע ד (לינקס פאָרנט). איז נישט שטראָף גענוג, וואָס ער האָט דיך אַריינגעזעצט צווישן אונז? (געלעכטער.)

מ א ר (לעבן גערעדן). ביזט אַ גוטע פּלאָג!

ש ם. הערט דאָך, וואָס דער טאַטע רעדט צו אייך!

ר א ו ו א (לעבן מאַרן). און דער איז נאָך א צוגאָב! מאַכט די פּלאָג נאָך שטאַרקער. (געלעכטער.)

ש ם. זייט שטיל! לאָזט דעם טאַטן רעדן!

ע ל י ג (רעכטס פּאָרנט). מיר טוען גאָרנישט נישט אומזיסט.

נ ח. פון אייער טובה וועגן זאָלט איר הערן!

א ר ו ד (לעבן עליגן). ווילסט אונז טאָן א טובה, מוזטו אונז באַצאָלן! (געלעכטער.)

ש ם. וואָס דער טאַטע וועט אייך זאָגן, טראָגט מיט זיך באַלוינונג.

צ אַ ר א ט. וועט עס שמעקן ווי פליַיש, וואָס טריפט מיט בלוט?

ע ל י ג. האָט עס דעם טעם פון א יונגער פרישער מיידל?

נ ח. עס וועט אייך דעם אָטעם שוין באַנעמען!

א ל ע (שווער אויפאָטעמענדיק). אוווו! (געלעכטער.)

נ ח (מיט גאַנצער קראַפט). אזוי האָט געזאָגט אלהים: און איך וועל ברענגען א וואַסער־מבול אויף דער ערד...

ג ע ר ע ד (מאַכט נאָך נחס שטים). „צו פאַרניכטן פון אונטערן הימל דאָס גאַנצע פליַיש..."

צ אַ ר א ט כאַפּט אונטער מיט דער זעלביקער נאָכמאַכעניש). „וואָס האָט אין זיך א לעבנסאָטעם..."

מ א ר, ר א ו ו א און א ר וד (מאַכן עס ווי די פריערדיקע). „אַלץ וואָס אויף דער ערד וועט אומקומען!"... (פאַרשטאַרקטער געלעכטער.)

ע ל י ג. זעסט, מיר קאָנען שוין געננוי די ווערטער. האָסט זיי מיט אונז גוט איינגעחזרט.

נ ח. באַלד וועט איר באַקאַנט ווערן מיט דער זאַך.

צ אַ ר א ט. איז דאָס א זאַך פון פליַיש מיט בלוט? עס איז דאָך הוילע וואַסער! (געלעכטער.)

ע ל י ג. וואָס וועל איך טאָן מיט א יונגער פרישער מיידל אין אזויפיל וואַסער?

ר א ו ו א. זאָל זי אויף איר רוקן שווימען! (געלעכטער.)

נ ח. דער טאָג איז שוין דאָ!

א ל ע. מיר ווילן שווימען! שווימען! שווימען!

נ ח. איך וואָרן אייך צום לעצטן מאָל!

א ר ו ד. קאָנסטו שווימען, נח?

ע ל י ג. און צ א ר א ט. ער האָט דאָך זיין קאַסטן!

מ א ר. קאָן דיין קאַסטן שווימען?

ר א ו ו א. האָסט אָנגעפּאַקט אים מיט צופיל חיות. (אין נחס שטים.) איך וואָרן דיך, דיין קאַסטן קאָן נאָך אונטערגיין.

נ ח. איך וואָרן אייך צום לעצטן מאָל: בעסערט אייערע וועגן, איידער עס ווערט צו־שפּעט. הערט אויף דעם רויב. פאַרלאַנגט נישט, וואָס נישט אייערס. פון מאָרד לאָזט אָפּ די הענט, זאָל אויפהערן דער ניאוף... (אַ דונערדיקער געלעכטער פאַרטויבט זיין שטים. נח שרייט אַריבער.) איך זאָג אייך צום לעצטן מאָל: דער טאָג איז דאָ, די שעה איז זייער נאָענט. דער געלעכטער וועט פאַרשטיקט ווערן אין אייערע מיילער...

א ל ע. פון וואַסער! וואַסער! וואַסער! (געלעכטער.)

נ ח. איך האָב מיינס געטאָן. (גייט אַריין אין תבה באַגלייט פון געלעכטער.)

ש ם. איר פאַרטרינקט מיט לאַכן דעם טאַטנס רייד, איר וועט פאַרטרונקען ווערן. (גייט אַוועק נאָך נחן, באַגלייט פון אַ נייער געלעכטער־כוואַליע.)

ג ע ר ע ד (ווען דער געלעכטער לייגט זיך, רעדט נאָך נחן): „הערט אויף דעם רויב, פאַרלאַנגט נישט, וואָס נישט אייערס!..." האהאהא... און איך זאָג: ווען איינער האָט מער פאַר מיר, מוז ער האָבן ווייניקער!

מ א ר. האַ! ווען איינער האָט גלייך מיט מיר, וועט ער שוין האָבן ווייניקער!

ר א ו ו א. האהא, ווען איינער האָט נאָר עפּעס, וויל איך שוין זען, ער זאָל גאָרנישט האָבן!

ע ל י ג (צו אַרוד און צאַראַט). „פאַרלאַנגט נישט, וואָס נישט

אייערס!"... און אַרדאַכס נייער געצעלט איז מיר שטעכעניש אין די אויגן.

אַ ר ו ד. מיר קלעמט פאַר דיר מיין האַרץ.

צ אַ ר אַ ט. און איך בין גרייט צו העלפן. אַ, „פון מאָרד לאָזט אָפּ די הענט!" (אין אַ גרופּע רעכטס צווישן תבה און פעלד צולאַכט זיך איינער הויך אויפן קול, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ און לאַכנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, מיט די הענט אונטערהאַלטנדיק דעם בויך.)

ע ל י ג. זעט נאָר, ווי פאַרכאַד לאַכט!

אַ ר ו ד. האָט פריער גוט אַריינגעפרעסן.

צ אַ ר אַ ט (הייבט אויף אַ שטיין און וואַרפט אויף פאַרכאַדן). אָט הערט זיין לאַכן אויף.

פ אַ ר כ אַ ד (שרייט אויף). ווער האָט דעם שטיין אויף מיר געוואָרפן?!

ע ל י ג, אַ ר ו ד און צ אַ ר אַ ט (ווייזן אַן אויף איינעם לינקס צווישן די בוימער). אַרדאָך!

פ אַ ר כ אַ ד (הייבט אויף דעם שטיין און וואַרפט אויף אַרדאָכן). אָט האָסטו אים צוריק!

אַ ר ד אָ ך (שרייט אויף). אוי וויי! ווער האָט עס?... ווער?!

ע ל י ג, אַ ר ו ד און צ אַ ר אַ ט. פאַרכאַד!

פ אַ ר כ אַ ד. איך האָב דיר דיין שטיין צוריקגעשיקט!

אַ ר ד אָ ך. מיין שטיין? דו ליגנער, דו! דו פוילע צונג! (לאָזט זיך צו פאַרכאַדן מיט זיין מעסער.)

פ אַ ר כ אַ ד (לויפט אים אַנטקעגן מיט זיין מעסער). דו, קרומאויג, דו! דו שלעכטער צאָן! (אַרדאָך פאַרדריינגט פאַרכאַדן נאָך רעכטס. די איבעריקע קוקן צו.)

אַ ר ו ד. אָ, אַן עבירה פאַרכאַד'ס גוטע מאָלצייט!

צ אַ ר אַ ט (צו עליגין). קאָנסט שוין אַריינציען אין אַרדאָכ'ס געצעלט. (גערעד, מאַר און ראַוואַ קומען צו.)

ג ע ר ע ד. איר האָט פאַלש אויף אַרדאָכ'ן אָנגעוויזן.

ע ל י ג. פֿאַלש? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ וואָרט?

מ אַ ר (צו צאַראַטין). דעם שטיין האָסטו געוואָרפֿן.

צ א ר א ט. גייט עס דיך אָן?

ר אַ ו ו אַ. גיין, גייט אונז גאָר נישט אָן, אָבער שלאָגן וועלן מיר אייך דערפֿאַר. (ער, גערעד און מאַר כאַפּן אַרויס זייערע מעסערס. די באַפֿאַלענע טרעטן אָפּ נאָך רעכטס, די באַפֿאַלער נאָך זיי.)

י פ ת (שטייט אויף). איך וועל גיין זאָגן דעם טאַטן, אַז דער מבול וועט באַלד איבעריק זיין. (גייט אַריין אין דער תבה. הם קוקט נאָך נייגעריק דעם געשלעג.)

ג ע ר ע ד (קומט צוריק באַלאָדן מיט זאַכן, לאַכט און שרייט צו זיינע חברים). לאָזט זיי לויפֿן, די נאַקעטע. זאָלן זיי נאָך זייערע לעבנס טראָגן! (מאַר און ראַוואַ קומען צוריק, פֿאָכנדיק מיט זייערע בלוטיקע מעסער.)

מ אַ ר. איך ליב אַן אַרבעט אָפּצוטאָן אינגאַנצן!

ר אַ ו ו אַ. אַוועקגעלייגט זיי איינס נאָך איינס. (ציילט אויף די פֿינגער.) איינס, איינס, איינס — דריי!

מ אַ ר (צו גערעדין). איצטער צייג, וואָס דו האָסט פֿון זיי אַראָפּגעריסן.

ג ע ר ע ד. אַלץ, וואָס זיי האָבן אויף זיך געהאַט.

מ אַ ר. עליגס וועסטו געבן מיר.

ר אַ ו ו אַ. אַרוד'ס איז מיין חלק.

ג ע ר ע ד. האָט איר אַראָפּגעריסן?

מ אַ ר. מיר האָבן געשניטן, געשטאָכן.

ר אַ ו ו אַ. אַוועקגעלייגט איינעם נאָך איינעם.

ג ע ר ע ד. נעמט זיך די גופֿים, די קליידונג נעם איך זיך.

מ אַ ר. איך וויל עליג'ס אָנגעטו.

ר אַ ו ו אַ. איך האָב אויסגעקליבן אַרוד'ס, און אַרוד'ס בלייבט פֿאַר מיר!

ג ע ר ע ד. אַ יעדערן נאָך זיין אַרבעט. איר האָט געשניטן און געשטאָכן, נעמט זיך אייך דאָס פֿלייש און בלוט. איך האָב דאָס אָנגעטו פֿון זיי אַראָפּגעריסן, דאָס אָנגעטו בלייבט פֿאַר מיר.

מ אַ ר (שאַרף). ווּעסט מיר עליג׳ס געבן!

ר אַ ו ו אַ. ווּעסט מיר ארוד׳ס אונטערדרוקן!

ג ע ר ע ד. דאָס איז איצטער אַלץ גערעד׳ס.

מ אַ ר (גיט זיך אויף אים אַ וואָרף מיט זיין מעסער). ווּעסט מיר עליג׳ס געבן!

ג ע ר ע ד (טרעט שנעל אויף לינקס צווישן די בוימער, פאַר־שטעלנדיק זיך מיט די פולע זאַכן. מאַר אַטאַקירט אים מיטן מעסער, זוכנדיק אַן אָרט, וואו אַריינצושטעכן. ראַוואַ גייט נאָך הינטן מיטן אָנגעשטעלטן מעסער. בלייבט שטיין ניט ווייט פון די בוימער.)

מ אַ ר (קומט אָן, גייענדיק אויף הינטן, מיט די אָפּגענומענע זאַכן). אָט אַזוי!

ר אַ ו ו אַ (גיט אויף אים אַ שפרונג פון הינטן מיט זיין מע־סער). אָט אַזוי! (מאַר פאַלט. ראַוואַ כאַפּט די זאַכן און אַנטלויפט.)

ח ם (צולאַכט זיך). האָהאָהאָהאָ... אָט אַזוי! (האַקט שנעל אָפּ זיין לאַכן. שם און יפת קומען אַרויס פון דער תבה, גייען אַראָפּ, קוקן זיך אַרום.)

ש ם (צו יפתין). האָסט אַלץ געזען און אַלץ געהערט?

י פ ת. אַלץ געזען און אַלץ געהערט.

ש ם. און האָסט געשמייכלט, געלאַכט.

י פ ת. און הנאָה געהאַט.

ש ם. הנאה געהאַט? פון וואָס? פון מאָרד? פון בלוטפאַרגאָס?

י פ ת. פון זייער שפיצלדיקייט און גנבהשקייט, פון זייער בייזקייט און שלעכטקייט.

ש ם. דערפון האָסטו הנאָה געהאַט?

י פ ת. ווען אין דער טאַט דערקען איך דעם פאַרקלער.

ש ם. כאָטש מאָרד און רויב!

י פ ת. דעם טאַטן וועל איך עס נישט זאָגן. אָבער דיר יאָ: כאָטש מאָרד און רויב.

ש ם. דאָס באַליידיקט מיינע אויערן נישט ווייניקער ווי דעם טאַטנס.

י פ ת (לאַכט). אָבער דו ביזט מיר נישט טאַטע.

ש ם. מיר גרוילט! דו ביזט נישט בעסער פאַר זיי!

י פ ת. ביזט טרוקן, שם. פאַרשטייסט זיך נישט אויף דינ-קייטן. איך וועל נישט טאָן, וואָס זיי האָבן געטאָן, אָבער איך האָב הנאָה געהאַט פון דעם, ווי זייער האַרץ האָט געטראַכט, געקליגט זיך...

ש ם. באַלד וועט דיין האַרץ אויך אָנהייבן אַזוי צו טראַכטן און צו קליגן זיך!

י פ ת. שרעק זיך נישט. מיינע הענט וועלן בלייבן ריין.

ש ם. דו הייבסט נאָר אָן צו טראַכטן. לאָז דיין האַרץ נאָר נאָכ-גיין נאָך די אַלע בייזע געדאַנקען...

י פ ת. דו רעדסט דעם טאַטן נאָך.

ש ם. איז דאָס שלעכט? מעגסט זיי אויך גוט איינחזרן. (גייט אַריין אין דער תבה.)

י פ ת (לאַכט, ווענדט זיך צו חםיען, וואָס איז געזעסן אויף דער טיר מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט פאַר באַשטראָפונג). חם, האָסטו אַלץ געזען און געהערט?

ח ם. יאָ, געזען, געהערט.

י פ ת. האָסטו אויך הנאָה געהאַט?

ח ם. בין געווען נייגעריק, ווער וועט ווערן. און אַז זיי האָ-בן זיך געשלאָגן, האָב איך געוואָלט זיין אין דעם געשלעג. יעדער שטיין, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן, האָב איך געוואָלט אים וואַרפן. און יעדער קלאַפּ, וואָס איז געגעבן געוואָרן, האָב איך געוואָלט אים געבן.

י פ ת. און אויך נעמען?

ח ם. קלעפּ איז בעסער געבן ווי צו נעמען.

י פ ת. אויך דיין האַרץ הייבט אָן קלוג צו טראַכטן, נאָר נישט איידל.

ח ם. וואָס מיינסטו מיט דעם וואָרט?

י פ ת. פאַרוואָס האָסטו זיך נישט אַריינגעמישט?

ח ם. האָב מורא פאַרן טאַטן.

י פ ת. דער טאטע לעבט אויך אין דיר.

ח ם. מייַנע הענט פּאָלגן אים בעסער ווי מייַן האַרץ.

י פ ת. האָסט געזאָגט אויך, וואָס איך פֿיל.

ח ם. איך האָב זיי דאָ אַלעמען מקנא געווען.

י פ ת. מקנא געווען?

ח ם. זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי געטאָן.

י פ ת. יאָ, דאָס קאָן מען מקנא זייַן, און דאָך האָב איך עס נישט. אויב שוין מקנא זייַן, בין איך שוין בעסער מקנא די זין פֿון אלהים, די נפילים.

ח ם. זיי וואַרפֿן אויף מיר אָן אַ שרעק.

י פ ת. וואָלסטו נישט געוואָלט זייַן אַזוי שיין ווי זיי?

ח ם. זיי נעמען בייַ אונדז אַלע שיינהייטן אַוועק!

י פ ת. אַלע שיינהייטן געבן זיך זיי אַוועק, און דאָס בין איך זיי מקנא.

ח ם. איך מוז מייַן חמה'ן פֿון זיי היטן.

י פ ת. ווי איך מייַן יפתה'ן.

ח ם. איך האָב אָנגעזאָגט מייַן חמה'ן, איך וועל איר אַלע ביינער איבערברעכן, לאָזט זי זיך פֿון זיי זען. דערזעט זי זיי, מוז זי דאָס פּנים פֿאַרדעקן. לאָזטו יפתה'ן אומפֿאַרדעקט?

י פ ת. איך פֿאַרדעק קיין שיינקייט נישט.

ח ם. לאָזטו יפתה'ן אויף זיי קוקן?

י פ ת. קאָן איך עס פֿאַרבאָטן?

ח ם. זיי וועלן זי בייַ דיר אַוועקנעמען.

י פ ת. זיי האָבן עס נאָך נישט. ווען זי דערזעט זיי, ווערט זי רויט, אירע אויגן פֿלאַמען אויף. אָבער דערמאַלט וואַרפֿט זי זיך מיר אויפֿן האַלז, און אירע קושן זייַנען פֿלאַמיקער ווי שטענדיק.

ח ם. וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

י פ ת. איך ווייס נישט. אפשר מיינט זי דערמאַלט זיי. איך ווייס, אַז גראָד דערמאַלט וואָלט איך געוואָלט זייַן — איינער פֿון זיי.

ח ם. פאַרשטיי דיך נישט.

י פ ת. פאַרשטייסטו שם און שמה׳ן?

ח ם. וואָס פאַרשטיין?

י פ ת. ווי זיי האַלטן זיך מיט די זין פון אלהים.

ח ם. וואָס האָסטו געמערקט?

י פ ת. גאָרנישט!

ח ם. גאָרנישט.

י פ ת. שמה קוקט זיי אָן, ווי זיי וואָלטן מיר געווען. און דאָס רייצט מיך זייער שטאַרק צו זיגן דאָרט, וואו אלהים׳ס זין האָבן זיגן נישט געקאָנט.

ח ם. זי איז שמ׳ס ווייב. דיינע ברידערס ווייבער לאָז צורו.

י פ ת. האָסט זיך דערשראָקן, חם? זיי רואיק, דיין חמה ציט מיך ווייניק צו.

ח ם. אַבי זי ציט מ י ך צו געגוג.

י פ ת (צולאַכט זיך. פון פעלז קומען אַראָפּ שמחזאי און עזאל, בלייבן שטיין אויבן אויפן אויסגלייך. ווען יפת באַמערקט זיי, האָקט ער אָפּ זיין געלעכטער).

ש מ ח ז א י. לאַך ווייטער, נח׳ס זון. פאַרוואָס האָסטו אויפ־געהערט? לאַכסט אַזוי גוט.

י פ ת. נישט ווען איר זייט לעבן מיר.

ע ז א ל. ווי לאַכסטו דען, ווען מיר זיינען לעבן דיר?

י פ ת. געמאַכט, באַדריקט, קיינמאָל נישט פון האַרצן.

ש מ ח ז א י. און דו, נח׳ס יינגסטער?

ח ם. ווען איר זייט דאָ, לאַך איך איבערהויפּט נישט.

ע ז א ל. זיינען מיר אַזוי שרעקליך?

י פ ת. איר זייט צו שיין פאַר אונז.

ש מ ח ז א י. דו ביסט דאָך אַ באַוואונדערער פון שיינקייט.

י פ ת. פאַר אַ וואונדער לאַכט מען נישט.

ע ז א ל. עס איז אונז שווער אייך צו פאַרשטיין.

י פ ת. אונזערע נקבות פאַרשטייט איר בעסער.

ע ז א ל (התפעלותדיק). אייערע נקבות!

ש מ ח ז א י. אך, ווי זיי לאכן אין אונזערע אָרמס!

ע ז א ל (תאוהדיק). ווי זיי לאכן!

ח ם. דערפאַר פאַרגייט אונז אינגאַנצן דער געלעכטער.

י פ ת. אָ, פאַרוואָס זייט איר אַהער געקומען?

ש מ ח ז א י. אַהער? אויף דעם פּלאַץ דאָ פאַר דער תבה? דער גאַנצער עולם קומט אַהער.

ע ז א ל. מיט ווייבער, טעכטער...

י פ ת. פאַרוואָס זייט איר געקומען צו אונז, פון וואַנען איר זייט געקומען?

ח ם. וואָס האָט אייך אָנגעטראָגן צו אונז?

י פ ת. איר געהערט צו אַן אַנדער וועלט, פאַרוואָס זייט איר דאָרטן נישט געבליבן?

ש מ ח ז א י. מיר זיינען געקומען אייך צו בעסערן.

ח ם. ווער האָט אייך געבעטן?

ש מ ח ז א י. מען האָט אונז געזאָגט, איר לעבט שלעכט, נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן אייך און ווילדע חיות.

ח ם. דאָס זאָגט דער טאַטע אויך.

ש מ ח ז א י. און מיר האָבן זיך אַרויסגערופן, אַראָפּצונידערן צו אייך און אויפהייבן אייך צו זיך.

ע ז א ל. מיר האָבן נישט געוואוסט, ווי שווער דער אויפהייב איז.

י פ ת. און ווי לייכט עס איז דער נידער. איצטער זייט איר מיט אונז אין תהום. אָנשטאָט איר אונז צו פאַרבעסערן, האָבן מיר אייך שלעכט געמאַכט.

ש מ ח ז א י. די ווייבער האָבן עס אונז אָנגעטאָן.

ח ם. נעמען ביי אונז אַוועק די ווייבער!

ש מ ח ז א י. מיר האָבן זיי אויבן נישט געקענט.

י פ ת. ווייסט איר נאָך דעם וועג נאָך אויבן? פאַרנעמט זיך אַהין צוריק.

ש מ ח ז א י   מיר האָבן נישט קיין צוריק. מיר ווילן אים אויך נישט.

ע ז א ל. בעסער מיט די ווייבער אונטן, ווי אויבן דאָרט אָן זיי. ווער איז די מיידל, וועלכע קומט אַרוים פון צווישן יענע בוימער?

ש מ ח ז א י. זי האָט אויך מיין אויג געפאַנגען.

י פ ת (גייט צו צו די בוימער, קוקט זיך איין). איסטאַהאַר הייסט זי, איינע פון אונזערע שענסטע.

ח ם. דו זע נאָר זייערע אויגן, ווי זיי ברענען.

י פ ת. איצטער טאָר מען זיי אין וועג נישט שטיין. (טרעט אָפּ מיט חמין צו דער תבה־טיר.)

ש מ ח ז א י. אַזאַ איינע האָבן מיינע אויגן נאָך נישט געזען.

ע ז א ל. אַזאַ איינע האָט נאָך מיין האַרצקלאַפּ נישט פאַר־שנעלערט.

ב י י ד ע (שעפּטשען באַגייסטערט אַרוים). איסטאַהאַר! (קו־קן זיך אָן פאַרוואונדערט.)

ש מ ח ז א י. דאָס האָט אונז נאָך נישט געטראָפן, אַז מירביידע זאָלן וועלן דיזעלביקע אדמ׳ס טאָכטער.

ע ז א ל. זי וועט אויסקלייבן צווישן אונז.

ש מ ח ז א י. איך האָב נאָך ביז איצטער נישט געוואוסט, וואָס הייסט פאַרלירן.

ע ז א ל. איך אַזוי ווי דו.

ש מ ח ז א י. און איצטער וועט איינער פון אונז מוזן פאַרלירן.

ע ז א ל. מיר מענטשלען זיך. מיר ווערן אין אַלץ אדמ׳ס זין צוגלייך.

ש מ ח ז א י. איך ו ו י ל נישט פאַרלירן.

ע ז א ל. ־ וועסט מוזן.

ש מ ח ז א י. איך קען נאָך נישט קיין מוז.

ע ז א ל. וועסטו געוואַלט געברויכן?

ש מ ח ז א י. האָסט ערשט געזאָגט: מיר ווערן מענטש צוגלייך.

ע ז א ל. וועסטו קעגן מיר?

ש מ ח ז א י. דאָ קומט זי. איך ווער פריער מענטש! (שפּרינגט אַראָפּ פון פעלז און איילט אַנטקעגן דער אָנקומענדיקער איסטאהאר.) אָ, איסטאהאר!

א י ס ט אַ ה אַ ר (איבעראַשט, מאַכט אַ טראָט צוריק). פונוואַנען ווייסטו מיין נאָמען?

ש מ ח ז אַ י. דיין שיינקייט טראָגט אים ווייט פאַרנאַנדער.

א י ס ט אַ ה א ר. וואָס ווילסטו דען פון מיר?

ש מ ח ז א י. דאַרפסט עס פרעגן? וואָס קאָן איך פון דיר ווע‏לן? איך וויל געהערט ווערן פון דיר.

א י ס ט א ה א ר. וואָס האָסטו מיר צו זאָגן?

ש מ ח ז א י. דו זאָלסט מיר געהערן.

א י ס ט א ה א ר. געהערט זיך דאָס צו זאָגן? איך וויל עס גאָר נישט הערן.

ש מ ח ז א י. עס האָט קיין פרוי מיר נאָך נישט אָפּגעזאָגט. ניין, זיי האָבן אַלע מיר זיך אָנגעבאָטן.

א י ס ט אַ ה אר. קיין פרוי איז נישט איסטאהאר.

ש מ ח ז א י. דאָס האָב איך גלייך דערזען, דערפילט. אָ, איסטאַהאר!

א י ס ט א ה א ר. איצטער האָסטו דאָס אויך געהערט. (זעצט פאָר איר וועג, פאַרבייגייענדיק שמחזאיין.)

ע ז א ל (שפּרינגט אַראָפּ פון פעלז און פאַרשטעלט איר דעם וועג). אָ, איסטאַהאר!

א י ס ט אַ ה אַ ר. ווילסט דיין חבר נאָכריידן? דו קריגסט דעם זעלביקן ענטפער.

ע ז א ל. אויב איך וועל אים ביי דיר פאַרדינען.

א י ס ט א ה א ר. האָסט אים שוין פאַרדינט, ווען דו האָסט מיר דעם וועג פאַרשטעלט.

ע ז א ל. דאָס האָסטו מיר מיין וועג פאַרשטעלט. ווי איך האָב דיך דערזען, האָב איך יעדן וועג פאַרלאָרן. מיינע אויגן זעען מער קיין וועג נישט. זיי זעען נאָר דיך, אָבער איצט ווייס איך, פאַרוואָס

איך בין צו אדמ׳ס קינדער אראָפּגעקומען — דאָס איז געווען דער וועג צו דיר.

א י ס ט א ה א ר. איז דער וועג צו מיר אויסגעלייגט מיט פרויען? זינט איר האָט זיך באַוויזן צווישן אונז, איז קיין איין פרוי נישט זיכער דאָ פון אייך. איך וויל די אויסנאַם זיין.

ע ז א ל. איך האָב פון ליבע נישט געוואוסט, איצטער ווייס איך, וואָס זי איז.

א י ס ט א ה א ר. צו וועלכער פרוי וועסטו אַריבערטרעטן איבער מיר?

ע ז א ל. ניין. אָ, איסטאהאר! איך רעד פון ליבע צו דיר, און ליבע איז אַ קייט.

א י ס ט א ה א ר. קענסט גוט שוין אונזער שפּראַך.

ע ז א ל. אָ, איסטאהאר, איך שווער דיר!

א י ס ט א ה א ר. האהאהאהא, דאָס איז בעסער נאָך!

ע ז א ל. אָ, איסטאהאר!

א י ס ט א ה א ר. איך וויל דיך נישט. געפעלסט מיר נישט. אפילו חם דאָ געפעלט מיר בעסער.

ח ם (לאַכט אַנטציקט אויף).

ש מ ח ז א י (כאַפּט איסטאַהאַר אויף זיינע הענט און לאָזט זיך מיט איר לויפן אַרויף דעם פעלז. עזאל און יפת קוקן נאָך איי־בערראַשט און פאַרנייגערט. חם שפּרינגט אויף אַרויסגעבדיק פון זיך בייזע טענער).

א י ס ט א ה א ר (רייסט זיך אַרויס פון שמחזאַאיס הענט). ניין, דו וועסט מיך נישט האָבן! (וואַרפט זיך אַראָפּ פון פעלז און בלייבט ליגן טויט.)

ש מ ח ז א י (לאָזט זיך לויפן אַראָפּ, בלייבט אָבער שטיין, די אויגן אָנגעשטעלט אויף דער אונטן ליגנדיקער איסטאַהאַר).

ח ם (לויפט צו צו איסטאהאר, בויגט זיך איבער איר איבער און שרייט אויס). זי איז טויט! זי איז טויט! (לויפט נאָך רעכטס און שרייט.) איסטאהאר איז טויט! (לויפט צוריק צו דער טויטער.

שטעלט זיך איבער איר און חזריט.) טויט! טויט! איינע פון אונזערע שענסטע!

י פ ת (קומט אויך צו צו דער טויטער, שטייט איבער איר און שאָקלט מיטן קאָפּ). האָט נישט געטאָרט געשען.

ע ז א ל (איז אַרויף אויפן פעלז, געבליבן שטיין לעבן שמחזאַיין אַראָפּקוקנדיק צו איסטאהאר). דו האָסט פאַרגעסן, אַז זיי קאָנען שטאַרבן.

ש מ ח ז א י. זי טוט מיר ווירקלעך לייד. בין איך שוין נישט צופיל מענטש געוואָרן?

ע ז א ל. מיט דעם, וואָס דיר טוט לייד? דאָס האָב איך נאָך פון זיי קיינמאָל נישט געהערט.

ש מ ח ז א י. איך האָב נישט געדאַרפט געברויכן קיין גע־וואַלט.

ע ז א ל. האָסט מיך געדאַרפט לאָזן ריידן. איך קען שוין די ליבע־שפּראַך.

ש מ ח ז א י. איצטער — נישט דיר, נישט מיר.

ע ז א ל. און דאָס איז פאַר אונז דער בעסטער אויסוועג.

ש מ ח ז א י. דו רעדסט אינגאַנצן ווי א מענטש.

ח ם (צום אָנלויפנדיקן עולם). דאָ ליגט זי, איסטאהאר. טויט, אָן א לעבנסאָטעם. אָט דער... אָט דער זון פון אלהים, דער שמחזאי, האָט געוואָלט געברויכן אויף איר געוואַלט, און זי האָט זיך פון אויבן אַראָפּגעוואָרפן, אַרויסרייסנדיק זיך פון זיינע אָרעמס.

א פ ר ו י. דאָס גלויב איך עפּעס נישט.

ח ם. איך האָב אַליין געזען, געהערט. יפת איז אויך אַן עדות.

י פ ת. געווען אַן איינציקע אדמ׳ס טאָכטער, וואָס האָט גע־וואָלט ביישטיין די זין פון אלהים... איז זי טויט. (גייט אַוועק אין תבה אַריין.)

ח ם. מיר טאָרן עס נישט פאַרשווייגן!

א מ א ן. וואָס שרייסטו אַזוי? אָט שטייט איר ברודער איבער איר און שווייגט.

ד ע ר ב ר ו ד ע ר. ווען איך וואָלט געוואוסט, מיט וואָס שמחזאי קאָן זי מיר באַצאָלן, וואָלט איך שוין נישט געשוויגן.

ח ם. מיר מוזן נקמה נעמען!

אַ מ אַ ן. וואָס נעמסטו זיך אַזוי אָן?

ח ם. זי האָט געזאָגט, איך געפעל איר בעסער ווי עזאל.

אַ פ ר ו י. זי האָט ווירקלעך אַזוי געזאָגט?

ח ם. זי האָט עס. יפת האָט עס אויך געהערט. (קוקט זיך אַרום נאָך יפתין.)

ד י פ ר ו י. האָט זי פאַרדינט איר סוף. (געלעכטער.)

ח ם. די זין פון אלהים וועלן פאַר אדמ׳ס זין קיין ווייבער מער נישט לאָזן! דאָס מוז אַ סוף דאָך נעמען!

אַ מ אַ ן. עס וועט קומען באַלד דיין טאַטנס מבול. (געלעכטער.)

אַ צ ו יי ט ע ר. דאָס וואַסער וועט צו זיי נישט צוקומען. זיי וואוינען הויך.

ע ר ש ט ע ר. זיי וועלן אָבער בלייבן אָן אונזערע ווייבער.

אַ פ ר ו י. מיר וועלן זיך אַרויפראַטעווען צו זיי! (גרויסער געלעכטער. נח באַווייזט זיך אין דער תבה־טיר, יפת, שמה, יפתה און חמה הינטער אים).

ח ם (לויפט אַרויף צו נחין). האָסט געהערט? דו ווייסט? זאָג זיי, אלהים׳ס זין, דיין האַרב וואָרט! שטראָף זיי, ווי דו קאָנסט!

נ ח (אָפּשטופנדיק חמ׳ען אויף הינטער זיך, ווענדט זיך צו דעם עולם). איך קום צו אייך מיט דעם לעצטן וואָרט. הערט, דער סוף איז נאָענט! שמחזאי און עזאל זיינען פאַר אונז די מאָס פון אונזער פאַרדאָרבנקייט. די מאָס איז איבערגעפילט, די געדולד פון אלהים האָלט שוין מער נישט אויס. זיי זיינען געקומען אונז צו בעסערן, און זעט, וואָס פון זיי איז דאָ געוואָרן. זיי האָבן געדאַרפט זיין אונזער רעטונג, און איצטער איז פאַר זיי אַליין קיין רעטונג מער נישטאָ. אויך זיי וועלן אונטערגיין צוזאַמען מיט אייך; אויך זיי וועלן אומקומען אין דעם מבול.

י פ ת ה (שרייט אויס) אויך זיי? (בלייבט פאַרגליווערט מיט איר בליק אויף די נפילים.)

ח מ ה (קוקט אַרויף צו אֱלהימס זין און לאַכט מיט הויכע אויסברוכן).

ח ם (לייגט אַרויף זיין האַנט אויף איר מויל). זאָלסט זיך זיי נישט באַווייזן! (שטופּט זי אַריין אין דער תבה.)

נ ח. דער מבול וועט אָפּווישן פון דער ערד אייך, די ערד־געבאָרענע, און אויך זיי, די ערד־געוואָרענע!

ש מ ה (זיפצט אַרויס). אויך זיי!...

י פ ת (לאַכט אויף). אָ, שטילע שמה!

ש מ ה. איך האָב געוואָלט, ז י י זאָלן זיין ריין פון זינד.

ש מ ח ז א י. אָ, נח, קאָן נאָך תשובה העלפן?

נ ח. דאָס וויל דאָך אלהים. ער וואַרט נאָך אַלץ אויף תשובה. זעט, עס קלייבן זיך שוין די וואָלקנס. זעט, ווי פינסטער ווערט דער הימל. טוט תשובה אַלע, און די זון וועט ווידער שיינען.

א מ א ן. זי וועט שיינען, נח, אויך אָן אונזער תשובה. מיר האָבן וואָלקנס שוין געזען און נישט איינמאָל שוין נאַס געוואָרן פון רעגן. (געלעכטער.)

ע ז א ל. און זאָל אַלץ אמת זיין, וואָס נח זאָגט, איך טראַכט פון תשובה נישט. האָבן מיר אויסגעקליבן צו לעבן ווי אדמ'ס קינדער, נעמען מיר אָן אויך זייער סוף. קום אַרויף, שמחזאי! מיר וועלן דאָרטן וואַרטן, ביז דאָס וואַסער וועט אונז דערגרייכן. און וועט דאָס וואַסער אַהין נישט דערשטייגן, וועל איך דער ערשטער אַראָפּוואַרפן זיך אין דער טיף. אָבער דער מבול קומט נאָך נישט. מיר וועלן נאָך אייך געניסן, אדמ'ס טעכטער! (אַ הויכער געלעכטער פון פרויען. שמחזאי און עזאל גייען אַוועק אַרויף.)

נ ח (שרייט אַריין אין דעם געלעכטער). קוקט זיך אָן דעם הימל! (איסטאַהאַר'ס פאָטער און מוטער קומען אָן צולויפן.)

ד י מ ו ט ע ר. איך הער, איסטאַהאַר איז טויט! מיין טאָכטער איז אומגעקומען! (שפּאַרן זיך אין עולם.)

ד ע ר ב ר ו ד ע ר. יאָ, יאָ, דאָס איז דיין נאַר! האָט זיך אַליין געמאַכט דעם טויט, דער שוטה!

ד י  מ ו ט ע ר. מיין טאָכטער! מיין איסטאהאר! (יאָמערט אויסציענדיק זיך איבער דעם קערפּער.)

ד ע ר  פ אָ ט ע ר. מיין איסטאהאר! ווי אַזוי? פאַרוואָס?

ד ע ר  ב ר ו ד ע ר. איר איז נישט געפעלן געוואָרן שמח־זאַ'ס אומאַרמונג, האָט זי זיך אַראָפּגעוואָרפן.

ד ע ר  פ אָ ט ע ר. ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ היזק! דער אַלטער סעלעק האָט מיר ערשט פינף פעלדער פאַר איר אָנגעבאָטן, און שעפּסן און ציגן גאַנצע סטאַדעס. און דאָס האָב איך פאַרלאָרן!

ד ע ר  ב ר ו ד ע ר. ווי זי איז איצטער, איז זי נאָך ווערט אַ פעלד.

ד ע ר  פ אָ ט ע ר. ווי? ווי מיינסטו?

ד ע ר  ב ר ו ד ע ר. מיר וואַשן נאָר אָפּ דאָס בלוט פון איר, גיט סעלעק צוויי פעלדער נאָך געווים.

ד ע ר  פ אָ ט ע ר. איז עס מעגלעך?

ד ע ר  ב ר ו ד ע ר. זי איז נאָך וואַרעם. לאָמיר זיך באַאיילן. ווי איך קען סעלעק'ן, גיט ער נאָך אַ שעפּס, אַ ציג.

ד ע ר  פ אָ ט ע ר (צו דער מוטער). דו האָסט געהערט? שטיי אויף! שנעל, מיר מאַכן זי צורעכט!

נ ח (שרייט אויף). איצטער קומט דער מבול! (אַ בליץ און גלייך אַ שטאַרקער, לאַנג־אָנהאַלטנדיקער דונער. נח און די זייניקע גייען אַריין אין דער תבה. די טיר הייבט זיך לאַנגזאַם אויף. אַ שטומער שרעק באַפאַלט דעם עולם.)

## צווייטע סצענע

(אין דער תבה. אַ צימער פאַר דער גרויסער טיר, וואָס געפינט זיך אין דער הינטערוואַנט. אין די ביידע זייטנווענט צו צוויי טירן, פאָרנט און הינטן. ביי דער לינקער וואַנט צווישן ביידע טירן אַ באַנק. הויך איבער דער מיטלטיר — אַ פענסטער. די ווענט זיינען באַדעקט מיט פעל. — נח זיצט אויף דער באַנק, לעבן אים רעכטס זיצט נחה; לינקס — שם; צופּוסן — שמה, יפתה און חמה; יפת שטייט אויף

אַ טיר־פּלאַנקע און קוקט ארויס אין פענסטער. חם זיצט אן איבער־געשראָקענער אין לינקן ווינקל, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט פארדוקן, באַהאַלטן. פון דרויסן הערט זיך שטאַרקער רעגנגאָס, געמישט מיט הילפסגעשרייען און אַ קלאַפּן אין די ווענט פון מענטשן, וועלכע האַלטן זיך אָן אן דער תבה.)

י פ ת. איך זע, דאָס וואסער גיסט פון אויבן אין דיקע שטראָ־מען, גאַנצע טייכן פאַלן פון די וואָלקנס. וואָס אונטן טוט זיך, זע איך נישט.

ש ם. עס איז גענוג שוין, וואָס מיר הערן.

ח ם (יאָמערדיק). וועט דער קאסטן אויסהאַלטן? וועט ער נישט צוזאַמענפאַלן?

נ ח. איך האָב אים געבויט, ווי אלהים האָט מיר באַפוילן. האָב גאָרנישט נישט געענדערט, אויף קיין האָר ברייט נישט אָפּגעטראָ־טען פון זיין אָנווייז. די לייננ, די הויך, די ברייט... די טיר, וואו זי גע־הערט... די פענסטער אויך... געפּעכט פון אינוויינינק און דרויסן... דער קאַסטן וועט שוין אויסהאַלטן.

נ ח ה. זיי האָבן געוואָלט אים איבערקערן און האָבן נישט געקאָנט.

ח ם. וועט די טיר נישט נאָכגעבן און אויפעפענען זיך?

נ ח. יהוה אלהים האָט זי הינטער אונז פארשלאָסן. קיין מענטשן־האַנט וועט זי נישט קאָנען עפענען.

י פ ת. קיינמאָל נישט?

נ ח. ווען עס וועט קומען די צייט, וועט זי געעפנט ווערן.

ח ם. זיינען די פענסטער גוט פארמאַכט?

ש ם. הער דאָך אויף מיט דיין שרעק און יאָמער! דאָרטן קו־מען מענטשן אום...

ח ם. איך וויל נישט אומקומען ווי זיי!

נ ח. יהוה אלהים וועט האַלטן דאָס וואָרט, וואָס ער האָט מיר געגעבן.

ש ם. איז דיר דאָס ווייניק נאָך פארזיכערונג? הער שוין אויף מיט דיין געקרעכץ.

ח ם. איך ווייס, אַז אלהים... איך וויל נאָר וויסן, צי דער קאַסטן...

נ ח. ר ו א י ק, זון, רואיק. אויב דו ווייסט, אַז אלהים האַלט זיין וואָרט, ווייס איך באַשטימט, אַז דער קאַסטן וועט אויס־האַלטן. אלהים האָט געזאָגט צו מיר: און איך האָב אויפגעשטעלט אַ בונד מיט דיר און וועסט אַריינקומען אין דער תבה, דו און דיינע זין און דיין ווייב און די ווייבער פון דיינע זין...

ש ם. ווען יענע אין דרויסן וואָלטן געוועזן נח׳ס קינדער, וואָלטן זיי אויך געראַטעוועט געוואָרן.

י פ ת ה. ווי גוט, וואָס מיר זיינען די ווייבער פון דיינע זין!

ש ם. פאַרוואָס באַדויערט איר נישט די וואָס דרויסן?

י פת. איך באַדויער... איך באַדויער...

ש מ ה. עס ברעכט און וויינט מיין האַרץ.

ש ם. דו, ווייס איך, האָסט רחמנות.

י פ ת. האָט אלהים איצטער רחמנות?

נ ח. צושטערט, וואָס ער אַליין האָט אויפגעבויט, באַשאַפן, ווייל די אַרבעט איז אים נישט געלונגען. ער קאָן זיין אומזיסטע מי באַדויערן, אָבער נישט זיין אומגעלונגענע מלאכה.

ש ם. דאָך די אַרבעט אַליין דאַרף באַדויערן, וואָס זי ווערט צושטערט. מיר זיינען אַ טייל פון זיין אומגעלונגענער מלאכה, מיר דאַרפן רחמנות האָבן. די דאָרטן דרויסן...

ח ם (אויפגערעגט). איך ווייס נישט, ווער זיינען די דאָרט דרויסן... זיי האָבן געוואָלט איבערקערן אונזער קאַסטן!

ח מ ה. ווען מען זאָל זיי וועלן אַריינגעמען און אויפעפענען די טיר, וועט אַריינגיסן דאָס גאַנצע וואַסער.

ח ם. וואָס רעדסטו פון עפענען די טיר?! ווער וויל עפענען די טיר?! (באַהאַלט זיין קאָפּ צווישן זיינע קני.)

נ ח (צו חמהין). גיי זעץ זיך לעבן דיין מאַן און יאָג פון אים אַרויס דעם שרעק.

ח מ ה. עס איז גוט אַזוי לעבן דיר צו זיצן. ער קאָן אָניאָגן אַ שרעק.

נ ח. גיי, חמה, גיי.

ח מ ה (הייבט זיך שווער אויף און גייט צו צו חסיען). וואָס האָסטו מורא מער פאַר אַלעמען? (זעצט זיך צו לעבן אים.) איצטער וועל איך אויך אָנהייבן צו ציטערן.

ש ם. עס ציטערן די, וואָס ווייסן, אַז זיי האָבן נישט פאַר־דינט די רעטונג.

י פ ת. איך ווייס, איך האָב זי נישט פאַרדינט, און ציטער דאָך נישט. איך שטיי דאָ און טראַכט גאָר פון שמחזאי און עזאל. איך האָב זיי מקנא געווען, געוואָלט זיין ווי זיי.

ש ם. ווען דו וואָלסט געווען אַזוי ווי זיי, וואָלסטו אין דער תבה נישט געווען.

י פ ת. איך בין דאָ אין דער תבה, ווייל איך בין נח'ס זון. איך ווייס, איך האָב עס נישט פאַרדינט. ביזטו דאָ נישט, ווייל דו ביזט נח'ס זון? האָסטו פאַרדינט די רעטונג?

ש ם. איך ווייס נישט. אָבער איך האָב זי געוואָלט פאַרדינען.

נ ח. אמת, זון מיינער, מיין בכור, ביזט אין מיינע וועגן גע־גאַנגען.

ש ם. האָב דיינע וועגן באַטראַכט, נאָכגעטאָן דיינע מעשים, ווייל איך האָב אלהים דערקענט אין זיי.

נ ח. דו וואָלסט אַליין גערעכטעוועט געוואָרן.

ש ם. איך פריי זיך, וואָס איך בין דיין זון.

י פ ת. ווי אומענדלעך איז מיין פרייד! וואו וואָלט איך איצט געווען?

ש מ ה. די הילפגעשרייען אין דרויסן ווערן וויניקער און וויי־ניקער.

נ ח. זיי פאַרלירן דעם אָנהאַלט, וועלכן זיי האָבן געפונען, און פאַרשווינדן אין די וואַסערן.

ש מ ה. ווייי! ווייי!

י פ ת ה. ווען זיי דראַפּען זיך נאָר אַרויף אויפן דאַך!

נ ח. אלהים וויל נישט זייער רעטונג.

י פ ת. איך גלויב, איך זע דעם שפּיץ פון פעלז. מיר זיינען אויף איין הויך מיט אים.

ש ם. אזוי הויך שוין דאָס וואַסער אָנגעשטיגן.

ח ם. דער קאַסטן וועט נישט אויסהאַלטן! ער וועט זיך אי־בערקערן! ער וועט זיך צוקלאַפּן אָן אַ באַרג!

ח מ ה (צוויאָמערט זיך).

נ ח. רואיק! זייט דאָך רואיק! געדענקט דאָך אלהים!

ח ם און ח מ ה (מיט ציטער). אלהים! אלהים! אלהים!

י פ ת. איך גלויב, איך זע דאָרטן צוויי געשטאַלטן. יאָ. שמח־זאַי און עזאל. זיי ליכטן אין דער וואַסערגרויקייט, אין דער טונקל־קייט פון פאַרנאַכט. שטייען רואיק. אליין צוויי פעלזן.

ש ם. וועלכע וועלן באַלד אָפּגעווישט ווערן.

י פ ת. דאָס וואַסער שטייגט, שטייגט... זיי באַוועגן זיך נישט... דאָס וואַסער נעמט זיי אַרום... זעען זיי די תבה? געווים זעען זיי די תבה, ווען איך זע זיי... מיר זיינען אזוי נאָענט...

י פ ת ה. קאָן איך שטיין, וואו דו שטייסט? וואָלט אויך גע־וואָלט אַ קוק טאָן.

י פ ת. אויב דו ווילסט איינשטעלן אַרויפצוקריכן — דיין אַראָפּפאַל וועט זיין ערגער ווי איסטאַהאַר׳ס. קומסט?

י פ ת ה. אזוי נייגעריק בין איך נישט.

י פ ת. דאָס איז דיין גליק... הם, ווי שנעל דאָס וואַסער שטייגט! איך זע בלויז דיביידע קעפּ.

ש מ ה (רעדט לאַנגזאַם אַרויס). זיי ליכטן אין דער וואַסער־גרויקייט.

י פ ת (קוקט זיך אויף איר אום). וואָס האָסטו געזאָגט?

ש מ ה. איך האָב איבערגעחזרט דיינע ווערטער.

י פ ת. ווי דו האָסט עס געזאָגט!

ש מ ה. ווי האָב איך דען?

י פ ת. איך וועל עס דיר אַמאָל דערמאָנען.

ש מ ה. וועט נישט נויטיק זיין.

ש ם. א יעדער הערט ארויס, וואס ער וויל ארויסהערן.

י פ ת. וואו זיינען נאר דיביידע קעפ? איך האב א ווײלע אפגעווענדט די אויגן... איך געפין דעם ארט נישט מער... פארשוואונדן ביידע קעפ...

ש ם. א שאד, א שאד...

נ ח. זיי האבן געזאלט אונז זיין א גוטער ביישפיל, וועג־ווייזער אויף גלייכע וועגן, און האבן אויף אונזערע שלעכטע וועגן פאר־בלאנדזשעט...

י פ ת. ניין, איך זע זיי שוין נישט מער. איך זע שוין אויך דאס וואסער נישט. עס ווערט פינסטער. עס פאלט צו די נאכט. (שפרינגט אראפ.) מען קלאפט נאך און מען שרייט. זיכער נישט די ביידע...

נ ח. עטלעכע האלטן זיך נאך אן.

ש מ ה. קאן מען זיי נישט אריינגעמען?

ח ם און חמה (מיט שרעק). אלהים! אלהים! אלהים!..

נ ח. מען קאן נישט און מען טאר נישט. אלהים וויל עס נישט.

ש ם. דאס וואלט איך געוואלט פארשטיין. איז רחמנות נים איינער פון זיינע וועגן?

נ ח. ער ווייס שוין, וואס ער טוט. (דרויסן א שרעקלעכער ווייגעשריי, און גלייך הערן אויף די געשרייען און דאס קלאפן. די אין דער תבה הערן זיך צו אין גרויסער שטילקייט. עס ווערט זייער פינסטער.)

י פ ת ה (נאך א לענגערער פאוזע). שטיל.

נ ח. די לעצטע זיינען אראפגעשווינקט געווארן.

ש ם (גייט צו צו דער הינטער־וואנט או הערט זיך צו). מען הערט נאר ווינט און וואסער.

נ ח. איצטער זיינען מיר די איינציקע פון אדמ'ס קינדער אויף דער גאנצער ערד.

ש מ ה. ווי שרעקלעך!

ש ם. ווי האט אלהים געקאנט מאכן אזא טעות אין זיין באַ־

שאף? פון אלע אָדם׳ס קינדער זאָל נח אַליין איבערבלייבן, און מיר בלויז מיט נח׳ס זכות.

י פ ת. אַליין... עטלעכע מענטשן בלויז... אין גרויסער פינס־טערניש... ארומגערינגלט מיט וואסער און שטורם...

ח ם. פאַרוואָס רעדסטו אזוי?... עס ציטערן אין מיר אַלע אברים!... אלהים!... אלהים!...

ח מ ה. אלהים! אלהים!

נ ח (מיט שווערן אויפזיפץ). די איינציקע אויף דער גאַנ־צער ערד.

י פ ת ה. איז די ערד גרויס?

נ ח. איך בין אַ סך אויף איר אַרומגעגאַנגען, קיינמאָל זי נישט אויסגעגאַנגען.

י פ ת ה. אזוי גרויס, און מיר אַליין.

נ ח. מיר אַליין. אַליין אויף דער גאַנצער ערד.

ח ם און ח מ ה (יאָמערן אַ שטילן לאַנגן יאָמער).

## צווייטער אַקט

דאָס זעלביקע תבה־צימער. פון פענסטער שיינט אַריין די זון. נח אז שם קראַצן אַראָפּ דעם פעך פון הינטער־וואַנט, עפענען שפּאַלטן, דורך וועלכע עס גיסט אריין דאָס ליכט פון אַ זוניקן טאָג. נחה, שמה, יפתה צושטעלן זיך ביי די שפּאַלטן. יפת שטייט אויף דער טיר ביים פענסטער. חם שטייט אונטער איס ביי דער טיר.

נ ח (אַרויסקוקנדיק פון אַ שפּאַלט). טרוקן. די ערד איז אינ־גאַנצן טרוקן.

ש ם (אַרויסקוקנדיק פון אַן אַנדער שפּאַלט). טרוקן, ווי זי וואָלט קיין וואַסער שוין לאַנג ניט געהאַט, ווי זי וואָלט נאָך וואַסער שוין געדורשט.

י פ ת. דאָס זאָג איך שוין פון לאַנג.

ח ם. פאַרוואָס מאַכט מען נישט אויף די טיר?

נ ח. אלהים האָט זי צוגעמאַכט, אלהים וועט זי אויך עפענען.

ח ם. עס שיינט, ער האָט אונז דאָ פאַרגעסן.

נ ח. אלהים פאַרגעסט נישט.

ח ם (פרואווט זיך אויפצועפענען די טיר, שטופנדיק זי מיט אַלע כחות).

נ ח. דו וועסט נישט קאָנען, און קיינער וועט נישט קאָנען. גלויבסטו מיר נישט, וואָס איך זאָג?

ש ם (צו חסיען). זיי נאָר אומגעדולדיק, און אלהים וועט האַלטן די טיר נאָך לייגנער צוגעמאַכט.

נ ח. מיר האָבן געווג שוין אָפּגעקראַצט, קאָנען זען ווי דער דרויסן איז. איצטער וועלן מיר צוגרייטן די חיות צום אַרויסגיין. (גייט אריין אין דער זייטנטיר לינקס פאָרנט, שם אין דער זייטנטיר פאָרנט רעכטס.)

ח ם (בייז). צוגרייטן, אַז מען ווייס נישט וועז און וואָס! (שטעלט זיך צו צו אַ שפּאַלט.)

י פ ת ה. איך זע דאָ גאָרנישט דורך דעם שפּאַלט.

ח מ ה. קיין שפּור נישט פון דעם מבול.

נ ח ה. עס איז קיין שפור פון גאָרנישט נישט געבליבן.

י פ ת. די געגנט דאָ איז מיר אינגאַנצן אומבאַקאַנט.

נ ח ה. טויט די גאַנצע געגנט.

ח מ ה. קיין בוים נישט, קיין גרעזל נישט אַפילו.

י פ ת ה. איך זע די שטראַלן פון דער זון.

ש מ ה (ביי אַ שפּאַלט אין ווינקל נישט ווייט פון דער רעכטער זייטנטיר הינטן). איך זע אַ בוים, וואָס שטייט אין פולער בליאונג.

י פ ת. זעסטו דורך דעם שפּאַלט מער, ווי איך דאָ אויבן. (שפרינגט אַראָפּ און איילט צו שמהיס ווינקל. די איבעריקע איילן אויך אַהין, פאַרכאַפּן אים דעם וועג.)

ש מ ה. מיר זיינען אויף אַ באַרג. דער בוים שטייט אונטען

וויט. (אַרום דער שפּאַרונג ווערט אַ שטופּעניש. חם געברויכט
זיינע הענט, שטויסט אַוועק די ווייבער.)

נ ח ה. חם, איך בין די מוטער!

ח ם. איך האָב שוין לאַנג נישט געזען קיין בליענדיקן בוים.

נ ח ה. נישט לייגער דאָ פאַר מיר. גיי, לאָז דעם פּלאַץ מיר אָפּ!

ח ם. איך וועל זיך אָנקוקן ביז זאַט, דערנאָך קאָנסטו אים זען. וואו איז ער נאָר, דער בוים? איך זע! איך זע! איך זע!

נ ח ה (אָפּשלעפּנדיק אים). איך לאָז דיך נישט קוקן, ביז איך האָב אים נישט אָנגעקוקט.

ח ם. מאַמע, מאַכסט מיך ווילד!

י פ ת (שטופּט אים אָפּ). האָסט דעם מבול שוין פאַרגעסן?

ח ם (קוקט אים אַ ווײַלע אָן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף אים און גייט אָפּ מיט אַן אויפגעשריי). פאַרוואָס מאַכט ער שוין נישט אויף די טיר?! איך בין דאָך געדולדיק! (גייט פון שפּאַלט צו שפּאַלט.)

י פ ת ה (צו חמה ן). וועסטו מיך לאָזן צוערשט אַ קוק טאָן, ווען די מוטער וועט אַוועקגיין.

ח מ ה. פאַרוואָס זאָל איך? דו שטייסט דאָך הינטער מיר.

י פ ת ה. איך האָב שטענדיק געליבט בוים און בליאונג... איך בענק אַזוי נאָך זיי.

ח מ ה. וועסטו דיין בענקעניש אַביסל שפּעטער שטילן.

י פ ת ה. דיר איז דאָך אַלצאיינס. האָסט קיינמאָל זיך פון בלומען נישט אויסגעמאַכט.

ח מ ה. שטיי איך צוערשט, וועל איך צוערשט אויך קוקן.

י פ ת ה. דו שלעכטע!

ח מ ה. עס איז שוין נאָך דעם מבול!

נ ח ה. אַ, איך וואָלט געקוקט און געקוקט. אַ בוים, אַ גרויסער בוים. אַן אוילבערטבוים. פון אים האָט די טויב געווים דאָס בלאַט געבראַכט, דאָס ליבע זילבערבלאַט.

ח מ ה (שלעפּט זי). האָסט גענוג געקוקט, איצטער לאָז דאָך מיך.

נ ח ה. גיי, קוק, זעטיק דיינע אויגן. (טרעט אָפּ.) איך גיי נה'ן דערציילן פון דעם בוים. (גייט צו דער זייטנטיר לינקס פּאָרנט.)

י פ ת ה (וויל פאַרכאַפּן דעם אָרט).

ח מ ה (שטופּט זי אָפּ). דו ווילסט דעם מבול ווידער? (שטעלט זיך צו צום שפּאַלט.) יאָ, אַ בוים. גאָרנישט אַזאַ גרויסער. האָב שוין אַ סך גרעסערע געזען. ווייטער איז דאָ אַלץ, ווי פון אַלע אַנדערע שפּאַלטן.

י פ ת ה. טאַ לאָז דאָך מיך שוין איצטער.

ה מ ח. האָסט נישט קיין צייט? דער בוים וועט נישט אַנטלויפן.

י פ ת (גיט איר אַ קניפּ).

ח מ ה (שפּרינגט אויף). אָי! (וויל זיך אַרויפוואַרפן אויף יפתהין.) איך וועל דיר באַווייזן קנייפּן!

י פ ת (פאַרהאַלט זי). ניין, דאָס האָב איך.

ח מ ה (זיס). אָ, דו!

י פ ת. האָסט גענוג געקוקט. אויך איך וויל דעם בוים דאָ זען.

ח מ ה. דיר לאָז איך אָפּ דעם פּלאַץ מיט גוטן. (רוקט זיך אָפּ צו אַן אַנדער שפּאַלט.)

י פ ת. (צו יפתהין). קאָנסט איצט קוקן.

ש מ ה. אז איך בין דאָ געשטאַנען, האָבן אַלע שוין פאַרגעסן.

י פ ת ה (התפעלותדיק). אַ בוים אין בליאונג! אַ בוים אין בליאונג! ווי פרייען זיך די אויגן! איך גלויב, איך פיל אויך זיין גערוך. (ציט מיט דער נאָז.) אַך, ווי גוט! ווי גוט! (ציט ווייטער.) ווי גוט!

י פ ת. האָסט געזען און אויך געשמעקט, איצטער לאָזטו מיך. (נעמט זי אַרום און דרייט זי אַוועק פון שפּאַלט.)

י פ ת ה. ניין, ניין, איך האָב נאָך נישט גענוג!

י פ ת. און שמה וויל איר פּלאַץ צוריק.

י פ ת ה. שמה איז אַ גוטע.

י פ ת. גיי, קריגסט דעם פּלאַץ דאָ נישט צוריק.

י פ ת ה. גיי איך צוריק צו די שטראַלן פון דער זון. (שטעלט זיך אַוועק ביי אַ ווייטערן שפּאַלט.)

י פ ת (צו שמה׳ן). איך גלויב, דער שפּאַלט איז גרויס גענוג, מיר קאָנעןביידע קוקן.

ש מ ה (צושטעלנדיק זיך). בעסער איז אַליין.

י פ ת. אין פאָרלעך איז עס בעסער. (לייגט אויף איר אַרויף די האַנט, ציט זי צו צו זיך.)

ש מ ה (גיט אים פלוצלינג אַ שטופּ). איך בין דיין ברודערס ווייב! האָסט דעם מבול שוין פאַרגעסן?

י פ ת. אַזוי האָב איך דאָך חם׳ען פריער. איך האָב דעם מבול נישט פאַרגעסן. איך געדענק גוט, אַז אַלע אדם׳ס קינדער זיינען אָפּגעווישט געוואָרן. אַלע מענער און אַלע פרויען, אַלע אַלטע און אַלע יונגע — אַך, אויך אַלע יונגע פרויען!

ש מ ה. ווי רעדסטו זינדיג!

י פ ת. דו ביזט די איינציקע געבליבן.

ש מ ה. דו האָסט דיין יפתה׳ן.

י פ ת. איך ווייס, דו דאַרפסט מיר נישט דערמאָנען. אָבער זי איז זי, און דו ביזט דו, און דו געפעלסט מיר שטאַרק, ביזט מיר נאָך פאַר דעם מבול געפעלן געוואָרן. איך האָב געטראַכט, ברודער שם האָט זיך אַ שיינעם גוטן ביסן אויסגעקליבן — זיין ביסן קאָן פאַר צווייען גוט זיין.

ש מ ה. איך טאָר עס גאָר נישט הערן.

י פ ת. עס האָט מיך אָנגעפילט אַ בייַנקעניש נאָך דיר, אַ ברע־ניקער פאַרלאַנג. דו מוזט אויך מיר געהערן!

ש מ ה. דער מבול איז געקומען פאַר אַזעלכע זינד.

י פ ת. ווען נישט דער מבול, וואָלסטו עס שוין לאַנג פון מיר געהערט.

ש מ ה. מיר זיינען נאָך אין דער תבה.

י פ ת. באַלד וועט זי געעפענט ווערן, און דרויסן שיינט די זון, און גרינען בוימער, און מיין האַרץ וועט שרייען שטאַרק נאָך דיר.

ש מ ה. אלהים האָט וואָסער נאָך געגונג.

י פ ת. דו רעדסט ווי נח, רעדסט ווי שם, אָבער איך גלויב דיר נישט.

ש מ ה. מיין צונג רעדט, וואָס מיין האַרץ טראַכט.

י פ ת. אַך, ווען איך וואָלט ווי שמחזאי געווען אָדער ווי עזאל! איך האָב אַמאָל געגלויבט, זיי זיינען גאָרנישט דיר. דו קוקסט זיי אָן ווי יעדערן פון אונז. און פּלוצלינג האָב איך אַנטדעקט מיין טעות. דו האָסט אין שטילן נאָך זיי געזיפצט, געלעכצט...

ש מ ה. ווי קומסטו דאָס צו זאָגן?

י פ ת. זאָג איך דען ליגן? ווי האָסטו אויפגעזיפצט, ווען דו האָסט געהערט, אַז אויך זיי וועלן אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד! ווי האָסטו פול ביינקשאַפט מיר נאָכגערעדט, אַז עס לייכטן זייערע געשטאַלטן אין דער וואַסערגרויקייט!

ש מ ה. האָסט שלעכט געהערט און שלעכט פאַרשטאַנען.

י פ ת. אָבער זיי זיינען נישטאָ מער, און איך בין דער נאָ־ענסטער צו זיי אין אויסזען, אין געשטאַלט.

ש מ ה. און דער וויטסטער מיר, דיין ברודערס ווייב.

י פ ת. אַך, ווער קימערט זיך אום דעם!

ש מ ה. דו וועסט נאָך אַ צווייטן מבול ברייינגען! איך גיי בעסער צו די חיות (גייט צו דער זייטנטיר, רעכטס, פאָרנט.)

י פ ת. ביזט פון הינטן רייציק ווי פון פאָרנט. (שמה פאַר־שווינדט.) אומזיסט פאַרלאָרן אַזוי פיל אָטעם. (ווענדט זיך צו צום שפּאַלט.)

ח מ ה (קומט צו). איך האָב געזען, מען קאָן אַרויסקוקן דאָ זאַלבענאַנד.

י פ ת. ווען מען וויל זיך צורוקן איינס צו איינס.

ח מ ה (לאַכט און דריקט זיך צו אים).

י פ ת (רוקט זיך אָפּ).

ח מ ה. וואָס רוקסטו זיך אַוועק? מיר וועלן דאָ צוזאַמען קוקן. (לייגט אויף אים אַרויף איר האַנט, ציט אים צו זיך צו, דריקט זיך צו אים און צוגייט זיך אין שטילן קיצל־לאַכן.)

י פ ת (שטופט זי אָפּ). דו ביזט מיין ברודערס ווייב!

ח מ ה (נעמט אים ווידער אַרום). ווי גוט איז דיך צו פילן!

י פ ת. ווי רעדסטו זינדיג!

ח מ ה. קום. איך ווייס אַ פֿאַרבאָרגענעם ווינקל. בעסער ווי דער שפּאַלט דאָ.

י פ ת. האָסט דעם מבול שוין פֿאַרגעסן?

ח מ ה. מיר וועלן דאָרטן זיין גאַנץ אַליין. קיינער וועט אונז נישט געפינען.

י פ ת. ווילסטו דעם מבול ווידער ברייגנען?

ח מ ה. ער וועט אַהינצו נישט אַריין.

י פ ת (וואַרפט אַראָפּ פון זיך איר האַנט). נעם דיין האַנט אַוועק פון מיר!

ח מ ה. ניין, ניין, איך וויל דיך מערער פילן!

י פ ת. געפעלסט מיר נישט.

ח מ ה. האָסט מורא פאַרן מבול.

י פ ת. אַוועק! איך וועל דיך ווידער קנייפּן.

ח מ ה. טו עס גוט און האַרציק.

י פ ת. אַך, דו ביזט פאַר מיר צופיל! איך גיי בעסער צו די חיות. (גייט אַוועק פון איר, גייט פאַרביי דער מיטלטיר און קלאַפּט.) וואָס עפענט ער נאָך נישט די מיר! (גייט אַוועק אין דער זייטנטיר, לינקס, הינטן.)

ח מ ה (קוקט אים נאָך, לאַכט־אויף און גייט אַוועק נאָך אים).

י פ ת ה. בין שוין מיד צו קוקן אויף די זונען־שטראַלן.

ח ם. איך בין שוין מיד געדולד צו האָבן.

י פ ת ה (אַרומקוקנדיק זיך). וואו זיינען אַלע?

ח ם. האַ, מיר דאָ גאָר אַליין!

י פ ת ה. גיי איך, אויף דעם בוים זאָל זיך אָנצוקוקן. (גייט אַריבער אין ווינקל און שטעלט זיך צו ביים שפּאַלט.) גרין און זיל־בערדיק... אַך, ווען איך דערזע נאָך אַ בלום!

ח ם (צוקומענדיק). מיר זיינען דאָ אַליין און אין א ווייטן ווינקל!

י פ ת ה. האָסט מורא?

ח ם. איך פריי זיך איבער דעם.

י פ ת ה. וואָס איז דען די פרייד?

ח ם. צו זיין מיט דיר אַליין. פרייסטו זיך נישט צו זיין מיט מיר אַליין? (וויל זי אַרומנעמען.)

י פ ת ה (שטופּט אים אָפּ). ווען איך בין מיט דיר אַליין, בין איך מיט קיינעם נישט.

ח ם. ווי קאָן דאָס זיין? בין איך דען קיינער?

י פ ת ה. פאַר מיר.

ח ם. דו, געדענקסט די איסטאַהאַר?

י פ ת ה. איך געדענק זי גוט.

ח ם. זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון שמחזאי'ס הענט און אַראָפּגעוואָרפן זיך פון פעלז, ווייל זי האָט מיך געוואָלט.

י פ ת ה. די שיינע איסטאַהאַר?

ח ם. זי האָט געזאָגט: חם געפעלט מיר בעסער. יפת האָט עס אויך געהערט.

י פ ת ה. האָט זי זיך נישט אַליין, נאָר שמחזאי האָט זי אַראָפּגעוואָרפן. (לאַכט.) איסטאַהאַר האָט דיך געוואָלט! האַ!

ח ם. זי האָט! זי האָט! און נעם זיך דו נישט איבער. עס זיינען נישט געבליבן צופיל מאַנסביל!

י פ ת ה. דער שיינער יפת איז מיין מאַן, און זאָל איך א צוגאָב װעלן. האָבן איך שם'ען.

ח ם. שם'ען?

י פ ת ה. ער געפעלט מיר זייער.

ח ם. וואָס קאָנסטו פון אים האָבן?

י פ ת ה. וואָס דו האָסט מיר אָנגעבאָטן.

ח ם. שם — זיין ברודערס ווייב?

י פ ת ה. איך וועל אים זיין בלויז ווייב, ווען איך וועל עס וועלן.

ח ם (וואַרפט זיך צו איר). מיר, מיר מוזטו עס זיין!

י פ ת ה (שטופּט אים אָפּ). איך דאַרף עס ערשט וועלן.

ש ם (באַווייזט זיך אין דער זייטנטיר, רעכטס, פאָרנט). חם, דיין אַרבעט וואַרט אויף דיר ביי די חזירים!

ח ם. וואו נעם איך נאָר געדולד? געדולד! (גייט אַריין אין דער זייטנטיר, רעכטס, הינטן.)

י פ ת ה. שם, האָסטו דעם בוים געזען?

ש ם. דעם בוים?

י פ ת ה. דעם אוילבערטבוים, פון וועלכן די טויב האָט גע־בראַכט דאָס בלאַט. קאָנסט אים זען פון דאַנען, פון דעם דאָ שפּאַלט.

ש ם. דער איז ווערט אַ קוק צו טאָן. האָט דער טאַטע אים געזען? (קומט צו און שטעלט זיך צו צום שפּאַלט.) יאָ, אַן אויל־בערטבוים!

י פ ת ה (שטעלט זיך צו אים צו, דריקט זיך אין אים אַריין). איך האָב געוואוסט, דו וועסט זיך דערפרייען. ליבסטו מיך דערפאַר?

ש ם. פאַרוואָס דערפאַר בלויז?

י פ ת ה. אָ, דו ליבסט מיך?!

ש ם. געוויס.

י פ ת ה. ווייל איך, דו זאָלסט מיך וועלן.

ש ם (נעמט זי אָן אויבן פאַר ביידע אָרעמס). פאַר אַזעלכע געדאַנקען און וועלענישן איז דער מבול געקומען אויף דער ערד. נישט אַלץ, וואָס מען וויל, דאַרף מען וועלן, און וואָס מען דאַרף נישט וועלן, וויל מען נישט. דאָס דאַרף אונז ווערן געזעץ, ווילן מיר לעבן אין פרידן אויף דער ערד. דו ביזט יונג און שיין, און אַ מאַן קאָן נאָך דיר פאַרלאַנגען, דיך באַגערן, אָבער דו ביזט מיין ברודערס ווייב, און איך וועל דיך קיינמאָל נישט וועלן.

י פ ת ה. ניין! ניין!

ש ם. און דו ביזט אַ מאַנ׳ס אַ פרוי, דאַרפסט אויך קיינעם מער נישט ווען.

י פ ת ה. אָבער איך וויל דיך פאַרט, און דו אויך וויל מיך פאַרט.

ש ם. זאָגסט עס נאָך אַמאָל, וועסטו פון דער תבה קיינמאָל נישט אַרויס.

י פ ת ה. אָהההה!

ש ם. פאַרגעס, וואָס דו האָסט דאָ געוואָלט, הערסטו!

י פ ת ה. איך וועל.

ש ם. זאָג, דו האָסט עס שוין פאַרגעסן. וועסט עס קיינמאָל נישט אַרויסברענגען אויף דיינע געדאַנקען.

י פ ת ה. איך וועל עס דיר זאָגן, ווען איך וועל עס.

ש ם. זאָג, דו ווילסט פאַרגעסן.

י פ ת ה. איך — איך — איך מוז עס וועלן.

ש ם. איצטער קום דו אויך צו די חיות. (גייט מיט איר צו דער זייטנטיר לינקס הינטן. ווען זיי גייען פאַרביי דער מיטלטיר, הייבט זי זיך אָן אויפצועפענען, לאַנגזאַם אַראָפּלאָזנדיק זיך ווי אַ בריק. שם און יפתה אָטעמען אויף פאַר איבעראַשונג און הייבן אָן צו שרייען.) די טיר! די טיר. די טיר ווערט אויפגעעפנט! (שם הייבט אָן צו לויפן פון טיר צו טיר און שרייט אַריין.) די טיר עפנט זיך! די טיר ווערט אויפגעעפנט! (עס קומען אַרויס נח, נחה, שמה, חם, חמה און יפת, צוזאַמען זיך פאַר דער טיר און קוקן מיט גרויסער שפּאַנונג, ווי זי עפנט זיך זייער לאַנגזאַם.)

נ ח. מיר האָבן געדאַנקט אלהים, ווען ער האָט צוגעמאַכט די טיר. מיר וועלן אים דאַנקען, ווען ער עפנט זי אויף פאַר אונז. געבענטשט ביזטו יהוה אלהים...

ח ם. די טיר באַוועגט זיך נישט מער! (די טיר בלייבט הענגען אויף איין הויך מיט דער דיל. זיי קוקן מיט שפּאַנונג, וואַרטן אויף ווייטערע באַוועגונגען, אָבער די טיר באַוועגט זיך נישט מער. אַלע ווענדן זייערע בליקן צו נח׳ן).

ש ם. אלהים וויל נאָך וואָס פון אונז.

נ ח. איך גיי אין מיין צעל, וועל צו אלהים תפילה טאָן, וועל אים פרעגן. (גייט אריין אין דער זייטנטיר לינקס, פאַרנט. די אַנ־דערע בלייבן שטיין פאַר דער היינגנדיקער טיר, קוקן זי אַרום, קוקן אַרויס.)

ח מ ה (פרואווט זי עטלעכע מאָל מיטן פוס און טרעט ענד־לעך אויף איר אַרויף.) אָט בין איך אויף איר!

נ ח ה. ווען זי לאָזט זיך פּלוצלונג אַראָפּ, פאַלסטו אויף דיין נאָז.

ח מ ה. זי לאָזט זיך דאָך פּאַמעלעכדיק אַראָפּ.

י פ ת ה. איך בין נישט שווער. איך שטעל זיך אויך אַרויף. (טוט עס.) אָההה, ווי פריי! ווי פריי!

י פ ת. איך גלויב, ביז דער טאַטע קומט, האַלט זי אַלעמען אויף זיך. (טרעט אַרויף.)

ח ם. האָט זי זיך שוין אויפגעעפענט, דאַרף זי זיך נאָך פאַר־האַלטן. (טרעט אַרויף מיט רוגזה.)

ש ם. אפשר איז שולדיק דיין אומגעדולד.

י פ ת ה. מיר זיינען הויך נאָך איבער דער ערד.

י פ ת. איך בין שוין העכערע הויכן אַראָפּגעשפּרונגען.

ח ם. איך שפּרינג טאַקע גלייך אַראָפּ!

ש ם (אַיילט אַרויף אויף דער טיר). איר טוט עס קיינער נישט! קיינער וועט נישט פאַרלאָזן די תבה, ביז די טיר איז אינגאַנצן געעפענט. ווי מיר זיינען אריין, אַזוי וועלן מיר אַרויס.

ח ם. מען מוז האָבן אייזערנע געדולד! איך וויל אַראָפּשפּרינ־גען און לויפן, לויפן, דערפילן מיינע פיס.

ש ם. דו שפּרינגסט אַראָפּ, ברעכסטו דיין גניק.

ח ם. פון ד ע ר הויך?

ש ם. ווען דו גייסט אַנטקעגן אלהים. די טיר איז דאָך נישט אומזיסט געבליבן הייגגען.

ש מ ה. אַז שם שטייט אויף איר, גיי איך שוין אויך אַרויף. (טוט עס.)

נ ח ה. איך וואָלט געזאָגט, איר זאָלט אָן דעם טאַטן אויף איר נישט שטיין. (בויגט אַרויס דעם קאָפּ און קוקט.)

י פ ת. איך קען די געגנט דאָ אינגאַנצן נישט. דערמאָנט מיר מיט גאָרנישט אונזער היים.

נ ח ה (זיפצט אויף). ניין!

י פ ת. האָט אונז נאָך דרום אַוועקגעטראָגן? האָט עס אונז נאָך צפון? איך ווייס, מיר זיינען אויף דעם שפּיץ פון אַ באַרג.

ש מ ה. דאָס האָב איך פריער שוין באַמערקט:

ח ם. איך ווייס, איך בין נאָך אין דער תבה! האָט אונז די פרייע לופט באַוויזן און וועט נאָך צומאַכן די טיר צוריק!

נ ח ה. ש מ ה און י פ ת ה. אָ, חם!

ש ם. ער קאָן עס זיך נאָך דעררייזדן.

נ ח (קומט פריידיק אַרויס פון דער זייטנטיר, בלייבט שטיין אויף אַ מאָמענט, ווען ער דערזעט, וואו די איבעריקע שטייען, און רופט אויס). קומט הערן אלהים׳ס וואָרט! (אַלע קומען אַריין אין דער תבה, נאָר יפת און יפתה קוקן זיך נאָך אַביסל לייגער אַרום.) הערט, וואָס אלהים האָט מיר געזאָגט. פאַרנעמט, ווי גוט ער איז צו אונז! „גיי אַרויס פון דער תבה", האָט ער מיר געזאָגט, „דו און דיין ווייב און דיינע זין און די ווייבער פון דיינע זין"... (ריידנדיק קוקט ער אַרויס און דערנענט זיך שריטווייז צו דער טיר, ווי געצויגן פון דעם פרייען דרויסן.)

ח ם (שפּרינגנדיק פאַר שמחה). אָ, איך שפּרינג אַראָפּ!

ש ם. אַרויסגיין האָט אלהים געזאָגט, אַראָפּשפּרינגען האָט ער נישט געהייסן.

ח ם (בייז). ווער בעט דיך מיר דערקלערן!

נ ח (כאַפּט זיך, נעמט אַוועק די אויגן פון דעם דרויסן). אָ, הערט ווייטער דאָך אלהים׳ס וואָרט! ער האָט מיר געזאָגט: „פרוכפּערט זיך און מערט זיך און פילט אָן די ערד".

י פת. דאָס וועלן מיר זייער פרום פאָלגן. ווי מיינסטו, יפתה? בין באַרייט אויך ברידערלעך אויסצוהעלפן אין יהוה׳ס וואָרט...
(כאַפּט זיך פאַרן מויל.)

ח מ ה (לאַכט).

ח ם. אויך איך קאָן אויסבאַרגן מיין קראַפט. (לאַכט שטאַרק.)

ש ם. שווייגט דאָך שטיל! פאַראומווירדיקט נישט יהוה׳ס וואָרט!

נ ח (איז דערווייל אַרויף אויף דער טיר, ווי געצויגן, נאַכט־וואַנדלעריש, און באַקוקט די געגנט). באַקאַנט — און נישט באַקאַנט.

ש ם. טאַטע, איז דאָס אַלץ, וואָס אלהים האָט דיר געזאָגט?

נ ח (כאַפּט זיך). אָ, יאָ! איך בין פון דעם דרויסן גאַנץ באַרוישט... וואונדער זיך, וואו מיר זיינען דאָס... געווים, אלהים האָט מיר נאָך אַ סך געזאָגט. (קומט צו ביז די הענגער.) „און אייער מורא און שרעק", האָט ער מיר געזאָגט, „וועט זיין אויף די חיות פון דער ערד און אויף די פויגל פון דעם הימל. אַלץ, וואָס די ערד ווערימט אַרוים, און אַלע פיש פון ים זיינען איבערגעגעבן אין אייערע הענט. אַלץ, וואָס קריכט לעבעדיק אַרום, איז אייך צום עסן, ווי דאָס גרינע גראָז גיב איך אייך אַלץ".

ח ם. וועל איך עסן! וועל איך עסן!

נ ח. „נאָר פלייש אין זיין בלוט זאָלט איר ניט עסן", האָט אלהים געזאָגט, און ער האָט נאָך געזאָגט: „אייער לעבנסבלוט וועל איך פון אייך פאָדערן, פון יעדן לעבעדיקן וועזן וועל איך עס פאָדערן. פון דעם מענטשנס האַנט, פון דער האַנט פון יעדן אייניציקן, וועל איך דעם מענטשנס לעבן פאָדערן. דער, וואָס פאַרגיסט מענטשנבלוט אין מענטש, וועט אויך זיין בלוט פאַרגאָסן ווערן, ווייל אין אלהים׳ס געשטאַלט איז דער מענטש געמאַכט געוואָרן."

י פ ת. און דאָך נישט ווי די זין פון אלהים.

ש ם. וואָס דאַרפסטו זיי דערמאָנען?

ח ם. די טיר הייננט נאָך אַלץ אין דער לופטן!

נ ח (ווידער צוגעצויגן צום דרויסן). איך גלויב, בין דאָ אַמאָל געוועזן.

ש ם. און מער האָט אלהים דיר גאָרנישט נישט אַנטפּלעקט?

נ ח (צושטרויט, קוקנדיק רעכטס און לינקס און פאַר זיך). פרוכפּערט זיך, האָט ער געזאָגט, און מערט זיך...

ש ם. דאָס האָסטו אונז שוין געזאָגט.

י פ ת. דאָס וועלן מיר גוט געדענקען.

ח ם (לאַכט). אפילו איך מיט מיין זכרון!

נ ח (כאַפּט זיך עפּעס). אָ, יאָ! אָ, יאָ! קומט אַלע נאָר אַהער! (זיי קומען אַרויף אויף דער טיר.)

נ ח ה. זאָל די טיר נאָר אויסהאַלטן. (טרעט אויך אַרויף.)

נ ח. איר זעט דעם וואָלקן דאָרטן?

נ ח ה. אוי וויי! וועט ווידער אָנהויבן צו גיסן?

ש מ ה (צו יפתין). י פ ת (צו זמהין). וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

נ ח. קוקט זיך איין נאָר אין דעם וואָלקן. זעט איר דאָרטן אַ פּילפּאַרביקן בויגן?

י פ ת ה. אָ, ווי שיין!

נ ח. קוקט אויף אים און געדענקט, וואָס אלהים האָט מיר געזאָגט. ער מאַכט מיט אונז אַ בונד, און מער וועט קיין לעבעדיקס נישט פאַרניכטעט ווערן דורך אַ וואַסער־מבול; עס וועט נישט זיין מער קיין מבול צו פאַרדאַרבן די ערד. און דער דאָ, דער בויגן, אלהים׳ס בויגן, איז דער צייכן פון דעם בונד. ווען וואָלקנס וועלן פאַרוואָלקנען די ערד, וועט זיך דער בויגן באַווייזן אין די וואָלקנס. אַ סימן, אַז יהוה געדענקט דעם בונד, וואָס ער האָט מיט אונז געמאַכט, און דאָס וואַסער וועט נישט ווערן מער קיין מבול צו פאַרניכטן אַלץ, וואָס לעבט.

י פ ת (צו שמהין). זעסטו, וואָס האָב איך געזאָגט!

י פ ת ה (צו שסיען). האָסט אומזיסט געשראָקן.

ש ם (צו יפתין). די טיר איז נאָך נישט אָפן.

נ ח (ווידער אַרומקוקנדיק, שרייט אויס). איך ווייס! איך ווייס! איך דערקען די געגנט! דאָס איז דער באַרג אררט!

ש ם. טאַטע, און מער האָט אלהים דיר גאָרנישט נישט געזאָגט?

נ ח. מער? אָ, יע! ער האָט אַ סך מער ווערטער אָנגערעדט וועגן דעם בונד און וועגן דעם בויגן...

ש ם. און גאַרנישט מער?

נ ח. און גאַרנישט מער. איך געדענק אויך יעדעס וואָרט... איצטער דערמאָן איך זיך גענוי די גאַנצע געגנט. עס איז דער אורט גאַנץ באַשטימט. בין שוין לאַנג צוריק דאָ געווען. ווי ווייט דאָס וואַסער האָט אונז פאַרטראָגן!

י פ ת. פאַרוואָס גייען מיר נאָך נישט אַרויס פון דער תבה?

ח ם. פאַרוואָס הייננט נאָך די טיר אַזוי הויך איבער דער ערד?

נ ח (קוקט אַראָפּ). ווירקלעך זייער הויך.

י פ ת. האָט ער דיר נישט געזאָגט, מיר זאָלן אַרויסגיין פון דער תבה?

נ ח. ער האָט. געוויס. ער האָט.

י פ ת. איז וואָס שטייען מיר נאָך דאָ?

נ ח. די טיר.. די טיר... זי איז נאָך נישט פול געעפענט.

ח ם. איך שפּרינג ווירקלעך באַלד אַראָפּ.

נ ח. איך גיי ווידער אין מיין צעל. וועל ווידער פרעגן, אוים-געפינען. אפשר זאָגט ער מיר נאָך וואָס.

ש ם. דאַרפסט נישט, טאַטע. וואָס ער האָט דיר נישט דער-זאָגט, האָט ער מיר געזאָגט. (אַלע ווערן אויפמערקזאַם.) אויך צו מיר האָט אלהים זיך באַוויזן, אויך איך האָב זיין וואָרט פאַרנומען.

ח ם. איז וואָס האָסטו געשוויגן?

ש ם. איך רעד נישט פאַר דעם טאַטן.

נ ח. בין נייגעריק, מיין זון.

ש ם. ער האָט געזאָגט, מיר זאָלן זיך פרוכפּערן און מערן און אָנפילן די ערד...

י פ ת. דאָס האָבן מיר פון טאַטן שוין געהערט.

ש ם. אָבער ער וויל אַ בעסערע מענטשהייט האָבן. די קומענ-דיקע דורות, מיט וועלכע מיר וועלן אָנפילן די ערד, זאָלן בעסער זיין ווי די, וועלכע ער האָט פון דער ערד אַראָפּגעשווינקט. עס וועט קיין מבול מער נישט זיין, ווי איר האָט שוין געהערט. אָבער אלהים וויל, ער זאָל נישט דאַרפן חרטה האָבן אויף זיין בונד און אָנשיקן אויף אונז אַן אנדער שטראָף.

נ ח. יאָ, דאָס קאָן ער... דאָס קאָן ער...

י פ ת. וואָס וויל ער דען פון אונז?

ש ם. זעקס זאַכן פאָדערט ער פון אונז, זעקס געבאָטן זאָגט ער אָן דורך מיר צו אייך. נישט מאָרדן— דאָס האָט דער טאַטע שוין געזאָגט. נישט נואפן — איר ווייסט, ווי עס איז פאַר דעם מבול צו־געגאַנגען. די זין פון אלהים זיינען דערפאַר אומגעקומען. נישט גנבע־נען — איר האָט אַליין דערפון געליטן. די גנבות זיינען רויב, פון אלהים פאַרהאַסט. נישט זאָגן קיין פאַלשע עדות — ווי חברה האָט אויף אַרדאַכ'ן, וואָס האָט צו מאָרד געפירט. נישט גלוסטן נאָך דעם פרעמדנס הויז — ווי עליג אַרדאַכ'ס הויז: דאָס האָט געפירט צו פאַלש עדות און צו מאָרד. (שאַרף און שטאַרק.) נישט גלוסטן דעם אַנדערנס ווייב — דאָס פירט צו אַלע זינד. דאָס זיינען די זעקס גע־באָטן, אלהים פאַרלאַנגט פון אונז צו היטן.

י פ ת. אַזוי פיל נישטס און וואָס איז יאָ?

ש ם. דאָס זיינען נישטס, וואָס פירן אונז צום גרעסטן יאָ. עס איז רו און גליק אין זיי. נעמט איר זיי אָן? — וואָס דענקט איר אַזוי לאַנג? וואָס לעגט איר זיך נאָך איבער? — אָדער ווילט איר דאָ פאַר־בלייבן? די תבה־טיר קאָן זיך נאָך צומאַכן צוריק.

נ ח. נעמט אָן! נעמט אָן!

א ל ע. מיר נעמען אָן! מיר נעמען אָן!

ש ם. און זיי געדענקען, און נאָך זיי אויך לעבן?

א ל ע. און זיי געדענקען, און נאָך זיי אויך לעבן! (די טיר הייבט זיך אָן אַראָפּלאָזן.)

א ל ע. די טיר! (דערשראָקן כאַפּן זיי זיך אַריין אין קאַסטן. נאָר שם און נח גייען לאַנגזאַם אַריין. אַלע קוקן צו, ווי די טיר לאָזט זיך אַראָפּ, דערגרייכט די ערד. איצטער ווילן זיי אַ לאָז טאָן זיך אַראָפּ.)

ש ם ((פאַרהאַלט זיי). ניין, איר גייט נאָך נישט אַרויס!

ח ם. וואָס שוין ווידער? וואָס שוין ווידער?

י פ ת. עס קאָן טאַקע פּלאַצן די געדולד!

ש ם. אַפּריער לאָזן מיר אַרויס די חיות.

נ ח. גערעכט, מיין זון, גערעכט.

ח ם. אָ, געדולד! געדולד!

# דריטער אַקט

## ערשטע סצענע

אַ פּלאַץ, אויף װעלכן עס שטייען פיר גרויסע געצעלטן, רעכטס פון די געצעלטן אַ װייגאָרטן. דער געצעלט האָרט ביים װיינ־גאָרטן, איז נחים, דער צװייטער איז שמים, דער דריטער יפתיעס, דער פערטער חמים.

ש ם (שטייט אין דער עפענונג פון זיין געצעלט און קוקט ארויף צום הימל. גייט לאַנגזאַם צו צו יפתיעס געצעלט און רופט אַריין). יפתו יפת, קום ארוים אַ װיילע!

י פ ת (קומט אַרויס). וואָס איז עס, וואָס דו רופסט מיך?

ש ם. קוק אָן דעם וואָלקן. (ווייזט אים מיטן פינגער.)

י פ ת. אַ רעגנבויגן! — אלהים געדענקט דעם בונד מיט אונז.

ש ם. געדענקען מיר דעם בונד?

י פ ת. אלהים האַלט אונז אין איין דערמאָנען. די רעגנבויגנס זיינען אַזוי אָפט.

ש ם. ווען ער וואָלט נישט געדענקט דעם בונד, וואָלטן מיר איצטער ווייטער געהאַט דעם מבול.

י פ ת. אַזוי זינדיק זיינען מיר?

ש ם. ד ו פרעגסט עס?

י פ ת. איך האָב נישט געמאָרדעט, נישט געגנבעט...

ש ם. רעכן ווייטער, רעכן ווייטער.

י פ ת. האָב קיין פאַלש עדות נישט געזאָגט, נישט פאַרלאַנגט דיין הויז, נישט געגלוסט דיין ווייב. איך האָב זי געגלוסט, איך זאָג דעם אמת, פאַר דעם מבול און אין דער תבה. אָבער ווייטער נישט, איך שווער.

ש ם. דו האָסט דאָך וואָס אויסגעלאָזן.

י פ ת. אַ קליינקייט, נישט וויכטיק, פאַרדינט קיין מבול נישט.

ש ם. פאַרזינדיקסט זיך מיט חמה׳ן.

י פ ת. אָבער אָן גלוסט. איך גלוסט נישט נאָך איר. איך וויל זי נישט. אָבער זי זוכט מיך אויף, וואו איך בין אַליין, געברויכט כמעט גוואַלט — וואָס וואָלסטו געטאָן?

ש ם. דו רעדסט דאָך ווי אַ נואף!

י פ ת. עס איז איר שולד אינגאַנצן. אָבער איר האָסטו דאָך גאָרנישט נישט פאַרבאָטן. מיט די זעקס געבאָטן האָסטו אונז, די מענער, בלויז געמיינט.

ש ם. ביזט פיליכט דער פאָטער פון חם׳ס קינדער. איז דאָס ביי דיר ניט קיין פעלשונג?

י פ ת. זעט כוש אויס ווי איך? זעט אויס כנען? זיי זעען ביי־דע אויס ווי חם. זי קומט צו מיר מיט פולן בויך.

ש ם. ווי דו רעדסט עס!

י פת. אַזוי פשוט, ווי איך טו עס.

ש ם. ווען חם זאָל זיך דאָס דערוויסן!

י פ ת. וועט ער חמה׳ן איבערברעכן אַלע ביינער. ווען איך וועל מיד ווערן פון איר, וועל איך זאָגן חמ׳ען, ער זאָל זי מער צו מיר נישט לאָזן.

ש ם. יפת, דאָס זיינען ווערטער פון פאַר דעם מבול!

י פ ת. אמת, שם. דער מבול האָט מיר קיין נייע ווערטער ניט געגעבן, האָט מיך אויך אַנדערש ניט געמאַכט, האָט קיינעם פון אונז אַנדערש ניט געמאַכט. ד ו האָסט דעם מבול נישט געדאַרפט. ביזט שטענדיק גוט און פרום געווען. איך וואָלט מסתמא דערטרונ־קען געוואָרן, ווען איך בין נישט נח׳ס זון. מיט נח׳ס זכות האָט דער מבול מיך נישט אראָפּגעשווינקט. אָבער איך בין זיך מודה, אויך אין מיר האָט ער גאָרנישט אַראָפּגעשווינקט. איך בין געבליבן דער זעלביקער יפת, נאָר ליינגוויייליק איך זיך שרעקלעך. עס פעלן מיר די קינדער אלהים׳ס און עס פעלן מיר אַלע אדם׳ס קינדער.

ש ם. זיי מערער מיט אלהים.

י פ ת. ער איז נישט מיט מיר. ער קומט צו מיר נישט אפילו אין מיין חלום. אפילו נישט מיט אַ בייזן וואָרט.

ש ם. יפת, מיר ווילן אַ בעסערע מענטשהייט האָבן!

י פ ת. מיין גמר איז שיין, מיין מגוג איז שענער, און מיין יון שיינט גאָר ווי די זון. כמעט זעען זיי אויס ווי אלהימ'ס זין. ווען יענע וואָלטן געלעבט, וואָלט איך געווען זיכער, אַז יפתה האָט די קינדער פון זיי באַקומען. אויך דיינע קינדער זיינען שיינהייטן. עילם, אַשור און ארפכשד — פּראַכטיקע יונגען. עס וועט אַ שיינע מענטשהייט זיין, אַ שענערע ווי געוועזן.

ש ם. איך האָב געזאָגט אַ  ב ע ס ע ר ע  מענטשהייט.

י פ ת. אלהים וויל זי, זאָל ער פאַר איר זאָרגן — אויב ער קאָן נאָר.

ש ם. ער קאָן.

י פ ת. פאַרניכטן, נישט איבעראַנדערשן דעם מענטש.

ש ם. ער וויל, מ י ר זאָלן ווענן.

י פ ת. ווי ווייס איך, וואָס ער וויל, איך זאָל וועלן? דער טאַטע ווייס עס אויך נישט.

ש ם. דער טאַטע האָט עס געוואוסט.

י פ ת. פאַרוואָס נישט איצטער?

ש ם. זינט ער האָט דעם וויינגאָרטן פאַרפלאַנצט, איז ער אַן אַנדערער געוואָרן.

י פ ת. וואָס טוט ער שלעכטס דען?

ש ם. דאָס ווילסטו זאָל ער נאָך? ווי זעלטן רעדט ער איצטער פון אלהים, איז אינגאַנצן מיט זיין וויינגאָרטן פאַרנומען. ער איז נישט גוט מער, איז גאַנץ פאַרגרעבט געוואָרן. שלעכטס טאָן!... פּיילייכט קומט דאָס נאָך אויך.

ג ח (קומט אַרויס פון גאָרטן מיט אַ קרוג). דאָ האָב איך דעם זאַפט פון מיינע טרויבן, אַ פולן קרוג. געראַנגלט זיך מיט דער ערד, געראַנגלט זיך מיט די טרויבן, און אָט אַרויסגעקראָגן. גענומען צייט, אַ לאַנגע צייט, אָבער אַרויסגעקראָגן. או, וואָס פאַר אַ ריח! צוגייט זיך איבער אַלע גלידער. און ווי וועט זיין דער טעם! האָב מורא

נאָך אַ לעק צו געבן. איך וויל זיך אָנפילן מיטן ריח... קומט שטעקט אַריין די נעזער, מיינע זין. (שם און יפת שטעקן אַריין די נעזער.) וואָס זאָגט איר? גוט, האַ? נח טוט זיין אַרבעט גוט. זיין אַרבעט איז געבענטשט. (רופט אַריין צו זיך אין געצעלט.) נחה, קום אַרויס און קוק און שמעק!

נ ח ה. (קומט אַרויס). וואָס איז געשען? וואָס ביזטו אַזוי אויפגעלעגט?

נ ח. זעסט דעם קרוג? ער איז פול מיט טרויבנזאַפט. אַ געטראַנק — איך האָב אים נאָך נישט פאַרזוכט. נישט דערוועגט זיך נאָך צו פאַרזוכן, האָב נאָר געשמעקט. טו נאָר אויך אַ שמעק. (טראָגט אונטער דעם קרוג אונטער איר נאָז.) וואָס? צוגייט זיך אין אַלע גלידער, ווי?

נ ח ה. עס האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ.

נ ח (לאַכט). אמת, אמת... דאָס האָט מיר אויך ביים ערשטען שמעק. איצטער טו איך אָבער אַ לעק. (שטעקט אַריין דעם פינגער און לעקט אים אָפּ.) אָווו, ווי וואונדערבאַר! איצטער מוז איך שוין אַ זופּ טאָן. (טרינקט לאַנג און לאַנגזאַם. יפת קוקט זיך איבער מיט שםען.)

ש ם. טאַטע!

נ ח (מאַכט אים מיט דער האַנט, ער זאָל אים ניט שטערן, הערט אָבער באַלד אויף צו טרינקען). אהההה!... דאָס איז אָבער אַ טרונק... (צוואוויינט זיך פאַר געריהרטקייט.) קינדער, איז דאָס אַ טרונק!... אַזאַ טרונק דאַרף מען זוכה זיין, דאַרף מען זיך פאַרדינען... נחה, האָב איך אים פאַרדינט?

נ ח ה. אלהים גיט דיר שטענדיק, וואָס דו פאַרדינסט.

נ ח (זעצט זיך אויף דעם גרויסן שטיין פאַר דער עפענונג פון זיין געצעלט און וויינט.) אלהים!... געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען!... איך ווייס נישט, מיט וואָס איך האָב עס פאַרדינט... ווער בין איך דען?... אַן ערד־מענטש... אַן אויסגרעבער פון ווערים... אַ פויגל־אָפּשרעקער... (שאָקלט מיטן קאָפּ און וויינט.)

נ ח ה. איך וועל אויך באַלד וויינען.

י פ ת (צו שטיען). האסטו געזען אים וויינען?

ש ם. ווען ער רעדט מיט אלהים. דאס איז גוט. ער רירט מיין האַרץ אין מיר.

י פ ת. מיר קומט ער אוים גאַנץ לעכערלעך. וואס וויל ער זיך פארמיאוסן?

נ ח. האב איך נישט אין דעם קרוג אַריינגעוויינט? (שמעקט.) קאן נאך מיר דעם געטראַנק פאַרזאַלצן. (טרינקט ווידער לאַנג און לאַנגזאַם, שאָקלט מיט קאָפּ.) אההה, גוט! האב נישט פאַרזאַלצן. וואס פאַר א טרונק! א פרייד! א פרייד! פילט מיר אן דאס האַרץ מיט פרייד! נחה, קינדער, איך ווער פריילעך! האב לאַנג שוין אזא פרייד ניט פארשפירט. פרייד און — און קראַפט! (שטייט אויף.) או, מיינע מוסקולן! האב אין מיינע יונגע יאָרן אזא קראַפט גאר נישט געהאט. או, עס ברייטערט זיך מיין האַרץ! נח, דו ביזט שטאַרק! עך, נח, דו ביזט איינער! אן איינציקער געוועזן און געבליבן, אן איינציקער אין אַלע דורות!... האב א סך דורות שוין אַריבערגעלעבט, דורכגעלעבט, און קיין איינער, קיין איינער... ווער האט זיך צו מיר געקאָנט גלייכן?... האהאהאהא!... (הייבט שטאַלץ אויף דעם קאָפּ און דעם קרוג.)

נ ח ה. דאס האבן אַלע אזוי געזאָגט.

י פ ת. דאס איז גוט פון אים צו הערן. אזוי האב איך אים ליב.

ש ם. מיר קלעמט דערפון מיין האַרץ.

י פ ת. ווי הויך ער טראָגט איצטער זיין קאָפּ! ווי שיין ער איז געוואָרן!

ש ם. און נישט מער נח. אזעלכן קען איך אים נישט מער.

נ ח. האהאהאהא... איך פארדין א דריטן זופּ... (טרינקט ווי פריער, רייסט זיך קוים אָפּ פון קרוג.) א־או! (בלייבט שטיין מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע פיס, ווי איינצוהאַלטן גלייכגעוויכט.) ווי עס דרייט זיך, דרייט זיך... אַלץ דרייט זיך... אַלע דרייען זיך... איר טאַנצט גאר! איך וועל אויך טאַנצן... (צוזינגט זיך מיט משונהדיקע קולות און טאַנצט. אין טיר פון שטיס געצעלט באַווייזט זיך שמחה,

פון יפתיעס געצעלט קומט אַרויס יפתה מיט אַ קינד אויף די הענט, פון חמיס געצעלט קומען אַרויס חם, חמה און דער קליינער כנען.)

ש מ ה (צו שמיען). וואָס איז עס?

ש ם. עס איז נישט גוט. שטיי דאָרט און לאָז די קינדער נישט אַרויס. זיי דאַרפן עס נישט זען.

ש מ ה (פאַרציט די עפענונג פון דעם געצעלט, לאָזט נאָר איר קאָפּ אין דרויסן).

י פ ת (צו יפתהין). עס איז נישט שיין. באַהאַלט דאָס קינד. זיינע אויגן דאַרפן נישט זען זיין זיידן אין זיין העסלעכקייט.

י פ ת ה (טראָגט אַריין דאָס קינד און קומט צוריק אַרויס).

ח ם. וואָס איז עס מיט דעם אַלטן?

י פ ת. ער האָט פון דעם זאַפט פון זיינע טרויבן אַבּיסל צו-פיל געטרונקען.

ח ם. ער האָט אים אין דעם קרוג? דאַרף מען אויך אַ זופּ טאָן. (גייט צו צו נחין, וויל נעמען ביי אים דעם קרוג).

נ ח (ארומכאַפּענדיק דעם קרוג מיטביידע הענט). ניין! ווער דערוועגט זיך עס? דער טרויבנזאַפט איז אינגאַנצן מיינער! איך טרינק, איך גאַנץ אַליין. נעמט וועך פון מיר דעם קרוג, צושפּאַלט איך אים דעם קאָפּ! (דריקט צו צו זיך דעם קרוג, הייבט ווידער אָן זיין געזאַנג און טאַנץ.)

ח מ ה (צולאַכט זיך אויפן קול).

נ ח (האַלט איין אין זיין טאַנץ, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס). אַהאַ, חמה! און יפתה איז דאָ! די שיינע יפתה! און... און... אָט איז שמה... פאַרוואָס נאָר דעם קאָפּ, שמה? מעגסט אַרויסקומען. האָסט אַ סך וואָס צו באַווייזן... און דו, נחה, גיי! גיי אַוועק פון דאַ-נען, אָבער נישט אין מיין געצעלט... ביזט צו־אַלט... ביזט אַ טרוקן ברעט געוואָרן... קאָן מער קיין קינדער מיט דיר ניט האָבן...

ש ם. טאַטע!

נ ח. אַוועק! קריגסט נישט פון מיין זאַפט! אַוועק, איך זאָל נישט אין כעס ווערן.

ש ם. דו גיי זיך בעסער לייגן שלאָפן.

נ ח. מיט וועמען? וועסטו מיר שמה'ן געבן? האהאהא, זי איז פאַרשוואונדן! דאַרפסט נישט פאַרשווינדן, שמה! איך האָב נאָך קראַפט גענוג אין מיינע לענדן... ווילסטו, ווילסטו, יפתה? בין שטאַרקער פאַר דיין מאַן... זאָל איך דיך קומען נעמען? (לאָזט זיך צו איר. יפתה אַנטלויפט אין איר געצעלט מיט געלעכטער. נח לויפט אָן אויף חמהין.) אָ, חמה! דו וועסט נישט אַנטלויפן. (כאַפּט זי אָן מיט איין האַנט און שלעפּט זי, מיט דער אַנדערער צודריקנדיק צו זיך דעם קרוג.)

ה מ ה (לאַכט און לאָזט זיך שלעפּן).

ח ם (קומט צו און וויל ארויסכאַפּן דעם קרוג).

נ ח (לאָזט אָפּ חמהין און כאַפּט אַרום דעם קרוג מיט ביידע הענט.) ניין האָב איך געזאָגט! דעם קרוג קריגסטו נישט! איצטער טרינק איך אויס אינגאַנצן! (טרינקט.)

ש ם. טאַטע, טרינק נישט מער!

נ ח (ליידיקט אויס דעם קרוג און לאָזט אים אַרויספאַלן פון זיינע הענט. ער שטייט אַ ווייל, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, די אויגן בלינד פון שיכרות). אוים. אַלץ. גענוג. (ווי געשטופּט פון אימעצן, יאָגט ער זיך אַריין צו זיך אין געצעלט.)

ח ם (לויפט צו צום קרוג). קיין טראָפּן נישט געבליבן. (פאַרזוכט ארויצובאַקומען עטוואָס פון דעם קרוג און וואַרפט אים אַוועק מיט פאַרדראָס.)

נ ח ה. איך גיי איצטער נישט אין מיין געצעלט. איך האָב אים אַזוי נאָך קיינמאָל נישט געזען. איך האָב איצטער פאַר אים מורא. שמה, איך קום אַריין צו דיר. (גייט אַריין אין שמ'ס געצעלט.)

ח ם און כנען (גייען צו צו נחי'ס געצעלט, קוקן אַריין און טרעטן באַלד אַריין).

ש ם. עס איז נישט גוט.

י פ ת. עס איז נישט שיין.

ש ם. האָסט געוואָלט, ער זאָל טאָן שלעכטס, און אָט איז עס געקומען.

י פ ת. רופסט עס שלעכטס טאָן? וואָס האָט ער דען געטאָן? ער איז בלויז נישט געווען שיין. דאָס קאָן איך אים נישט מוחל זיין.

ש ם. און דאָס מיט אונזערע ווייבער?

י פ ת. דער אַלטער איז יונג געוואָרן.

ש ם. ווי ווייט מיר זיינען איינער פון דעם אַנדערן, יפת!

י פ ת. איך ווייס נישט, שם. אָבער דיין צער איז מיין צער נישט. דאָס איז געווים.

ח ם און כ נ ע ן (קומען אַרויס פון נחים געצעלט, שטאַרק לאַכנדיק).

ש ם. וואָס איז געשען? וואָס לאַכט איר ביידע?

כ נ ע ן (אַנטלויפט אין חמים געצעלט. חמה גייט אים נאָך. באַלד הערט מען איר הויכן געלעכטער).

ח ם (קאָן קויםריידן פאַר געלעכטער). דער טאַטע ליגט גאַנץ אָפּגעדעקט... פריי אַזוי אינגאַנצן... כנען האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן זיינע פיס... דעם אָרט אינגאַנצן נאָס געמאַכט...

ש ם (אויפגעבראַכט). וואָס האָט ער?!

ח ם. אַ מבול אויסגעגאָסן... אַ שטראָם... אַוועקצושווימען...

י פ ת. ווי העסלעך!

ש ם. און דאָס האָסטו צוגעזען? און דאָס האָסטו דערלאָזן?

ח ם (אַלץ לאַכנדיק). ווען ער וועט אויפוואַכן פון זיין טרויבנזאַפט, וועט ער מיינען... וועט ער מיינען... (קאָן נישט ריידן פאַר געלעכטער.)

ש ם. אַוועק פון מיינע אויגן!

י פ ת. און אויך פון מיינע גיי אַוועק!

ח ם (מאַכט אויף זיי מיט די הענט. קאָן נישט איינהאַלטן זיך פון געלעכטער. גייט צו זיך אין געצעלט און לאַכט נאָך מער, אָנגעשטעקט פון חמהיס געלעכטער).

י פ ת. איך וועל זיך צו חמה'ן מער נישט צורירן, וועל מיט אַ שטעקן זי פאַרטרייבן פאַר אָט דעם געלעכטער אירן און — ווייל ער שלאָפט מיט איר!

ש ם. קום, מיר וועלן צודעקן דעם טאטן. (קניפט אָפּ זיין מאַנ־טעל אויפן האַלז.) נעם דעם אונטערשטן ברעג, יפת. איך וועל דאָ אויבן האַלטן. מיר וועלן גיין אויף הינטן. מיר וועלן אונזער פאָטער אין זיין נאַקעטקייט און פאַראומווירדיקונג נישט זען. (טוען עס און גייען אַריין אויף הינטן אין נחיס געצעלט.)

נ ח ה (קומט אַרויס פון שמיס געצעלט, באַגלייט פון שמהין). איך מוז זען, וואָס לאַכן זיי דאָרט אַזוי. (איילט אַוועק אין חמיס גע־צעלט.)

י פ ת ה (קומט אַרויס פון איר געצעלט, קוקט זיך אַרום). וואו זיינען אונזערע מענער?

ש מ ה. ביים אַלטן גאַנץ געווים.

י פ ת ה. ווי חם און חמה לאַכן! איך לאַף באַלד מיט זיי.

ש מ ה. מיר געפעלט ניט ווי זיי לאַכן. איך וועל נישט מיט־לאַכן מיט זיי.

י פ ת ה. ווי דער אַלטער האָט זיך געלאָזן צו מיר לויפן!

ש מ ה. רייד בעסער נישט דערפון.

נ ח ה (לויפט אַרויס פון חמיס געצעלט אויפגערעגט און אויפ־געבראַכט). דיין לאַכן וועט דיר פאַרגיין! (לויפט צו זיך אין גע־צעלט. דער געלעכטער אין חמיס געצעלט ווערט איבערגעריסן).

י פ ת ה. אַזוי כעסדיק האָב איך זי נאָך נישט געזען. פיליכט איז זי אין כעס, וואָס חמה איז פריער נישט אַנטלאָפן, נאָר געלאָזט זיך שלעפן.

ש מ ה. זי איז עס פריער נישט געווען. איר כעס האָט אַן אַנ־דער גרונט. (שם און יפת קומען אַרויס פון נחיס געצעלט. שמה ווענדט זיך צו שמען.) וואָס מאַכט דער אַלטער?

ש ם. ער שלאָפט אַ שטאַרקן שלאָף.

י פ ת ה. האָט איר געהערט חם און חמה'ן לאַכן? די מאַמע איז גאַנץ בייז געוואָרן. וואָס איז געווען זייער געלעכטער?

י פ ת. ווילסט אים מיטלאַכן? פרעג שוין בעסער נישט.

י פ ת ה. אָ, דו מאַכסט מיך נייגעריק!

ש מ ה. ווען חם און חמה-לאַכן, ווייס איך, עס איז שלעכט. אָבער וואָס איז מיט דער אַלטער?

י פ ת ה. אויך שמה איז שוין נייגעריק. דערציילט אונז דאָך, וואָס איר ווייסט.

י פ ת. ווילסטו פאַראומווירדיקונג וויסן? ווילסטו באַשמוצונג הערן? וועסטו לאַכן, ווען דו הערסט עס, וועל איך דיך פון מיר פאַר־טרייבן. ווילסטו עס נאָך הערן?

י פ ת ה. דו האָסט מיך נייגעריקער געמאַכט. איך פרעג עס שוין ביי חם'ן.

י פ ת. ניין, ער וועט עס אַרויסשרייען, און די לופט טאָר עס מער נישט הערען!

י פ ת ה. דערצייל עס מיר אויפן אויער.

י פ ת. אָבער געדענק, וואָס איך האָב דיר געזאָגט. ווען דו וועסט לאַכן... (בויגט זיך צו צו איר אויער.)

ש מ ה (צו שמיען). וויל איך שוין אויך עס וויסן. דאָ האָסטו מיין אויער.

ש ם. זאָל איך דיר זאָגן, וואָס יפת יפתה'ן? (בויגט זיך צו צו איר אויער.)

ש מ ה (נאָך אַ ווײַלע הערן, שרייט אויס). אוי! (לייגט אַרויף די האַנט אויפן אויער).

י פ ת ה. דערצייל נישט ווייטער... איך וועל לאַכן... (פאַר־קרימט זיך.) גיי, עס איז העסלעך!

נ ח (קומט אַרויס פון זיין געצעלט, שטאַרק אויפגעבראַכט, און גייט מיט שנעלע, נאָך אומזיכערע טריט צו חמ׳ס געצעלט. שם, יפת, שמה און יפתה, קוקן אים אָן גאַנץ דערשראָקן, טרעטן פאַר אים אָפּ דעם וועג; יפתה לייגט אַרויף איר האַנט אויפן מויל, אירע אויגן לאַכן. נח שרייט ווילד). ער וועט דערקענען מיין כעס! ער וועט דערוויסן איצט מיין קללה! אין זיין זון זאָל ער פאַרשאָלטן ווערן. ער האָט זיין זון געלאָזן עס טאָן, זיין זון זאָל זיין זיין קללה! (רייסט פאַנאַנדער די עפענונג פון חמ׳ס געצעלט און דונערט אריין.) פאַר־שאָלטן זאָל זיין כנען! אַ קנעכט פון קנעכט זאָל ער זיין ביי זיינע

ברידער! (איילט אַוועק פון געצעלט; חם צעווייניט זיך אויפן קול.) ווינט! ווינט! איר וועט מיין כעס שוין געדענקען! אייביק וועט רוען אויף אייך מיין קללה! (דערזעט שם און יפת.) און איר... און איר... איר ביידע, מיינע עלטסטע... ווי גוט און שיין, וואָס איר ביידע האָט געטאָן... געבענטשט זיי, שם! געבענטשט יהוה, דער גאָט פון שם!... (שרייט מיט כעס אין דער זייט פון חמ׳ס געצעלט.) און כנען זאָל אַ קנעכט זיי זיין! אַ סך פלאַץ זאָל אלהים מאַכן פאַר יפת׳ען, און ער זאָל וואוינען אין שם־געצעלטן! (שרייט ווידער אין דער זייט פון חמ׳ס געצעלט.) און כנען זאָל אַ קנעכט זיי זיין! אַ קנעכט! אַ קנעכט! (איילט אַוועק צו זיך אין געצעלט.)

יפתה. אָרעמער כנען!

שמה. שולדיק איז בלויז חם.

יפת. און מיר זיינען געבענטשט. דאָך איך פאַרשטיי נישט גאַנץ... אין שם־געצעלטן?

שם. איך זוך קיין זין נישט, יפת. עס איז געווגג, מיר וועלן וויסן, עס רוט אויף אונז דעם טאַטנס ברכה.

יפתה. מיר זאָלן וואוינען אין דיינע געצעלטן, שם?

יפת. האָט ער געמיינט: אין הערלעכע געצעלטן?

שם. פאַרשטיי עס ווי דו ווילסט, דו ביזט געבענטשט!

יפת. אָדער — די שיינקייט פון יפת אין די געצעלטן פון שם?

שמה. פאַראייניקט אין שבנהשאַפט מיט גוטס־טאָן און גערעכטיקייט.

יפת. האָט דאָס דער טאַטע געמיינט?

## צווייטע סצענע

אַ גרויסער געצעלטן־לאַגער. אַ הויכער ווייטשאָטנדיקער דעמב שטייט אינמיטן. ווייט, אין הינטערגרונט זעט זיך דער שפּיץ פון אַ הויכן טורעם. — נח, שם, חם און יפת זיצן אונטערן בוים, קוקן אויפן טורעם.

נח. הויך, הויך... דער שפּיץ שוין באַלד אין הימל... געפעלט מיר נישט.

ש ם. און ביזט גערעכט, טאטע.

י פ ת. און איך באַוואונדער, בין גאַנץ אַנטציקט.

ח ם. און איך האָב מורא אַ קוק צו טאָן. ווי קאָנען זיי אַזוי הויך בויען?

נ ח. איך פרעג אַלץ: צו וואָס? צו וואָס?

י פ ת. זיי האָבן דאָס דערקלערט. מיר זיינען געוואָרן אַ סך, זייער אַ סך. אויסגעפאָלגט אלהים׳ס געבאָט, געפרוכפּערט זיך און געמערט זיך. מיר קאָנען צושפּרייט ווערן איבער דער גאַנצער ערד און פאַרלירן זיך. די ערד איז גרויס, גייסט אַוועק און ווייסט נישט, ווי צוריקצוקומען. דער הויכער טורם דאָ וועט אַ וועגווייזער ווערן. דערזעסט אים פון דער ווייט, און ווייסט, וואוהין דו גייסט. און האָט מען זיך צושפּרייט, דער טורם וועט אַלעמען צוריק פאַראייניקן. ער וועט באַרימט ווערן, אַלע וועלן וויסן, וואו ער שטייט. זאָל ער פאַרשווינדן פון די אויגן אין גרויסער ווייטקייט, זיין נאָמען וועט שוין ברענגען צו אים צוריק.

נ ח. אדם׳ס קינדער זיינען געווען מער, פיל מער ווי מיינע קינדער, און קיינער האָט נישט מורא געהאַט פאַר פאַרלאָרן גיין, און די ערד איז נישט געווען קלענער. איך אַליין האָב אַ סך געוואַנדערט און שטענדיק געטראָפן דעם וועג צוריק. עס האָבן געלעבט די זיידעס — מתושלח, ירד, מהללאל, קינן — און האָב איך דעם וועג אויף צוריק נישט געוואוסט, האָב איך נאָכגעפרעגט: וואו ליגט דער וועג צו די זיידעס? און אין דער ווייטסטער ווייט האָט מען דעם וועג געוואוסט. דער וועג צו די זיידעס איז געווען אַלעמען באַקאַנט. באַרימטער, ווי דער העכסטער טורם, און האָט איצטער אָויך געדאַרפט עס זיין. לעב איך דען נאָך נישט? איך בין פון אַלעמען דער פאָטער. איך בין הויכער טורם, בין דער אַלטער זיידע־וועג. זאָל מען אים געדענקען, וועט מען נישט פאַרלאָרן גיין.

י פ ת. לעבן מיר אין אַלץ, ווי אָדם׳ס קינדער? די דורות, וועלכע מיר האָבן אויפגעשטעלט, גייען אויף גאַנץ אַנדערע וועגן. איך גלויב, זיי זיינען קליגער אויך. צו פרעגן מוז מען דאָך האָבן ביי וועמען, און טרעפט מען קיינעם נישט אָן, איז מען פאַרלאָרן. מען קאָן אויך אָנטרעפן אויף איינעם, וואָס איז אַליין פאַרלאָרן און זוכט דעם

וועג. דער טורם אָבער וועט שטענדיק אָנווייזן דעם וועג. נאָר אויפ־הייבן די אויגן און שוין ווייסטו, וואוהין דו גייסט. איז דאָס נישט גוט אָפּגעטראַכט?

ש ם. צי ווילן זיי דאָך נישט עפּעס אַנדערש? עפּעס אַנדערש, גלויב איך, האָט זיי צום בוי געבראַכט. עפּעס אַנדערש זיינען זיי מיט דעם טורם אויסן. איך האָב מורא, זיי צילן קעגן הימל. זיי גלויבן, זיי וועלן דעם הימל דערגרייכן. זיי פּלאַנעווען עפּעס קעגן יהוה.

נ ח. דאָס איז שרעקלעך, שם!

י פ ת. פון אַזאַ פּאַרטראַכט האָב איך נישט געהערט.

ח ם. האָהאָ, אַזאַ זאַך!

ש ם. עס זיינען שווער זיי אלהים׳ס געבאָטן. מיינען זיי, זיי וועלן זיך באַפרייען, ווען זיי וועלן אים דערגרייכן און אים אַראָפּ־זעצן.

נ ח. אַזוי זינדיג זיינען מ י י נ ע קינדער?!

י פ ת. דאָס האָט זיך שם אַליין דערטראַכט דערצו, אָדער זיין אוראייניקל, ז'ער עבר, האָט אים דעם קאָפּ פּאַרדרייט, דער איינצי־קער, וואָס איז נישט ביי דעם געבוי.

נ ח. איך ליב דעם יונג.

י פת. געגנוג ביזטו אין דיינע יונגע יאָרן מיט אלהים אַרומ־געגאַנגען, אויך שם האָט אָפט מיט אים פּאַרקערט, דער עבר טרעט איינגאַנצן נישט אָפּ פון אים.

ש ם. איז דאָס שלעכט?

י פ ת. דאָס מוזטו אייביק פרעגן! זאָג איך דיר, עס איז שלעכט. דער טאַטע האָט כנען פּאַר אַ קנעכט פּאַרשאָלטן, דיין עבר איז אַ סך אַ גרעסערער קנעכט.

ש ם. כנען איז אַ קנעכט ביי קנעכט.

ח ם. לאָז מיין כנען! ער אַרבעט שווער — האָט אַרויסגע־בראַכט מער קינדער ווי אימעצער פון אייערע, האַהאַהאַהאַ!..

נ ח. איך ליב דעם יונג, דעם עבר. דער איינציקער, וועלכער גע־דענקט נאָך גוט דעם אַלטן עלטער־עלטער־זיידן... קומט אַזוי אָפט און פרעגט און פרעגט. וויל אַלץ וויסן מיינע וועגן מיט אלהים.

ש ם. דאָס טוט ער אויך מיט מיר.

י פ ת. אָט דאָס איז עס!

ש ם. פאַרוואָס האָסטו אים קנעכט גערופן?

י פ ת. קנעכט ביי אלהים.

ש ם. איך האַלט עס פאַר אַ גרויסער זאַך. איך פריי זיך מיט מיין קינד.

נ ח. רופסט אים קנעכט, ווען ער דינט אלהים געטריי?

י פ ת. קנעכט איז קנעכט, עס מאַכט נישט, ווער דער האַר איז. וואָס מאַכט עס כנען'ס קינדער אויס, ווער עס הייסט זיי ציגל טראָגן? און טראָגט דיין עבר נישט קיין ציגל, טראָגט ער אַ שווערערן יאָך. ער גייט אין צוים, מאַכט זיך דאָס גאַנצע לעבן שווער און בימער. ביי יעדן קער און ווענד: צי וויל עס אלהים? און טוט אָדער טוט נישט, נאָר ווען יהוה האָט געהייסן. איז דאָס נישט קנעכט?

ש ם. בין איך דאָך גערעכט. דער גייסט פון דיינע ווערטער, ער בויט דאָס דאָרט דעם טורם. איז אַן אויפהייב קעגן יהוה'ן. זיי ווילן צו אים אַרויפקומען, אים אַראָפּזעצן, אים פאַר אוים האַר מאַכן.

י פ ת. וויל דאָס דיין פלג? וויל דאָס דיין עבר'ס זון? און ער איז דער גאַנצער אָנפירער.

ש ם. ווען ער טוט עס, וויל ער עס. מיין עבר'ס זון האָט זיך אָנגענומען מיט דיין גייסט. עס איז דער גייסט פון בונט! מען וויל זיך באַפרייען פון יהוה'ס יאָך, יהוה'ן דינען הייסט דאָס לעבן זיך פאַרבי־טערן. זיי זאָלן פאַרזיכטיק זיין! אלהים געדענקט זיין בונד מיט אונז און וועט קיין מבול מער נישט ברייננען, אָבער ער קאָן וואָס אַנ־דערש טאָן.

נ ח. איך מיין אויך אַזוי. אלהים קאָן זייער בייז ווערן, דער־מאָלט וויים ער נישט פון רחמנות.

י פ ת. דו רעדסט און שרעקסט אומזיסט, שם. דער טורם האָט דעם איין צוועק בלויז: אַ וועגווייזער צו זיין, אַ מיטלפונקט, אַן אויפזאַמלער פון פאַרלאָפענע און פאַרלאָרענע, אַ פאַראייניקער פון צושפּרייטע און צוזייטע. זע, ווי הויך ער איז שוין! זיין שפּיץ

איז שוין אין הימל. אָבער אלהים איז נישט בייז, האָט אין דער אַרבעט נישט געשטערט.

ש ם. אָ, ער שווייגט בלויז ביז אַ צייט.

נ ח. ווער רייט עס דען אַהער אַזוי געשווינט? (שם, יפת און חם שטייען אויף און קוקן זיך איין.)

ח ם. איז עס נישט פּלג?

י פ ת. ריכטיק. ער זעט מיר אויס ווי פּלג.

ש ם. עס א י ז פּלג, און עפּעס איז געשען.

י פ ת. דער טורם שטייט. נישט איינגעפאַלן, נישט איינגעזונקען.

ש ם. עפּעס איז געשען.

ח ם. ווען דו רעדסט אַזוי, פאַלט אָן אויף מיר אַ שרעק. זעסטו וואו דעם רעגנבויגן?

י פ ת. אויפן הימל קיין סימן נישט פון אַ וואָלקן, און פּלג דער אָנפירער איז אומבאַשטראָפט.

נ ח. ער קומט אַהער דאָך, קענט איר דאָך געדולדיק זיין און זיך נישט איבערשפּאַרן.

ש ם. עס איז וואָס געשען.

י פ ת. אָ, יאָ! פּלג האָט זיך אויף אַן אייזל אַרויפגעזעצט און פון טורם אַוועקגעריטן. און אָט איז ער דאָ! (פּלג קומט אָן פון רעכטס.)

שם. וואָס איז געשען, מיין קינד?

פ ל ג. געשען?

י פ ת (לאַכט).

פ ל ג. אָ, יאָ: די אַרבעט איז געענדיקט.

א ל ע. געענדיקט?!

י פ ת. האָט איר דערגרייכט דעם הימל?

פ ל ג. דעם הימל? האהא! וואָס העבער מיר זיינען אויפגעשטיגן, אַלץ העכער איז ער אַוועק פון אונז. מיר האָבן אָנגערירט די וואָלקנס, אַרויפגעשטיגן איבער זיי, אָבער די הויכקייט פון דעם הימל איז נישט וויניקער געוואָרן.

ש ם. פאַרוואָס האָט איר געוואָלט דעם הימל דערגרייכן?

פ ל ג. אָ, זיידע שם, ווען דו זעסט אַ פֿאַרהאַנג, ווילסטו וויסן, וואָס עס טוט זיך הינטער אים.

ש ם. ניין, איך האָב עס קיינמאָל נישט געוואָלט. דער פֿאָר־האַנג איז אָראָפּגעלאָזן, איך זאָל נישט וויסן וואָס הינטער אים, און ער איז מיר הייליק. איך וועל אים נישט אָנרירן, זיין סוד נישט וועלן אויפדעקן.

פ ל ג. מיר האָבן אַזוי נישט געטראַכט. קיינער נישט פֿון אונז. אַך, אויפרייסן דעם פֿאָרהאַנג, די ערד פֿאַראייניקן מיטן הימל...

ש ם. האָט איר נישט געוואָלט בלויז אַ מיטלפּונקט, אַ וועג־ווייזער אויפשטעלן?

פ ל ג. דאָס איז געווען דער אָנהייב. ביים אויפשטייג האָבן מיר שוין מער געוואָלט.

ש ם. האָב איך ריכטיק עס פֿאַרשטאַנען!

י פ ת. פֿאַרוואָס רופֿסטו די אַרבעט שוין געענדיקט? פֿאַר־וואָס בויט איר העכער נישט?

פ ל ג. העכער בויען? מיר וויסן שוין געגוי, מיר וועלן דעם הימל נישט דערגרייכן, און האָבן צום העכער־בוי דעם חשק אָנגע־וואָרן. אָבער דערפֿאַר האָט אונז אָנגעכאַפּט אַ חשק צו די ניי־אַנט־דעקטע וויטקייטן.

נ ח. אָ, יאָ, וויטקייטן...

פ ל ג. זיידע נח מוז זיי אפשר קענען, פֿאַר אונז האָבן זיי זיך ערשט דאָרטן אויבן אויפֿגעדעקט. מיר האָבן וויטקייטן דערזען, וועל־כע מיר האָבן נישט געאַנט, און אונזערע אויגן נישט געקאָנט מער אָפּווענדן פֿון זיי. מיר האָבן געבויט העכער און העכער, נישט דעם הימל צו דערגרייכן — מיר האָבן שוין געוואוסט, מיר וועלן אים קיינמאָל נישט דערגרייכן. אָבער מיר האָבן געוואָלט אַלץ מער וויטקייטן פֿאַר די אויגן פֿאַרנאַנדערוויקלען. זיי האָבן אונז געצויגן, אונז גערופֿן, ווי מיט שטריק געצופּט אין אונז די הערצער. ביז מיר האָבן זיך געזאָגט: דער הימל איז נישט צו דערגרייכן, פּרובירן מיר די וויטקייטן. דעמאָלט האָבן מיר אַ באַשלוס געפֿאַסט, אַוועקגע־לייגט די אַרבעט.

י פ ת. אַלע?

פ ל ג. אַלע. איר וועט זיי אַלעמען דאָ האָבן.

י פ ת. וואָס פאַר אַ באַשלוס האָט איר באַשלאָסן?

פ ל ג. איין באַשלוס, און דאָך אין אים צוטיילט.

י פ ת. פאַרוואָס ענטפערסטו מיט רעטענישן?

פ ל ג. איין באַשלוס אין די וויטקייטן אַוועקצוציען. אָבער די וויטקייטן זיינען אַ סך, און דאָ קומט שוין די צוטיילונג. די ווייטסטע וויטקייט האָט זיך דיין יון אויסגעקליבן. פון דער מערב־זייט — ער האָט געאַרבעט אויף דער מערב־זייט — האָט ער אַ ים דערזען, די ווייטע ברעגן פון דעם ים, און אינזלען ביי די ברעגן. דערזען און נישט געקאָנט מער אָפּקומען זיך. די אַרבעט איז אים מער שוין נישט געגאַנגען. דיינע זין תובל, משך און תירס — זיי אַלע האָבן וויטקייטן אין זייערע הערצער אריינגענומען, וועלכע ליגן ווייט אין צפון־מערב ביי די ברעגן פון דעם ים.

ש ם. און דו? און מיינע זין?

פ ל ג. זיידע ארפּכשד האָט אויף דער מזרח־וואַנט געאַרבעט, האָט ער אַ וויטקייט אין מזרח אויסגעקליבן. אויך עילם און אשור, וועלכע האָבן לעבן אים געאַרבעט.

ח ם. און פון מיינע — וואו?

פ ל ג. פון דער דרום־וואַנט האָבן זיי זיך דרום־וויטקייטן אויסגעזוכט. דער גאַנג הייבט אָן זיך גלייך. מען האָט נישט קיין גע־דולד צו פאַרציען אים. איך האָב צו אייך געאיילט: וואוהין און מיט וועמען ווילט איר גיין?

נ ח. אין די וויטקייטן?

י פ ת. איך האָב שוין מיין באַשלוס. וואוהין יון גייט, אַהין וועל איך אויך גיין.

ש ם. ווען עבר וועט מיטגיין...

פ ל ג. זיידע ארפּכשד און איך האָבן שוין באַשלאָסן: טאַטע עבר וועט מוזן גיין מיט אונז.

ש ם. גיי איך מיט אים מיט.

פ ל ג. זיידע ארפּכשד וועט זייער גליקלעך זיין.

ח ם. און איך? וואוהין מיין בכור וועט גיין, מיין כוש.

פ ל ג. אַט האָט איר אַלע שוין באַשלאָסן. קומט, מיר טראָגען זיי אַנטקעגן די זיידישע באַשלוסן — דאָס וועט אַ שמחה זיין!

ש ם. וואַרט נאָך, וואַרט... און דו, טאַטע?

פ ל ג. יאָ, און דו, זיידע נח?

נ ח. איך בלייב דאָ. איך וויל קיין ווייטקייטן נישט מער. וויל אויך קיין אויסקלייב צווישן אייך נישט מאַכן.

ש ם. וועסטו בלייבן גאַנץ אַליין?

נ ח. מיט דעם קבר פון אייער מוטער. איך האָב זי איינמאָל שווער באַליידיקט, פון מיין געצעלט פאַריאָגט, וועל איך ליגן מיט איר אייביק אין איין קבר.

ש ם. דאָך...

נ ח. עס איז באַקאַנט מיר דאָס יאָר, ווען איך וועל אַראָפּנידערן אין מיין קבר. איך וועל אים אייך איבערגעבן, און איר זאָלט אים געדענקען. ווען ער וועט קומען, וועט איר דריי, מיינע זין, שם, יפת און חם, קומען צו מיר אַהער, און ווי ווייט איר זאָלט נישט זיין. איר וועט מיר די אויגן צומאַכן און אַראָפּלאָזן מיך בשלום אין דער ערד. דאָס איז מיין באַפעל. איצטער גייט, באַשטימט, ווי ווייט איר וועט פון מיר אַוועק. (שם, יפת, חם און פלג גייען אַוועק נאָך רעכטס. נח זיצט אַ ווייַלע שטיל, קוקט נאָך די אַוועקגייענדיקע.) איך בלייב דאָ גאַנץ אַליין. אויפגעצויגן דורות, אָנגעפילט די ערד און בלייב דאָ גאַנץ אַליין... גוט געוועזן צו האָבן אַלעמען אַרום זיך. אָבער איך קאָן זיך נישט צוטיילן... מוז בלייבן גאַנץ אַליין... אדם׳ס קינדער האָט דער מבול אַראָפּגעשווענקט, ביי מיר רייסן ווייטקייטן זיי אַוועק. וועט דער וועג צום זיידן נישט פאַרגעסן ווערן? הוויכער טורם, וועסטו זיי נאָך ברייננגען צו מיר?

## דריטע סצענע

דער זעלביקער פּלאַץ, נאָר שטייט אויף אים אין הינטערגרונד אַן איינציקער געצעלט. — אַ גרויסע מאַסע געפּאַנגענע כנענים, מענער, פרויען און קינדער ווערן דורכגעפירט פון רעכטס נאָך

לינקס אונטער אַ זייער שטאַרקן, מיט שווערד און שפּיז באַוואָ־
פענטן קאָנוואָי פון עילסיער, וועלכע געברויכן אויך רימוס און
בייטשן אויף די מידע, קוים גייענדיקע כנענים. נח קומט אַרויס
פון דעם געצעלט און ווערט גאַנץ איבעראַשט פון דעם, וואָס ער
זעט. ער גיט זיך אַ ריס־אָפּ פון זיין אָרט. אָבער אין דעם איי־
גענעם מאָמענט באַפאַלט פון לינקס אַ גרויסע מחנה מגוגער דעם
קאָנוואָי. עס ברעכט אויס אַ געשלעג.

נ ח. וואָס איז דאָס? שטייט! האַלט איין! איר מאָרדעט זיך! דאָס טאָרט איר נישט! (וואַרפט זיך צווישן די קעמפער.) שטייט, זאָג איך! איך היים אייך! איך בין נח! בין זיידע נח! (דער קאָנוואָי איז צושלאָגן געוואָרן, די מגוגיער פירן אַוועק די געפאַנגענע כנענים. אַ ווייטער מלחמה־גערויש אין הינטערגרונט. נח איילט אַהין.) אויך דאָרט! אויך דאָרט גייט אָן דער טויט־געשלעג! (לויפט נאָך רעכטס, פון וואַנען עס טראָגט זיך אַ גערויש.) און אויך דאָ! וואָס איז עס? אַזוינס האָב איך נישט געזען. מחנות באַפאַלן מחנות. מאָרד אין גרוי־סע צאָלן! ווי קאָן עס זיין? (קוקט ארום זיך. דער פּלאַץ איז באַדעקט מיט הרוגים. בויגט זיך איין איבער איינעם.) טויט. דאָס האַרץ איז דורכגעשטאָכן. (איבער אַ צווייטן.) טויט. דער קאָפּ איז אים צו־שפּאָלטן.

א פ אַ ר װ ו א ו נ ד ע ט ע ר ע י ל ם ׳ ע ר (גיט זיך אַ הייב. זאָגט עפּעס אויף זיין לשון).

נ ח. וואָס זאָגסטו מיר? איך זע, דו רעדסט. איך פאַרשטיי אָבער נישט קיין וואָרט. הער איך דען שלעכט?

ד ע ר ע י ל ם ׳ ע ר (קרעכצט עפּעס אַרויס).

נ ח. איך הער דיין קרעכץ. אים פאַרשטיי איך גוט. ביזט פאַר־וואונדעט און דיר טוט וויי. וואו איז נאָר דיין וואונד? (לאָזט זיך אַראָפּ צו אים.)

ד ע ר ע י ל ם ׳ ע ר (זאָגט עפּעס).

נ ח. איך פאַרשטיי ווידער נישט. דאָך די וואונד איז לייכט צו זען. אַ טיפער שניט אין זייט... די וואונד קאָן איך פאַרהיילן. איך ווייס שוין אַזאַ גראָז. (הייבט זיך אויף.)

ד ע ר ע י ל ם׳ע ר (זאָגט עפּעס און צייגט מיט דער האַנט, אַז ער וויל אַ טרונק).

נ ח . דאָס וואָרט האָב איך נישט פאַרשטאַנען, נאָר איך פאַרשטיי דעם וואונק. ווילסט וואסער, ווילסט אַ טרונק. איך גיי דיר גלייך אים ברייגנען, ברייננ אויך מיט זיך דאָס גראָז. (איילט צו זיך אין געצעלט, קומט באַלד ארויס מיט אַ קרוג וואַסער און גיט אים דעם פאַרוואונדעטן, אונטערהאַלטנדיק זיין קאָפּ.)

ד ע ר ע י ל ם׳ע ר (כאַפּט זיך צום קרוג.)

נ ח. און דאָ האָב איך דאָס גראָז. וועט זיין דיר א רפואה. (עוסקט זיך אַרום דער וואונד.)

ד ע ר ע י ל ם׳ע ר (טרינקט אָפּ. שטעלט אַוועק דעם קרוג און צורעדט זיך).

נ ח (הערט זיך אַ ווײַלע צו). ער רעדט דאָך וויטער. דאָס זיינען ווערטער גאַנץ באַשטימט. דאָך איך פאַרשטיי זיי נישט. און דאָס זיינען דאָך מיינע קינדער... קינדער פון מיינע קינדער... קיין אַנדערע דאָך נישט... קיין אַנדערע זיינען דאָך נישט געוועזן... מיר האָבן אַלע די זעלביקע ווערטער גערעדט... מיר האָבן אַלע זיך גוט פאַרשטאַנען... ווי איז דאָס געקומען?... וואו האָבן זיי די נייע ווער־טער גענומען? — ווער ביזטו, זאָג! פון וואַנען קומסטו? פאַרשטייס־טו, וואָס איך רעד? איך זע, פאַרשטייסט קיי וואָרט נישט, וואָס איך זאָג. איך בין נח, דער אַלטער, אַלטער זיידע נח... האָסטו דעם נאָמען וועגן געהערט? נח... נח... דער נאָמען, זע איך, זאָגט דיר גאָרנישט. האָסט אים קיינמאָל נישט געהערט... פאַרגעסן געוואָרן דער זיידע נח... נאָך וועמען פון מיינע זין זעט ער אוים? פון וועמען שטאַמט ער אָפּ? פון שם? פון חם? פון יפת?... ער רעדט און רעדט... און איך וויל דאָך אזוי וויסן, פאַרוואָס דער גרויסער מאָרד...

אַ כ נ ע נ י (פּאָרנט, לינקס, גיט זיך אַ הייב און רופט אוים). אַ טרונק! אַ טרונק! איך פאַרשמאַכט!

נ ח. ווי? איינער רופט מיט ווערטער, וועלכע איך פאַרשטיי? (הייבט זיך אויף און קוקט זיך אַרום.) ווער וויל אַ טרונק? (הייבט אויף דעם קרוג.)

ד ע ר כ נ ע נ י. אַ טרונק! איך גיי אוים!

נ ח (אײַלט צו איִם). גליַיך! איך קום מיט וואַסער! ברייִנג אַ טרונק. (קומט צו און גיט איִם דעם קרוג.)

ד ע ר כ נ ע נ י (טרינקט). אָ, גוט! איך בין דערקוויקט! האָסט מיך געראַטעוועט! — אָבער דו האָסט דאָרטן אַן עילם'ער געהאַלפן. מיט וועמען האָלטסטו, אַלטער?

נ ח. מיט וועמען האַלט איך? ווייסטו, מיט וועמען דו רעדסט?

ד ע ר כ נ ע נ י. מיט אַ זייער אַלטן מאַן, וועלכער האָט מיך מיט אַ קאַלטן טרונק דערקוויקט, אָבער האָט אויך דערקוויקט מיין שונא.

נ ח. בין איך דיר בלויז אַן אַלטער מאַן?

ד ע ר כ נ ע נ י. ביזט איצטער מער מיר. האָסט מיך דער־האַלטן ביי מיין לעבן. אָבער האָסט מיין שונא אויך געשטאַרקט.

נ ח. דו ווייסט נישט, ווער איך בין.

ד ע ר כ נ ע נ י. איך וויים נישט, צי זאָל איך דיך צו מיינע שונאים צוציילן אָדער צו מיינע פריינט.

נ ח . איך בין נח.

ד ע ר כ נ ע נ י. דער נאָמען זאָגט מיר גאָרנישט.

נ ח. דער עלטער־זיידע נח.

ד ע ר כ נ ע נ י. וועמעס עלטער־זיידע?

נ ח. דער פאָטער פון שם און יפת און חם. האָסטו פון דעם מבול געהערט? האָסטו געהערט פון דער תבה?

ד ע ר כ נ ע נ י. ביזטו דאָס דער נח? געמיינט, ביזט לאַנג שוין טויט.

נ ח. איך לעב... איך לעב'נאָך... געמוזט דערלעבן ביז צו דעם...

ד ע ר כ נ ע נ י. ביזטו דאָס דער נח!

נ ח. בין איך נישט עלטער־זיידע?

ד ע ר כ נ ע נ י. איך וויים נישט ווי אַזוי.

נ ח. ווער ביזטו? פון וועמען שטאַמסטו אָפּ?

ד ע ר כ נ ע נ י. איך בין אַ כנעני.

נ ח. שטאַמסטו פון כנען אָפּ. שטאַמסט אָפּ פון חם — שטאַמסט אָפּ פון מיין דריטן זון.

ד ע ר  כ נ ע נ י. ביזטו מיין עלטער־עלטער־עלטער־עלטער־עלטער...

נ ח. ווי אויך פון יענעם דאָרטן, פון דעם, וואָס שטאַמט אָפּ פון עילם, דעם זון פון שם, מיין בכור.

ד ע ר  כ נ ע נ י. ווי? איז יענער אַ קרוב מיר?

נ כ. דו האָסט עס נישט געוואוסט?

ד ע ר  כ נ ע נ י. און וויל עס אויך נישט וויסן. איך ווייס נאָר, ער איז מיין שונא.

נ ח. קענסטו זיך מיט אים?

ד ע ר  כ נ ע נ י. ווי קום איך אים צו קענען? ער קומט פון עילם, און איך בין אַ כנעני. אונזערע לענדער זיינען וויט. איך קען אפילו ניט זיין שפּראַך.

נ ח. ווי איז ער דען דיין שונא?

ד ע ר  כ נ ע נ י. ווייסט עס גאָרנישט?

נ ח. וואָלט איך דען געפרעגט?

ד ע ר  כ נ ע נ י. דאָס פאָלק פון עילם איז באַפאַלן מיין פאָלק, דאָס פאָלק פון די כנענים.

נ ח. פאָלק? יאָ, יאָ... איך ווייס, מען האָט זיך צוטיילט אין פעלקער און פאָלק איז פאָלק באַפאַלן. פאַרוואָס באַפאַלן?

ד ע ר  כ נ ע נ י. אוועקצורויבן אונזער האָב און גוטס, אוועקצונעמען ביי אונז ווייב און קינד, צו מאַכן אונז פאַר קנעכט.

נ ח. פאַרוואָס?

ד ע ר  כ נ ע נ י. ווייל ער איז שטאַרק און וויל נאָך שטאַרקער ווערן. ווייל ער האָט אַ סך און וויל נאָך מערער האָבן... האָט ער פּלוצלינג מלחמה אונז דערקלערט.

נ ח. מלחמה? — איך קען גאָרנישט דאָס וואָרט.

ד ע ר  כ נ ע נ י. ווי קומט עס, זאָלסט נישט וויסן. ווען איינער באַפאַלט איינעם, איז עס געשלעג, איז עס רויב און מאָרד.

ווען פאָלק באַפאַלט פאָלק, איז עס מלחמה. מיר זיינען קעגן אים אַרויס אין פעלד און האָבן די מלחמה פאַרלאָרן. ער האָט איינגענו־מען אונזערע שטעט, אַוועקגענומען אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט, געפאַנגען אַלע די, וועלכע ער האָט נישט געטויט, און אַוועקגעפירט אונז פאַר קנעכט און דינסטן.

נ ח. און ווער זיינען דאָס געוועזן די, וועלכע זיינען באַפאַלן אייערע פאַנגער?

ד ע ר כ נ ע נ י. דאָס איז געוועזן אַ מגוג־מחנה.

נ ח. מגוג? קינדער פון דעם צווייטן זון פון מיין צווייטן!

ד ע ר כ נ ע נ י. די קומען נאָך פון ווייטער.

נ ח. צו רויבן און צו מאָרדן.

ד ע ר כ נ ע נ י. אַזוי גייט עס לאַנג שוין אָן.

נ ח. און קיין מבול קומט נישט אָן.

ד ע ר כ נ ע נ י (שרייט פּלוצלינג אויף). זע דעם עילם'ער! ער קומט צו מיר! ער קומט מיט זיין שווערד! (שפּרינגט אויף, קוקט זיך אַרום, הייבט אויף אַ שווערד פון איינעם פון די געפאַלענע עיל־מיער.)

נ ח. ניין! ניין! איר טאָרט נישט! (די ביידע וואַרפן זיך איי־נער אויף דעם אַנדערן מיט די שווערדן, און ביידע פאַלן טויט. נח שטייענדיק איבער זיי.) ביידע טויט. וואָס איז פון מיינע קינדער גע־וואָרן? הויכער טורם, האָסט גוט צוטיילט!

## פערטע סצענע

דער זעלביקער פּלאַץ. — נח זיצט אונטערן בוים, שם, יפת און חם שטייען פאַר אים.

נ ח. עס איז מיין לעצטער טאָג, איך וויים. דער לעצטער טאָג פון מיין זייער לאַנגן לעבן. מיט צוואַנציג יאָר מער פאַר אדם'ען, מיט ניינצן יאָר ווייניקער פאַר זיידע משותלח. אַ סך אי־בערגעלעבט. דער מבול — די גרעסטע איבערלעבונג. פון אַלע אדם'ס קינדער אַליין מיט מיינע קינדער געבליבן. אַליין אויף דער

ווייטער גרויסער ערד. דאָס וועט קיין מענטש שוין מער נישט איבער־לעבן. די צווייטע־גרעסטע איבערלעבונג, וואָס איז זי געווען? פּילייכט — מיין שיכור ווערן. ווי איז דאָס געשען? קאָן מיר נישט דערקלערן. האָב זיך געהיט צום צווייטן מאָל עס ווערן. ביים ערשטן טרונק אַ שעפּסעלע געווען, ביים צווייטן ווי אַ לייב געברילט, ביים דריטן ווי אַן אָף אומווירדיק זיך באַנומען, ביים פערטן ווי אַ חזיר אין שמוץ געלעגן. קיין מענטש מער שוין נישט געווען. אזוי געדענקט נח דעם טאָג, ווען ער האָט זיין טרויבנזאַפט געטרונקען. אַן איבערלעבונג, וועלכע ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן. דערנאָך די דריטע איבערלעבונג — די ביטערסטע פון אַלע. דאָס אַליין בלייבן, די גרויסע איינזאַמקייט, די פיל גרעסערע ווי די איינזאַמקייט אין דעם מבול. קיינעם נישט געהאַט מער אַרום זיך. די ווייטקייטן האָבן אַלעמען אַוועקגענומען. אָדער איז די ביטערסטע מיין באַקאַנטשאַפט מיט מלחמה? — הם! אַט שטייט ער, דער הויכער טורם. האָט געזאָלט פאַראייניקער ווערן און איז געוואָרן דער בייזעסטער צוטיילער. די ווייטקייטן, וועלכע ער האָט פאַנאַנדערגעוויקלט, זיינען אָפּווייטערונ־גען געוואָרן, פון קרובהשאַפט איז געוואָרן פרעמדקייט. מען קען זיך שוין נישט מער. מען רעדט גאָר אַנדערע שפּראַכן. פאַרשטייט איר נאָך, וואָס איך רעד?

די דריי. געוויס, טאַטע, געוויס!

נ ח. רעדט איר. איך וויל וויסן, צי וועל איך אייך פאַר־שטיין.

ש ם. איך רעד דיין שפּראַך, טאַטע, און אַלע מיינע אַרפּכשד־קינדער רעדן זי.

י פ ת. איך האָב זי נאָך נישט פאַרגעסן, כאָטש מיין יונ׳ס קינדער רעדן אַן אַנדער שפּראַך.

ח ם. איך — פאַרגעסן. אַ סך, אַ סך פאַרגעסן. מיין כוש און זיינע קינדער רעדן אַן אַנדער שפּראַך.

נ ח. רעדט איר, שם און יפת, רעדט איר. איר האָט שוין לאַנג זיך נישט געווערטלט וועגן גוט און שיין... איך וויל עס הערן... הא, גוט און שיין! ווי קלינגט עס בייז!.. ווי וואָס פון מיינע קינדער איז געוואָ״ן! נישט גוט און נישט שיין. דער מבול האָט אָפּגעווישט אדם׳ס

קינדער, אָבער נישט זייערע ז י נ ד. ערגעץ־וואו זיי־נען זייערע קערנער אין דער ערד געבליבן און אין מיינע קינדער זיך פאַרפּלאַנצט. זיי שטייען נישט אָפּ אין זייער שלעכטסקייט פון אדם׳ס קינדער. זיי יאָגן זיי אפילו אַריבער. און קיין מבול וועט מער נישט קומען די זינדיקע צו באַשטראָפן. אלהים געדענקט זיין בונד. גע־דענקט נאָך ווער אלהים? פאַרוואָס שווייגט איר? לעבט נישט מער אלהינו?

י פ ת. נישט אין מיינע ווייטקייטן. דאָך מיין יונ׳ס קינדער זיינען שיין און ווילן צו גרעסערע שיינקייטן זיך דערהייבן.

נ ח. פירן זיי מלחמות צווישן זיך? באַפאַלן זיי איינע די אַנ־דערע מיט מאָרד און רויב? — דו שווייגסט! און רעדסט פון שיינ־קייט נאָך. זאָג דו מיר, חם, לעבט נאָך אלהים?

ח ם. איך ווייס נישט, אלהים לעבט. קאָן נישט זאָגן. מיינע קינדער נישט מיט אלהים.

נ ח. מען האָט מיר פון סדום דערציילט. עס וואוינען דאָרטן דיין כנען׳ס קינדער, און זייער שלעכטס און זינדיקייט שרייען אַרויף צום הימל.

ח ם. דו כנען פאַרשאָלטן. כנען קנעכט זאָל זיין. שם׳ס קינ־דער סדום באַפאַלן, פאַרקנעכט. קנעכט קאָנען גוט ניט זיין.

נ ח. באַלד בין איך שוין שולדיק. און — פּליייכט... האָסטו אַ טרייסט פאַר מיר, מיין בכור?

ש ם. איך בין דיר געטריי געבליבן, און אלהים לעבט אין מיר. דאָך מיינע קינדער זיינען זיך צוגאַנגען אויף פאַרשיידענע וועגן. נאָר מיין אוראייניקל עבר...

נ ח. איך ליב דעם יונג. דער איינציקער פון אַלע אייניקלעך, וואָס האָט מיך נישט פאַרגעסן. געוואָלט אַלץ ווי, צי פאַרקער איך נאָך מיט אלהים, צי פאַרקערט אלהים מיט מיר.

ש ם. און איצטער עבר׳ס אוראייניקל אין זעקסטן דור. ער הייסט אברם. נאָך גאָר אַ יונגער מענטש און שטייגט אַריבער דיך און מיך און עבר. ער שטייט האַרט ביים טויער, וואָס פירט צו גאַנ־צער גוטסקייט. ער קאָן אַ טרייסט דיר זיין.

נ ח. האָ! אַ טרייסט! איינער, איינער און נאָך איינער, ווען די גאַנצע ערד איז באַדעקט מיט שלעכטס, וואָס שטאַמט פון מיי־נע קינדער. וואָלט אָדם פאַר דעם מבול געטרייסט זיך מיט מיר אַליין? ווי קאָן איין איינציקער אברם אַ טרייסט מיר זיין? איך האָב צופיל געלעבט. נישט געדאַרפט עס גאָר דערלעבן. ווי פריי איך זיך, וואָס עס קומט מיין לעצטע שעה. באַלד בין איך טויט! הם! אזא לאַנג לעבן מיט אלהים געלעבט — און פון ד ע ם נח בלייבט קוים אַ קליינע שפור. איין קליינע ווייַלע זיך באַזאָפן — און דער דאַזיקער נח האָט אָנגעפילט די גאַנצע ערד. דאָס נעם איך מיט זיך אין קבר. עס איז מיר טרויעריק, קינדער! עס איז מיר זייער, זייער טרויעריק. (ווערט אָנטשוויגן, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ.)

ד י ד ר י י (וואַרטן אַ ווײַלע, בויגן זיך צו און שעפּטשען אַרויס). טויט! (שטייען אַ ווײַלע שטיל. שם מאַכט אים צו די אויגן.)

י פ ת. טויט דער שיינער מענטש.

ש ם. דער גוטער און גערעכטער.

ח ם . טויט — טאַטע!

## פערזאָנען (לויט זייער אויפטרעט)

עפּיאַלטעס,
כאַרידעמאָס,
פאַרטרעטער פון אַטען.
ערשטער בעאָטיער.
צווייטער בעאָטיער.
פעניקס,
פּראָטיטעס,
די פירער פון טעבען.
אַן עטאָליער.
קראַטעראָס, מאַקעדאָנישער גענעראַל.
האַרפּאַלאָס, אַלעקסאַנדערס שאַצמייסטער.
קליטאָס, מאַקעדאָנישער גענעראַל.
קאַליסטענעס, פילאָזאָף און אַלעקסאַנדערס לערער.
ליקורגאָס, פאַרטרעטער פון אַטען.
פילאָטאַס, מאַקעד. גענעראַל.
דעמאַדעס, פאַרטרעטער פון אַטען.
טראַבאַנטן.
אַלעקסאַנדער.
אַריסטאַנדער דער זעער.
דעמאַראַטאָס פון קאָרינט.
העפעסטיאָן, אַלעקסאַנדערס אינטימסטער פריינט.
פּערדיקאַס, מאַקעד. גענעראַל.
גענעראַלן.
פאַרטרעטער פון די גריכישע שטאַטן.
דיאָגענעס.
אַן אַלטער מאַן.
גאַסנייִנגלעך.
קאָרינטער בירגער און בירגערינס.

דער טעמפלדינער פון דעלפישן אָראַקל.
די פיטיאַ.
די ריכטער קעגן טעבען.
פטאָלאָמעאָס, מאַקעד. גענעראַל.
אַ סאָלדאַטנפירער.
טימאָקלעאַ, אַ טעבאַנערין.
ערשטער סאָלדאַט.
צווייטער „
דריטער „
פאַרמעניאָ, מאַקעד. גענעראַל, פילאָטאַסעס פאָטער.
באַרזינע.
די מוטער פון קעניג דאַריוס.
דאָס ווייב פון קעניג דאַריוס.
אַ פערסישער אָפיצער, דאַריוסעס משולח.
פסאַמאָן, פילאָזאָף.
דער אויבערפריסטער פון אַמאָן־אָראַקל.
פריסטער.
אַנטיגאָנע, געליבטע פון פילאָטאַס.
הערא. געליבטע פון קראַטעראָס.
טאַיס, טענצערין, געליבטע פון פטאָלאָמעאָס.
פראַניכאָס, דער דיכטער.

פאָלעמאָן,
אַמינטאַס, — מאַקעדאָנישע גענעראַלן.
אַטאַלאָס,
סימיאַס,

אַבאַדאָקאָס, טראַקיער גענעראַל.
צוויי גריכישע אָפיצערן.
קענאָס, מאַקעד. גענעראַל.

ניקאָמאַכאָס, — עדות קעגן פילאָטאַסן.
באַלינאָס,

ראָקסאַנע,
אָקזיאַרטעס, איר פאָטער.

פערסישע סאַטראַפּן.
אַנאַקזאַרכאָס, דער סאָפיסט.
אַנטיגענידעס, פליטנשפּילער.
אַ טראָמפּייטער.
קאַלאַנאָס, אינדישער פילאָזאָף.
אינדישע פירשטן.
אינדיער פון דעם מאַלער־שבט.
אָקזיאַרטעס, שטאַטהאַלטער פון קאַרמאַניען.
אָרקסינעס, } שטאַטהאַלטער פון פּאַזאַרנאַדע.
פּאָלימאַכאָס, }
גלאוקאָס, דער רופא.
קלעאָמענעס, אויבעראינטענדאַנט פון עגיפּטן.
מעדיאָס, מאַקעד. גענעראַל.
פיליפּ, דער אַקאַרנאַניער, אַלעקסאַנדערס רופא.
מאַקעדאָנישע סאָלדאַטן.
טראַבאַנטן. הויפלייט. פּאַלאַנקס.

# ערשטער אַקט

## ערשטע סצענע

פיליפּ דער צווייטער, קעניג פון מאַקעדאָניע, האָט נאָך דער מלחמה ביי כעראָנעאַ, אין יאָר 338 פאַר קריסטוסן, אונטערגעוואָרפן אונטער זיך אַלע גריכישע שטאַטן און פעלקערשאַפטן. (גריכנלאַנד האָט נאָך דעמאָלס געהייסן העלאַס.) אין דעם קאָנגרעס פון קאָרינט, וועלכן ער האָט צונויפגערופן, האָבן זיי אים דערקלערט פאַר דעם אויבערקאָמאַנדיר פון זייערע אַרמייען, וועלכע פיליפּ האָט געדאַרפט פירן נאָך אַזיע אויף מלחמה קעגן דעם פּערסישן קעניג דאַריוס. אָבער באַלד נאָך דעם פאַלט פיליפּ פון דער האַנט פון אַ מערדער. זיין נייינצניעריקער זון אַלעקסאַנדער נעמט איבער די מלוכה. די גריכישע שטאַטן האָבן גע־דענקט, אַז איצטער וועלן זיי זיך קענען באַפרייען פון דער מאַקעדאָ־נישער אויבערהערשאַפט, אָבער אַלעקסאַנדערס קרעפטיקער אויפטריט אין בעאָטיען ברייינגט זיי אויף אַנדערע געדאַנקען. טעבען, די הויפּט־שטאָט פון בעאָטיען, האָט זיך גלייך אונטערגעגעבן, און אַטען האָט געשיקט צו אים שליחים מיט גוטע רייד און גרויסע אויסצייכענונגען. אַלעקסאַנדער האָט מוחל געווען די גריכן זייערע באַפרייונגס־געדאַנקען און צונויפגערופן אין קאָרינט אַ קאָנגרעס פון די גריכישע שטאַטן, אום אויסגעקליבן צו ווערן אַלס אויבערקאָמאַנדיר פון די גריכישע אַרמייען אין דער מלחמה קעגן דאַריוסן אָנשטאָט זיין פאָטער.

גרויסער זאַל אין שטאָטהויז פון קאָרינט. ביי דער רעכטער וואַנט דער טראָן, צו וועלכן עס פירן אַרויף פינף טרעפּ. אויף אַ געוויסן אָפּ־שטאַנד פון די טרעפּ מאַרמאָרנע בענק. סטאַטועס און פרעסקאָ־בילדער פאָרצירן דעם זאַל, וועלכער איז אָנגעפילט מיט פאַרטרעטער פון די גריכישע שטאַטן. מען שטייט, זיצט, גייט אַרום. גאַנץ פאָרנט אַ גרע־סערע גרופּע פון בעאָטיער און טעסאַליער אַרום ע פ י אַ ל ט ע ס און כ אַ ר י ד ע מ אָ ס די אַטענער און פ ע נ י ק ט און פ ר אָ ט י ט ע ס די טעבאַנער.

ע פ י א ל ט ע ס. א טרויעריקע צייט פאַר העלענער, ווען זיי דאַרפן רעדן שטיל.

כ אַ ר י ד ע מ אָ ס. אויס מורא פאַר אַ יינגל.

אַ ב ע אָ ט י ע ר. דער יינגל איז קיין יינגל נישט.

צ וו יי ט ע ר ב ע אָ ט י ע ר. פיליפס זון שטייגט זיין טאַטן אַרי־בער. מיר פון בעאָטיען קאָנען גוט עדות זאָגן. דער צוואַנציקיעריקער האָט געמאַכט אונדזערע גרויבערד צו נאַרן. זיין טאָן און האַלטונג איז פון אַ מאַן, וועלכער האָט געהאַט די גרעסטע דערפאַרונגען. איך פאַר־זיכער אייך, גריכנלאַנד וועט מוזן טאַנצן, ווי אַלעקסאַנדער וועט שפּילן.

פ ע נ י ק ס. ווייל מיר אין גריכנלאַנד זיינען טענצער געוואָרן, האָבן אויפגעהערט קעמפער צו זיין.

פּ ר אָ ט י ט ע ס. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אַ סך צו רעדן און פאַרגעסן, ווי מען טוט.

ע פ י אַ ל ט ע ס. וואָס קוקסטו מיך אָן דערביי? מיינסטו דער־מיט אַטען צו טרעפן?

פּ ר אָ ט י ט ע ס. זיינען מיינע ווערטער אַ מאַנטל, זאָל אים אָנ־טאָן דער, וועמען ער פּאַסט אַמבעסטן.

כ אַ ר י ד ע מ אָ ס. ווער האָט זיך צוזערשט פאַר אים דערשראָקן נאָך זיין איבערפאַל אויף בעאָטיען? האָט נישט טעבען די ערשטע איר נאַקן געבויגן?

פּ ר אָ ט י ט ע ס. האָט אַטען מאַקעדאָנישע סאָלדאַטן אין איר פעסטונג? ווערט אַטען פון מאַקעדאָנישע הינט באַוואַכט און באַהיט? טעבען האָט זיי, איר קאַדמעאַ איז פון זיי באַזעצט. געבונדן איז טעבען הענט און פיס, איר זעלבסטשטענדיקייט איז אַ וואָרט אָן אינהאַלט. וואָס האָט טעבען געקאָנט טאָן, ווי נאָר איר געבויגענעם נאַקן ווייטער האַלטן איינגעבויגן? אָבער פאַרוואָס האָט אַטען גלייך אונטערגע־שטעלט איר נאַקן אונטער דעם מאַקעדאָניערס פוס, דעם זון נאָך גרע־סערע אויסצייכענונגען געגעבן ווי זיין פאָטער?

ע פ י אַ ל ט ע ס. אַטען און טעבען האָבן ביידע געטאָן, וואָס זיי האָבן געמוזט. די מאַקעדאָנישע סאָלדאַטן אין דער קאַדמעאַ פון טע־בען זיינען אויך פאַר אַטען אַ בייזע בייטש.

א ן ע ט ט אָ ל י ע ר. אונזער אומגליק, מיר זיינען צוטיילט, און איינציקווייז זיינען מיר צו שוואַך קעגן מאַקעדאָניען.

כ אַ ר י ד ע מ אָ ס. זאָלן מיר אפשר אונטער דיר זיך פּאַראַיי-ניקן? עטאָליען אויסקלייבן אַלס פירערין?

ע ט אָ ל י ע ר. טראָגט רויק דאָך דעם יאָך פון מאַקעדאָניען, מורמלט נישט און קלינגט נישט מיט אייערע קייטן. פאַרגעסט, מיר זיינען געווען פרייע רעפּובליקן, און שטופּט דעם קעניגסוואָגן אונ-טער, וועלכער ווערט אָנגעטריבן פון דעם יינגל אַלעקסאַנדער. וואָס רעדן מיר נאָך שטיל, לאָמיר אינגאַנצן אויפהערן צו רעדן.

ע פּ י אַ ל ט ע ס. וואָס ווייס אַן עטאָליער פון פּאָליטיק! עס האָט אייך שטענדיק געפעלט אין קלוגקייט און אין וויסן. נאָר אָפּוואַרטן און אויפכאַפּן דעם גינסטיקן מאָמענט. אַטען קאָן אויף אַ ווײַלע איינ-בויגן איר קאָפּ, אָבער זי וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי מען מאַכט אַ פויסט.

ע ר ש ט ע ר ב ע אָ ט י ע ר. דאָס האָט זי שוין פאַרגעסן. איצ-טער ווייס זי, ווי מען קנאַקט נאָר מיט דער צונג.

ע פּ י אַ ל ט ע ס. אַטען וועט דיר דאָס וואָרט דערמאָנען!

ע ר ש ט ע ר ב ע אָ ט י ע ר. נישט, כל-זמן אַלעקסאַנדער לעבט.

פּ ר אָ ט י ט ע ס. שווייגט, פרייע בירגער פון די פרייע העלעני-שע רעפּובליקן, מאַקעדאָניער קומען אָן. ציט שנעל אָן אייערע חניפה-מאַסקעס, ווירדיקע האַרן!

פּ ע נ י ק ס. ווי אַלעקסאַנדער, בין איך אויך אַ תלמיד פון אַריס-טאָטעלעס. בין דערפאַר פּעריפּאַטעטיקער און ליב זיך צו באַוועגן. (גייט אַוועק. נאָך אים פּראָטיטעס און די עטאָליער. די איבריקע בלייבן. די גענעראַלן קראַטעראָס, קליטאָס און האַרפּאַלאָס, אַלעקסאַנ-דערס קרומרוקיגער שאַצמייסטער, קומען צו.)

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אַטען און טעבען און בעאָטיען האָבן צוזאַ-מענגעשלאָסן זייערע קעפּ — מסתמא אויף אָפּצוטראַכטן, ווי בעסער אויפצונעמען אַלעקסאַנדער'ן.

כ אַ ר י ד ע מ אָ ס. מיר האָבן גערעדט פון דעם קריג מיטן פּערס, וואָס שטייט אונדז פאָר.

האַרפּאַלאָס. און יענע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעטראָגן, זייַנען דאָס פון קריגספּלאַץ שוין אַנטלאָפן.

עפּיאַלטעס. פּאַסט זיך פאַר האַרפּאַלאָסן קריגס־וויצן צו מאַכן?

האַרפּאַלאָס. איך האָב אַ קרומען רוקן—דאָס מיינסטו דאָך מיט דיין פראַגע? — האָב אָבער אַ שאַרפן גלייכן קאָפּ און פאַרשטיי נאָך גוט, וואָס איר האָט דאָ גערעדט. ראָט איך אייך, זייט פּאָרזיכטיק. ווען פון אַלע אייערע גריכישע קעפּ וועט ווערן איין קאָפּ, וועט עס זיין אַלעקסאַנדערן נאָר לייכטער אָפּצוהאַקן.

קראַטעראָס. גוט געזאָגט, האַרפּאַלאָס! דו זעסט, אַטענער, אויך די מאַקעדאָנישע צינגער זיינען שאַרף געשליפן. אָבער נאָך בעסער זיינען עס אונדזערע שווערדן, און מיר ווייסן, ווי מיט זיי צו פירן.

קליטאָס. איך היים דער שוואַרצער קליטאָס, מיין נאָמען מוז מיט שרעק באַקאַנט אייך זיין. און ווי איך, זיינען מיר אַ סך, פון דעם גרויסן פיליפּ אויפדערצויגן, און אונטער זיין זון וועלן מיר נישט שוואַכער ווערן.

כאַרידעמאָס. זיינען מיר געקומען זיך צו קריגן, אָדער וויל אַלעקסאַנדער אונדז פּאַראייניקט זען?

האַרפּאַלאָס. אונדז דאַרפסטו עס נישט דערמאָנען, געדענק עס גוט אַליין.

קראַטעראָס. חזר'ט זיך עס איין: מאַקעדאָניען האָט די מאַכט, און מאַקעדאָניעס קעניג איז אייער קעניג. און ווייסט אויך דאָס: מיר אין מאַקעדאָניען האָבן שוין אין אַלעקסאַנדערן דעם געטלעכן אַכילעס דערקענט, אייך אין העלאַס זאָל ער נישט ווייניקער זיין.

עפּיאַלטעס. פון אייביק אָן איז עס געווען גריכן־אַרט אַכילעסן צו באַוווּנדערן.

קראַטעראָס. באַוווּנדערט איצטער אַלעקסאַנדערן. געדענקט, דער מאַקעדאָניער חיל באַוווּנדערט אַכילעסן אין אים. עס וועט זיין אייך גוט, ווען איר וועט דאָס געדענקען. (ער, האַרפּאַלאָס און קליטאָס גייען אַוועק ווייטער.)

עפּיאַלטעס (פליסטערט שאַרף אַרויס). באַרבאַרן! מיר וועלן געדענקען אַכילעסעס פּיאַטע!

כ אַ ר י ד ע מ אָ ס. אָבער דאָ איז ווירקלעך נישט דער אָרט צו רעדן. (די גרופּע צעגייט זיך. וועדליק אַן אַנדער גרופּע קומט אַן מיט דעם היסטאָריקער קאַליסטענעס און דעם גרייז־גרויען אַטעניִשן רעד־נער ליקורגאָס.)

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דאָס איז אַלעקסאַנדער. אַ יונגער לייב, וועמען עס איז געפערלעך צו שטעלן זיך אין וועג. אַ גאָטגלייכער הער־שער, מיט וועלכן די געשיכטע הייבט אָן אַ ניי קאַפּיטל. און מערק דיר: נישט בלויז איז ער העלד און גיבור, דער מאָן מיט אייזערנע מוס־קולן און לייבישער געשיקטקייט. ער איז אויך מיט גרויסן פאַרשטאַנד געבענטשט געוואָרן פון די געטער, און אין דעם פאַרשטאַנד, דעם גע־בענטשטן פון די געטער, האָט מיין פעטער אַריסטאָטעלעס אַריינגע־גאָסן, אַריינגעפּלאַנצט גאָר אַ סך פון זיין אַלץ אַרומנעמענדיקער חכמה. און איך וויל נישט זיין באַשיידן: אויך איך האָב אַ סך גע־האָלפן, זיין פאַרשטאַנד צו שלייפן און צו שאַרפן. איך בין מיט אים שוין אַ לענגערע צייט. אַ לערער אים און אַ וועג־ווייזער, אַ פירער אין וויסנשאַפט און אויף דעם וועג פון גוטע מידות.

ל י ק ו ר ג אָ ס. האָסטו עס אים גערעדט, דעם טראָן־יורש אַמינ־טאַס אומצוברייננגען און אַלע אַנדערע זיינע קרובים, וועלכע וואָלטן געקאָנט זיין טראָן געפערלעך ווערן? איז דאָס דיין באַלערונג געווען ער זאָל זיין מוטער דערלויבן, זי זאָל פיליפּס צווייטע פרוי און איר קינד, אַלעקסאַנדערס האַלב־ברודער, אַפּרוימען פון זיין קעניגוועג?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דאָס האָבן די געטער אויף אים אַרויפגע־לייגט. זיי ווילן, ער זאָל הערשן. זאָל ער אין דעם געטער־ווילן געשטערט ווערן פון נישטנוציקע שטערער, וועלכע דענקען, אַז זיי געהערט דער טראָן? נאַטירלעך האָט ער זיי אַלעמען געמוזט אַפּרוימען פון זיין וועג.

ל י ק ו ר ג אָ ס. האָט עס אַריסטאָטעלעס אויך אַזוי דערקלערט?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ווו קאַליסטענעס איז לערער, ווערט אַריס־טאָטעלעס נישט מער געפרעגט.

ל י ק ו ר ג אָ ס. האַהאַ!.. האָסטו אויך באַלערנט דעם יונגן לייב, ער זאָל לאָזן גריכנלאַנדס פאַרטרעטערשאַפט אַזוי לאַנג וואַרטן אויף זיך?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דו ווייסט, ער ברייננגט איצטער קרבנות צו

די געטער. און לאָזט ער אייך מיט אָפּזיכט וואַרטן, טוט ער זייער גוט. אייער שטאָלץ איז פּוסטער שטאָלץ, גאווה, וועלכע האָט קיין גרונט נישט. איר דאַרף מען אַראָפּשלאָגן די פליגלען.

ל י ק ו ר ג אָ ס. ביזטו אַ העלענער, קאַליסטענעס, אָדער אַ מאַקעדאָניער?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אויבן און אונטן — איך וויל שטענדיק אויבן זיין. די מאַקעדאָניער זיינען איצטער די אויבערשטע פון לייטער. זע, ווי וואָרם־אונטערטעניק דיין מיטבירגער דעמאַדעס רעדט מיט די מאַקעדאָנישע גענעראַלן. ער קריכט זיי אויף דער לייטער נאָך. דו לערן זיך אָפּ פון אים.

ל י ק ו ר ג אָ ס. איך בין צו אַלט נאָכצוקריכן. (ער און זיינע באַגלייטער גייען ווייטער, קאַליסטענעס נאָך אים. עס קומען אָן פילאָטאַס, אַ יונגער מאַקעדאָנישער גענעראַל, מיט נאָך עטלעכע מאַקעדאָנישע גענעראַלן, און דעמאַדעס, דער אַטענישער העדנער.)

פ י ל אָ ט א ס. צום דריטן מאָל שוין, ווען מיר קומען צו העלענער צו, צוגייען זיי זיך אין אַלע זייטן, ווי פון שרעק געטריבן. ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט מיט מאַקעדאָניער אין באַרירונג קומען, אָדער זיי וואָלטן צווישן זיך גערעדט, וואָס מיר דאַרפן נישט הערן.

ד ע מ א ד ע ס. אָ, ניין, דאָס דאַרפסטו גאָרנישט טראַכטן. איר האָט נאָר געדולד מיט זיי. אַן עלטערער ברודער איז געוויינט אויף דעם יינגערן אַראָפּצוקוקן, און ווען דער יינגערער הייבט זיך נאָר צום הערשער אויף, פילט זיך דער עלטערער באַליידיקט, און זיין האַרץ ווערט אים ביטער. דאָס איז אַ פאָראורטייל, פון וועלכן זיי וועלן זיך אָפּגעוויינען.

פ י ל אָ ט א ס. זיי מעגן זיך אונטעראייַלען.

ד ע מ א ד ע ס. דאָס איז איצטער די אויפגאַבע פון מיין רעדנער־קונסט.

פ י ל אָ ט א ס. פריער איז עס געווען פיליפּ און פּאַרמעניאָ, איצטער וועט עס זיין אַלעקסאַנדער און פילאָטאַס...

ט ר א ב א נ ט ן (ביי דער טיר רופן אויס). פאַרנעמט אייערע פלעצער, פעלקער פון העלאַס! דער קעניג אַלעקסאַנדער קומט! (די

פאַרטרעטער פון די שטאָטן פאַרנעמען זייערע פּלעצער. די נאָענטסטע צום טראָן זיינען די מאַקעדאָניער און טעסאַליער. די גענעראַלן אַלעקסאַנדערס, וועלכע זיינען געווען פאַרשפּרייט איבערן זאַל, גייען צום טראָן אָדער צו דער טיר, ווו זיי וואַרטן אָפּ זייער קעניג. אונטער די לעצטע געפינען זיך קראַטעראָס און פילאָטאַס. ווען אַלע פאַרנעמען זייערע פּלעצער, רופן אויס די טראַבאַנטן: „דער קעניג!" עס ווערט שטיל.)

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (באַגלייט פון די גענעראַלן העפעסטיאָן, פּערדיקאַס, פּטאָלעמעאָס און אַריסטאַנדער דעם זעער, קומט אַריין און גייט צום טראָן. אַן אַטלעטיש־געבויטער יונגער מענטש, מיט אַ ווייסן געזיכט, אויף וועלכן עס שפּילט אַ געזונטע רויטקייט. זיין האָר שטייט אָפּ הויך איבערן שטערן און גיט אים דעם אויסדרוק פון אַ לייב. ער איז אָנגעטאָן ווי אַן איינפאַכער מאַקעדאָנישער סאָלדאַט, אָבער דער הערשער איז קענטיק אין יעדער באַוועגונג. זיין יעדער מוסקול רעדט פון באַזונדערער קראַפט, זיינע אויגן שטעכן דורך ווי שפּיזן, זיין געשלאָסן מויל און דער שווערער אונטערשטער טייל פון זיין געזיכט ווייזן אויף גרויסע אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע. אַרויפּקומענדיק צום טראָן, ווענדט ער זיך אום צו די פאַרזאַמלטע, קוקט זיי שאַרף אָן, מיט ביידע הענט אויף זיין שווערד — דער אומבאַזיגבאַרער דעראָבערער.)

ט ר אַ ב אַ נ ט (פאַר אים אויף די טרעפּ). פעלקער פון העלאַס, פאַרזאַמלט אונטער דער פירונג פון דעם קעניג אַלעקסאַנדער, וועלכער וויל פאָרטזעצן די אַרבעט, וועלכע זיין פאַרברעכעריש אומגעקומענער פאָטער, דער גרויסער קעניג פיליפּ, האָט געהאַט אונטערגענומען, — נייגט צו אייערע אויערן און אייערע הערצער צו דעם, וואָס דער קעניג גייט אייך זאָגן!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (אונטן ביי די טרעפּ, צו אַלעקסאַנדערן). אָ, דערהייבענער קעניג, איידער דיין שטים וועט דאָ אויפקלינגען ווי די שטים פון אַפּאָלאָ, דערלויב איינעם, וועלכן דו האָסט אויפגענומען אין דיין גנאָד, אום צו וואַרעמען אים אין די שטראַלן פון דיין זון, צו האָבן פאַר זיך אויף אַ קורצער ווײַלע די אויערן פון די פעלקער פון העלאַס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מיט דער פעסטער שטים פון אײנעם, װעל־
כער איז געבאָרן צו באַפעלן). אויף אַ קורצער װײַלע האָסטו געזאָגט,
און האָסט שוין גערעדט צו לאַנג.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דערלויב מיר, אָ, אַלעקסאַנדער, און איך
װעל זיך נישט דערװעגן לאַנג צו פאַרהאַלטן פון די פאַרזאַמלטע פעל־
קער דעם קלאַנג פון דײַן שטים און די קלוגקייט פון דײַנע װערטער.
איך קען זייער אומגעדולד. איך װיל נאָר דער מאָרגנשטערן זײַן, װעל־
כער זאָגט־אָן דעם אָנקום פון דער זון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָדער דער האָן. רעד, קאַליסטענעס!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אַ דאַנק דיר פאַר דײַן גנאָד! (פאַרבויגט
זיך, שטייגט אַרויף צוויי טרעפלעך און װענדט זיך אום מיט שװערער
װיכטיקייט צו די פאַרזאַמלטע.) פעלקער פון העלאַס, אויסגעװײלטע
זין פון די לענדער פון העלאַס, פירער און פאָרשטייער פון דער גע־
טער־געליבטער העלאַס! יעדן דור, װעלכער איז געבענטשט געװאָרן
צו טרעטן די הייליקע שטאָלצע ערד פון אונדזער פאָטערלאַנד, האָבן
די געטער געלייטזעליקט אין זייער גנאָד מיט מענער, װעלכע האָבן
זיך דערװאָרבן די גרויסע פריינטשאַפט פון די אומשטערבלעכע און
זײַנען אָנגעטיילט געװען מיט געטער־קראַפט און געטער־קלוגקייט. פון
אַלע דורות דער געבענטשטער איז געװען דער דור פון אונדזערע
אומפאַרגלייכלעכע העלדן, װעלכע האָבן געקעמפט אונטער די װענט
פון טראָיאַ. אָבער פון אַלע העלדן דער געליבטסטער און געאַכטסטער
און העלדישסטער איז געװען אַכילעס, דער שײַנענדיקער שטאָלץ פון
העלאַס. יובלט אויף, אָ, העלענער פון אונדזער דור, װײַל אַכילעס איז
לעבעדיק געװאָרן און געפינט זיך צװישן אונז! הייבט אויף אייערע
אויגן, אָ, פירער פון העלאַס, און זעט, שטייט ער דאָ נישט פאַר אײַך?
איז נישט אַלעקסאַנדער פעלעאַסעס זון אַכילעס? אָ, פעלקער פון הע־
לאַס, װי די כװאַליעס פון די ימים, װעלכע װאַשן די ברעגן פון אונ־
דזער פאָטערלאַנד, זאָל אויפשטייגן אייער פרייד: מיט אונדז איז
אַכילעס! (זײַנע װערטער װערן פאַרטרונקן אין אַ שטורעם פון אַפּלאָ־
דיסמענטן, װעלכער הייבט זיך אָן צװערשט אין די רייען פון די מאַקע־
דאָניער און טעסאַליער און צושפּרייט זיך איבער אַלע אַנדערע רייען.
קאַליסטענעס דרייט זיך אום צו אַלעקסאַנדערן און רופט אויס.) פרייד

מיט דיר, אָ, אַלעקסאַנדער, אָ, אַכילעס! (איצטער שטעלט ער זיך צו צו די גענעראַלן, וועלכע שטייען רעכטס אויף די טרעפּ).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שטייט באַוועגונגסלאָז, די ציינער צונויפ־געדריקט. ווען קאַליסטענעס האָט גערעדט, האָט זיין געזיכט אויסגע־דריקט אומגעדולד. אַ פּאָר מאָל האָט ער געמאַכט אַ באַוועגונג ווי אָפּצושטעלן אים. איצטער הויבט ער אויף די האַנט, אום איינצושטילן די אַפּלאָדיסמענטן און די באַגייסטערטע געשרייען. די טראַבאַנטן און הויפלייט אין די פאַרשיידענסטע זייטן פון דעם זאַל פּאָדערן אויף די פאַרזאַמלטע שטיל צו זיין. ווען עס ווערט שטיל, פירט אַלעקסאַנדער דורך זיין דורכדרינגענדיקן בליק איבער די פאַרזאַמלטע, גרייט אָנצו־הייבן צו רעדן).

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר  ד ע ר  ז ע ע ר (קומט נאָך פאָרנט פאַרן טראָן, ווו קאַליסטענעס איז געשטאַנען).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מאַכט אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג, ווען ער דערזעט אַריסטאַנדערן, רעדט אָבער רויק אַרויס). וואָס ווילסטו, זעער?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו ביזט געווען גנעדיק צו קאַליסטענעסן, זיי איצטער גנעדיק צו מיר און טרעט מיר אָפּ אויף אַ ווײַלע די אויערן פון די פאַרזאַמלטע פעלקערשאַפטן, ווייל איך האָב זיי אַ זעאונג צו דערקלערן. פון גרויסער וויכטיקייט איז די זעאונג, און די צוקונפט ליגט אין איר, ווי דער קערן פון אַ נוס אין זיין שאָלעכץ.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל דיר די אויערן פון די פאַר־זאַמלטע נישט אָפּטרעטן, אַריסטאַנדער, און אויך מיינע אויערן וועל איך דיר נישט לייען. איך האָב חרטה, וואָס איך האָב קאַליסטענעסן געלאָזט רעדן, און וויל נישט צום צווייטן מאָל חרטה האָבן. טרעט אָפּ, זעער, און שטיי נישט צווישן מיר און די פעלקער פון העלאַס.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שטרענג). גיי, זעער!

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. איך פאָלג דיך, אָ, קעניג! (טרעט אָפּ.)

ט ר אַ ב אַ נ ט ן. הערט, פעלקער פון העלאַס, אַלעקסאַנדער דער זון פון פיליפּ, קעניג און הערשער איבער די מאַקעדאָניש־העלענישע שטאַטן, וועט רעדן!

אַלעקסאַנדער. פאַרטרעטער פון די העלענישע פעלקער! איך האָב אייך צונויפגערופן, און איר זייט געווען גוט צו מיר און גלייך זיך צוזאַמענגעקומען אויף מיין רוף, אום ווידער אויפצונעמען די גרויסע טאַט, וועלכע די געטער האָבן אויף אונז אַרויפגעלייגט און וועלכע איז מיין פאָטער, דעם גרויסן פיליפ, נישט פאַרגונען געוואָרן דורך פאַרברעכערישער האַנט דורכצופירן. אָבער פיליפס טויט טאָר די מלחמה קעגן דעם פערס נישט אָפשטעלן. אַ טייל פון דער אַרמיי, וועלכע פיליפ האָט צונויפגעבראַכט, געפינט זיך שוין אין קליין־אַזיען אונטער דער־פירערשאַפט פון דעם אויסגעצייכנטן פאַרמעניאָ. באַלד וועט די גאַנצע אַרמיי רירן זיך אין וועג, אָבער זי דאַרף האָבן אַן אויבערקאָמאַנדיר. איר זייט געווען קלוג און ווייטזיכטיק, ווען איר האָט דעם דאָזיקן כבוד אַרויפגעלייגט אויף מיין פאָטער. און איך וויל אייך זאָגן, פאַרטרעטער פון די פעלקער פון העלאַס, אַז איך וויל דעם דאָזיקן כבוד איבערנעמען פון אים בירושה, ווי איך האָב פון אים געירשנט טראָן און הערשאַפט. איך ווייס, אַז איר זייט באַרעכטיקט צו האָבן אייער צווייפל און מיט שווערן האַרץ אַרויפלייגן אויף מיר אַזאַ ריזיקע אויפגאַבע. מיין פאָטער איז שוין נישט מער יונג געווען, און גרויס און איבערצייגנדיק איז געווען דער צעטל פון זיינע העלדנטאַטן. איך בין אָבער יונג און מיינע קריגער־אויפטואונגען זיינען נאָך גאָרנישט. ווי זאָל איך אייער אויבערקאָמאַנדיר זיין? זיינען דאָס נישט אייערע צווייפל? זאָגט זיי פריי אַרויס. — איר שווייגט. איר האָט קיין צווייפל נישט. איר האָט זיך איבערצייגט פון דעם ביסל, וואָס איר האָט פון מיר געזען, אַז איך פאַרדין איבערצונעמען דעם כבוד, וועלכן איר האָט צוגעטיילט מיין גרויסן פאָטער. איר געדענקט געוויס, ווי איך אַלס זעכצניעריקער האָב באַזיגט די מעדים און איינגענומען זייערע שטעט, און פריש איז אייך אין זכרון די שלאַכט ביי כעראָנעאַ, וואו איך האָב צושלאָגן די הייליקע מחנה פון די טעבאַנער און געבראַכט דעם זיג מיין פאָטער. איך שטיי דאַרום פאַר אייך, פעלקער פון העלאַס, גרייט אויסגעוויילט צו ווערן פון אייך אַלס אויבערקאָמאַנדיר פון אייערע אַרמייען. (בלייבט שטיל און קוקט אָן די פאַרזאַמלטע מיט פעסטן בליק.)

דעמאַראַטאָס פון קאָרינט (אַ זייער אַלטער מאַן). אָ, קעניג, מיר זיינען זיך צונויפגעקומען אהער מיט דעם באַשלוס דיך

אויסצוּווייַלן אַלס אויבערקאָמאַנדיר. איך וועל רעדן אין אַלעמענס נאָמען, ווען איך דערקלער דיך אויסגעוויילט אַלס אויבערקאָמאַנדיר פון דער פאַראייניקטער אַרמיי פון אַלע שטאַטן פון אונזער געטער־געליבטער העלאַס! (גרויסע אַפּלאָדיסמענטן ברעכן אויס. אַלעקסאַנדער ווערט אויסגעוויילט פער אַקלאַמאַציע.)

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר (איילט צו צו די טרעפּ פאַרן טראָן און הייבט אָן צו רעדן אין זעעריש ן עקסטאַז). הערט, אָ, העלענער! ווען פיליפּ האָט זיך געגענטערט צו זיין ווייב אָלימפּיאַס, דער מוטער פון אַלעקסאַנדער, האָט ער גע׳חלומ׳ט, אַז ער האָט פאַרשטעמפּלט איר קערפּער מיט אַ שטעמפּל, וואָס זיין אָפּדרוק איז געווען די פיגור פון אַ לייב. האָט ער אַן אומרויִקער געשיקט נאָך מיר, איך זאָל דערקלערן אים זיין חלום, איך האָב גלייך דערקאָנט, וואָס דער גאָט האָט גע־מיינט מיטן חלום, און האָב פאַרזיכערט דעם קעניג, אַז ער קאָן רויִק און פרייליך זיין, ווייל די קעניגין וועט אים געבאָרן אַ זון, וועלכער וועט זיין שטאַרק און מוטיק ווי אַ לייב. הערט ווייטער, אָ, העלענער! אין דער נאַכט, ווען אַלעקסאַנדער איז געבאָרן געוואָרן, איז אָפּגע־ברענט געוואָרן דער אַרטעמיס־טעמפּל אין עפעזאָס, אונדזער הייליקסט הייליקטום אין אַזיען. ווי איז דאָס געשען, אָ, העלענער? ווי האָט די אַלמעכטיקע טאָכטער פון צעאוס צוגעלאָזן, איר טעמפּל זאָל אין אַש פאַרוואַנדלט ווערן? אָ, העלענער! די שרעקלעכע שרפה איז געשען, ווייל די געטין איז דערביי נישט געווען. זי האָט גראָד דעמאָלט גע־האָלפן אין דער געבורט פון אַלעקסאַנדער. אַלע אַזיאַטישע זעער און וואָרזאָגער, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין עפעזאָס, זיינען אַרומ־געלאָפן איבער דער שטאָט און געשלאָגן זיך אין געזיכט און אויס־גערופן, אַז אין דעם טאָג איז געבאָרן געוואָרן דער באַזיגער פון אַזיען. און נאָך מער. אָ, העלענער! ווען...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (פעסט). גענוג, זעער! וועסט באַלד אַזוי פול מאַכן אונזערע אויערן מיט דיינע זעאונגען, אַז די אויגן וועלן זיך אונדז צומאַכן.

פ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג. פרייד, אָ, אַלעקסאַנדער! פרייד, אָ, יונגער לייב! פרייד, אָ, אומבאַזיגבארער אויבערקאָמאַנדיר פון גאַנץ העלאַס!

אלעקסאנדער (הייבט אויף די האַנט אום איינצושטילן די פאַרזאַמלונג).

דעמאַראַטאַס. דער פאָטער איז געווען גליקלעך אין אַלע זיינע אונטערנעמונגען, דער זון וועט זיין נאָך גליקלעכער. דער פערסישער באַרבאַר, וועלכער האָט זיך דערוועגט צו פאַראומרייניקן אונדזער הייליק לאַנד, וועט קריגן איצט זיין שטראָף, וועלכע האָט לאַנג אויף אים געוואַרט, און מיַינע אַלטע אויגן וועלן דערלעבן זי צו זען. פרייד, אָ, העלענער!

פאַרזאַמלונג (ברעכט ווידער אויס אין פרייד־געשרייען).

אלעקסאנדער (ווען די געשרייען הערן אויף). איך דאַנק אייך, העלענער, פאַר אייער צוטרוי, און אייער צוטרוי וועט נישט גענאַרט ווערן. איך בין יונג אין יאָרן, אָבער איך בין געוואַקסן ביי דער ברוסט פון דער העלענישער חכמה, און איך בין אַלט. פאַר אייך שטייט אַן אַלטער מאַן, וועלכער ווייס, וואָס ער וויל און וואָס ער דאַרף טאָן, אום צו דערגרייכן, וואָס ער וויל, און האָט די קראַפט עס צו דערגרייכן. איך ווייס, איך האָב די קראַפט, און די געטער וועלן זיין מיט מיר. מען האָט מיך אַכילעס אָנגערופן, אָבער איך נעם זיך אַכילעס בלויז אַלס ביישפּיל און אַלס מוסטער. ווי ער, האָב איך אין מיר קיין מורא נישט פאַר די שווערסטע טאַטן, און דאַריוס, דער גרויסער קעניג, ווי ער רופט זיך, וועט עס באַלד אַרויסגעפינען. פון אייך, העלענער, דערוואַרט איך, אַז איר וועט מיר העלפן. איך וויל אייך זען געאייניקט, אָן הינטערגעדאַנקען, געטריי מיין ווילן, וועלכער מוז ווערן אייער ווילן. ספּאַרטאַ האָט מיין איינלאַדונג צו קומען אַהער נישט אָנגענומען. זי האָט מיר געענטפערט, אַז זי איז געוווינט צו פירן, נישט געפירט צו ווערן. איך וואָלט איר לייכט געקאָנט באַווייזן, אַז זי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן ווי צו פירן, איך וואָלט זי געקאָנט צווינגען צו קומען. אָבער איך לאָז זי צורו, ווייל זי איז אַזוי אומבאַדייטנדיק, אַז זי קאָן נישט שטערן. (אַפּלאָדיסמענטן.) עס וועט זיין איר שטראָף, אַז זי וועט נישט העלפן אין דער הייליקער אַרבעט, וועלכע שטייט אונדז פאַר. איר אַנדערע אָבער מעגט שטאָלץ זיין, וואָס איר האָט מיר אייער האַנט געגעבן. איר, אָ, פאַרטרעטער פון די פעלקער פון העלאַס, וועט איצטער אומקערן זיך צוריק אין אייערע לענ־

דער· זאָגט זיי דאָרטן, זיי זאָלן פאַרגעסן, אַז פיליפּס זון אַלעקסאַנדער איז בלויז צוואַנציק יאָר אַלט. זיין ווילן איז פעלז, זיין האַנט איז שטאָל, זיין פאַרשטאַנד איז אַ ירושה פון פיליפּ, געשליפן און גע־שטאַרקט דורך אַריסטאָטעלעס, געבענטשט און באַלויכטן דורך די געטער. ווייל די, וועלכע וועלן האַלטן מיט אים; ווי די, וועלכע וועלן גיין קעגן אים. אָבער גאָרנישט פון אַ דעספּאָט איז אין מיר. איך האַס און פאַראַכט דעם דעספּאָט, ווי יעדער פרייער העלענער.(אַפּלאָדיס־מענטן.) איך בין מעסיקייט, אָבער אויך פעסטקייט, ווי דער גרויסער אַטענער פּלאַטאָ האָט געלערנט. איך וויל אַ מלוכה גרינדן, וואָס זאָל גרעסער זיין ווי די פון דעם גרויסן קעניג, און ווייט און ברייט וויל איך פאַרפלאַנצן דעם העלענישן גייסט. (שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן.) און מיין הערלעכער לערער אַריסטאָטעלעס האָט מיך געלערנט, אַז דער שטאַט קאָן האָבן נאָר איין צוועק: צו פאַרשאַפן זיינע בירגער די גרעסטע מעגלעכע גליקזעליקייט. איך וויל דעם צוועק דערגרייכן. (ענטוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטן.) איך האָב געענדיקט רעדן, איך הייב איצט אָן צו טאָן. (ווידער ענטוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטן און גע־שרייען. די גענעראַלן רינגלען אַרום אַלעקסאַנדערן.)

ד ע מ אָ ר אַ ט אָ ס. אין נאָמען פון קאָרינט לאַד איך איין די הויכע פאַרזאַמלונג צו זיין אירע געסט ביי דער מאָלצייט, וועלכע זי האָט צוגעגרייט. אין צווייטן זאַל זיינען די טישן שוין געגרייט, מיט מאכלים צום איבערעסן זיך, און מיט געטראַנקען גענוג, אַז קיינער זאָל נישט בלייבן ניכטער. (ווענדט זיך צו אַלעקסאַנדערן.) אויך דו, אָ, קעניג, זאָג נישט אָפּ זיך, קאָרינטס גאַסט צו זיין. אין גוטער גע־זעליקייט וועסטו העלפן יום־טובן דעם גרויסן טאָג פאַר העלאַס, דעם טאָג, וועלכער איז גרויס דורך דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאַרפסט מיך לאַנג נישט בעטן, געטרייער דעמאָראַטאָס. איך וועל זיין קאָרינטס גאַסט מיט אַלע געסט צוגלייך. איך וועל אירע מאכלים נישט באַליידיקן און זיכער נישט אירע גע־טראַנקען. איך וויל דאָ נאָר נאָך באַשפּרעכן עטוואָס מיט מיינע גע־נעראַלן און קום אייך באַלד נאָך.

פ אַ ר ז אַ מ ל ו נ ג (קומט אין באַוועגונג מיט די אויסרופן). פרייד, אָ, אַלעקסאַנדער! פרייד, אָ, אַכילעס! פרייד, אָ, אויבערקאָמאַנ־דיר פון העלאַס! (מען הייבט אָן אַרויסצוגיין אין צווייטן זאַל.)

פ ע נ י ק ס (צו פּראַטיטעס). קום שנעל. די לופט דערדריקט מיך דאָ, ווי די לופט אַרום דעם שרעקלעכסטן דעספּאָט.

פּ ר אַ ט י ט ע ס. קום און לאָמיר זיך באַטרינקען לכבוד דעם טאָג, ווען העלאַס האָט איר פרייהייט פאַרלאָרן, און אָנטרינקען זיך מיט מוט אויף געווינען זי צוריק פאַר טעבען. (ביידע אָפּ, טראַבאַנטן העלפן די געלאַדענע דורך די טירן. באַלד איז דער פאַרזאַמלונג־זאַל אויסגעליידיקט. עס בלייבן אַלעקסאַנדער, העפעסטיאָן, קראַטעראָס, פּערדיקאַס, קליטאָס, פילאָטאַס, האַרפּאַלאָס, פּטאָלעמעאָס און נאָך אַנדערע גענעראַלן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. עס איז געשען! די ירושה איז פאַרפולט. איצט דאַרף איך בלויז קריגן, וואָס מיין פּאָטער האָט ג ע וו אָ ל ט באַקומען. קום, קוש מיך, העפעסטיאָן! בין איך אַכילעס, דאַן ביזטו מיין פּאַטראָקלאָס, דיין קוש וועט מיר שטאַרקונג און דערקוויקונג זיין. (ער נעמט אַרום העפעסטיאָנען.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דו ביזט גרויס און איינציק, אַלעקסאַנדער, און זיי דאַרטן ווייסן עס איצטער גוט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיינסטו? איך בין נאָך מיט זיי נישט זיכער. איך האָב די אויגן געזען, וועלכע האָבן מיך געהאַסט, בליקן, וועלכע האָבן מיך דורכגעשטאָכן. איידער מיר וועלן זיך צום גרויסן קעניג, וועל איך דאָ נאָך האָבן וואָס אויסצופּעכטן. אָבער דאָס וועט מיר נישט שטערן. איך וועל קרעפטיק אָנגיין מיט די פּאָרבאַרייטונגען קעגן דעם פּערס.

ד י ג ע נ ע ר אַ ל ן. מיר זיינען גרייט, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס ווייס איך. די סאָלדאַטן ווי זייערע גרויסאַרטיקע פירער זיינען דער בעסטער טייל פון דער ירושה, וועלכע מיין פּאָטער האָט מיר איבערגעלאָזט! איך וויל אָבער נאָך פאַר־בעסערונגען מאַכן: אַ נייע טרופּנאָפּטיילונג, מיין אייגענע דערפינדונג.

פּ ע ר ד י ק אַ ס. דו מאַכסט אונדז נייגעריק. אָ, קעניג!

ק ל י ט אָ ס. נאָך פיליפּן — פאַרבעסערונגען!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יאָ, מיין קליטאָס. און אַלעקסאַנדער וועט נאָך פאַרבעסערן אַלעקסאַנדערן. נאָר וועט מיין נייע איינפירונג אַ נייע הוצאה זיין.

האַרפּאַלאָס. אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. איך האָב געוווּסט, איך דאַרף זיך אומקוקן אויף דיר, מיין געטרייער שאַצמייסטער. די קאַסע איז דער טרויעריק־סטער טייל פון מיין ירושה. נישט פיל האָט מיר מיין פאָטער איבער־געלאָזן. דו וועסט מיר מוזן העלפן, האַרפּאַלאָס. וועסט מיך מוזן לער־נען חובות צו מאַכן. אָבער איר דאַרפט נישט זאָרגן, איר העלדישע פירער פון מיין אַרמיי. איר וועט מיר נישט דאַרפן דינען אויף חוב. איך וויל אייך גאָרנישט שולדיק זיין. איך האָב מיין אייגנס וועלדער זייער רייך מיט האָלץ, גיטער, ווו די פעלדער זיינען זייער רייך מיט תבואה, שטאַלן פול מיט פי און פערד — דאָס אַלץ צוטייל איך צווישן אייך. (פרייד־אויסגעשרייען צווישן די גענעראַלן.)

פּערדיקאַס. וואָס בלייבט דען דיר, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. די האָפענונג.

פּערדיקאַס. לאָז אונדז, די חברים פון דיינע טאַטן, טיילן מיט דיר די האָפענונג.

אַלעקסאַנדער. די וועט איר סיי־ווי־סיי טיילן מיט מיר.

פּערדיקאַס. באַפריי מיך, אָ, קעניג, פון דיין באַלוינונג נאָך פאַר דעם זיג, דערלויב מיר אָפּזאָגן זיך פון דיין מתנה.

אַלעקסאַנדער. ווילסטו, איך זאָל מיין מתנה נעמען צו־ריק? טוט אַזוי אַ שענקער?

פּערדיקאַס. וועסטו זיך, אָ, קעניג, אָפּזאָגן אָנצונעמען אַ מתנה פון איינעם פון דיינע געטרייע?

אַלעקסאַנדער. האָסט געוווּנען, אַלטער פריינט. איך וועל מוזן צונעמען פון דיר די מתנה. האָסט מיך רייך געמאַכט, פּערדיקאַס, און איך האָב ווידער וואָס צו פאַרשענקען. איך וויל פאַר זיך נישט מער ווי די האָפענונג. איך וויל פון דער פאַרגאַנגנהייט נישט מער ווי די מעגלעכקייט די צוקונפט אויפצובויען, די צוקונפט, ווי איך זע זי און ווי איך וויל זי. איך פאַנטאַזיר נישט און איך חלום נישט. איך וויל און איך וועל.

גענעראַלן (אַפּלאָדירן). פרייד, אָ, אַלעקסאַנדער!

אַלעקסאַנדער (ווי אויפגעוואַכט פון אַ וויזיע). מיר גייען

איצטער צו שפּייז און טרונק. באַלד פאַרנעמען מיר זיך צוריק נאָך מאַקעדאָניען. אויפן וועג שטעל איך זיך נאָך אָפּ אין דעלפי, דעם אָראַקל צו באַפרעגן. אָבער איידער מיר פאַרלאָזן קאָרינט וועט איר מיך צו אַ גאַנץ באַזונדערן באַזוך באַגלייטן. אויף דעם וועג אַהער האָב איך עטלעכע מאָל געטראַכט, אַז אין קאָרינט געפינט זיך דער איינער, וועלכער וויל נישט.

איינער פון די קעניגע. גענעראַלן. איינער, וועלכער וויל נישט?

אַלעקסאַנדער. דיאָגענעס פון סינאָפּע, אויב דאָס זאָגט אייך מער. אים וויל איך באַזוכן.

פּערדיקאַס. דו? דער קעניג? אים באַזוכן?

אַלעקסאַנדער. אַ גלייכער אַ גלייכן, מיין ליבער פּערדיקאַס. קומט.

## צווייטע סצענע

(אַ פּלאַץ אין קראַניום, דער פאָרשטאָט פון קאָרינט, פאַר דעם שטאָט-טויער, וועלכער איז לינקס אין הינטערגרונט, ביי דער שטאָט-וואַנט, פאָרנט, אַ גרויסער ליימענער וויינבאַהאַלטער. די וווינונג פון דעם פילאָזאָף דיאָגענעס פון סינאָפּע.)

דיאָגענעס (אַ קרעפּטיקער אַלטער מאַן, ליגט פאַר זיין פאַס און וואַרעמט זיך אין דער זון. ער האָט אויף זיך אַן אַלטן אָפּגעטראָגענעם, ערטערווייז צוריסענעם פילאָזאָפנמאַנטל).

אַן אַלטער זקן (קומט אַרויס פון טויער און גייט מיט שווערע קליינע טריט נאָך רעכטס פאָרויס, בלייבט אָבער שטיין פאַר דיאָגענעסן). דו דאָ?

דיאָגענעס. אַן אומזיסטע פראַגע.

אַלטער. איך מיין, פאַרוואָס ביזטו דאָ?

דיאָגענעס. ווייל איך בין נישט ערגעץ אַנדערש.

אַלטער. איך מיין, ביזט גאָרנישט געגאַנגען זען אַלעקסאַנדערן?

דיאָגענעס. ניין.

אַלטער. דעם יונגן העלדישן קעניג? דעם אַכילעס? פאַר אַן

אויבערקאָמאַנדיר פון גאַנץ גריכנלאַנד האָבן זיי אים אויסגעוויילט... און ער איז קוים צוואַנציק!.. אפילו איך, גאַנץ אָן כוח ווי איך בין, האָב זיך אַוועקגעשלעפּט אַ קוק צו טאָן אויף אים, ווען ער איז דורכ־געריטן די גאַסן... איצטער פיל איך זיך גוט. מיינע אויגן האָבן אַכי־לעסן געזען. ווערט געווען לאַנג צו לעבן. עס איז מיר... עס איז מיר פרייליך, דיאָגענעס... פאַרוואָס ביזטו נישט געגאַנגען אַ קוק צו טאָן אויף אים?

ד י אָ ג ע נ ע ס. מיר איז פרייליך סיי־ווי־סיי, מיין אַלטער.

אַ ל ט ע ר. וואָלסטו זען, פילאָזאָפן פון גאַנץ גריכנלאַנד זיינען זיך צונויפגעפאָרן, זיי זאָלן קאָנען זיין לעבן אים, פרייען זיך מיט זיין אָנבליק. זיי גייען אַרום אין די גאַסן יום־טובדיקע, לוסטיקע, ווי פאַר׳שכור׳טע פון דעם וויין פון זיין אָנבליק. ביזטו נישט קיין פילאָ־זאָף?

ד י אָ ג ע נ ע ס. פונוואַנען ווייסטו, זיי זיינען עס?

אַ ל ט ע ר. מען האָט זיי אָנגערופן מיט די נעמען, מען האָט זיי באַגעגנט און באַגלייט מיט די אויסרופן: דאָס גייט דער פילאָזאָף דער און דער! און דאָרט איז דער פילאָזאָף אַזוי און אַזוי!.. איך האָב זייערע נעמען ביי מיין עלטער און מיין שוואַכן זכרון נישט גע־קאָנט באַהאַלטן... אָבער באַרימטע פילאָזאָפן... באַרימטע נעמען.

ד י אָ ג ע נ ע ס. נעמען.

אַ ל ט ע ר. ווי מיינסטו עס?.. אָ, דו לייקנסט דאָך אין אַלץ און אַלעמען!.. לייקנסטו אויך אין דעם קעניג?

ד י אָ ג ע נ ע ס. ער א י ז קעניג.

אַ ל ט ע ר. ער א י ז קעניג — דאָס זאָל איך מיינען. איך האָב אים געזען אַזוי גענוי.. פאַר מיר פאַרבייגעריטן... אָט ווי פונדאַנען ביז דאַנען... מיינע אויגן האָבן אים נישט געקאָנט אָפּלאָזן... זאָל איך אים דיר באַשרייבן?.. דו האָסט מיר נאָך נישט געענטפערט, פאַרוואָס דו ביזט נישט געגאַנגען אַ קוק צו טאָן אויף אים. אָבער איך וועל אים דיר באַשרייבן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. ניין, דו וועסט אים באַשרייבן, ווי דו דענקסט, אַז דו האָסט אים געזען.

אַ ל ט ע ר. וואָס פֿאַלט דיר איין!

ד י אָ ג ע נ ע ס. דו וועסט אים באַשרייבן נאָך דעם געררויש פֿון די צושויער אין דיינע אויערן.

אַ ל ט ע ר. אָבער ניין! איך זע זיין בילד...

ד י אָ ג ע נ ע ס. איך אויך.

אַ ל ט ע ר. האָסטו אים דען געזען?

ד י אָ ג ע נ ע ס. ווי דו.

אַ ל ט ע ר. וווּ?

ד י אָ ג ע נ ע ס (צייגט זיך אויפֿן שטערן). דאָ.

אַ ל ט ע ר. האָסטו געזען אַ פּאַרריקט בילד.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דייטלעכער און קלערער פֿאַר דיינע פֿילאָזאָפֿן. מיין אַלטער.

אַ ל ט ע ר (הייבט אָן אַוועקצושלעפּן זיך). ע, מיט דיר איז נישטאָ וואָס צו רעדן! (אַ געררויש הינטער דער שטאָטוואַנט, באַלד לויפֿן־אָן פֿון טויער גאַסנייַנגלעך מיט געשריי: „דער קעניג רייט אַהער! דער קעניג מיט זיינע לייבוועכטער קומט אַהער!" דער אַלטער בלייבט שטיין.) ווי? האָב איך ריכטיק געהערט? אייל איך צום טויער... וועל איך אים ווידער זען!.. וועל איך אים ווידער זען!.. און דו ליג דאָ!.. ליג דאָ פֿאַר דיין פֿאַס... אַ הונט אויף אַ קייט, וועלכער בילט אויף אַלעמען... (שלעפּט זיך צום טויער.)

ט ר אַ ב אַ נ ט ן (קומען אַרויס פֿון טויער און טרייבן אָפּ די אָנגעלאָפֿענע יינגלעך, בירגער און בירגערינס אָן אַ זייט). שטייט נישט אין וועג! דער קעניג און זיינע לייבוועכטער פֿאַרלאָזן זייערע פֿערד און גייען אַהער צופֿוס. שטייט נישט אין וועג! קומט נישט נאָענט צו!

אַ ל ט ע ר (אין דעם עולם). פֿאַרשטעלט מיר נישט!.. מיר איז שווער דעם קאָפּ צו הייבן, אויף די שפּיצנפֿינגער צו שטיין... (אַלעקסאַנדער קומט אַרויס פֿון טויער. באַגלייט פֿון העפֿעסטיאָן, קראַטערָאָס, פּילאָטאַס, קליטאָס, פּערדיקאַס און אַנדערע, און בלייבט שטיין פֿאַר דעם ליגנדיקן דיאָגענעס.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (רעדט לאַנגזאַם אַרויס). דאָס איז ער.

ד י אָ ג ע נ ע ס. און דאָס איז ער.

העפעסטיאָן. אַלטער!

אַלעקסאַנדער. רויק, העפעסטיאָן, ער איז גערעכט... זיי מיר געגריסט, דיאָגענעס!

דיאָגענעס. זיי מיר געגריסט, אַלעקסאַנדער!

קראַטעראָס. דו רעדסט צום קעניג, מאַן!

דיאָגענעס. איז זיין באַדייטונג אין דעם, וואָס ער איז קע-ניג, אָדער אין דעם, וואָס ער איז אַלעקסאַנדער?

קליטאָס. דו זאָלסט דאָך נישט ליגן, ווען דער קעניג שטייט פאַר דיר!

דיאָגענעס. ער איז געקומען צו מיר — פאַרוואָס זאָל איך געשטערט ווערן? אָבער איך האָב נישט קיין טראָן אָנצובאָטן און נישט קיין רו-בעטלעך — איר קאָנט זיך אַלע צולייגן לעבן מיר, אויב איר ווילט.

אַלעקסאַנדער. האַהאַהאַ... זייט רויק, פריינט, איר שטערט מיר מיט אייער צווישנרעדן. איך בין דאָך געקומען אַהער נישט אייך צו הערן. (טוט אַ קוק אויף דער ערד אונטער זיינע פיס און לייגט זיך אַוועק אַנטקעגן דיאָגענעסן.) איך נעם אָן דיין איינלאַדונג, דיאָגענעס.

גענעראַלן. קעניג!

פילאָטאַס. האַ! און דו ווילסט נאָך אַ וועלט-דעראָבערער זיין!

אַלעקסאַנדער. האַהאַ!.. איך בין זיין גאַסט.

קליטאָס. פיליפּ וואָלט עס אויך געטאָן.

אַלעקסאַנדער (באַטראַכטנדיק דאָס פאַס). איז דאָס דיין וווינונג, דיאָגענעס... דאָס וואַסערקענדל דאָרטן דיין גאַנץ הויזגעשיר... נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה האָבן מיינע אויערן פאַרנומען וועגן דיר... פאַס... וואַסערקענדל... עטלעכע שמאַטעס אויפן קערפּער... און דאָס איז גענוג...

דיאָגענעס. און דיר איז נישט גענוג וואָס דו האָסט.

אַלעקסאַנדער. ניין.

דיאָגענעס. אומגליקלעכער!

ע ט ל ע כ ע. ווי? וואָס? העזה!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. שרייט נישט, ווען איר פאַרשטייט נישט. — ביזט גערעכט, דיאָגענעס. איך דאַרף צו מיין גליק אַ סך, אַ סך מער. די דורכפירונג פון אַ ווילן... איך וויל באַזיגן און דעראָבערן די גאַנצע וועלט.

ד י אָ ג ע נ ע ס. כימעראַ!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס זאָלסטו נישט זאָגן, דיאָגענעס.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דאָס איז דער אמת.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניין. איך וויל און איך וועל.

ד י אָ ג ע נ ע ס. וויל זיך אַליין באַזיגן, אַלעקסאַנדער, און דו וועסט באַזיצן די גאַנצע וועלט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַזיצן די וועלט דורך אָפּזאָגן זיך פון איר, אָדער באַזיצן די וועלט דורך דעראָבערן זי מיטן שווערד. דו האָסט עס דערגרייכט אויף דעם ערשטן וועג, איך וויל און וועל עס אויפן צווייטן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. וועסט זיך פאַרלירן אויף דיין וועג. ווען דו וועסט אָנקומען צו דיין ציל — אויב דו וועסט אָנקומען — וועסטו נישט זיין מער אַלעקסאַנדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מען קאָן זיך פאַרלירן אויף יעדן וועג — האָסטו זיך פאַרלאָרן אויף דיינעם?

ד י אָ ג ע נ ע ס. זאָל דאָס פאַס דיר ענטפערן, דער מאַנטל, וועלכער דעקט מיך צו, דער שיין פון מיינע אויגן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און דיין וועג איז געוועזן אַ שווערער. ביזטו שטאַרקער פאַר מיר? אויסגעהאַלטענער? פאַרזיכטיקער? אַלעקסאַנדער גייט אַרויס צו אַ ציל, אַלעקסאַנדער וועט צו אים קומען.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דיין וועג איז אַן אוממעגלעכער, אַלעקסאַנדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַר אַ דיאָגענעס, אָבער נישט פאַר אַן אַלעקסאַנדער.

ד י אָ ג ע נ ע ס. פאַרוואָס ווילסטו דעראָבערן די וועלט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פרעג עס די געטער, דיאָגענעס. דאָס ליגט אין מיר... דאָס טרייבט מיך אָן... דאָס שרייט אין מיר מיט די דונערן

פון צעוס, מיט דעם געדויש פון די כוואַליעס, געטריבן פון פּאָסיידאָן... זעסט, איך קאָן שוין מער ניט ליגן רויק! (שפּרינגט אויף.) יעדער טאָג מוז אַ שריט זיין נעענטער צו מיין גרויסן ציל. היינטיקער טאָג איז געוועזן אַ גרויסער שריט פאָרויס, נאָר איך מוז פאָרבארייטונגען פאַר מאָרגן מאַכן. (האַלט אָפּ די טראַבאַנטן, וועלכע זיינען צוגעקומען אים אָפּצושטויבן.) נישט נויטיק, פריינט, איך וועל דאָס קלייד באַהאַלטן, מיט דעם שטויב אויף אים — אַלס דערמאָנונג.

ד י אָ ג ע נ ע ס. אויסער דעם וואַסערקענדל האָב איך נאָך אַן אייגנס: אַ לאַמטערן, מיט וועלכער איך זוך מענטשן אויך ביי טאָג. איך וויל זי דיר שענקען, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צו וואָס? איך גיי נישט אַרום מענטשן צו זוכן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. וועסט מיט איר אַלעקסאַנדערן זוכן, ווען דו וועסט אים פאַרלירען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַלט זי ביי זיך, דיאָגענעס, איך וועל זי נישט דאַרפן.

ד י אָ ג ע נ ע ס (זיפצט שווער אָפּ).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַרוואָס האָסטו אויפגעזיפצט, דיאָגענעס?

ד י אָ ג ע נ ע ס. מיט יאָרען צוריק בין איך אויף אַ רייזע נאָך סיציליע אַריינגעפאַלען אין די הענט פון ים־רויבער, וועלכע האָבן מיך פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף. אויפן שקלאַפנמאַרק האָט מיך דערזען אַ קאָרינטער, און איך בין אים געפעלן געוואָרן און ער האָט געקראָגן חשק מיך צו קויפן. „וואָס קאָנסטו?" האָט ער מיך געפרעגט, „און צו וואָס טויגסטו?" „איך קאָן גאָרנישט", האָב איך אים געענטפערט, „אָבער איך טויג זיך צו לערנען רעגירן." האָט מיך דער קאָרינטער אָפּגעקויפט און געמאַכט צום אויפזעער פון זיין הויז און דערציער פון זיינע קינדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל דעם קאָרינטער נישט נאָכטאָן, דיאָגענעס. אָבער איך וועל דיך באַלוינען פאַר דאָס, וואָס איך האָב געהערט פון דיר. בעט זיך אויס וואָס פון מיר, דו ריזיק רייכער. האָסטו נאָך פאַרלאַנגען?

ד י אָ ג ע נ ע ס. אָ, יאָ. זײ אַזױ גוט און טרעט אָפּ אַביסעל פון דער זון.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אומפאַרשעמטקײט!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. שקלאַף, װי נעמסטו זיך אױס!

פ י ל אָ ט אַ ס. װען ער װאָלט מיר דאָס געזאָגט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אָפּרוקנדיק זיך). ער איז גערעכט. און באמת, װען איך װאָלט נישט געװען אַלעקסאַנדער, װאָלט איך געװאָלט זײן דיאָגענעס.

ד י אָ ג ע נ ע ס. װעסטו מיר דערלױבן צו דערמאָנען דיך דאָס, װען דו װעסט אױפהערן צו זײן אַלעקסאַנדער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו װעסט מיר שטענדיק זײן אַ גוטער גאַסט, דיאָגענעס. איר האָט עס געהערט, פרײנט. דיאָגענעס װעט שטענדיק האָבן פרײען צוטריט צו מיר. זאָלן דײנע יאָרן זיך מערן מיך צו זען אין טיפן עלטער, דיאָגענעס, און דו װעסט שטענדיק געפינען — אַלעקסאַנדערן. (גײט, זײנע באַגלײטער נאָך אים.)

ד י אָ ג ע נ ע ס (באַגלײטנדיק אים מיט זײנע אױגן). װען ע ר װאָלט זיך זעלבסט באַזיגט, װאָס פאַר אַ גרױסער מענטש ער װאָלט געװאָרן!

## דריטע סצענע

דער פאָרהױף אין דעם טעמפּל פון דעם אָראַקל אין דעלפי. — אַ טעמפּלדינער זיצט פאַר דער טיר און דרעמלט. עס קומען אָן אַלעקסאַנדער, העפעסטיאָן און טראַבאַנטן. דער דינער װאַכט אױף און קוקט אָן די אַרײנקומענדיקע מיט פאַרװוּנדערונג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צום דינער). איז די פּיטיאַ דאָ?

ד י נ ע ר. הײנט איז פאַרבאָטענער טאָג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. װאָס האָב איך געפרעגט, װאָס האָסטו געענטפערט?

ד י נ ע ר. אין פאַרבאָטענע טעג איז די פּיטיאַ נישטאָ אין טעמפּל.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי ברענג זי מיר. זאָג איר, קעניג אַלעקסאַנדער וויל זיין אָראַקל־שפּרוך.

ד י נ ע ר. זי וועט נישט קומען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זאָג איר, איך וועל מיט געוואַלט זי ברענגען אַהער.

ד י נ ע ר. אומזיסט וועט זיין די מי.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי!

ד י נ ע ר. דער אָראַקל וועט דיר היינט קיין ענטפער נישט געבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך פרעג דיך נישט. איך הייס דיר בלויז. גיי! (צו טעלעבע טראַבאַנטן.) באַגלייט אים און זעט צו, די פּיטיא זאָל קומען.

ד י נ ע ר. אָ, צו וואָס מען האָט דערלעבט! (ווענדט זיך צו גיין.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דער קעניג האָט מיט דיר געדולד, איך וואָלט די פּיס דיר אונטערגעהאַקט פאַר דיין לאַנגזאַמקייט. (דינער און טראַבאַנטן גייען אַוועק.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אַרומקוקנדיק זיך). דער טעמפּל פון דעלפי. ווייסטו, דער שפּרוך מאַכט מיך דאָך אומרויק.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ער קאָן קיין שלעכטער שפּרוך נישט זיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך ווייס, איך בין פאַר גרויסע זיגן געבאָרן געוואָרן, איך בין דער דעראָבערער. איך זע זיך אָפט גאָר ריזנגרויס, מיט טיטאַנען־שריט אומשפּרייז איך די ערד אָן אַן אָפּהאַלט, מיין קאָפּ הויך אונטער דעם הימל — אומפּאָס איך די וועלט אין איר גאַנצער לענג און ברייט. דאָך זאָל דער שפּרוך מיר וואָס אַנדערש זאָגן, זאָל ער אָנדייטן, אַז איך האָב אין זיך אַ טעות, הער איך אויף צו זיין אַלעקסאַנדער. יעמאָלט וועל איך זיך פאַרלירן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דאָס וואָרט פון דעם אַלטן נאַר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. געליבטער, פון דיר וויל איך מער פאַרשטענדניש פאַר דיאָגענעסן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך ווייס נאָר, אַז ער איז געווען זייער שמוציק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און גרויס און פריי. דו ווייסט, וועלכע געדאַנקען האָבן מיך אויסגעפילט אויף דעם וועג אַהער?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, אַלעקסאַנדער, ערשט איצטער הער איך, אַז דו האָסט געדאַנקען, וועלכע איך קען נאָך נישט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זאָל דער גאָט מיר אַנטפּלעקן, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות וועגן מיינע גרויסע זיגן, אַז איך בין נישט דער דע־ראָבערער, ווי איך דענק פון זיך, דאַן ווער איך דיאָגענעס.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. וואָס זאָגסטו, אָ, אַלעקסאַנדער?!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יעמאָלט — אויס אַלעקסאַנדער. יעמאָלט באַזיג איך זיך, ווי דיאָגענעס האָט זיך באַזיגט. און וועל די וועלט מיט דעם באַזיצן, וואָס איך וועל זיך אָפּזאָגן פון איר.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. די געדאַנקען האָסטו געהאַט און האָסט דעם גאַנצן וועג געלאַכט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסטו געזען דיאָגענעסן טרויעריק?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איצטער ווער איך אויך אומרויק איבער דעם שפּרוך.

ד י פּ י ט י אַ (קומט אַריין, מאַכט עטלעכע שריט און בלייבט שטיין שטאָלץ און ווירדעפול פאַר אַלעקסאַנדערן).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. די פּיטיאַ.

פּ י ט י אַ. בין געקומען דיר זאָגן, וואָס דער דינער האָט דיר שוין געזאָגט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פון דיר וויל איך אַן אַנדער שפּרוך.

פּ י ט י אַ. וועסט אים פון מיר היינט נישט קריגן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען איך הייס דיר?

פּ י ט י אַ. דאָס געזעץ פון דעם גאָט איז שטאַרקער פאַר דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וויל דעם שפּרוך, פּריסטערין.

פּ י ט י אַ. איך טאָר אים דיר היינט נישט געבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס האָב איך שוין געהערט. דאָך איך פאָדער אים.

פּ י ט י אַ. קום מאָרגן.

אַלעקסאַנדער. ווען איך האָב געריטן אַהער, האָב איך געוווּסט, אַז היינט איז פאַרבאָטענער טאָג, איך טאָר אָבער קיין צייט נישט פאַרלירן. איך וויל דעם שפּרוך, פּריסטערין.

פּיטיאָ. מיין מויל איז פאַרחתמעט.

אַלעקסאַנדער. דו וועסט אים אויפעפענען.

העפעסטיאָן. זאָג זיך אָפּ פון דעם שפּרוך, אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. העפעסטיאָן, פון דיר רעדט אַרויס די אומרו, מיין ווילן איז פעסט. פּריסטערין, דעם שפּרוך!

פּיטיאַ. דער גאָט האָט מיר פאַרבאָטן.

אַלעקסאַנדער. טו מיין געבאָט, פּריסטערין. דעם גאָט לאָז מיר איבער, איך וועל זיך שוין מיט אים אויסגלייכן.

פּיטיאַ. דו פאָדערסט אוממעגלעכס.

אַלעקסאַנדער. איך גלויב נישט אין אוממעגלעכס, פּריסטערין. גיב מיר דעם שפּרוך פון דעם גאָט, פאַרהאַלט אים לענגער נישט פון מיר.

פּיטיאַ. איך בין די צונג פון דעם גאָט. זי שווייגט היינט.

אַלעקסאַנדער. פּריסטערין, דו ווילסט מיך צווינגען געוואַלט צו געברויכן.

פּיטיאַ. וועסט זיך נישט דערוועגן.

אַלעקסאַנדער. אָ! (כאַפּט זי פאַר דער האַנט.) דו גייסט מיט מיר אין דאָס אינעווייניקסטע פון דעם טעמפּל און גיסט מיר דעם שפּרוך. (ער שלעפּט זי ביז צו דער טיר פון דעם אינעווייניקסטן זאַל.)

פּיטיאַ (אין גרעסטער אָנשטרענגונג אַרויסצורייסן זיך פון זיין שטאַרקער האַנט). מיין זון, דו ביסט נישט צו ווידערשטיין!

אַלעקסאַנדער (קוקט זי איבערראַשט אָן און לאָזט אָפּ איר האַנט). הא! גוט! דאָס איז דער שפּרוך, מער דאַרף איך נישט. מוטער פּריסטערין, אַפּאָלאָ האָט דיר געצייגט, אַז ער קאָן דורך דיר רעדן אומעטום. גיי איצטער, ביזט פריי, און דיין באַלוינונג וועט זיין גרויס. זיי מיר מוחל מיין קרעפטיקע האַנט. עס איז געווען דאָס איינציקע מיטל אַרויסצודריקן פון דיר דעם שפּרוך. העפעסטיאָן, האָסט געהערט! איך בין ניט צו ווידערשטיין, אַלעקסאַנדער וועט בלייבן אַלעקסאַנדער!

פּ י ט י אַ (לאַנגזאַם). ווירקלעך, נישט צו ווידערשטיין. (אָפּ.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אַ לאַסט איז פון מיר אַראָפּגעפאַלן. אָ, אַלעקסאַנדער! ווען דו וואָלסט געוואָרן דיאָגענעס, וואָלט איך דאָך געמוזט ווערן די לויז, וואָס קריכט אויף אים אַרום.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיין וועג איז מיר שטענדיק קלאָר געווען, מיין גאַנצער לעבנסוועג. איצטער טרעט איך פעלזנשטאַרק אויף אים. וועל זיך געטריי בלייבן: זעלבסטבאַהערשט, איינפאַך, מעסיק, מיט דעם גליק פון דער מענטשהייט פאַר מיינע אויגן. איך בין דער, וועלכער וועט די וועלט דעראָבערן צו איר אייגענעם גליק. איך, דער קעניג, וועל די פעלקער באַפרייען, איך, דער זיגער, וועל זיי פאַראייניקן. מיין הערשאַפט וועט זיין דער טוי אויף די פעלדער, די זון, וועלכע באַשטראַלט און באַלעבט. הערסטו מיך, אַפּאָלאָ? דו וועסט מיר דיינע שטראַלן באָרגן!.. הערסטו מיך דאָרטן, דו אַלטער וווּנדערלעכער מאַן, וועלכער וויל די וועלט דורך אָרעמקייט באַפרייען, דורך עלנט און שמאַטעס? איך וויל זי פירן צו זיסערער גליקזעליקייט.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (איילט אַריין). אָ, קעניג, איך האָף, דער אָראַקלשפּרוך איז אויסגעפאַלן גוט. דו דאַרפסט דעם גוטן גויטיק האָבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ער איז אַזוי גוט, אַז דו קאָנסט דאָס בייזסטע אָנזאָגן מיר גאַנץ רויק.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. שליחים זיינען אָנגעקומען פון מאַקעדאָניען מיט דער מעלדונג, אַז די טראַקישע און אילירישע פעלקערשאַפטן האָבן ווידער אָנגעהויבן זייערע רויב־אָנפאַלן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָלט איך צו דעם געדאַרפט מטריח זיין דעם גאָט מיט אַ שפּרוך? דער יינגסטער פון מיינע פעלדפעבלס וועט זיי קאָנען לייכט צוריק באַצוימען. דו האָסט אָבער נאָך עפּעס, און וויכטיקערס.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. יאָ, אַלעקסאַנדער, האָסט עס ריכטיק מיר אָפּגעזען. די טעבאַנער האָבן זיך אויפגעהויבן קעגן דיר...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נאָכדעם, ווי זיי האָבן מיך אויסגעקליבן אַלס אויבערקאָמאַנדיר!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. זיינען באַפאַלן דיינע סאָלדאַטן, וועלכע זיינען גראָד אַרוים פון דער קאַדמעאַ...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַהההַ!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. געטויט צוויי פֿון דיינע קאָמאַנדירן...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פֿאַררעטער!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. און די איבריקע פֿון דיינע סאָלדאַטן האָבן זיי איינגעשלאָסן אין דער פֿעסטונג, וועלכע זיי באַלאַגערן איצטער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי איך גלייך אויף טעבען. ווי פֿאַרהאַלטן זיך די אַנדערע גריכישע שטאַטן?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אומעטום פֿאַרדעכטיקע באַוועגונגען. אין גאַנצן פּעלאָפּאָנעז, און אויך אין אַטען...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועט טעבענס שיקזאַל זיין פֿאַר זיי אַ גוטע וואָרנונג. די העלענער גלויבן מיר מיין קראַפֿט נישט, זיי זאָלן זי איצטער גוט פֿאַרשפּירן. זיי וועלן זי שוין מער נישט פֿאַרגעסן. מיין וועלט-דעראָבערונג הייבט זיך אָן דאָ.

## פֿערטע סצענע

אַלעקסאַנדערס געצעלט ביי טעבען. געשרייען דרויסן: „פֿרייד, פֿרייד דעם זיגער!" אַלעקסאַנדער קומט אַריין, באַגלייט פֿון העפֿעסטיאָן, קראַטעראָס, פֿילאָטאַס, קליטאָס, פּטאָלאָמעאָס, און טראַבאַנטן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די טראַבאַנטן). ברענגט אַריין פֿעניקס און פּראָטיטעס! (צוויי טראַבאַנטן גייען אַרויס. אַלעקסאַנדער זעצט זיך אויף זיין טראָן.) זיי האָבן זיך גוט און מוטיק געשלאָגן, די טעבאַנער — מער כבוד פֿאַר אונדזערע וואָפֿן. די מאַקעדאָנישע וווּנדן וועלן זיך באַלד פֿאַרהיילן, אָבער טעבען וועט איר קאָפּ מער נישט אויפֿהייבן. (פֿעניקס און פּראָטיטעס ווערן אַריינגעפֿירט פֿון באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן. אַלעקסאַנדער קוקט זיי אָן און רעדט שאַרף אַרויס.) איר זייט דאָס געווען די אויפֿרייצער צום אויפֿשטאַנד?

פֿ ע נ י ק ס. מיר נישט. דו.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זינט ווען רעדט אַ טעבאַנער לאַקאָניש?

פֿ ע נ י ק ס. אונטער דער מאַקעדאָנישער הערשאַפֿט האָבן מיר זיך אויסגעלערנט צו רעדן שטיל און קורץ.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיט וואָס האָב א י ך איך אויפגערייצט צום אויפשטאַנד?

פּ ר אָ ט י ט ע ס. מיט דיין אויבערהערשאַפט. טעבען איז אַ פרייע רעפּובליק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איר האָט ביידע אין קאָרינט געהאָלפן אויסצוּווילן מיך צום אויבערקאָמאַנדיר.

פּ ר אָ ט י ט ע ס. האָסטו אונדזערע שטימען געהערט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַזוי!? (צו קראַטערעסן.) קראַטעראָס, וועסט גלייך פאַנאַנדערשיקן שליחים אין אַלע גריכישע שטאַטן מיט דער איינלאַדונג צו אַ צווייטער פאָלקספאַרזאַמלונג. (קראַטעראָס אָפּ.) איצטער וועל איך הערן זייערע שטימען איינציקווייז. אַ דאַנק אייך, טעבאַנער. איר האָט מיך געלערנט, ווי פּאָרזיכטיק איך דאַרף האַנדלען מיט די העלענער. אָבער איר האָט מיר אויך געגעבן די געלעגנהייט צו באַווייזן זיי, ווי פּאָרזיכטיק זיי דאַרפן האַנדלען מיט מיר.

פּ ע נ י ק ס. מיר האָבן זיי געגעבן די געלעגנהייט צו זען, ווי טייער איז אונדז די פרייהייט. דערפאַר דאַרפסטו אונדז נישט דאַנקען.

פּ ר אָ ט י ט ע ס. אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט אונדז געגעבן די געלעגנהייט צו באַווייזן ווי גרויס דער גייסט פון טעבען. האָסט געפאָדערט פון איר, זי זאָל דיר אַרויסגעבן אונדז ביידן און דו וועסט איר מוחל זיין דעם אויפשטאַנד. אָבער זי האָט בעסער אויסגעקליבן דעם טויט, איידער אונדז אַרויסגעבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי טייער איז אייך די פרייהייט!.. וויל איך עמעצנס פרייהייט באַרויבן? ברענג איך מיט זיך אַ יאָך פאַר וועמען? איך קום מיט איינִיקייט און פאַראייניקונג. אָבער די וועלט א י ר נישט האָבן, זי פּאַסט נישט פעניקס און פּראָטיטעס. איך וויל דעם פּערס באַשטראָפן פאַר דער דערנידערונג פון העלאַס, די שטראָף, זי וואַרט שוין לאַנג, אָבער פעניקס און פּראָטיטעס האָבן געטראַכט, אַז איצטער איז די צייט זייער הערשאַפט איבער טעבען צו פאַרשטאַרקן. איך וויל גריכנלאַנד אויסברייטן, איר נאָמען ווייט פאַרשפּרייטן, אָבער וואָס גייט אייך העלאַס אָן! איר האָט טעבען פאַרפירט, דערפאַר האָב איך געפאָדערט אייער אַרויסגעבונג. וואָס איר רופט גרויסער גייסט,

איז געווען בלינדקייט נאָר און אומפאַרשטאַנד, איז געווען אומגליק־לעבער זעלבסטמאָרד.

אַ ט ר אַ ב אַ נ ט (קומט אַריין, בלייבט שטיין נישט ווייט פון דער טיר.) דרויסן וואַרטן פאַרטרעטער פון די פעלקערשאַפטן, וועלכע דער קעניג האָט אַוועקגעזעצט צו משפּטן טעבען. זיי זיינען געקומען מיט דעם אורטייל.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פיר זיי אַריין. (טראַבאַנט אָפּ. אַלעקסאַנ־דער צו פעניקס און פּראָטיטעס.) איצטער וועט איר אייער און טעבענס אורטייל הערן. נישט פון מיר, וועלכער האָט אייך באַזיגט און איז אייער הערשער. נאָר פון די אָרכאָמעניער, פּלאַטייער, פאָקער און טעספּיער. פון די, וועלכע איר האָט אַמאָל געהאַט באַזיגט און באַ־הערשט. זייער אורטייל וועט באַווייזן, וואָסערע הערשער איר זייט געווען, און ווי איר האָט פאַרשטאַנען די פרייהייט. (די ריכטער קומען אַריין, באַגלייט פון טראַבאַנטן.)

פּ ר אָ ט י ט ע ס. האָסט פּונקט אַזוי געקאָנט איבערגעבן דעם משפּט איבער טעבען צו דער מענטשנאומברענגענדיקער ספינקס, וועלכע האָט אַמאָל חרוב געמאַכט די וועגן אַרום טעבען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַהאַ, דו ווייסט, וואָס אייך דערוואַרט! (צו די ריכטער.) וואָס איז אייער אורטייל?

ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר. וואָס טעבען האָט געטאָן צו אונדזערע שטעט, זאָל געטאָן ווערן צו איר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז מיר אַ רעטעניש, דריק זיך קלאָ־רער אויס.

ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר. מיר האָבן איינשטימיק באַשלאָסן, טעבען זאָל געמאַכט ווערן מיט דער ערד צוגלייך: אירע הייזער זאָלן אַרונ־טערגעריסן ווערן, אירע ווענט זאָלן איינגעוואָרפן ווערן, אירע ביר־גער צוזאַמען מיט ווייבער און קינדער זאָלן פאַרקויפט ווערן אין שקלאַפעריי.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז עס נישט צו האַרט?

ד י ר י כ ט ע ר. האַרט?!

אַ יי נ ע ר. איז חוב באַצאָלן האַרט?

ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר (פעסט). מיר האָבן עס איינשטימיק באַשלאָסן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אייער אורטייל וועט דורכגעפירט ווערן.

פּ ע נ י ק ס. ווי אונדז!

פּ ר אָ ט י ט ע ס (קרעכצט שווער אָפּ).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו פּעניקס און פּראָטיטעס). דאָס איז אויך אייער אורטייל. איר האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, וואָס פרייהייט איז. די שנאה פון די, וועלכע זיינען באַהערשט געוואָרן פון אייך, באַווייזט עס. שקלאַפעריי איז דאָס, וואָס איר פאַרדינט. (צו זייער וואַך.) פירט זיי אַוועק! (פּעניקס און פּראָטיטעס ווערן אַוועקגעפירט. אַלעקסאַנדער צו די ריכטער.) האָט איר וואָס נאָך צו זאָגן?

ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר. פון אונדזער אורטייל ווערן אויסגעשלאָסן די פּריסטער און פּריסטערינס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גוט. און אויך די קינדס-קינדער און אַלע, וואָס שטאַמען אָפּ פון דעם געטלעכן פינדאַר. זיינע לידער זיינען מיינע בעסטע פריינט, און זיינע נאָכקומער זאָלן מיר פאַרשווינט בלייבן, און אויך די, וועלכע האָבן געשטימט קעגן דעם אויפשטאַנד. דאָס איבריקע בלייבט, ווי איר האָט געמשפּט. גייט און פירט אויס אייער אורטייל אין פולער שטרענגקייט. (די ריכטער גייען אַוועק. אַלעקסאַנדער שטייט אויף און ווענדט זיך צו זיין סוויטע.) מיר וואַרטן אָפּ, ביז דער אורטייל וועט אויסגעפירט ווערן, דערנאָך פאָרן מיר נאָך קאָרינט. איך וויל די העלענער זאָגן, אויב זיי האָבן עס נאָך נישט פאַרשטאַנען פון טעבענס שטראָף: זיי זיינען אַלע זיכער, אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען אָנגעשלאָסן אָן מיר; וועלן זיי גיין קעגן מיר, זיינען זיי פאַרלאָרן. איך פאַרזיכער אייך, עס וועט שוין מער נישט זיין קיין אָפּהאַלט צו אונדזער גאַנג נאָך אַזיען. איך ווער שוין אומגעדולדיק. (סאָלדאַטן פירן אַריין ט י מ אָ ק ל ע אַ, אַ יונגע טעבאַנערין פון גרויסער שיינקייט. די גענעראַלן אַרום אַלעקסאַנדערן ווערן איבערראַשט, קוקן זיך איבער, שמייכלען. זיינען אַנטציקט פון דער שיינקייט, וועלכע זיי עסן מיט זייערע אויגן. אַלעקסאַנדער איז אָבער אומאָנגענעם באַרירט, קוקט נישט אויף איר און פרעגט די סאָלדאַטן געשעפטסמעסיק.) וואָס איז עס? פאַרוואָס האָט איר זי געבראַכט צו מיר?

פּ ט אָ ל ע מ ע אָ ס (לאַכט אויף). אָ, אַלעקסאַנדער, וואָס פרעג־סטו נאָך! נעם זי צו און באַלוין זיי קעניגלעך פאַר דער מתנה, וואָס זיי האָבן דיר אויסגעזוכט.

פ י ל אָ ט אַ ס. האָט טעבען נאָך אַזעלכע שיינהייטן? זיי זאָלן פאַרשווינט בלייבן פאַר אונדז.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (רויט אין געזיכט, שרייט אויף געדייצט). איך האָב צו אייך נישט גערעדט! (צו די סאָלדאַטן.) אויב אַ מתנה — זי מיר, וועט אייער באַלוינונג זיין די האַרטסטע שטראָף. פאַרוואָס האָט איר זי געבראַכט?

ס אָ ל ד אַ ט נ פ י ר ע ר. זי האָט, אָ, קעניג, אונדזער קאַפּיטאַן געהרגעט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווי ער וואָלט פריי אויפגעאָטעמט). אָההה! (זעצט זיך.) ווי איז דאָס געשען?

ס אָ ל ד אַ ט נ פ י ר ע ר. זי האָט אים פאַרנאַרט צו אַ ברונען, אַריינגעוואָרפן אים און פאַרשאָטן מיט גרויסע שטיינער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווענדט איצט זיינע ריכטער־אויגן אויף דער טעבאַנערין). איז דאָס אמת, טעבאַנערין?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. אמת.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסט זיך דערוועגט צו הרגענען איינעם פון מיינע אָפיצערן?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. איך האָב זיך דערוועגט אים צו באַשטראָפן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין דאָ צו באַשטראָפן. מיט וואָס האָט ער זיך פאַרזינדיקט קעגן דיר?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. די שאַנד, וועלכע ער האָט מיר אָנגעטאָן, איז גרויס. איך וועל זי גרעסער מאַכן, ווען דו צווינגסט מיך אַרויסצו־ברענגען זי אויף מיינע ליפּן. (לאַכן צווישן די גענעראַלן. טימאָקלעאַ פליסטערט אַרויס.) ווי גוט, וואָס איך האָב אים אַליין באַשטראָפט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מיט שטרענגן בליק אויף זיינע גענעראַלן). דו ביזט געווען שטאַרק גענוג אַריינצוּוואַרפן אים אין ברונען, און דאָך האָט ער געקאָנט אָנטאָן דיר, וואָס דו ווילסט נישט אַרויסזאָגן!

ט י מ אָ ק ל ע אַ. איך האָב עס געטאָן מיט שכל בלויז, ער האָט מיר אין דעם געהאָלפן מיט זיין געלט־גיריקייט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. רויבער אויך נאָך... דערציייל.

ט י מ אָ ק ל ע אַ. ער האָט געלט פון מיר געפאָדערט און צירונג, גאָלד און איידלשטיינער. האָב איך אים גענומען צו דעם ברונען. דאָ האָב איך מיין געלט און גאָלד באַהאַלטן, האָב איך אים געזאָגט. ווען ער האָט זיך איינגעבויגן בעסער איינצוקוקן זיך, האָב איך אים אַריינגעשטופט אין ברונען. די שטיינער צונויפצונעמען און אים מיט זיי צו באַשיטן, איז מיר שוין לייכט געווען. (אַ בייזער געמורמל צווישן די גענעראַלן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי הייסטו?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. טימאָקלעאַ. איך בין די שוועסטער פון טעאַגענעס, וועלכער איז געפאַלן ביי כעראָנעאַ אין דער מלחמה קעגן דיין פאָטער פיליפ פאַר דער פרייהייט פון העלאַס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַרוואָס זאָגסטו עס מיר?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. זאָלסט וויסן: די שוועסטער, ווי דער ברודער. מיר קעמפן קעגן אונדזערע פאַרגוואַלטיקער! (ווידער בייזער געמורמל.)

ק ל י ט אָ ס. פיליפ אַ פאַרגוואַלטיקער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די סאָלדאַטן). לאָזט זי פריי. (די סאָלדאַטן טרעטן אָפּ פון איר אַנטוישטע.) דו ביזט פריי, טימאָקלעאַ. נאָך מער. דו און אַלע די דייניקע זיינען אויסגעשלאָסן פון דעם אורטייל, וואָס איז געפאַלן איבער די בירגער פון טעבען.

ט י מ אָ ק ל ע אַ. אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי אַהיים, טימאָקלעאַ. די סאָלדאַטן וועלן דיך באַגלייטן און אָפּהיטן דיך און די דייניקע, אַז קיין שאָדן זאָל אייך נישט באַפאַלן.

ט י מ אָ ק ל ע אַ (מיט טיפער פאַרבויגונג). אַ דאַנק דיר, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָך—פאַרוואָס האָסטו אים באַשטראָפט? די שטראָף, וועלכע ער וואָלט פון מיר געקראָגן, וואָלט אַן אָפּשרעק געווען פאַר הויך און נידריק אין מיין אַרמיי.

ט י מ אָ ק ל ע אַ. ווי האָב איך עס געקאָנט וויסן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יאָ, קיינער ווייס נאָך נישט, פון וועלכן

גייסט אַלעקסאַנדער איז באַזעלט. אפילו די נישט, וואָס זיינען אַרום אים.

ט י מ אָ ק ל ע אַ. ווען טעבען וואָלט עס געוווּסט!.. (ווענדט זיך צו גיין.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איר'ט געהערט, סאָלדאַטן, איר וועט מיר פאַר איר פאַראַנטוואָרטן.

ט י מ אָ ק ל ע אַ (ווענדט זיך אום און קוקט זיך איין אין אַלעק־סאַנדערן).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס איז, טימאָקלעאַ?

ט י מ אָ ק ל ע אַ. איך וויל דיין פּנים בעסער געדענקען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל הייסן, אַ קליינע סטאַטוע פון מיר אין דיין הויז דיר ברענגען.

ט י מ אָ ק ל ע אַ. ווי פאַר אַ גאָט וועל איך פאַר איר קניען. (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די סאָלדאַטן). דאָס גיין מוז איר שווער זיין, נעמט זי אַהיים אין איינעם פון מיינע קאַריאָטן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, וואָס פאַרא שיינהייט!

ק ל י ט אָ ס. דערפאַר האָט זי זיך דערלויבט העזהדיק אַזוי צו רעדן!

פּ ט אָ ל ע מ ע אָ ס. אָ, קעניג, פאַרוואָס האָסטו דיין האַנט נאָך איר נישט אויסגעשטרעקט? זי האָט דיך דאָך אין בעט צו זיך מיט די אויגן איינגעלאַדן!..

פ י ל אָ ט אָ ס. ווער וואָלט זיך געקאָנט אָפּהאַלטן, זי נישט צו פאַרגוואַלטיקן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען דאָס וואָלט נישט דער גייסט געווען, וועלכער הערשט צווישן אייך, דיינע איצטיקע ווערטער, פילאָטאָס, זיי וואָלטן טייער דיר געקאָסט. איך וויל, איר אַלע זאָלט עס ווּיסן: איר און מיין גאַנצע אַרמיי וועט זיך באַנעמען, ווי איך וויל. מיר זיינען נישט קיין ווילדע חיות, קיין רויבער נישט און נישט קיין פאַרגוואַל־טיקער. פאַרשפּרייט עס צווישן די סאָלדאַטן, באַלערנט זיי אין דעם... איבריקנס, איך פיל — איך וויל אין טעבען מער נישט בלייבן. איך צי נאָך היינט אַוועק פונדאַנען.

## פינפטע סצענע

צימער אין שטאָטהויז פון קאָרינט. — אַלעקסאַנדער און העפעסטיאָן קומען אַריין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך דאַרף זיך נאָך געוויינען צו אַזעלכע טרינקערייען. מיינע גענעראַלן שטייגן מיך אין זיי ווייט אַריבער. אָדער אפשר וואָלט איך עס געקאָנט פונקט ווי זיי, ווען איך וואָלט עס געוואָלט. איך וועל זיך קיינמאָל אין אַזאַ טרינקעריי נישט אַריינלאָזן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך האָב׳ס געזען. האָסט דעם בעכער געטראָגן ביז די ליפּן, אָבער די ליפּן האָסטו נישט באַנעצט. ביזט איבערהויפּט צושטרייט געווען, ביזט נישט געווען מיט אונז. וווּ ביזטו געווען, אָ, אַלעקסאַנדער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אין טעבען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ביי דער שיינער טימאָקלעאַ?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסט צופיל געטרונקען, העפעסטיאָן. ווייטער זאָלסטו זיך אויך אָפּהאַלטן פון טרינקען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אַנטשולדיק, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין מיט מיינע געדאַנקען אין טעבען געווען, געזען איר צושטערונג, איר פאַרניכטונג, אירע דרייסיק טויזנט בירגער, וועלכע זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין שקלאַפעריי מיט ווייבער און קינדער. וואָס איך האָב טונקל אַלץ געפילט אין די לעצטע טעג, איז מיר אונטער אייערע טרינק-געזאַנגען העל און קלאָר געוואָרן: איך בין געווען צו טעבען זייער שטרענג.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ביזט געווען צו איר גערעכט׳ זעסט אויך, וואָס דו האָסט מיט דיין שטרענגקייט דערגרייכט. ווי אָנגעשראָקן און אונטערטעניק זיינען געווען איצטער די פאַרטרעטער פון העלאַס. מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ האָבן זיי איינציקווייז אונטערגעטראָגן דיר די אויבערהערשאַפט. קאָנסט זיכער זיין, מער קיין אויפשטאַנדן וועלן שוין נישט זיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס ווייס איך אַלץ. דאָס צו דערגרייכן

האָט מיין שטרענגקייט אויך געוואָלט. דאָך בין איך אַוועק צו ווייט. איך בין געווען הערשער, ווו איז געבליבן דער מענטש? איך האָב זיך באַפּעסטיקט, אָבער איז דען נויטיק געווען גרויזאַמקייט?

העפּעסטיאָן. האָסט געטאָן, וואָס דו האָסט געמוזט.

אַלעקסאַנדער. ניין, איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געוואָלט. אָבער איך האָב דאָס נישט געדאַרפט וועלן. איך דאַרף נישט וועלן אַזוי פיל שלעכטס. דאַרף איבערהויפּט קיין שלעכטס נישט וועלן. בין איך דען דאָ אום שלעכטס צו טאָן, שלעכטס צו פאַרשפּרייטן? איז דאָס — אַלעקסאַנדער?

העפּעסטיאָן. איך זאָג, דו האָסט ריכטיק געהאַנדלט.

אַלעקסאַנדער. העפּעסטיאָן, דו באַליידיקסט מיך!

העפּעסטיאָן. וואָס איז די פּעולה פון דיין חרטה?

אַלעקסאַנדער. וועסט גלייך הערן, העפּעסטיאָן. זעץ זיך און פאַרשרייב. (דיקטירט:) אַלע אין שקלאַפעריי פאַרקויפטע טעבאַנער זאָלן באַפרייט ווערן... זיי זאָלן זיך אומקערן צוריק אין זייער שטאָט און צוריק אויפבויען זי... אַלע בקשות פון טעבאַנער זאָלן נאָך מעג־לעכקייט דערפילט ווערן... טעבאַנער, וועלכע געפינען זיך אין דער פּערסישער אַרמיי, זאָלן באַפרייט ווערן, ווען זיי וועלן געפאַנגען גע־נומען ווערן.. טעבאַנער — —

דיאָגענעס (קומט אַריין מיט זיין לאַמטערן און גייט צו אַלעקסאַנדערן, צולייכטנדיק זיך, ווי ער וואָלט עמעצן געזוכט).

אַלעקסאַנדער. דיאָגענעס! — מיט זיין לאַמטערן?

דיאָגענעס. איך זוך אַלעקסאַנדערן, וועלכער האָט זיך פאַר־לאָרן.

אַלעקסאַנדער. האַהאַ, ביזט געקומען שפּעט, פילאָזאָף! אַלעקסאַנדער האָט זיך געפונען.

דיאָגענעס. ער איז פאַרלאָרן געוואָרן אונטער די חורבות פון טעבען. די חורבות ליגן אויף אים שוואַרץ און טרויעריק.

אַלעקסאַנדער. ער איז נישטאָ מער אונטער די חורבות.

דיאָגענעס. איך בין אים געקומען זוכן אונטער דער חורבה אַלעקסאַנדער, וועלכע דער־קעניג האָט געבראַכט מיט זיך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. די חורבה איז צוריק אויפגעבויט געוואָרן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דאָס קאָן נישט מער געשען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צוזאַמען מיט די חורבות פון טעבען.

ד י אָ ג ע נ ע ס. ווי זאָל איך דאָס פאַרשטיין?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (גיט אים העפעסטיאָנס פאַרצייכענונגען). לייען!

ד י אָ ג ע נ ע ס (אין לייענען). שרעקלעך... שרעקלעך... שרעקלעך...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. שרעקלעך?!

ד י אָ ג ע נ ע ס. פון דיין וועלן גוט מאַכן, פון דיין געפינען זיך, ווי דו רופסט עס, זע איך, ווי ווייט דו האָסט זיך פאַרלאָרן. ווי אונדז, ווי דער וועלט און דער מענטשהייט, ווען דו וועסט זיך נאָך עטלעכע מאָל אַזוי פאַרלירן. ווי שרעקלעך וועט עס זיין, אפילו ווען דו וועסט יעדעס מאָל זיך געפינען און וועלן גוט מאַכן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אין אָנהייב פון אַ וועג איז מעגלעך אַ פאַלשער שריט. איך בין אין אָנהייב פון מיין וועג.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דיין וועג וועט ווערן אַלץ שווערער און פאַרדרייטער. וועסט אויף אים פאַרבלאָנדזשען און פאַרלירן זיך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך זע מיין וועג קלאָר און העל.

ד י אָ ג ע נ ע ס. וואָס איז דיין וועג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין די וועלט, איך בין די מענטשהייט. מיין וועג איז איר פאַראייניקונג. דורך מיר וועט זי זיך געפינען, ווערן אייניק, ווערן איינס. איין ווילן וועט זי אויספילן, איין שטרעבן. איך וועל זיין דער ווילן, איך — דאָס שטרעבן. מיין גייסט, דאָס בעסטע אין מיר — דאָס בעסטע אין דער מענטשהייט. מיין גרויסקייט — די מענטשלעכע גרויסקייט, די גרעסטע מענטשלעכקייט.

ד י אָ ג ע נ ע ס. נאָר אויף דעם וועג צו זיך ליגט גרויסקייט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין אויף דעם וועג צו זיך.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דורך קריג, דורך בלוטפאַרגאָס, דורך צושטערונג און פאַרניכטונג...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז געטער־וועג. שטורעם ברייננט פּרוכטבאַרקייט, צושטערונג — אויפבויונג.

ד י אָ ג ע נ ע ס (לעשט אויס די לאַמטערן). אַן עבירה מיין ליכט. (ווענדט זיך צו גיין.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַזוי זאָלסטו פון מיר נישט אַוועקגיין, דיאָגענעס.

ד י אָ ג ע נ ע ס. איך ווינטש דיר, דו זאָלסט מיך נאָך וועלן זען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. שטענדיק, דיאָגענעס!

ד י אָ ג ע נ ע ס (לאַכט אויף און גייט־אַוועק).

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ווי קאָנסטו מיט אים אַזוי געדולדיק זיין, אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אין געדאַנקען). דיאָגענעס — איז — מיין געוויסן, העפעסטיאָן. געווען גוט, וואָס ער איז געקומען. איצטער — מיט פעסטע שריט אויף מיין געטער־וועג.

# צווייטער אַקט

## ערשטע סצענע

דער געצעלט פון דאַריוס אויפן שלאַכטפעלד ביי איטאָס — די ערד און די ווענט זיינען פאַרפוצט מיט טעפּיכער, אומגעהויער גרויסע און רייכע, ווי צוויי טעפּיכער טרעפן זיך, דאָרטן זיינען די אַריינגיינג צו די פאַרשיידענע פּאַוויליאָנען. ליכט אין גאָלדענע קאַנדעליאַברעס, אין היינגלייכטער פון בעסטן קרישטאָל פילן אָן דעם רוים מיט העלן שיין, קאַנאַפּעס, באַלייגט מיט טעפּיכער און קישנס, אויסגענייט מיט גאָלד און בריליאַנטן, וועלכע וואַרפן אָפּ אין אומצייליקע שטראַלן דעם אויפגענומענעם ליכטשיין. אַ גרויסע טעפּיך־חופּה, וועלכע בלענדט מיט איר גאָלד און זילבער און אַלערליי איידלשטיינער, שטייט אינמיטן צעלט, מער צום הינטערגרונט. אונטער איר געפינט זיך דאַריוסעס גאָלדענער טראָן. קישנס און קישעלעך, באַנייט מיט גאָלד און זילבער און איידלשטיינער, זיינען צעלייגט איבער די דיל־טעפּיכער. — ווייט און ברייט געשריי פון די זיגער, וועלכע באַרויבן דעם באַזיגטנס לאַגער. צוויי טעפּיכער פאַרנט העכטס רוקן זיך פאַראַנדער, און עס באַווייזן זיך דריי סאָלדאַטן.

ע ר ש ט ע ר ס אָ ל ד אַ ט. ווי רייך! ווי אומגעהויער רייך!

צ ו ו יי ט ע ר. איצטער וועט עס זיין אונזער קעניג אַלעקסאַנדערס געצעלט.

ד ר י ט ע ר. זיין אייגענער געצעלט איז ווי אַ פּאָרצימער צו דעם געצעלט דאָ. זייט איר בעלנים דורכצוגיין זיך און נענטער אָנקוקן די זאַכן?

ע ר ש ט ע ר. וואָס פאַלט דיר איין!

ד ר י ט ע ר. מיר פאַלט שוין איין אַ סך. איך האָב גרויסן אַפּעטיט אפילו אויסצוציען זיך אין דאַריוסעס בעט — נאַטירלעך: מיט

זיין ווייב אין איר, וועלכע וועט ווערן איצטער אַלעקסאַנדערס בעט־וואַרעמערין.

צ וו יי ט ע ר. דיר איז נישט ליב דיין לעבן!

ד ר י ט ע ר. ווען מען שלאָגט זיך אונטער אַלעקסאַנדערן, מיט אַלעקסאַנדערן טראָגנדיק זיין לעבן אין פאָרויס, לאַכנדיק פון יעדער געפאַר, לערנט מען זיך אויס נישט אויסצומאַכן זיך פון דעם לעבן. פריער אָדער שפּעטער... פאַרוואָס נישט שטאַרבן פאַר ליגן אין אַ קע־ניגס בעט מיט אַ קעניגס ווייב? איך בין אַ דענקער. שטאַרבן אין גע־נוס איז בעסער ווי שטאַרבן אין פאַרדראָס.

ע ר ש ט ע ר. אויב שטאַרבן, איז בעסער פאַר דעם קעניגס פאַר־טיידיקונג, איידער פאַר דעם קעניגס באַליידיקונג.

ד ר י ט ע ר. קליינע נשמות!

צ וו יי ט ע ר. און דו ביזט אַ פאַררעטער.

ד ר י ט ע ר. זאָגסט עס נאָך אַמאָל, און דו... (פון דרויסן גע־שרייען: „פרייד!.. פרייד!.. פרייד!..")

ע ר ש ט ע ר. דער קעניג! (די דריי פאַרשווינדן. קאַריאָטן שטור־מען צו צום געצעלט. די „פרייד"־געשרייען פאַרשטאַרקן זיך. אַלעק־סאַנדער קומט אַריין אין דער באַגלייטונג פון העפעסטיאָן, קראַטעראָס, פּאַרמעניאָ, פילאָטאַס, פּטאָלאָמעאָס, פּערדיקאַס, קליטאָס, קאַליסטע־נעס, אַריסטאַנדער און טראַבאַנטן. ער האַלט אין דער האַנט דעם בויגן פון דאַריוס.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (גאַנץ איבעראַשט ביים אָנבליק פון דעם געצעלט). וואָס פאַר אַ רייכטום! איך בין געבלענדט! איך וועל זיך שעמען אומצוקערן זיך צוריק אין מיין אייגן געצעלט.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. וועסט זיך נישט אומקערן. דאַריוסעס געצעלט איז איצטער דיינער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (לאַכט אויף). האַ! איז מיר נישט איינגע־פאַלן... (הייבט אָן אַרומצוגיין און אָנצוקוקן די זאַכן. די באַגלייטונג הינטער אים.) ווי רייך! ווי רייך! — איך וועל דאָ בענקען נאָך דער איינפאַכקייט פון מיין געצעלט. וואָס זאָל איך טאָן מיט אַזוי פיל גלאַנץ און פּוץ? (גייט ווייטער. ווענדט זיך פלוצלינג צו פּאַרמעניאָן.) איז דאַריוסעס קריגס־קאַסע אויך גענומען?

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. זי איז געבליבן אין דמשק, אוצרות גאַנצע.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווערסט זיך פאַררוען, פּאַרמעניאָ, און דער־נאָך באַגעבן זיך נאָך דמשק און ברענגען מיר די אוצרות.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. יאָ, איך דאַרף די רו, אָבער דו דאַרפסט זי אויך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. בין אויך אַביסל הונגעריק.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. וואָרום האָלסטו נאָך דעם בויגן פון דאַריוס?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַלד האָב איך פאַרגעסן, אַז איך האַלט אים. דאָס האָט דער רייכטום דאָ מיר אָנגעטאָן. און אפשר איז זיין בויגן מיר טייערער פאַר דעם גאַנצן גלאַנץ פון זיין געצעלט. ווען איך האַלט זיין בויגן, ווייס איך, איך בין סאָלדאַט און קעמפער, וועלכער האָט זיין קעגנער בייגעקומען. (גיט איבער דעם בויגן צו איינעם פון די טראַבאַנטן). אַ שאָד וואָס איך האָב דאַריוסן נישט געכאַפּט. דאָס וואָלט געווען דער סוף פון דער מלחמה. מיט דאַריוס געפאַנגען, האָב איך גאַנץ פּערסיען אין מיינע הענט. דער וועג שטייט מיר דאַמאָלס אָפן נאָך שושן און עקבאַטאַנאַ אויף פּערזעפּאָליס. ווי שנעל האָט ער געמוזט לויפן... אָרעמער דאַריוס! אַ האָז אַנטלויפט נישט שנעלער... איצטער דערמאָן איך זיך: איך האָב ערגעץ־וואו אַ וואונד געקראָגן.

ד י ב אַ ג ל יי ט ו נ ג (דערשראָקן). ווי? וואו?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס וויל איך זיך דערמאָנען. וואו טוט מיר ווי? אין אַן אָרט, וועלכן איך וועל פאַר אייך נישט אויפדעקן... האָבן מיר דאָ פריער נישט פון הונגער גערעדט? ווען מיר דאָ מאָל־צייטן. געפינט דאַריוסעס קיך. ער האָט רייך געגעסן און געטרונקען. נאָר וויל איך אונזער טיש, אונזערע רו־בעטלעך. (טראַבאַנטן גייען אָפּ אויסצופילן זיין וואונטש.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (אַריינקוקנדיק אין פּאַוויליאָן לינקס). דאָס איז אַ באָד.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויסגעצייכנט! איידער איך גיי עסן, וועל איך זיך אָפּרייניקן פון דעם קריגשווייס, און אויך מיין וואונד אָרומוואַשן אין דאַריוסעס באָד.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אין באָד, וואָס איז געווען דאַריוסעס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָ, עס וועט מיר נעמען צייט, ביז איך וועל זיך אויסלערנען מיינס צו זאָגן אויף וואָס עס איז געווען זיינס. (קוקט אַריין אין באַד־פּאַוויליאָן.) גאָלד! גאָלד! גאָלד! די וואַנעס, די וואַסערטעפּ, די קענדלעך, די בוימלקעסטלעך... פאַרנעמט איר די ריחות? די געטער האָבן ביי אונז אַזוינס נישט געשמעקט... און איך וועל זיך דאָ איצטער באָדן — וועט דאָס וואַסער אין אַ גילדענער וואַנע בעסער רייניקן? אָדער אפשר איז זיין וואַסער פּליסיק גאָלד... אַהאַ, דאָרטן שטייען זיינע בעדער גאַנץ דערשראָקן... קום, העפעסטיאָן איך טייל מיט דיר דעם גילדענעם וואוילטאָג. (גייט אַריין אין פּאַ־וויליאָן. העפעסטיאָן נאָך אים.)

פּ ע ר ד י ק אַ ס (אין דער עפענונג פון אַן אַנדער פּאַוויליאָן רעכטס). דאָס איז די קיך, און גאָלד, גאָלד... די קעכער בלייך אין זייער שרעק, שטייען גרייט צו דינען. זיי וועלן מיר צוערשט פאַרזוכן דאָס געקעכץ. ווער ווייס, וואָס זיי האָבן פאַר דעם שונא דאָרט אריינגעקאָכט אין זייערע גילדענע טעפּ. (גייט אַריין אין קיך־פּאַוויליאָן. טראַבאַנטן ברענגען אַריין אַ לאַנגן טיש און רו־בעטלעך. דער טיש ווערט צוגעשטעלט מיט איין עק צום טראָן. די העסעבעטלעך אַרום דעם טיש.)

פּ אַ ר מ ע נ י אָ (אַוועקלייגנדיק זיך אויף קישנס). איך לייג זיך אַוועק, מיד און ווי איז מיר יעדעם גליד.

פּ י ל אָ ט אַ ס. איך וועל דיין שכן זיין. איך האַלט זיך אויך אויף די פּיס קוים.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. ווען איך וואָלט אַזוי מיד נישט געווען, וואָלט איך אַריינגעקוקט נאָך אין אַנדערע פּאַוויליאָנען. אָבער איצטער מאַך איך אייך נאָך. (לייגט זיך.)

ק ל י ט אָ ס (אַוועקלייגנדיק זיך). איך בין ווי פאַרשיכורט. איך זע נאָך אַלץ די שלאַכט. זי איז געווען ווי זעלטען איינע. ווי וואָלט דערפרייט זי פּיליפּס האַרץ!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (אין טיר פון אַ פּאַוויליאָן לינקס הינטן). ביי צעוס! פּרויען — און שיינהייטן!

פּ ט אָ ל ע מ ע אָ ס. ווי!.. פאַרשווינדט פון מיר די מידיקייט! (שפּרינגט אויף און גייט צו קראַטעראָסן.)

ק ל י ט אָ ס. אינטערעסירן מיך נישט.

פ י ל אָ ט אַ ס (צו פּאַרמעניאָ. אויפּשטייענדיק). פּאָטער, רירסט זיך נישט, ביזטו ווירקלעך אַלט.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. ברייננגט זיי אַרויס אַהערצו. מיינע אַלטע פיס ווילן זיך פּאַר מידיקייט נישט רירן, אָבער מיינע אויגן זיינען נאָך יונג און ווילן זיך לאָבן. טוט אַ טובה אַן אַלטן מאַן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ווי רעדט מען נאָר צו זיי? זיי וועלן אונזער גריכיש נישט פאַרשטיין.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אויב די פרויען פון פּערסיען זיינען אַזוי שיין, הייב איך אָן צו לערנען פּערסיש.

פ י ל אָ ט אַ ס. אַלס געטרייער זון, אַן אַלטן פּאָטער צוליב, וועל איך מיט זיי אויף שטום-לשון, מיט הענט און פינגער רעדן.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. מיינע אויגן זיינען מיר דערווייַלע הונגעריקער געוואָרן.

פ י ל אָ ט אַ ס (מיט פּאַרבויגענע און מיט פינגערצייכנס). מיינע דאַמען... שיינהייטן פון פּערסיען... אפּראָדיטאַס באַגלייטערינס... איר זייט געבעטן...

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. זיי פאַרשטייען... זיי הייבן זיך אָן צו באַוועגן...

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. די ערשטע זעט! די ערשטע! די, וועלכע גייט פאָרויס!..

פ י ל אָ ט אַ ס. אַלטער פּאָטער, גרייט אָן דיינע אויגן!

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָ, ווען איך קאָן נאָר פּערסיש רעדן!

ב אַ ר ז י נ ע (באַווייזנדיק זיך צווישן די פאַרנאַנדערגעעפנטע טעפּיכער). איר קאָנט צו אונז גריכיש רעדן. (איבעראַשונג-אַההה צווישן די גענעראַלן.)

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. ביי צעאוס, פאַרשטעלט מיר נישט דעם אויס-בליק!

ב אַ ר ז י נ ע. וואָס ווילט איר, גריכן? פאַרוואָס האָט איר אונז אַרויסגעווינקט?

פ י ל אָ ט אַ ס. צו דערקוויקן מיט אייער אָנבליק אַן אַלטן, מידן מאַן.

ב אַ ר ז י נ ע. האָט אַלעקסאַנדער דאָס באַפוילן?

פּ י ל אָ ט אַ ס. פונוואַנען ווייסטו, איך בין נישט אַלעקסאַנדער?

ב אַ ר ז י נ ע (שאַרף אָנקוקנדיק אים). ער וועט דיך באַשטראָפן פאַר וועלן אים פאַרקלענערן. (געלעכטער צווישן די גענעראַלן.)

פּ י ל אָ ט אַ ס (שטאַלץ). וואָס ווייסטו, ווער איך בין?

ב אַ ר ז י נ ע. אַבילעס נישט, און אפילו נישט פּאַטראָקלאָס.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ביי צעאוס, זי קען האָמער! דאָס מוז אַלעקסאַנדער וויסן.

ב אַ ר ז י נ ע (קוקט זיך אַרום).

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. דו זוכסט אַלעקסאַנדערן... אַך, מיר זיינען זיינע פּלאַנעטן בלויז. די זון אַליין מאַכט העלער זיך און ריינער אין דער באָד, וואו דאַריוס האָט זיך געפּליושקעט...

ב אַ ר ז י נ ע. רעדט אויך אַלעקסאַנדער פון דאַריוסן מיט אַזעלכע ווערטער? דאַריוס איז געשלאָגן, אָבער נאָך נישט באַזיגט. און ער איז אַ נאָבלער קעניג.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. דו פאַרדינסט די לעקציע, פּטאָלעמעאָס.

ק ל י ט אָ ס. ווייסט דאָך, אַז דו און דיינע חברטעס זיינען אַלעקסאַנדערס געפאַנגענע.

ב אַ ר ז י נ ע. מיר ווייסן, ווי אַזוי איר קומט אין דאַריוסעס געצעלט. מיר ווייסן. איר זייט נישט קיין געלאַדענע געסט, אונז די צייט צו פאַרטרייבן. (געלעכטער צווישן די גענעראַלן.)

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. זי איז אַזוי קלוג, ווי שיין. ווי הייסטו, מיין שיינע?

ב אַ ר ז י נ ע. באַרזינע.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. ווער דיין פאָטער?

ב אַ ר ז י נ ע. אַרטאַבאַצאָס.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. אָ, גרויסער פּערסישער יחוס... און די מוטער אַ גריכין, מעמנאָנס שוועסטער...

ב אַ ר ז י נ ע. האָסטו זיך שוין דערקוויקט מיט אונזער אָנבליק, אַלטער, מידער מאַן?

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. ביי צעאוס, איך האָב מיין מידיקייט פאַרגעסן.

ב אַ ר ז י נ ע. קאָנען מיר זיך אומקערן צוריק. אָדער זיינען מיר שוין שקלאַפינס, אַרויסגעפירט אין מאַרק, פון מענער באַקוקט און געקויפט צו ווערן?

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. איר זייט אַלעקסאַנדערס געפאַנגענע. וואָס ער וועט מיט אייך טאָן, וועט איר צייטיק גענוג דערוויסן.

ב אַ ר ז י נ ע. וועלן מיר זיך אומקערן צו זיך און פון אַלעקסאַנדערן אָפּוואַרטן אונזער גורל. (מיט אויפגעהויבענעם קאָפּ גייט זי אַריין צוריק אין איר פּאַוויליאָן, נאָכפאָלגנדיק אירע חברטעס.)

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. איז דער צעלט דאָ נישט פינסטער געוואָרן?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. מיר איז דאָ פריער אַזוי היים געוועזן, איצטער איז מיר קאַלט.

ק ל י ט אָ ס. וואָס וועט אַלעקסאַנדער זאָגן?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (וועלכער האָט די גאַנצע צייט געלייענט אין אַ שריפט). אַלעקסאַנדער וועט פאַר איר קיין אויגן נישט האָבן.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. איז ער דען בלינד? איז ער דען טויט?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ער איז מיין תלמיד — און דאָס איז אַלץ.

פּ י ל אָ ט אַ ס. אָ, יאָ. מיר וואָלט פאַרגאַנגען די גאַנצע לוסט צו לעבן, ווען איך וואָלט געוועזן דיין תלמיד. (געלעכטער).

פּ ע ר ד י ק אַ ס (קומט אַרויס מיט קאָכער און סאַרווער, וועלכע הייבן אָן צו גרייטן די טישן). שאַרף געקאָכט אָבער גוט. עס ברענט דאָס מויל פון מאַנכענעם געקעכיץ, אָבער עס איז נישט גיפט, און זייער וויין לעשט דעם מויל גאַנץ וואונדערלעך.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. איך האָב אַן איינפאַל, הערט מיך אויס. ווען אַלעקסאַנדער וועט ביי דער מאָלצייט אַריינגיסן אין זיך אַ היפּש ביסל פון דעם פּערסישן וויין...

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אַלעקסאַנדער טרינקט אויך ווייניק.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. איך בין זיכער, היינט וועט ער טרינקען. דער זיג איז גרויס, דער דורשט נאָך גרעסער...

פ א ר מ ע נ י אָ. דיין איינפאַל וואָס איז?

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. ווען ער וועט באַטרונקען זיין, וועלן מיר אַריינפירן די אַלע פערסישע שיינהייטן. דעמאָלט וועלן מיר זען, צי וועט ער נישט נאָך מער באַטרונקען ווערן.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דו מוזט שוין באַטרונקען זיין.

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. זיין דורשט געשטילט פון ווייַן, וועט דער פרויען־הונגער אויפשטייגן אין אים.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. און איך פאַרשרייב שוין: דער קעניג האָט פאַרטריבן פטאָלאָמעאָס פון זיינע אויגן.

פ אַ ר מ ע נ י אָ. פטאָלאָמעאָס, דיין פּלאַן זאָל דורכגעפירט ווערן. (אַלעקסאַנדער און העפעסטיאָן קומען אַרויס פון באָד־פּאַוויליאָן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (גייט צום טראָן). פון אַ גאָלדענער וואַנע אויף אַ גאָלדענעם טראָן — איצטער פיל איך זיך קעניגלעך. (זעצט זיך.) דער זיץ איז גאָרנישט ווייכער. (שפּאַרט זיך אָן מיטן קאָפּ אָן וואַנטל פון טראָן.) ווי זעט אויס מיין קאָפּ אויף דעם גאָלדענעם וואַנטל? שיינט ער איצטער? — דאַרף איך איצטער אַנדערש רעדן? ווי דאַרף מיין שטימע איצטער קלינגען? זאָל זי פון אַ גאָלדענעם טראָן גאָלדיק קלינגען? אָדער גראָד פון אַ גאָלדענעם טראָן דאַרף זי קלינגען שטאָל און אייזן? אַ שאָד, וואָס מיר האָבן דאַריוסן נישט געכאַפּט. ער וואָלט מיר געזאָגט, ווי מען דאַרף זיך באַנעמען, ווען מען זיצט אויף אַ גאָלדענעם טראָן. אָרעמער מאַן, ווי מוז ער זיך איצט פילן אָן זיין גאָלדענעם טראָן! אָדער אפשר האָט ער איינעם מיטגענומען מיט זיך אויף זיין פערד? ווער ווייס, אפשר זיצט ער אויף אַ גאָלדענעם טראָן אָנשטאָט אַ זאָטל... (שפּרינגט אויף.) אַוועק מיט דער גאָלדענער באַרבאַריי! מיין רו־בעט אַהער, אויף אונזער גוטן גריכישן שטייגער! נאָך דער מאָלצייט קער איך זיך אום אין מיין געצעלט צוריק, אין זיין איינפאַכקייט בין איך פיל רייכער. קום, העפעסטיאָן, לייג זיך צו צו מיר. קראַטעראָס, דו וועסט מיין שכן זיין פון לינקס, פּאַרמעניאָ, פּערדיקאָס, פּילאָטאָס, קליטאָס, פטאָלאָמעאָס, קאַליסטענעס, איר קענט אייערע פּלעצער. מיר הייבן אָן אונזער מאָלצייט. זיינען די שפּייזן גאָלד? און איז־דער ווייַן פון גאָלד?

פּ ע ר ד י ק אַ ס. אַזוי ווייט האָט דאַריוס נאָך נישט געבראַכט, אָבער וויין און שפּייז טעמען גאָלדיק. און אויך אומענדלעך רייך איז זיין קיך. עס שיינט מיר, מען האָט אין איר געקאָכט פאַר זיין גאַנצער אַרמיי.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דאָס קאָן איך אייך דערקלערן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיר ווילן באַלערנט ווערן.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. פון אייביק אָן איז עס אַ מנהג ביי די פּערסישע קעניגן אונטערצוטראָגן זייערע געסט אַזויפיל מאכלים, אַז וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט אַליין אויפעסן, האָבן זיי גענומען אַהיים פאַר זייער דינערשאַפט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז אָבער אַ הוצאה געווען! ווייסטו נאָך עפּעס פון די טיש-מנהגים פון די פּערסישע קעניגן?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. איך האָב זיי אויפגעזאַמלט, ווי אַריסטאָ-טעלעס וואָלט זיי בעסער אויפזאַמלען נישט געקאָנט.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. ווי מוזטו זיך שטענדיק באַרימען, קאַליסטע-נעס?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דרך-ארץ איצטער, פּאַרמעניאָ! קאַליסטע-נעס וויל אונז באַלערנען.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דער פּערס האָט קיינמאָל נישט איינגעלאַדן צום טיש מער ווי צוועלף פּערזאָנען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַ גליק דאָס פאַר זיין פאָלק!

פּ ע ר ד י ק אַ ס. דו לאַדסט איין זעכציק אָדער זיבעציק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי עסן זיך ביי מיר נישט איבער, און איך קאָך נישט פאַר זייער דינערשאַפט. ווייטער, קאַליסטענעס.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ער אַליין איז געזעסן הינטער אַ פאָרהאַנג, וועלכער איז אַזוי אויסגעהאַנגען געווען, אַז ער האָט געקאָנט זען זיי-נע געסט, אָבער זיי אים נישט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. געטלעך און — איינזאַם!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. און האָט ער געגעסן מיט זיינע געסט אין איין צימער, איז ער דאָך נישט געזעסן מיט זיי צוזאַמען. דערביי איז ער געזעסן אויף קישנס, און זיי אויף דער ערד.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז אים נישט האַרט געווען, ווען ער האָט געקוקט אויף זיי?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. נאָר ביים וויין-טרינקען זיינען זיי צוגעלאָזן געוואָרן צו אים. אָבער ער האָט געטרונקען אַ בעסערן וויין, זיי אַן ערגערן.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און זייערע אומצופרידענע געזיכטער האָבן אים נישט פאַרדאָרבן דעם גענוס? באַרבאַר! דערצייל נישט מער, קאַליסטענעס, מאַכסט מיר קאַליע מיין אַפּעטיט.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. נאָר דאָס נאָך צו דערמאָנען: זיינע געסט האָבן נישט געטאָרט אַוועקגיין ביז זיי זיינען גאַנץ באַטרונקען געווען.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. דאָס איז נישט קיין שלעכטער מנהג!

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צווינגען?

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָבער טרינקען, טרינקען, טרינקען...

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קאַרג איך?

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. דו טרינקסט קוים, פאַרשווינדט אויך אונזער אַפּעטיט.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. היינט וועט עס נישט געשען. (טרינקט און לאָזט זיך ווידער אָנפילן דעם בעכער. צוויי טראַבאַנטן קומען צו טראָגנדיק אַ קעסטל.) וואָס איז דאָס? אַ געריכט?

ט ר אַ ב אַ נ ט. מיר האָבן דאָס געפונען אין דאַריוסעס פּאַוויליאָן. דאָס קעסטל איז אַזוי שיין און מוז זייער קאָסטבאַר זיין, אַז מיר האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, דיר עס נישט גלייך צו בריינגען.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (באַטראַכטנדיק דאָס קעסטל). דו ביזט גערעכט. עס איז אַ קונסטווערק, ווי נאָר זעלטן. אַזוי שיין, אַז עס האָט מיך פון דעם וויין גאַנץ אויסגעניכטערט.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. לאָז מיך עס נישט זען. איך וויל נישט אויסגעניכטערט ווערן.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מאַכט אויף דאָס קעסטל). צירונגזאַכן, גאָלד און איידלשטיינער. קיינס נישט פון דעם ווערט פון קעסטל און פון זיין קונסט. אַ שיינער קרוג און איינפאַכער וויין. אַ קונסט-נוס מיט אַן אומבאַטעמטער יאָדרע. מיר פאַלט איין — איך האָב פאַר דעם

קעסטל אַ בעסערע פאַרווענדונג. (צו די טראַבאַנטן.) נעמט אייך די צירונג צו צום דאַנק פאַרן קעסטל. איך וויל דאָס קעסטל ליידיק. איך וויל אין אים אויפבאַוואָרן די אויפשריפט פון האָמערס איליאַדע, וועל־כע אַריסטאָטעלעס האָט פאַר מיר באַזאָרגט. דאָס וואונדערבאַרע קעסטל וועט באַקומען דעם וואונדערבאַרסטן אינהאַלט.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דאָס מוז די אייביקייט וויסן. איך פאַר־שרייב עס אויף דור־דורות.

פ י ל אָ ט אַ ס (צווישן פאַרמעניאָ און פטאָלאָמעאָס). איך גלויב, ער מוז איצט שיכור זיין.

פ אַ ר מ ע נ י אָ. נישט, ווען ער געדענקט נאָך זיין האָמער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. עס איז מיר וואַרעם. האָט דאָס קעסטל מיר עס אָנגעטאָן אָדער דער וויין? — פאַרוואָס זייט איר שטיל? טרינקט! (טרינקט אויס זיין בעכער.)

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס (צו פילאָטאַסן). די וואַרעמקייט קומט פון וויין. איצטער איז די צייט, צו מאַכן אים נאָך וואַרעמער. (צו אַלעק־סאַנדערן.) איך האָב פאַר דיר אַ מתנה. אָ, קעניג, פון דאַריוסן איבער־געבליבן. דערלויב מיר זי דיר צוצוברענגען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין נייגעריק.

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס (שטייט אויף און גייט צום פרויענפאַוויליאָן, פונוואַנען ער קומט באַלד אַרויס מיט די פרויען, באַרזינע פאָרויס, און פירט זי צו־צו אַלעקסאַנדערן). איז זי נישט שענער פאַרן קעסטל?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועלכע נידריקייט האָסטו אין מיר ווען געזען, פטאָלאָמעאָס, אַז דו האָסט זיך אונטערגענומען צו מאַכן מיר אַזאַ אומווירדיקע מתנה?

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָ, קעניג, אַזוי פיל שיינהייט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נעם אַוועק פון מיר דעם אויגנווייטיק!

ב אַ ר ז י נ ע. אָ, וואָס פאַר אַ באַליידיקונג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (איבעררעאַשט). אַנטשולדיק! איך האָב גע־גלויבט, אייערע אויערן הערן נישט קיין גריכיש.

ב אַ ר ז י נ ע. און ווען דיין צונג וואָלט עס נישט געזאָגט, דיינע אויגן באַליידיקן נישט ווייניקער. זיי קוקן אונז אָן, ווי מיר וואָלטן

געווען סטאַטועס אָן לעבן, שאָטנס ארויסגעשטיגענע פון דער אונטער־וועלט. בין איך איינער? בין איך א טויטע סטאַטוע?

אַלעקסאַנדער. נישט ווען דו רעדסט אַזוי פיל.

באַרזינע. איך קאָן אויך זינגען. (מיט טאַנץ־באַוועגונגען.) אויך טאַנצן. איך קען אויך דיין האָמער.

פּטאָלאָמעאָס. זי איז האַלבגריכין. באַרזינע, די טאָכטער פון ארטאַבאַצאָס.

אַלעקסאַנדער. איינע פון דאַריוסעס ווייבער? אַזויפיל האָט ער זיי געהאַט!

באַרזינע. ניין, קיין איינע איז עס נישט פון אונז. טעכטער און פרויען פון פּערסישע סאַטראַפּן זיינען מיר. צונויפגעקומען אין דאַריוסעס געצעלט, אום דיך אָנצוקוקן, ווען ער וואָלט דיך געפאַנגעי. דאַריוסעס ווייב, די קעניגין, איז אין איר פּאַוויליאָן (ווייזט אָן אויף אַ פּאַוויליאָן אין הינטערגרונט.) צוזאַמען מיט דאַריוסעס מוטער און זיינע צוויי טעכטער.

אַלעקסאַנדער. פאַרוואָס האָט מען עס מיר פריער נישט געזאָגט?

פּטאָלאָמעאָס. מיר הערן עס צום ערשטן מאָל.

קראַטעראָס. מיר זיינען געווען צו מיד, אַלע פּאַוויליאָנען דורכצוזוכן.

אַלעקסאַנדער. גיי, קראַטעראָס, גיב זיי איבער מיין גרוס. זאָג זיי, זיי דאַרפן נישט מורא האָבן פאַר שלעכטס פון מיר. דערקלער זיי: זיי וועט ביי מיר גאָרנישט פעלן, ווי ביי דאַריוסן.

פילאָטאַס. אויך קיין מאַן נישט.

אַלעקסאַנדער. דיין גליק, פילאָטאַס, וואָס זיי האָבן עס נישט געהערט. — גיי, קראַטעראָס, און זיי ווייך אין טאָן און מילד אין באַנעמען.

באַרזינע (צו קראַטעראָס). דו וועסט איצטער דערזען די שענסטע קעניגין, וועלכע האָט ווען די ערד באַשיינט. ווען זי וואָלט געלעבט אין דער צייט פון פּריאַמאָס'ס זון, דעם געטלעכן העלד אַלעקסאַנדראָס פּאַריס, וואָלט ער זי אַוועקגעגנבעט פון איר מאַן, נישט

אייער שיינע העלענע. ווייל נאָך מער פּאַסט זיך אויף איר דאָס האָמע־רישע וואָרט: „אַן אומשטערבלעכער געטין באמת גלייכט יענע פון אָנזען".

קראַטעראָס. איצטער ווערט די שליחות מיר באַזונדערס אָנגענעם.

אַלעקסאַנדער. איצטער בלייבסטו דאָ.

קראַטעראָס. אָ, קעניג, טרויסטו מיר די שליחות נישט? איך וועל זיין דער וויכסטער אין טאָן, און מיין באַנעמען וועט זיין אַליין די מילדקייט.

אַלעקסאַנדער. אָבער מיט דיינע אויגן וועסטו זי באַליי־דיקן. איך טרוי אייך קיינעם די שליחות נישט. איר וועט אַלע זי אַוועקגנבענען מיט אייערע אויגן פון איר מאַן. איך וועל די שליחות אַליין טאָן. קום, העפעסטיאָן, באַגלייט מיך צו זייער פּאַוויליאָן. (גייט מיט העפעסטיאָן צום פּאַוויליאָן פון דער קעניגין.)

באַרזינע. פאַרוואָס בין איך נישט די קעניגין? אויף מיר האָט ער זיך קוים אומגעקוקט.

פּטאָלאָמעאָס. איך האָב געמאַכט אַ טעות. גייט צוריק, פרויען, אין אייער פּאַוויליאָן.

באַרזינע. אָ, פריינדינען, אונזער נידערלאַגע דאָ איז נישט קלענער פאַר דאַריוסעס מפּלה אין פעלד. (גייט אָפּ מיט די פרויען, די אויגן געווענדט אויף אַלעקסאַנדערן. ביז זי פאַרשווינדט אין איר פּאַוויליאָן.)

קאַליסטענעס. איר האַלט מיך אַלע פאַר אַ באַרימער. איר זעט, איך האָב געשוויגן די גאַנצע צייט און זיך נישט באַרימט, אַז איך קען אַלעקסאַנדערן בעסער פיל פאַר אייך.

טראַבאַנט (עפענען פאַרנאַנדער די טעפּיכער פון דעם פּאַוויליאָן פון דער קעניגין און רופן אויס). דער קעניג אַלעקסאַנדער! (די גענעראַלן ווענדן איצטער זייער אויפמערקזאַמקייט צו דעם, וואָס עס וועט פאָרקומען אין יענעם פּאַוויליאָן. אַלעקסאַנדער און העפעסט־יאָן בלייבן שטיין פאַר דער עפענונג. די קעניגין שטייט מיט די הענט אויף איר געזיכט. דאַריוסעס מוטער ציט זיך אויס אויפן געזיכט פאַר העפעסטיאָנען, ווי ער וואָלט געווען אַלעקסאַנדער. העפעסטיאָן זעט

איין איר טעות און טרעט אָפּ הינטער אַלעקסאַנדערן. די מוטער הייבט אויף איר קאָפּ, דערקענט איר טעות און שרייט אויף.)

מ ו ט ע ר. אָ, איך האָב נישט געוואוסט! איך האָב געמיינט, יענער איז אַלעקסאַנדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו האָסט קיין טעות נישט געמאַכט. אויך ער איז אַלעקסאַנדער. און דו ביזט די מוטער פון דאַריוס?

מ ו ט ע ר. געווען. מיין אומגליקלעכער זון איז דאָך שוין טויט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיין זון איז נישט טויט.

מ ו ט ע ר. אָ, געטער!

ק ע נ י ג י ן (הייבט אויף הויך דעם קאָפּ, די הענט נאָך אַלץ אויפן געזיכט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָ, קעניגין, פאַרוואָס האַלסטו דיין געזיכט פאַרבאָרגן?

ק ע נ י ג י ן (יאָמערט אַרויס פון הינטער די הענט). אָ, אַ געפאַנ־גענע צו זיין!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (זייער ווייך). איך וועל עס דיר אַזוי לייכט מאַכן ווי מעגלעך.

ק ע נ י ג י ן (שפּרייט אויס די אָרעמס און רעדט אַרויס פאַר־צווייפלט און ביטער). לייכט מאַכן!.. (אַלעקסאַנדער און העפעסטיאָן מטכן אַ שריט צוריק ביים אָנבליק פון איר שיינקייט, צווישן די גענע־ראַלן גייט דורך אַ געמורמל.)

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס (פליסטערט). דאָס איז דער סוף פון אַלעק־סאַנדערס ווייבערפרעמדקייט.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (לאַכט אויף מיט חוזק).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווי ער וואָלט קוים צום אָטעם געקומען). דו ביזט אַ געפאַנגענע. דאָס מוזטו בלייבן. אָבער דו בלייבסט קעניגין, און ווי אַ קעניגין וועסטו אויך באַהאַנדלט ווערן. גאָרנישט זאָל גע־ענדערט ווערן אין דעם, ווי דו ביסט געוויינט צו לעבן. דער דאָזיגער געצעלט, וועלכער איז דאַריוסעס געווען, וועט בלייבן דיינער — פאַר דיר און דיינע טעכטער און דאַריוסעס מוטער. באַטראַכט מיך און

מיינע פריינט איצטער אַלס דיינע געסט. און ווילסטו, קאָנסטו זאָגן, דו ביזט איצטער צו געסט נישט אויפגעלייגט.

ק ע נ י ג י ן. לאַכסט פון מיר? דו קאָנסט זיך דאָס פאַרגינען. דו ביזט דער זיגער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ווייסט, וואָס און ווי אַ זיגער וואָלט געטאָן, פיליכט גאָר, וואָס דאַריוס וואָלט געטאָן, ווען ער וואָלט זיגער געוועזן, און איך וואָלט אַ ווייב געהאַט אַזוי שיין ווי דו...

ק ע נ י ג י ן. איצטער רעדסטו די שפּראַך, וועלכע איך האָב דערוואַרט צו הערן. אָ, געטער, פאַרוואָס בין איך נישט העסלעך?!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַטראַכט זיך, אָ, קעניגין, ווי אונטער דעם שוץ פון אָפּשטויסנדיקער העסלעכקייט.

ק ע נ י ג י ן. אָ, אַזאַ באַליידיקונג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַליידיקונג? קעניגין, ביזט די שענסטע פרוי, וועלכע איך האָב ווען געזען. און בין איך יונג און צייל נישט אַ סך יאָרן, זע דיר מיינע גענעראַלען אָן, וועלכע האָבן אין זייערע יאָרן אַ סך מער פרויען אָנגעטראָפן. זע, ווי זיי קוקן דיך אָן! מיט וועלכער באַוווּנדערונג, מיט וואָסער אַנטציקונג, ווייל אַ געטינגלייכע שטייט דאָ פאַר זיי. און דאָך ביזטו ביי מיר געזיכערט ווי אונטער דאַריוסעס דאַך און שוץ. קיין שלעכטס וועט דיך נישט טרעפן, און נישט די קלענסטע באַליידיקונג. אין דעם דאָזיקן געצעלט ביזטו קעניגין און הערשערין. ער געהערט דיר מיט אַלץ, וואָס אין אים. איך וועל זיך נאָר דערלויבן דאָס שיינע קעסטל דאַריוסעס אַלס געשענק זיך אויסצובעטן.

ק ע נ י ג י ן. מיינסטו ערנסט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קענסט נישט אַלעקסאַנדערן, וועסט מיך פון מיינע טאַטן אַרויסדערקענען. ביזט קעניגין און דיין מלוכה איז אָט דער געצעלט. דו וועסט הערשן איבער די דינסטן און קנעכט, וועלכע האָבן דיך דאָ שטענדיק באַדינט. קיינער טאָר דיר דאָ נישט שטערן. עס איז דיין הייליקטום, וואָס טאָר פון קיינעם נישט באַטראָטן ווערן. מיינע גענעראַלן הערן, וואָס איך זאָג, און איך וועל עס זיי נישט דאַרפן איבערזאָגן, אָבער איך אַליין בין פון דעם אָנזאָג נישט אויסגעשלאָסן.

ק ע נ י ג י ן. דו און דיינע גענעראַלן וועלן מיין שיינקייט גאַנץ פאַרגעסן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זי וועט אונז היילִיק זיין.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס (פּליסטערט). זי זאָגט עס, ווי עס וואָלט איר שטאַרק פאַרדראָסן.

ק ע נ י ג י ן. אָ, געטער, וואָס וועט זיין מיט מיר, וועט זיין!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו צווייפלסט אַלץ, דאָך מיט דיר וועט גאָרנישט זיין. דו טראַכט נאָר נישט פון אַנטלויפן. גיב דיין וואָרט מיר, אַז דו וועסט דעם געצעלט נישט פאַרלאָזן, נישט דו און נישט די מוטער, און נישט דיינע טעכטער.

ק ע נ י ג י ן. אָ, דאָס וואָרט קאָן איך דיר געבן פון גאַנצן האַרצן. עס וועט אַ פּיין מיר זיין, די זון גאָר אָנצוקוקן, דאָס פרייע דרויסן וועט מיך ווי אַ שווערער באַרג דערדריקן. איך וויל פאַרגעסן און פאַרגעסן ווערן, נישט זען און נישט ווערן אָנגעזען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיין ווילן וועט אונז היילִיק זיין. דאָך איצטער, אויב דו ווילסט, האָסטו און די מוטער מיין דערלויבניש אויפן שלאַכטפעלד אַרויסצוגיין און באַגראָבן יענע געפאַלענע פּער־סער, וועמען איר וואָלט געוואָלט באַגראָבן מיט כבוד און אַכטונג.

מ ו ט ע ר. אָ, קעניג, ווי גנעדיק דו ביזט! דאַרף איך גלייך גיין? עס איז נאָך העלער טאָג...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי און קום צוריק, וויל נאָר נישט אַנט־לויפן.

מ ו ט ע ר. דו האָסט מיין וואָרט, און איך וועל עס האַלטן. אָ, ווי דאַנק איך דיר, דו גנאָדפולער! — קום, געליבטע ווייב פון מיין דאַריוס! מיר מוזן זיך באַאיילן, דער טאָג גייט שנעל צום סוף.

ק ע נ י ג י ן (שטייט אומבאַוועגט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַרוואָס איילסטו נישט? קוקסט מיך אַזוי זעלטזאַם אָן...

ק ע נ י ג י ן. איך קוק דיך ווי אַ וואונדער אָן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. בין איך אַ וואונדער, ווען איך טו וואָס רעכט און ריכטיק?

ק ע נ י ג י ן. דו ביזט — —

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס בין איך, קעניגין?

ק ע נ י ג י ן (אַרויספּליסטערנדיק). נישט מענטשלעך. (ווענדט זיך לאַנגזאַם צו דער מוטער און ביידע גייען אַוועק.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קוקט איר נאָך, ביז זי גייט אָפּ, און לאַכט אויף).

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דו ביזט נישט מענטשלעך!

ג ע נ ע ר אַ ל ן (כאַפּן אויף די ווערטער און חזרן זיי איבער אין פאַרשיידענע טענער). נישט מענטשלעך! נישט מענטשלעך! נישט מענטשלעך!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צוריק אויף זיין העסעבעט). אָ, הערט דאָך אויף מיט דעם וואָרט פון דער פרוי!

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (צו די גענעראַלן). האָט איר געזען די פרוי אַזוי געגנוי ווי איך? „געטינענלעכע" איז דאָ נישט קיין וואָרט פון איבערראשאַצונג. איך האָב זי אָנגעקוקט און פאַרגעסן ווי צו רעדן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אָ, קעניג, פאַרוואָס האָסטו אַוועקגענומען פון מיר די שליחות, וועלכע דו האָסט מיר געגעבן?

פ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. ווער נישט אין כעס אויף מיר, אָ, קעניג! אָבער אויב דו האָסט געקאָנט נישט אויפפלאַקערן ביים אָנבליק פון דער פרוי, האָב איך מורא, אַז דו וועסט שטאַרבן אָן אַ יורש.

פ אַ ר מ ע נ י אָ. איך האָב געקוקט און האָב מיין עלטער פאַרגעסן.

פ ע ר ד י ק אַ ס. איך גיי נישט צו מיין געליבטער, ביז דער קעניגינס אָנבליק וועט אַרויס פון מיינע גלידער.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, אַלעקסאַנדער, דערקלער אונז זיך!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין — — אַלעקסאַנדער.

פ י ל אָ ט אַ ס. אַלעקסאַנדער דאַרף זיין אַ דעראָבערער. דו ביזט דיאָגענעס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און דיאָגענעס צו זיין מוז מען קאָנען. אויך איך האָב איר שיינקייט געזען. געמערקט, אַז זי האָט געוואַרט, איך זאָל זי באַהאַנדלען ווי יעדער אַנדער דעראָבערער און מאַן. זי

וואָלט זיך פילייכט גאַנץ גליקלעך געפילט, ווען איך נעם זי אין מיינע אָרעמס. אָבער זי איז די ווייב פון דאַריוס, און איך האָב זיך באַזיגט.

ג ע נ ע ר אַ ל ן. נישט מענטשלעך!.. נישט מענטשלעך!.. נישט מענטשלעך!..

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קאַליסטענעס, ווילסטו זיי אפשר דערקלערן וואָס הייסט מענטש זיין.

ט ר אַ ב אַ נ ט (קומט צו צו אַלעקסאַנדערן). אַ פערסישער אָפיצער שטייט פאַר דער טיר מיט אַ בריוו פון דאַריוסן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פון דאַריוסן! ברייננ אים שנעל אַריין.

ט ר אַ ב אַ נ ט (ווינקט צו די טראַבאַנטן פאַר דער טיר).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וויל דאַריוס זיך אונטערגעבן?

אָ פ י צ ע ר (קומט אַריין, איילט צו צו אַלעקסאַנדערן און פאַלט אויפן געזיכט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אומגעדולדיק). זיי פאַרלירן צופיל צייט אויף זייערע צערעמאָניעס, דערפאַר פאַרלירן זיי מלחמות.

אָ פ י צ ע ר (הייבט זיך אויף און גיט אַלעקסאַנדערן דאַריוסעס בריוו). פון מיין גרויסן קעניג, דעם אומגליקלעכן דאַריוס, צו דיר, דו געטלעכער אַלעקסאַנדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (וויקלט פאַרנאַנדער די שריפט, לייענט זי דורך און צולאַכט זיך מיט חוזק).

אָ פ י צ ע ר. מיין אָרעמער גרויסער קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די גענעראַלן). אַ שלום־אָנבאָט.

ג ע נ ע ר אַ ל ן (פריידיק). אַ שלום־אָנבאָט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ער באָט מיר אָן אַלע לענדער, וועלכע ליגן אויף דער זייט פון דעם טייך פּרת, די האַנט פון איינער פון זיינע טעכטער און אַ טויזנט טאַלענטס פאַר זיין ווייב און זיין מוטער.

פ אַ ר מ ע נ י אָ. פאַרוואָס האָסטו מיט חוזק אויפגעלאַכט? די באַדינגונגען זיינען אויסגעצייכנט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווירקלעך?

פ אַ ר מ ע נ י אָ. ווען איך בין אַלעקסאַנדער, נעם איך זיי אָן מיט בײדע הענט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וואָלט עס אויך געטאָן, ווען איך בין פּאַרמעניאָ.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דאָס ווערט פאַרשריבן. (שרייבט.)

פ י ל אָ ט אַ ס. אויך פּאַרמעניאָ צו זיין מוז מען קאָנען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גאַנץ געוויס, מיין ליבער פילאָטאַס.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. אַלע לענדער, וועלכע ליגן אויף דער זייט פון פּרת...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וויל זיך מיט אים נישט טיילן. איך וויל זיין גאַנצע מלוכה.

פּ אַ ר מ ע נ י אָ. זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. די קאָן ער מיר נישט געבן. זי איז אין מיינע הענט. ווען איך וועל זי ווילן, וועל איך זי נעמען.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. זיין ווייב און זיין מוטער ווילסטו געוויס נישט, פאַרוואָס זאָלסטו זיי נישט אויסבייטן פאַר טויזנט טאַלענטס?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווייל איך וויל, ער זאָל קומען אָפּנעמען זיי ביי מיר. זייער געפאַנגענשאַפט וועט אים אפשר צווינגען צו אַ נייער שלאַכט. (צום אָפּיצער.) האָסט געהערט אונזער געשפּרעך, דאָס איז מיין ענטפער צו דאַריוסן. זאָג אים נאָך, איך בין דער האַר פון גאַנץ אַזיען. איך מאַך קיין שלום נישט, ער מוז זיך מיר אינגאַנצן אונטערגעבן. גיי!

אָ פּ י צ ע ר (פאַלט אויפן געזיכט, שטייט אויף און גייט אַוועק).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָרעמער גרויסער קעניג!.. איך וועל אים פּאָרלויפיק לאָזן צורו. זאָל ער איבערכאַפּן דעם אָטעם, צונויפקלייבן זיין לעצטע אַרמיי. איך וועל דערווייל פאַרנעמען אַלע לענדער ביים ברעג פון ים. פעניציען, פּאַלעסטינע, עגיפּטן. דאַריוסעס פּלאַט וועט בלייבן אָן אַ האַפן און אויפהערן צו זיין אַ פּלאַט. און פון עגיפּטן צוריק צו דאַריוסן. אויפזוכן אים, אויב ער וועט נישט אַרויסקומען צו מיר, זיין ווייב און זיין מוטער ביי מיר אָפּנעמען. די לעצטע שלאַכט מיט אים... און נישט מער דאַריוס... איך ווער האַר פון אַזיען... אומבאַשטריטענער, אומבאַשרענקטער האַר פון גאַנץ אַזיען... פון גאַנץ אַזיען... און פון דער גאַנצער... קאַליסטענעס, האָסט נאָך נישט דער־

קלערט, וואָס הייסט מענטש זיין... אָבער איך בין איצטער זייער מיד... איר וועט מיר אַנטשולדיקן, ווען איך וועל מיר אַביסל רו און שלאָף פאַרגינען. (די גענעראַלן שטייען אויף פון זייערע פלעצער.) איר וועט ווידער מיינע געסט זיין, ווען איך וועל די שלאַכט אויסשלאָפן פון מיינע גלידער. (גענעראַלן און קאַליסטענעס גייען אַוועק) העפעסטיאָן, דו בלייב. איך שלאָף שטענדיק מיט האָמער איין, ווילסטו אים מיר פאַרזאָגן?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך טרוי נישט איצטער מיין זכרון, און מיין צונג איז מיר אויך מיד. איך וועל האָמערן דיר פאַרגרייזן, און דו וועסט אַ שלעכטן חלום האָבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יאָ, אויך דו האָסט אַ רעכט גוט מיד צו זיין. איז דאָס געווען אַ שלאַכט! נאָך אַזאַ איינע, און דאַריוס איז אָפּגעווישט... אַ גרויסער טאָג געווען, העפעסטיאָן! אַ ריזנשריט פאָרויס צום ציל. גיי, העפעסטיאָן. רו. רו... דאָך אַ פּאָר שורות נאָר פון האָמער... גיי, איך וועל זיי מיר אַליין שוין פאַרזאָגן... וואַרט!.. האַהאַ!.. דאָ פעלט מיר איין. די פערסערין... די האַלבגריכין... באַרזינע.. זי קען האָמער... ברייננ זי מיר, העפעסטיאָן, און גיי און רו.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (גייט צום פּרויענפּאַווילִיאָן).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (לייגט זיך אויפן רוקן, מאַכט צו די אויגן זאָגט זיך פּאָר שורות פון האָמער).

„העקטאָר, מיר נישט, אומפאַרגעסלעכער שונא, פון אָפּמאַכם געפלוידערט!

ווי קיין בונד נישט די לייבן און מענטשן באַפריינדעט,
אויך וועלף נישט און לעמער אין שלום זיך חברן קיינמאָל..."

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (קומט צו מיט באַרזינען). דאָ איז די פערסערין, אַלעקסאַנדער, און איך גיי. זאָל דיין רו דיר וואויל באַקומען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויך דיין רו דיר, געליבטער.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (אָפּ)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מיט צוגעמאַכטע אויגן, אין האַלבן שלאָף). פערסערין, זאָג מיר עפּעס פּאָר פון האָמערן.

ב אַ ר ז י נ ע. וועלכע שטעלע, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועלכע שטעלע... וועלכע שטעלע...

ב אַ ר ז י נ ע. וועלכע שטעלע וואָלסטו געוואָלט איצטער הערן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועלכע שטעלע... זאָל זיין... זאָל זיין... אַכילעסעס ענטפער צו העקטאָרן.

ב אַ ר ז י נ ע (הייבט אָן פּאָרצוזאָגן אין רעטשיטאַטיוו מיט טאַנצבאַוועגונגען).

אַ ע ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (לייגט זיך אַוועק צום איינשלאָפן).

ב אַ ר ז י נ ע.

„פינצטער געקוקט און אָנגעהויבן האָט דער מוטיקער לויפער אַכילעס:

העקטאָר, מיר נישט, אומפאַרגעסלעכער שונא, פון אָפּמאַכס געפּלוידערט!

ווי קיין בונד נישט די לייבן און מענטשן באַפריינדעט,

אויך וועלף נישט און לעמער אין שלום זיך חברן קיינמאָל,

נאָר ביטערע שנאה טיילט אייביק פאַרנאַנדער זיי.

צווישן אונז קאָן פאַראייניקונג נישט און פאַרבינדונג נישט זיין,

מיך צו באַפריינדן מיט דער..."

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (וועלכער איז איין מאָמענט שיר נישט איינגעשלאָפן, ראַנגלט מיטן שלאָף, וועקט זיך, און פּלוצלינג רייסט ער זיך פון אים אַרויס, דרייט זיך אום צו באַרזינען, שפּאַרט זיך אָן אויף זיין האַנט און קוקט זי אָן. ענדלעך פרעגט ער זי). דו הייסט באַרזינע?

ב אַ ר ז י נ ע. דו פרעגסט, וואָס דו ווייסט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז נישט מיין געוווינהייט. פאַרוואָס האָב איך עס געטאָן?

ב אַ ר ז י נ ע. ווי קאָן איך עס וויסן, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַזוי הייבט מען אָן אַ געשפּרעך, ווען מען איז פאַרלעגן.

ב אַ ר ז י נ ע. ביזטו עס, אָ, גרויסער זיגער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז עס נישט מערקווירדיק? ענטפער מיר נישט, דאָס פרעג איך זיך אַליין. איך בין העלד פון אַ סך שלאַכטן.

העלד אָן מורא און אָן ציטער. איך זוך אויף די גרעסטע געפאַרן, בין א ביישפּיל פון מוט פאַר מיין אַרמיי. אָבער אַ טאַנצנדיקע מיידל, וועל־כע זינגט האָמער, מאַכט מיך פאַרלעגן און אומאַנטשלאָסן. באַרזינע, וועל איך אַ שלעכטן ביישפּיל געבן, ווען איך וועל דיך אַרומנעמען און אַ קוש טאָן?

ב אַ ר ז י נ ע. אומגעקערט, אָ, קעניג! ווען דו טוסט עס נישט, וועסטו אַ ביישפּיל געבן פון מוטלאָזיקייט, און איך וועל פאַראַכט ווערן פון אַלע חברטעס.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווי צו זיך). דאָס וועט הייסן מענטשלעך ווערן.

ב אַ ר ז י נ ע. וואָס האָסטו געזאָגט, אָ, קעניג?

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (לאַכט אויף). האַהאַהאַ... וואו ביזטו שטיין געבליבן אין דיין זינגען?

ב אַ ר ז י נ ע. וואו דו זעסט מיך. איך שטיי נאָך אַלץ אויף דעם זעלביקן פּלאַץ.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צולאַכט זיך). בייט דעם פּלאַץ, קום נענ־טער צו...

## צווייטע סצענע

פאַר אַלעקסאַנדערס געצעלט ביי דער דעלטאַ פון נילוס. — אַלעקסאַנ־דער גייט אום אַהין און צוריק אין גרויסער אויפרעגונג. זיינע באַגליי־טער, צווישן וועלכע עס געפינען זיך העפעסטיאָן, קליטאָס, פילאָטאָס, שטייען אין רעדלעך, פליסטערן צווישן זיך און קוקן אַלע נאָך לינקס, ווי זיי וואָלטן דערוואַרט איימיצנס אָנקום.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (קומט צו צו אַלעקסאַנדערן). זיי דאָך נישט אַזוי אויפגערעגט, אָ, אַלעקסאַנדער! דאָס קאָן קיין בייזער סימן נישט זיין. האָסטו וואָס אָפּגעטראַכט, וועט עס פאַרווירקלעכט ווערן און מיט גליקלעכן דערפאָלג.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַ דאַנק דיר, העפעסטיאָן. איך גלויב עס אויך, אָבער דאָך וויל איך הערן, ווי דער זעער, ווי אַריסטאַנדער וועט

מיר דערקלערן. ער האָט שוין דאָ געדאַרפט זיין, אויב די שליחים האָבן אים געפונען.

פ י ל אָ ט אַ ס. דאָ קומט ער, אַריסטאַנדער, זיינע אַלטע פיס גייען אומגלויבלעך שנעל.

ק ל י ט אָ ס. דעם קעניגס רוף, דעם קעניגס וואונטש, זיי זיינען פליגלען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (צו אַלעקסאַנדערן). וועסט זען, איך בין גערעכט. (אַריסטאַנדער און פטאָמאָן קומען אָנגעאיילט. פסאָמאָן בלייבט שטיין פון הינטן, ווען דער אַריסטאַנדער איילט צו צו אַלעקסאַנדערן.)

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. פרייד מיט דיר, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויב פרייד האָסטו געבראַכט. האָט מען דיר דערציילט?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. איך וויל עס פון דיר אַליין הערן, און גאַנץ אויספירלעך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין אומגעדולדיק אויף דיין ענטפער, אָבער איך וויל געדולד זיך לערנען און וועל אָנהייבן פון וויים. פון גאַנץ וויים. פון צייטן און געשעענישן, וועלכע ליגן אַזוי וויים אָפּגערוקט פון אונז, אַז מען קאָן קוים גלויבן, זיי זיינען ווירקלעך ווען געווען. וועל איך אויספירלעך זיין?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. רייד, אָ, קעניג, ווי דו געפינסט פאַר נויטיק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אין יענע אַלטע צייטן, ווען העלאַס איז נאָך פעלאַסגיאַ געווען, איז אָנגעקומען קיין אַטיקאַ קעקראָפּס אויס סאַיס פון עגיפּטן, אויס סאַיס, וועלכע ליגט דאָ פאַר אונז. די שטאָט אַטען, די שטאָלצע, מוטיקע, די וואוילגעבויטע און וואוילגעלערנטע, איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. קעקראָפּס דער עגיפּטער האָט אויף דעם פּלאַץ, וואו זי שטייט איצטער, אויסגעבויט אַ בורג, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן קעקראָפּיאַ, און פון איר איז עס שפּעטער געוואָרן אַטען. אָבער נישט דאָס אַליין האָט קעקראָפּס אויפגעטאָן. עגיפּטן איז דעמאָלט געווען אַ לאַנד פון בילדונג און חכמה און אָרדענונג, אַטיקאַ אָבער איז נאָך געווען ווילד און רוי. קעקראָפּס האָט איבערגעגעבן אירע איינוואוינער זיין עגיפּטיש וויסן און פאַראייניקט

זיי אין אַ שטאָט... וואונדערסטו זיך נישט, צו וואָס איך דערצייל עס? פּלאַצט אין דיר נישט די געדולד?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דיינע ווערטער, אָ, קעניג, זיינען מיר שטענדיק גרויסער תענוג. עס איז מיר, ווי דער גאָט וואָלט גערעדט צו מיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס הייסט חניפה, און צו שטראָף פאַר איר וועל איך דיך פּאָלגן מיט גרעסערער אויספירלעכקייט. הער דאַן ווייטער. ווי פון אַ הויכן באַרג אַראָפּ האָבן די יאָרן זיך געקייקלט; צייטן האָבן איבערגעביטן צייטן, דאָס קליינע גריכנלאַנד איז געוואָרן גרויס און קלוג און שטאַרק, דאָס גרויסע עגיפּטן איז געוואָרן קליין און נישטיק, אַ פאַרוואָרלאָזטע זייטנקאַמער אין דער גרויסער פּערסי־שער מלוכה. איך האָב עס איצטער באַפרייט פון דעם פּערסישן יאָך און וויל עס ווידער אויפריכטן. דאָס לאַנד זאָל ווידער ווערן גוט גע־פירט און רייך, נישט מער קיין עלנדע זייטנקאַמער זיין. איך וויל קעקראָפּסעס לאַנד באַצאָלן, וואָס קעקראָפּס האָט געטאָן צו אַ טייל פון אונזער לאַנד. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן אַ נייע הויפּט־ און האַפּנ־שטאָט אויפצובויען, און אַלעקסאַנדריאַ זאָל זי הייסן. און וואָס קעק־ראָפּיאַ־אַטען איז געוואָרן פאַר אַטיקאַ און גאַנץ גריכנלאַנד, זאָל אַלעקסאַנדריאַ ווערן פאַר עגיפּטן. דאָ, וואו מיר שטייען איצטער, ביים אַריינפאַל פון דעם געטלעכן נילוס אין דעם ים, זאָל די שטאָט געבויט ווערן. ווייסטו, ווער האָט דעם פּלאַן מיר אָנגעוויזן?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דיין שאַרפער בליק און די געטער, וועלכע באַגלייטן דיך אויף דיין וועג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי און האָמער.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. ווי דען האָמער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ער האָט אין חלום מיך אויפגעזוכט, אַ גרוי־קעפּיקער אַלטער בלינדער מאַן, פון וואונדערלעכן בכבודיקן אויסזען, און מיר די דאָזיקע פערזן פאָרגעזונגען:

„אַן אינזל ליגט, וואו הויך די כוואַליעס שטורמען,
מען רופט זי פאַראָס, ביי עגיפּטנס ברעג".

איך בין אויפגעשטאַנען און אוועק אַהער. קוק דיר אָן די געגנט. קיין

בעסערן פּלאַץ פאַר מיין שטאָט קאָן איך מיר נישט דענקען. אָבער ווי שטימט עס מיט דיין געדולד, אַלטער זעער?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. בין גאַנץ געהער, מיט גרויסער שפּאַנונג פאַרנעם איך יעדעס וואָרט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך קום צום סוף, מיין אומגעדולד וואַקסט אָן. איך האָב באַפוילן אויסצוליייגן דאָ דעם פּלאַן פון דער שטאָט, וועלכע איז אין מיר געבאָרן געוואָרן. אַ ליניע אַרומציען איבער איר גאַנצער גרויס, און שורות דורכפירן פאַר גאַסן, מערק און פּלעצער. ווייל קיין קרייד איז נישט געווען, האָט מען די ליניען אויסגעלייגט מיט מעל, איז פלוצלונג אָנגעפלויגן אַן אומענדלעכע צאָל פון גרויסע פייגל, ווי אַ וואָלקן אויפגעשטיגן פון טייך און ים, און האָט אויפ־געגעסן יעדעס שטויבל מעל. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, פויגל זאָלן ליבן מעל, אָבער עס איז אומנאַטירלעך, אַז פּלוצלינג זאָלן אַזוי פיל פייגל אָנפליען און אויפעסן די גאַנצע מעל. נישט אַנדערש, ווי אַ צייכן שיקן מיר די געטער, און ווי מיר שיינט, איז דער צייכן שלעכט. די געטער ווילן נישט, איך זאָל אַ שטאָט דאָ בויען. זאָג מיר, אָ, אַלטער זעער, דו אַלצוויסנדיקער דערקלערער פון די צייכן, וועלכע די גע־טער שיקן אונדז: וואָס באַדייטן די פייגל, וועלכע האָבן די מעל אויפגעגעסן פון דעם פּלאַן פון מיין שטאָט? זאָג מיר, וועל איך גיין קעגן דעם ווילן פון די געטער, ווען איך וועל די שטאָט אויפבויען. אָדער מיין ווילן איז אויך זייער ווילן?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. האָסטו שוין מיין ענטפער נישט אַרויס־געהערט פון מיין באַגריסונג? זעסטו אים נישט אויף מיין פריילעכן געזיכט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיינען די געטער מיט מיר?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. זיי זיינען עס שטענדיק געוועזן. דיין ווילן איז געטערווילן. דורך די פייגל האָבן זיי דיר געלאָזט וויסן, אַז די שטאָט, וועלכע דו וועסט דאָ אויפבויען, וועט שפּייזערין זיין און דער־נערערין פון אַ סך פעלקער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו האָסט אַן אומרו פון מיר אַוועקגענו־מען, אַריסטאַנדער, דאָס וועל איך דיר גוט באַצאָלן. איך וואָלט די שטאָט אויפגעבויט, און ווען דיין דערקלערונג וואָלט שלעכט אויך

אויסגעפאַלן. עס זאָגט מיין פאַרשטאַנד מיר: די שטאָט דאָ מוז אויפ־געבויט ווערן, זי איז נויטיק פאַר דעם נייעם אויפבוי פון דעם גאַנצן לאַנד. איך בין אויך נישט געווינט מיין ווילן צו פאַרבויגן. איך וואָלט די שטאָט געבויט, אומבאַקימערט, וואָס די געטער פּלאַנען. אָבער עס איז דאָך בעסער מיט די געטער צו גיין, ווי קעגן זיי.

פּ ס אַ מ אָ ן (טרעט צו מיט טיפער פאַרבויגונג). וועסט מיר דערלויבן, אָ, קעניג, מיין וואָרט צו זאָגן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווער ביזטו?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. פּסאַמאָן הייסט ער. איז גריכישער פילאָ־זאָף, וועלכער וואוינט שוין לאַנג אין עגיפּטן. דיינע שליחים האָבן מיך געפונען אין מיטן געשפרעך מיט אים, האָב איך אים מיטגענומען אויפן וועג דעם געשפרעך פאָרטצוזעצן, און אויך ער זאָל מיר העלפן דעם צייכן אויסצוטייטשן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. רייד, פּסאַמאָן.

פּ ס אַ מ אָ ן. האָסט געהערט, אָ, קעניג, איך האָב מיטגעהאָלפן אין דער אויסטייטשונג פון דעם צייכן פון די געטער. איך וויל נאָך צוגעבן, דו זאָלסט קיין צווייפל אין איר נישט האָבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב אים נישט.

פּ ס אַ מ אָ ן. איך וויל דיר דערקלערן, פאַרוואָס דו זאָלסט קיין צווייפל נישט האָבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווייל די אויסטייטשונג פּאַסט מיר אויסגע־צייכנט. אָבער רייד, פילאָזאָף.

פּ ס אַ מ אָ ן. אַלע מענטשן ווערן געפירט פון די געטער, און אַלץ, וואָס מענטשן טוען, איז פאַראַן געטלעכקייט. ווייל אַלץ, וואָס זיי טוען, קומט פון דעם ווילן, און דער ווילן קומט פון דעם גאָט. אויך די מענטשן, וועלכע טוען נאַר, וואָס מען הייסט זיי, טוען דאָך, וואָס די הייסער ווילן, און דער ווילן פון די הייסער און באַפוילער קומט פון גאָט. אָבער וואָס שטאַרקער דער ווילן אין אַ מענטש, וואָס גרעסער דער הייסער און באַפוילער, אַלץ מער האָט ער פון דעם גאָט אין זיך. דו ביזט דער גרעסטער באַפוילער, דיין שטאַרקער אומבויגזאַמער ווילן איז דערפאַר דער גאָט אַליין, און ווען דו ווילסט און האָסט באַשלאָסן

אויפצובויען דאָ אַ נייע שטאָט, איז דאָס שוין אויך געווען דער ווילן פון דעם גאָט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיין פילאָזאָפיע געפעלט מיר, פּסאַמאָן, און זי זאָל דיר באַלוינט ווערן. זי געפעלט מיר בעסער פאַר מיין אייגענער.

פּ ס אַ מ אָ ן. אָ, קעניג, זיי גנעדיק צו מיר און אַנטפּלעק מיר דיין פילאָזאָפיע.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זי וועט דיר, פילאָזאָף, געוויס נישט ניי זיין. צעאוס, זאָגט זי, איז דער אַלגעמיינער פאָטער פון אונדז אַלע־מען. אָבער די באַציאונג פון אַ פאָטער איז נישט צו אַלע זיינע קינ־דער גלייך. עטלעכע ליבט ער זייער שטאַרק און טוט זיי אַלץ, וואָס זיי ווילן; עטלעכע ליבט ער ווייניקער און גיט זיי אויך ווייניקער, און עטלעכע האַסט ער אפילו און לייגט אויף זיי אַרויף האַרטע שטראָפן. עס איז, ווי האָמער זאָגט: „ווער עס פאָלגט דעם געבאָט פון די געטער, דעם הערן זיי ווידער", און אין דער מאָס, ווי מיר פאָלגן די געטער, אין דער מאָס ליבן זיי אונדז.

פּ ס אַ מ אָ ן. איך באַוואונדער דיין דענקען, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָ, ניין, מיין פילאָזאָפיע האָט מיך אין אומרואיקייט געהאַלטן. וואָרים ווי קאָן איינער שטענדיק וויסן, וואָס די געטער ווילן פון אים, ווי קאָן ער שטענדיק געדענקען זייערע גע־באָטן? האָב איך נישט געמוזט אַרומגיין אין שרעק, פּיליכט זינדיק איך קעגן די געבאָטן פון דעם גאָט? דיין פילאָזאָפיע איז אַ סך ריכ־טיקער, פאַר מיר ריכטיקער און צוגעפּאַסטער. איך נעם זי אָן, ווי זי וואָלט דער גרעסטער אמת געווען. מיין ווילן איז פון גאָט, איז גאָט, מוז דערפאַר דורכגעפירט ווערן, וועט דורכגעפירט ווערן. פאַרנעמט מיך אַלזאָ, מיינע גענעראַלן! גאַנץ עגיפּטן — אונטערעגיפּטן און אויבערעגיפּטן — האָט זיך מיר אונטערגעגעבן. עס בלייבט מיר נאָך צו ברענגען דאָ אונטער מיין הערשאַפט איין פּונקט, וועלכער איז פון גרויסער באַדייטונג פאַר דעם האַנדל און פאַר דער האַלטונג פון די לענדער ביים נילוס. דער פּונקט ליגט ווייט, און דער וועג צו אים איז אַ זייער שווערער. איך האָב געהאַט מיינע צווייפלס, צי זאָל איך זיך אהין באַגעבן. איצטער האָב איך מער די צווייפלס נישט. איך וויל,

וועט עס זיך מיר איינגעבן. מיר גייען צו דער אַאַזע פון אַמון אין דער ליבישער וויסטע.

גענעראַלען. ווי?! — וואָס?! אָ, קעניג!

פילאָטאַס. האָסטו באַטראַכט אַלע געפאַרן?

אַלעקסאַנדער. נישטאָ זיי פאַר מיר.

פילאָטאַס. אַ וועג פון לאַנגע טעג אָן וואַסער.

אַלעקסאַנדער. מיינע וויינטרינקער וועלן צופרידן זיין.

פילאָטאַס. דו שפּאַסט.

אַלעקסאַנדער. דו האָסט מורא, בלייבסטו דאָ,

פילאָטאַס. דיר איז דאָך געווים באַקאַנט, וואָס עס האָט געטראָפן דאָרטן מיט דער אַרמיי פון דעם פּערסישן קעניג קאַמביזעס?

אַלעקסאַנדער. מיט דעם רייצסטו מיך נאָך מער. וואָס קאַמביזעסן איז נישט געלונגען, וועט געלינגען אַלעקסאַנדערן.

קליטאָס. וואָס האָט דען מיט קאַמביזעסן געטראָפן?

אַלעקסאַנדער. קאַמביזעס איז געווען אַ שלימזל. ער האָט נאָר איינמאָל אַרויסגעצויגן זיין שווערד, האָט ער זיך מיט אים אַליין אויף טויט דערשטאָכן.

קליטאָס. דאָס איז מיט אים געשען אין דער וויסטע?

אַלעקסאַנדער. ניין, דאָס איז מיט אים געשען שפּעטער. ווי ווייניק דו קענסט געשיכטע, קליטאָס! אין דער וויסטע האָט ער פאַרלאָרן אַן אַרמיי פון פופציק טויזנט מאַן.

קליטאָס. אומגעקומען פון דורשט אָדער פון שווערד?

אַלעקסאַנדער. פון עטוואָס ערגערס נאָך. אַ שרעקלעכער זידווינט האָט אויפגעהויבן דעם זאַמד פון דער וויסטע ווי דאָס וואַסער פון דעם ים און באַדעקט מיט אים און פאַרשלונגען די גאַנצע קאַמביזעסעס אַרמיי. איך גיב צו, דאָס איז אַ שווערער טויט.

קליטאָס. און צו דעם טויט ווילסטו גיין?

אַלעקסאַנדער. ניין, איך גיי צו דער אַאַזע אַמון.

קליטאָס. איך וועל נישט ציטערן פאַר זיך, ווייל איך וויל מיטגיין מיט דיר און ציטערן פאַר דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיין טרייער קליטאָס, איך האָב געוואוסט, דו וועסט פון מיר נישט אָפּשטיין. אויב איימיצער פון אייך וויס נאָך מער געפּאַרן און שווערערע, באַגראָבט זיי טיף אין בוזים. איר וועט נאָך מער מוט מיר צוגעבן און שטאַרקן מיר מיין ווילן.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. וועסטו מיר, אָ, קעניג, באָרגן אויף אַ קליינער ווילע דיינע אויערן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַלט מיך נישט אויף, אָ, זעער! דער ווייסטנוועג ברענט שוין אין מיר.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. אויף אַ קליינער ווילע בלויז, אָ, קעניג, און אונטער פיר אויגן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מאַכסט מיך נייגעריק, אַלטער. איר האָט געהערט, מיינע פריינט, איך שיק אייך נישט אַוועק, דאָס טוט דער אַלטער אריסטאַנדער. (די גענעראַלן דערווייטערן זיך.) העפעסטיאָן, דו בלייב, פון דיר האָב איך קיין סודות נישט. וועס עס נויטיק זיין, וועל איך מיט מיין זיגלרינג דיינע ליפּן דיר פאַרשליסן. רייד, אַרי-סטאַנדער, ווי איך וואָלט דאָ געווען אַליין.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. אָ, קעניג, דאָס איז אויך דער סוד פון דיין מוטער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. העפעסטיאָן לייענט ביי מיר אַלע אירע בריוו. רייד, אַריסטאַנדער.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו וועסט איצטער גיין, אָ, קעניג, צו דער אָאַזע אמון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז דאָס דיין סוד, אַלטער?

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. אין דער אָאַזע געפינט זיך דער אָראַקל פון דעם גאָט צעאוס־אמון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס וויסן קליינע קינדער.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו אָבער מוזט וויסן מער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אַ ווילע שאַרף אָנקוקנדיק דעם זעער). פון מער וויל איך נישט וויסן.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו וועסט עס הערן פון דעם אָראַקל.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. נישט סודות הער איך, נאָר רעטענישן.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נאַרישקייטן.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. נישט נאַרישקייטן, אָ, קעניג! נישט פיליפּ, נאָר דער גאָט צעאוס-אַמון איז דיין פאָטער. פון אים האָט דיין מו־טער דיך געהאַט. אין דער געשטאַלט פון אַ שלאַנג איז ער צו איר געקומען, דער פילגעשטאַלטיקער, און האָט זי באַשלאָפן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (אין גרויסן שרעק).·אָ, געטלעכער!

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַרגעס עס, העפעסטיאָן! רעד דערפון נישט מער, אַריסטאַנדער! און ביידן פאַרבאָט איך דאָס צו גלויבן. איך בין אַלעקסאַנדער דער זון פון פיליפּ! אָדער ווילט איר, איך זאָל אויפהערן צו זיין אַלעקסאַנדער? און איך וויל זיין אַלעקסאַנדער, בלויז אַלעקסאַנדער.

א ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו ביזט עס, ווייל דו ביזט...

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר· רייד נישט!

א ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דו וועסט עס פון דעם אָראַקל הערן. אָדער וועסטו איצט צו אים נישט גיין?

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויב דו ווילסט דערמיט מיך אָפּהאַלטן פון צו גיין אין דער וויסטע, וועט עס דיר נישט געלינגען. איך וועל גיין און וועל מיט דעם אָראַקל רעדן, און גאָרנישט וועט זיך ענדערן. מיין ווילן איז גאָט, איך וויל קיין געטערזון נישט זיין!

## דריטע סצענע

אין טעמפּל פון צעאוס־אַמון. דער אויבערפּריסטער שטייט פאַר דעם אָראַקל, רעכטס און לינקס פון אים שטייען זיינע פּריסטער. פאַר אים אַלעקסאַנדערס גענעראַלן. מיט קראַטעראָס, קליטאָס, פּערדיקאַס, פּטאָלאָמעאָס אין פאָרויס.

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. זייט מיר געגריסט, מאַקעדאָניער און העלענער! אין נאָמען פון צעאוס־אַמון באַגריס איך אייך! פאַרוואָס קומט נאָך אייער קעניג אַלעקסאַנדער נישט אַריין?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ער לאָזט פאַר זיך דעם חיל פאַרביימאַרשירן. ער וויל זען, צי פעלט נישט איינער, צי איז נישט ווער אין דער וויסטע פאַרלאָרן געגאַנגען.

אויבערפּריסט. דער גוטער פּאַסטעך, ווי זיין פאָטער.

קליטאָס. יאָ, ער איז אין זיין פאָטער גאַנץ געראָטן.

אויבערפּריסט. דו האָסט געזאָגט מער, וויפל דו ווייסט. דאָך דערציילט מיר וואָס פון אייער גאַנג. עס איז דער וועג, אויף וועלכן אַ גרויסע אַרמיי האָט זיך אַמאָל דערוועגט צו גיין און איז נישט דערגאַנגען. ווי זייט איר דערגאַנגען?

פּערדיקאַס. קיין איינער פעלט אונז נישט.

אויברפּריסט. האָט איר פון דורשט געליטן?

פּערדיקאַס. דאָס וואַסער, וואָס מיר האָבן מיטגענומען, איז אונז איבריק געווען. די געטער זיינען געווען גוט צו אונז און האָבן אַ סך רעגן אונז געגעבן.

אויבערפּריסט. דאָס האָב איך דערוואַרט און אויך אַנדערע וואונדער נאָך. דער זאַמד האָט זיך נישט גערירט?

קראַטעראָס. פון רעגן צונויפגעקלעבט, איז אויף אים גע־וועזן לייכט צו גיין.

אויבערפּריסט. און ווי איז אייך געווען צו אָטעמען אין דער וויסטע־לופט?

קליטאָס. דער רעגן האָט זי אונז אָפּגעפרישט.

אויבערפּריסט. און נאָך וואונדער? און נאָך? ווי האָט איר דעם וועג אַהער געפונען?

פּערדיקאַס. יאָ, דאָס איז דאָס גרעסטע וואונדער — עס שיינט, דו ווייסט דערפון. ראָבן זיינען געפלויגן פאָרויס און אונז דעם וועג געצייגט.

פּטאָלאָמעאָס. ניין, דאָס גרעסטע וואונדער איז, אַז ווען איינער פון דעם חיל האָט אין דער נאַכט פאַרבלאָנדזשעט, האָבן די ראָבן נישט אויפגעהערט צו קראַקען און מיט זייער געשריי אים צו־ריק געבראַכט.

אויבערפּריסט. דאָס אַלץ האָב איך דערוואַרט. די וואונ־דער זיינען פיל, וועלכע דער גאָט קאָן זיין געליבטן זון דערווייזן.

אַלעקסאַנדער (באַגלייט פון העפעסטיאָן, אַריסטאַנדער און טראַבאַנטן, קומט אַריין)

אויבערפּריסט (צוזאַמען מיט די אַנדערע פּריסטער). זיי געגריסט און געבענטשט, אָ, געטלעכער קעניג, אין נאָמען פון דיין פאָטער אמון!

אַריסטאַנדער (פליסטערט אַרויס). האָסט געהערט, אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. זיי דו געגריסט, געטלעכער פּריסט, און געבענטשט זיי דער גאָט, וואָס איז אונזער אַלעמענס פאָטער. בין געקומען אהער מיט קרבנות אים צו דאַנקען פאַר די וואונדער, וועלכע ער האָט אונז באַוויזן אויף דעם וועג דורך דער וויסטע. און ווייל איך בין שוין דאָ, וויל איך אויך ענטפערס פון אים אויף פראַגן, וועלכע איך האָב צו פרעגן.

אויבערפּריסט. פרעג זיי, אָ, מיין זון!

אַלעקסאַנדער. ענטפער מיר, אָ, געטלעכער פּריסט: וועט די וועלט־מלוכה מיינע זיין?

אויבערפּריסט. קיין קעניגס מלוכה איז נאָך אַזוי גרויס נישט געווען.

אַלעקסאַנדער. קיין קעניג האָט די גאַנצע וועלט נאָך נישט באַהערשט, אויך דער פּערס האָט בלויז אַ טייל. איך קאָן צו זיין טייל נאָך אַ טייל צוגעבן — דאָס וועט זיין די גרעסטע מלוכה, דאָך אַלץ נאָך נישט די גאַנצע וועלט. ענטפער קלאָר מיר: וועט די וועלט־מלוכה מיינע זיין?

אויבערפּריסט. ווען דו וועסט וועלן.

אַלעקסאַנדער. דאָס איז דער ענטפער, וועלכן איך האָב געוואָלט הערן. וועסט פאַר אים גוט באַצאָלט ווערן.

אויבערפּריסט. איך זאָג, וואָס דער גאָט רעדט פון מיר אַרויס.

אַלעקסאַנדער. נאָך אַ פראַגע, אָ, געטלעכער פּריסט. מיין פאָטער ווי דו ווייסט, איז דערמאָרדעט געוואָרן פון פאַרברעכערישער האַנט...

אויבערפּריסט. זאָג עס נישט, אָ, געטלעכער זון! דיין פאָטער האָט נישט געקאָנט דערמאָרדעט ווערן. ער איז נישט שטערבלעך.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך ווייס, אַז פיליפּ איז אומשטערבלעך און וועט אייביק אין זיינע מעשים לעבן. אָבער דאָך האָט אַ מערדע-רישע האַנט אים אַוועקגענומען פון אונז און פאַרקירצט די גרויסע טאַטן, מיט וועלכע ער וואָלט זיין אומשטערבליכקייט באַפעסטיקט. איך האָב זיינע מערדער באַשטראָפט. איך גלויב, אַלע, וועלכע זיינען אין דעם מאָרד פאַרמישט געווען, האָבן זייער שטראָף געקראָגן, דאָך בין איך אין דעם נישט זיכער. ענטפער מיר, אָ, געטלעכער פּריסט, איז נאָך ווער פון מיין פאָטערס מערדער געבליבן אומבאַשטראָפט?

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. קיין איינער נישט, דיין שטראָף האָט זיי אַלעמען דערגרייכט. דאָך פיליפּ איז נישט געווען דיין פאָטער. דער גאָט, צו וועמען דו ביזט אַהער געקומען, איז געווען דיין פאָטער, אַלס שלאַנג פאַרשטעלט איז ער געקומען צו דיין מוטער. (די פּריסטער לאָזן זיך אַראָפּ אויף די קני. באַוועגונג צווישן די גענעראַלן.)

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. דאָ האָסטו עס. אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניין!

ק ל י ט אָ ס. אַ שלאַנגען-צונג קאָן אַזוינס אַרויסרעדן!

פּ ע ר ד י ק אַ ס. פיליפּ האָט אַליין געקענט אַ ווייב באַשלאָפן, ער האָט קיין מיטשלאָפער נישט באַדאַרפט!

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. פיליפּ איז געווען גרויס גענוג, אַז אַלעק-סאַנדער אַרויסצובורענגען.

ק ל י ט אָ ס. ווען די מערדער-האַנט וואָלט אים נישט אומגע-בראַכט, וואָלט ע ר דאָ איצטער פאַר דיר געשטאַנען, נישט זיין זון, וואָלסטו יעמאָלט אויך דיין שלאַנגען-גיפט אַרויסגעשפּיגן?

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. וואָס האָט איר זיך צעשריען, איר מענער? גלויבט איר נישט דעם גאָט?

פּ ע ר ד י ק אַ ס. מיר גלויבן נישט זיין פּריסט.

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. איר באַליידיקט דעם גאָט, וועלכער רעדט פון מיר אַרויס.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. פון דיר רעדט דער ווין אַרויס, מיט וועלכן דו האָסט זיך באַזאָפן.

ק ל י ט אָ ס. זאָג אים, אָ, קעניג, וואָס דו דענקסט פון אים?

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. האָב איך איצטער פאַלש גערעדט, איז פאַלש אויך מיין וועלט-מלוכה-שפּרוך!

ק ל י ט אָ ס. אָ, קעניג, זאָג אונז, וואָס דו דענקסט!

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. איר אומגלויביקע, אייער וועג אהער איז פול געווען מיט וואונדער — מיינט איר, אַז די וואונדער זיינען צוליב אייך געשען? אַז צוליב אייך האָט זיי דער גאָט דערוויזן? אייך האָט געפירט אמונס זון, און זיין פאָטער האָט אים באַשיצט דורך זיינע וואונדער.

ק ל י ט אָ ס. אָ, קעניג!...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (פאַרלאָרן אין געדאַנקען). וואָס איר האָט איצט געהערט, ווייס איך שוין פון לאַנג.

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. איך האָב עס דיר אַנטפּלעקט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניין, איך האָב עס פריער נאָך געוואוסט און פאַרגעסן עס געוואָלט, און האָב עס אויך פאַרגעסן. איך האָב נישט געוואָלט זיין קיין געטער־זון.

ק ל י ט אָ ס. און איצטער, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נישט מיין קלוגהייט האָט אַראָפּגעבראַכט דעם רעגן אין דער וויסטע, אונז דעם דורשט צו שטילן. און נישט מיין מוט האָט צוזאַמענגעטריבן די ראָבן, צו ווייזן אונז דעם וועג אהער. דאָס איז געקומען פון אַ העכערער מאַכט. דער פּריסט האָט זי אונז דערקלערט.

ק ל י ט אָ ס. וועסט זיך אָפּזאָגן פון דיין פאָטער פיליפּ?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַר אייך, מיינע פריינט, וועל איך שטענדיק פיליפּס זון זיין.

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. ביזט גאָט אמונס זון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָ, געטלעכער פּריסט, איך וועל דיר נישט פאַרבאָטן דער וועלט דאָס צו דערקלערן. פאַרבאָט דו מיר נישט אַלס פיליפּס זון צו גיין. אויך פיליפּ איז, ווי דו האָסט דאָ געהערט, אַ גרויסער יחוס. גיי, פּריסט, זיי מקריב די קרבנות.

א ו י ב ע ר פּ ר י ס ט. זיי וועלן דיין פאָטער זייער געפעלן זיין. (אָפּ מיט די אַנדערע פּריסטער.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס שטייט איר אַלע אַזוי אָנגערוקט און אָנגעבלאָזן? זע איך איצטער אַנדערש אויס? רייד איך איצטער אַנדערש?

ק ל י ט אָ ס. וועסט פון וועג אַראָפּ, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. עפּעס ענלעכס האָב איך אַמאָל געהערט.

ק ל י ט אָ ס. דיאָגענעס איז געווען גערעכט. דו וועסט זיך פאַרלירן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיאָגענעס... אַ דאַנק דיר, וואָס דו האָסט אים מיר דערמאָנט. איך טראַכט אָפּט פון אים, אָבער איצטער איז ער מיר אַרויס פון זינען. דיאָגענעס... פאַרליר איך זיך, ווען איך האָב דעם פּריסט געלאָזט רעדן? האָב איך אַלס פיליפּס זון וויניקער גע־וואָלט, ווי אַמונס זון וועט וועלן? וועט דער וועג פון אַמונס זון אַן אַנדערער זיין ווי דער וועג פון פיליפּס זון? איך בין פריער פון אַלץ אַלעקסאַנדער, און אַלעקסאַנדער וועל איך בלייבן. זייט איר מיט דעם נישט צופרידן, מיינע פריינט?

ק ל י ט אָ ס. מיר האָבן פיליפּן געליבט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און איך נישט וויניקער פון אייך, און וועל אים ווייטער ליבן. איך בין פיליפּס זון, נאָר וועט מלוכה־קלוגהייט פאָדערן, וועט אַמונס זון רעגירן און באַפוילן. פילייכט וועלן די פעלקער זיך בעסער פאַראייניקן אונטער דעם גאָטס זון, ווי אונטער פיליפּס. גלעט אויס אייערע שטערנס. מיר וועלן די אָאַזע באַלד פאַר־לאָזן אויף אַ נייעם וועג מיט נייע וואונדער. אין אַזיען טרעפן מיר זיך צום לעצטן מאָל מיט דאַריוסן און איך פאַרשפּרעך אייך גרויסע פריי־לעכקייט. איר האָט'ס געהערט? פיליפּס זון אָדער אַמונס זון — אַלעקסאַנדער פאַרשפּרעכט אייך זיג און פריילעכקייט.

# דריטער אַקט

## ערשטע סצענע

דער טעפּין־באַפּוצטער טרינקזאַל אין דעם פּאַלאַץ פון די פּערסישע מלכים אין פּערסעפּאָליס. הינטן דער קעניגלעכער טראָן פון פּערסיען אונטער אַ גאָלדענער חופּה; רעכטס און לינקס פון טראָן ציען זיך נאָך פּאָרנט שורות פון ליג־דיוואַנען. — די סעודה האָט זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. אַלעקסאַנדער איז נאָך נישטאָ, און די געסט זיינען צו־שפּרייט איבערן זאַל. גאַנץ הינטן שטייט אַ גרופּע גענעראַלן אַרום פּילאָטאַסן. פּאָרנט שטייען אַרום קאַליסטענעסן די גענעראַלן קראַטע־ראָס קליטאָס, פּערדיקאַס, פּטאָלאָמעאָס און אַנדערע, ווי אויך אַסך פרויען, די געליבטע פון די איינגעלאַדענע גענעראַלן. צווישן זיי געפינען זיך דאָ אַנטיגאָנע, די געליבטע פון פּילאָטאַס, העראַ, די געליבטע פון קראַטעראָס, און טאַיס, די געליבטע פון פּטאָלאָמעאָס.

קאַליסטענעס. עס וועט זיין די צווייטע איליאַדע, און האָמער וואָלט זי בעסער נישט געמאַכט. וואָס האָב איך געזאָגט? ניין, מיין צונג האָט נישט גערעדט, וואָס דער געדאַנק האָט איר אונטער־געזאָגט. עס וועט זיין אַן אַלעקסאַנדריאַדע, וועלכע וועט האָמערס איליאַדע גאַנץ פאַרטונקלען. איך באַדויער בלויז, און דאָס מאַכט מיך טרויעריק, וואָס עס וועט נישט זיין מער קיין אַלעקסאַנדער, וועלכער זאָל מיין ווערק אַזוי הייליק האַלטן, ווי אַלעקסאַנדער די שאַפונג פון האָמער.

פּטאָלאָמעאָס. דו לויבסט דיין ווערק און זינגסט עס אונז נישט פאָר. דו זינג עס בעסער און לאָז דאָס לויבן אונז.

קאַליסטענעס. האָט אַלעקסאַנדער זיין אַרבעט שוין גע־ענדיקט? ער האַלט זי נאָך אינמיטן, און איך וואַרט אָפּ, ביז ער וועט זי פאַרענדיקן.

פ ע ר ד י ק א ס. די געטער ווייסן, ווען ער וועט זי פאַרענדיקן, און דו ליבסט דיין אַרבעט שוין, ווי זי וואָלט אָפּגעטאָן געווען.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. דער געדאַנק אַליין איז שוין פון דער גרעסטער גרויס. איך מעג מיין קאָפּ טראָגן שטאָלץ און הויך, איך מעג אַרומגיין גאַווהדיק און אויפגעבלאָזן — איך, קאַליסטענעס, האָב אַן אַלעקסאַנדריאַדע פאַרטראַכט.

ק ל י ט אָ ס. גוט, וואָס ער זאָגט נישט, ער האָט אַלעקסאַנדערן אַליין פאַרטראַכט.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. לאַך נישט, קליטאָס, איך וועל דיך אויך פאַראייביקן.

ק ל י ט אָ ס. דו מיך פאַראייביקן?!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אין דעם צווייטן קאַפּיטל פון מיין אַלעקסאַנדריאַדע באַזינג איך די שלאַכט ביי גראַניקאָס — דאָס ערשטע קאַפּיטל באַהאַנדלט די פריערדיקע טאַטן פון אַלעקסאַנדערן און דעם איבערגאַנג איבער העלעספּאָנט — באַזינג איך דיך, אָ, קליטאָס, מיט די פייערדיקסטע ווערטער. ווי דו האָסט אין דער שלאַכט ביי גראַניקאָס די האַנט אָפּגעהאַקט פון דעם פּערס ספּיטרידאַטעס, וועלכער האָט פון הינטן אויפגעהויבן זיין שווערד אויף דעם אומבאַדעקטן קאָפּ פון אַלעקסאַנדערן.

ק ל י ט אָ ס. פאַראייביקסט דו מיך, שרייבערל? דאָס האָט מיין טאַט מיך שוין.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. זיי נישט אַזוי זיכער, קליטאָס. איך קאָן אין מיין אַלעקסאַנדריאַדע אַן אַנדערן דערמאָנען, אַז יענער האָט די טאַט באַגאַנגען, מעק איך פון דער אייביקייט דיך אויס.

ק ל י ט אָ ס. איך לאַך פון דעם!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אָ, קליטאָס, די מענטשן מיט דעם שרייב־געצייג זיינען מעכטיקער פאַר אונז. מיר זיינען אין זייערע הענט צו גוטן און צו בייזן. ווילן זיי, מאַכן זיי אונז פאַר די גרעסטע העלדן, וואָס יעדער איינער פון אונז האָט אַ גאַנצע אַרמיי באַזיגט. ווילן זיי, זיינען מיר פייגלינגס, פּחדנים, וועלכע אַנטלויפן ביים אויפבליץ פון אַ שווערד. זיי גוט צו זיי, קליטאָס, און דיינע העלדן־טאַטן וועלן אָנוואַקסן אויפן חשבון פון אַ סך אַנדערע.

אַ נ ט י ג אָ נ ע (צו דער לעבן איר שטייענדיקער העראַ). ווי די טאַטן פון אַלעקסאַנדערן אַליין.

ה ע ר אַ. ווי מיינסטו עס?

אַ נ ט י ג אָ נ ע אָ, איך ווייס שוין, וואָס איך רעד!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (האָט געהערט אירע ווערטער און קוקט זי אָן גאַנץ פאַרוואונדערט).

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. וואָס פאַר אַ געזאַנג וועט די שלאַכט ביי איסאָס זיין, און וואונדערלעכער נאָך די שלאַכט ביי אַרבעלאַ און גאוגאַמעלאַ. צו דער גרעסטער הויך שטייגט אַלעקסאַנדער דאָרט אַרויף, איר אַלע שטייגט אים נאָך, נאָר פאַרמעניאָ אַליין, דער אַלטער גענעראַל, וועט אַרויסקומען פאַרקלענערט.

אַ נ ט י ג אָ נ ע (צו העראַן). איז פילאָטאַס דאָך גערעכט. ער און זיין פאָטער פאַרמעניאָ מוזן פאַרקלענערט ווערן, אַלעקסאַנדער זאָל אויסזען גרעסער.

ה ע ר אַ. אָ, זאָג עס דאָך נישט, אַנטיגאָנע!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (מאַכט אַ נאָך מער פאַרוואונדערט געזיכט און קוקט אַנטיגאָנע שאַרף אָן).

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אַ מיליאָן סאָלדאַטן האָט דער דאַריוס, און פופציק טויזנט בלויז דער געטלעכער אַלעקסאַנדער — איר הערט, ווי די איינפאַכע ווערטער זינגען זיך אַרויס! און מעכטיקער שטייגט אָן מיין געזאַנג — ביי פאַקל־שיין באַזעט דאַריוס זיינע סאָלדאַטן, ווי דער הימל אין אַ שטערן־נאַכט זעט דאָס שלאַכטפעלד אויס, באַזייט מיט דאַריוסעס פאַקלען.. אָבער אַלעקסאַנדערס סאָלדאַטן שלאָפן רואיק מיט דער רואיקייט פון זייער העלד און פירער, וועלכער ברייינגט גראָד קרבנות צו זיין גאָט. נאָר דער אַלטער גענעראַל פאַרמעניאָ איז אומרואיק, ווייל עס שרעקט אים דאַריוסעס מיליאָן. ער איילט צו אַלעקסאַנדערן און וויל אים איבעררעדן צו אַ באַנאַכטיקן איבערפאַל אויף דעם שונא. דאָך דער יונגער געטלעכער העלד ענטפערט שטאָלץ: „איך וועל ניט גנבענען קיין זיג!" און ווי אַ גאָט אין זיין זיכערקייט לייגט ער זיך רואיק שלאָפן. איז דאָס נישט אַ גאָנץ וואונדערבאַרער געזאַנג?

פ ע ר ד י ק אַ ס. דאָס זיינען טאַטן, קאַליסטענעס.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. אויך האָמער האָט טאַטן בלויז באַזונגען.

אַ נ ט י ג אָ נ ע (צו העראַן). איך הייב שוין אָן צו צווייפלען אין אַכילעסן, וועלכן האָמער באַזינגט אַזוי.

ה ע ר אַ. וואָס איז דיר, אַנטיגאָנע?

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. וואָס גרעסער די מעשים פון דעם העלד, אַלץ גרעסער שטייגט דער דיכטער. איך האָב נאָך קיין וואָרט נישט אויפגעשריבן, און בין שוין פול פון דער הערלעכקייט פון מיין געזאַנג.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. בלאָז זיך דאָך אַזוי נישט אויף, מיין ליבער קאַליסטענעס. די מעשים זיינען דאָך נישט דיינע.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. איך בין שטאָלץ, וואָס איך וועל זיי פאַר-הערלעכן. איך פיל אין יעדער איינצלהייט דעם וואונדער־קלאַנג פון מיינע פערזן. עס שלאָפט דער יונגער העלד, נאָר אומגעדולדיק איז פּאַרמעניאָ. עס האַלט נישט אויס דער אַלטער מאַן און וועקט ענדלעך אויף דעם געטלעך-מוטיקן שלעפער. „ווי קאָנסטו אַזוי פעסט שלאָפן, ווי דו וואָלטסט שוין דער זיגער זיין?" „איך בין עס", ענטפערט דער מוטיקער, דעם שלאָף פון די אויגן פאַרטרייבנדייק. „איך האָב שוין געזיגט, ווען איך דאַרף נישט אַרומלויפן נאָך דאַריוסן, ווי נאָך דעם ווינט אין פעלד." די לעצטע פאַרגלייכונג איז נישט אַלעקסאַנ-דערס, אָבער דערפאַר בין איך דער דיכטער.

אַ נ ט י ג אָ נ ע (צו העראַן). און ליגנער.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. און דערנאָך ווייטער. די שלאַכט גייט אָן, אַלעקסאַנדער אויף זיין בוצעפאַלאָס. רואיק און העלדיש, דעם שפּיז אין דער לינקער האַנט, די רעכטע האַנט אויפגעהויבן צום הימל, פון די געטער אַרויספאָדערנדיק זייער הילף: „בין איך ווירקלעך דער זון פון צעאוס-אַמון, באַווייזט עס מיר מיט אייער פריינטשאַפט!"

ק ל י ט אָ ס. דאָס זאָלסטו בעסער אויסלאָזן, דיכטער!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. האָהאָ, דאָס וועט זיין אַן אויפשטייג אין מיין געזאַנג, אַן אויפשטייג ווי נאָר זעלטן. און ווי ער שטייט אַזוי אין מוטיקן געשפּרעך מיט די געטער, קומט געריטן מיט שרעק אַ שליח פון פּאַרמעניאָ.

אַ נ ט י ג אָ נ ע. ווידער פּאַרמעניאָ!

קאַליסטענעס. און עס שטאַמלט דער שליח: פּאַרמעניאָ בעט הילף און פאַרשטאַרקונג, אַז נישט איז דאָס גאַנצע געפּעק באַלד פאַרלאָרן! און עס ענטפערט דער אומפאַרגלייכבארער העלד: „זאָג פּאַרמעניאָן, אַז ער מוז נישט זיין ביים זינען, ווייל ער האָט פאַרגעסן אין זיין שרעק, אַז סאָלדאַטן, ווען זיי זיגן, נעמען אָפּ דעם שונאס געפּעק. און ווען זיי פאַרלירן, האָבן זיי נאָר איין זאַך צו טאָן: מוטיק צו קעמפן און שטאַרבן מיט ערע.״ די דאָזיקע ווערטער זיינע וועל איך נאָך באַפּוצן.

קראַטעראָס. זיי זיינען שיין גענוג.

טאַיס. האָסטו, אָ, נייער האָמער, אויך פרויען אין דיין געזאַנג און באַזינגסט אַלעקסאַנדערס ליבע צו זיי?

פּטאָלאָמעאָס. ער באַזינגט בלויז טאַטן, און ליבע-טאַטן האָט אַלעקסאַנדער נישט באַגאַנגען. (געלעכטער.)

קאַליסטענעס. דו האָסט אויף אַ גוטן געדאַנק מיך אַרויפגעבראַכט, אַטענעריין. עס איז אַ גרויסע שווערע טאַט אַפראָדיטען בייצושטיין, און אַלעקסאַנדער האָט דאָס אויך געקאָנט. דאָס זאָל באַזונגען ווערן.

טאַיס. וואַרט נאָך אָפּ, אַלעקסאַנדער האָט נאָך נישט פאַרענדיקט.

קאַליסטענעס. אָ, איך הער שוין דעם געזאַנג, די ווערטער נעמען זיך אין מיר צוזאַמען. פרעמד זיינען דעם געטלעכן די פרויען געווען, ערדיש און נישטיק ווי גולמס פון ליים... דאָס מוז איך מיר גלייך פאַרשרייבן.

טאַיס. פּאַס אויף, דער צווייטער פערז קאָן נאָך אַנדערש קלינגען. ער קאָן נאָך איינע טרעפן...

קאַליסטענעס. מיין העלד איז נישט-פאַרוואונדבאַר.

טאַיס. אָ, עראָס, ער לעסטערט דיך! דו שטאַרקסטער פון אַלע געטער, צייג אים, אַז אויך אַלעקסאַנדער מוז דיין מאַכט זיך בויגן, און באַשטראָף דעם לעסטערער מיט דיין פייל, ער זאָל זיך אין אַ קו פאַרליבן! (געלעכטער.)

קאַליסטענעס. דיין תּפילה איז אומזיסט, טענצעריין, דאָך

גיכער קאָן איך זיך אין אַ קו פאַרליבן, ווי אַלעקסאַנדער זאָל פאַר־ליבן זיך אין דיר.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. דאָס קאָנסטו רואיק זאָגן. טאַיס איז מיינע, און אַלעקסאַנדערן זיינען הייליק די געפילן פון זיינע גענעראַלן.

ט אַ י ס. און זאָל אַלעקסאַנדער פאַרליבן זיך אין מיר, וועל איך זען, ער זאָל דיר אויסשניידן דיין צונג.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ווייס איך, אַז איך וועל שוין שטאַרבן מיט מיין צונג.

ט אַ י ס. אָדער דורך דיין צונג.

פּ ע ר ד י ק אַ ס. דאָס קלינגט שוין ווי אַן אָראַקל־שפּרוך.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָ, טאַיס, ווי ווּעסטו אויסזען אין זיין געזאַנג!

ט אַ י ס. איך קאָן פאַרזיכערן, ער וועט אים נישט דיכטן, ווי ער דענקט. (באַוועגונג ביים אַריינגאַנג.)

ט ר אַ ב אַ נ ט ן (רופן אויס). פאַרנעמט די פּלעצער, געערטע געסט! דער קעניג קומט. (די פאַרשיידענע גרופּן צעגייען זיך פונאַנ־דער.)

אַ נ ט י ג אָ נ ע (צו העראַן ביים צושיידן זיך). איך וואונדער זיך נישט, וואָס אַלעקסאַנדער איז אַזוי צו פרויען: ער איז נאָך גאָר אַ יינגל. זיינע גרויסע טאַטן זיינען גאָר די טאַטן פון פילאָטאַס און פאַרמעניאָ. ווען נישט זיי וואָלט ער אפילו קעניג נישט געווען.

ה ע ר אַ. ווי קומסטו דאָס צו זאָגן!

אַ נ ט י ג אָ נ ע. פילאָטאַס האָט עס מיר... (באַמערקט, אַז קראַ־טעראָס הערט זיך צו, און פאַרכאַפּט זיך.) אָ, איך מוז שוין צו פילאָ־טאַס! (איילט אַוועק.)

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. גאַנץ מערקווירדיק איר געשפּרעך.

ה ע ר אַ. האָסט געהערט?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. יעדעס וואָרט. אַלעקסאַנדער מוז עס וויסן. (גייט מיט איר נענטער צום טראָן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קומט אַריין, באַגלייט פון גענעראַלן און

טראַבאַנטן. די געסט באַגריסן אים מיט פריילעכע אויסרופונגען. ער גייט צום טראָן, בלייבט פאַר אים שטיין, באַקוקט, באַטראַכט אים, גייט ענדלעך צו אים אַרויף און זעצט זיך אויף אים. אַ פרייד־געשריי ברעכט אויס. ווען דער פרייד־געשריי לייגט זיך, הייבט אָן אַלעקסאַנדער מיט פעסטער הערשער־שטימע): דאַריוס איז נישט מער קעניג, דאָס הויז פון אַכעמענעס האָט אויפגעהערט. איך בין איצטער קעניג פון פּערסיען און אַלע מדינות, וועלכע זיינען פון איר באַהערשט געוואָרן. (פרייד־געשרייען. ער באַקוקט מיט זייטן־בליקן דעם טראָן.) דער דאָזיקער טראָן איז דער טראָן פון אַ וועלט־מלוכה. ער פּאַסט זיך מער פאַר מיר, ווי פאַר מיינע פאָרגייענגער, וועלכע זיינען אויף אים געזעסן. איך זיץ גוט און פעסט אויף אים.

ד ע מ אָ ר א ט אָ ס. (פון קאָרינט, שטאַרק געעלטערט, שטייט מיטביידע הענט אויפגעהויבן אינדערהויך, און טרערן רינען פון זיינע אויגן). אָ, געטער! אָ, געטער! ווי דאַנק איך אייך, וואָס איר האָט מיך געלאָזט אַזוי לאַנג לעבן און דערלעבן דאָס צו זען, וואָס איך זע איצטער! אונזער קעניג אַלעקסאַנדער אויף דעם טראָן פון דאַריוס! פּערסיען באַזיגט אונטער די פיס פון העלאַס, און דער זיגרייכער קעניג פון העלאַס אויף דעם טראָן פון די פּערסישע אונטערדריקער! ווי דאַנק איך אייך, אָ, געטער, וואָס איר האָט מיר געגעבן כוח אויסצוהאַלטן דעם לאַנגן וועג פון קאָרינט ביז פּערסעפּאָליס און געבראַכט מיך אַהער בשלום צו זען אַלעקסאַנדערן אויף דאַריוסעס טראָן! אָ, ווי באַדויער איך אַלע גריכן, וועלכע האָבן נישט געהאַט דאָס גליק צו דערלעבן צו זען, וואָס איך זע! אָ, געטער, ווי גוט איר זייט צו מיר געווען!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַרואיק זיך, דעמאָראַטאָס, דו גוטער אַלטער מאַן! פאַרנעם דיין פּלאַץ און שטאַרק זיך מיט וויין און שפּייז.

ד ע מ אָ ר א ט אָ ס. וויין און שפּייז, וואָס דאַרף איך זיי? דאַרף איך נאָך לענגער לעבן? די געטער ווילן עס אויך נישט מער, זייער גוטסקייט צו מיר האָט זייער ציל דערגרייכט. איצטער קאָן איך שטאַרבן, דער גליקלעכסטער פון אַלע, וועלכע זיינען מיט מיר גלייך געבאָרן געוואָרן. וויין און שפּייז, איך וויל נישט מער. איצטער גיי איך שטאַרבן. (גייט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דעמאַראַטאָס!

ד ע מ אַ ר אַ ט אָ ס. די געטער רופֿן מיך. (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. (צו אַ טראַבאַנט). גיי און זע אים צו. (טראַבאַנט אָפּ.) ער האָט גערירט מיין האַרץ, דער אַלטער. פאַרוואָס האָט ער זיך פון שטאַרבן גאָר צורעדט? ער האָט מיך טרויעריק געמאַכט.

ק ל י ט אָ ס (פון זיין רו־בעט). דער מאַן איז איבער הונדערט יאָר אַלט, זיין גאַנג צום טויט דאַרף דיך נישט טרויעריק מאַכן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָך דער געדאַנק פון טויט — — מיט אים בין איך אויך אַריין אַהער. (באַוועגונג צווישן די געסט.)

א ו י ס ר ו פ ן. ווי? וואָס?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַר דער טיר דאָ האָב איך דערזען אַ סטאַטוע פון קסערקסעס ליגן אויף דער ערד. ער איז געווען אַ גרויסער קעניג, האָט דעראָבערט לאַנד נאָך לאַנד, באַהערשט אַ גרויסן טייל פון דער ערד, און אָט — טויט און צופוילט. אַלץ, וואָס ער האָט געבויט איז צושטערט געוואָרן; זיין סטאַטוע, דער דענקמאָל פון זיין גרויסקייט, וואַלגערט זיך אין שטויב און שמוץ.

ט אַ י ס. אָ, קעניג, דו ביזט געווען גוט צו אונז און אונז פרויען דורך אונזערע געליבטע איינגעלאַדן, אָבער מיר ווילן דיך נישט טרויעריק זען. נישט אַזוי, איר פרויען.

ד י פ ר ו י ע ן. געוויס! געוויס! געוויס!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ביזט גערעכט, אַטענערין, איך שאָקל פון מיר די טרויעריקייט אַראָפּ.

ט אַ י ס. ווער עס בויט, אָ, קעניג, טראַכט נישט פון דעם סוף, און דו, דו געטלעכער בויער, זאָלסט זיכער פון קיין סוף נישט טראַכטן. וואָס געטער בויען האָט אויך נישט קיין סוף.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי קלינגט עס שיין און דערמונטערנדיק פון די ליפּן פון אַ שיינער פרוי! אַ דאַנק דיר, טאַיס. איך בין נישט טרויעריק מער.

ט אַ י ס. אָ, קעניג, דו ביזט געוויינט, ווי וויט איך האָב געהערט, דיינע פרייליכע מאָלצייטן אין קרייז פון דיינע קריגס־חברים

צוצוברייננגען, פריי און פריינטלעך, ווי אַ גלײכער מיט גלייכע. אַנט־שולדיק, אָ, געטלעכער קעניג, ווען איך זאָג עס דיר: דורך דעם, וואָס דו זיצסט ווייט און אָפּגעזונדערט, אַליין און איינזאַם אויפן טראָן אונטער דער אָפּשיידנדיקער חופּה, געפינט די פריילעכקייט זיך נישט קיין אָרט און פּלאַץ, ווי זי וואָלט אַ פּאַריתומטע געווען.

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָ, טאַיס!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (לאַכט אויף). ביזט ווידער גערעכט, שיינע טאַיס, און נאָך אַמאָל מיין דאַנק. דער טראָן דאָ איז דער צייכן פון מיינע דערגרייכונגען, אָבער ער דאַרף נישט ווערן דער קאַלטער שפּיץ פון דעם הויכן באַרג. איך פאַרלאָז זיין איינזאַמקייט און קום צו אייך אַראָפּ, מיינע געסט, מיינע געטרייע און ליבע. (שטייט אויף.) שטאָלצער הערשער־טראָן, טווינקט זיך נישט ביים טרינקען. (גייט אַראָפּ פון טראָן.) זייט פריילעך, מיינע געסט! (גייט צו זיין בעטל צופוסן פון טראָן.)

ט אַ י ס (לאָזט זיך אַראָפּ אויף איר פּלאַץ לעבן פּטאָלאָמעאָסן).

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. אָ, טאַיס, דו האָסט מיין ליבע און באַ־וואונדערונג צו דיר נאָך פאַרפילפאַכט.

ט אַ י ס. דו וואַרט נאָך אָפּ, מיין פּטאָלאָמעאָס!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (צו זיין שכן קליטאָס). די טענצערין האָט געוויס נעגלויבט, אַלעקסאַנדער וועט זיך ביי איר זייט לייגן.

ק ל י ט אָ ס. מוזט אָבער צוגעבן, אַז זי איז אַזוי קונציק מיט איר צונג, ווי מיט אירע פיס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (פון זיין בעטל). די שמחה הייבט זיך אָן אויפן אַלטן שטייגער אין פולער פרייהייט און גלייכהייט, און טרינקען ביז צום שיכור ווערן. (די גוזעליקייט הייבט זיך אָן. די בעכער ווערן אויסגעטרונקען אַזוי שנעל ווי זיי ווערן אָנגעפילט).

פּ ר אַ נ י כ אָ ס (דער דיכטער, טרעט אַרויס מיט אַ לירע, גרייט אָנצוהייבן צו זינגען).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסטו וואָס נייעס, פּראַניכאָס?

פּ ר אַ נ י כ אָ ס. געוויס, אָ, געטלעכער! איך וועל דאָך קיין אַלטס נישט איבערחזרן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס איז דיין נייעס, פּראַניכאָס?

פ ר אַ נ י כ אָ ס. אָ, געטלעכער, דיר וועט עס געפעלן ווערן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. עס דאַרף אויך מיינע געסט געפעלן ווערן.

פ ר אַ נ י כ אָ ס. עס וועט, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס באַזינגט דיין ליד?

פ ר אַ נ י כ אָ ס. דיין גרויסקייט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז שוין אַלט. איך וויל עס איצטער אויך נישט הערן, איך בין פון טראָן אַראָפּ מיין גרויסקייט צו פאַרגעסן. און מיינסטו, מיינע געסט זיינען שוין נישט מיד פון מיין גרויסקייט אַליין צו הערן? איך וויל וואָס נייעס, פראַניכאָס. באַווייז דיין ווערטער־קונסט און זינג — יאָ, זינג אַ ליבע־געזאַנג צו טאַיס. (באַוועגונג צווישן די געסט, געלעכטער און געמורמל.)

ק ל י ט אָ ס (צו קאַליסטענעס). קאַליסטענעס, דיין צונג איז אין געפאַר.

פ ר אַ נ י כ אָ ס (אַרויסקומענדיק פון זיין איבערראַשונג). אָ, קעניג, מיינסט עס ווירקלעך? פאַרוואָס ווילסטו פון מיר שפּאָטן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו שפּאָטסט פון זיך אַליין, ווען די זעסט אין טאַיס נישט אַן אינהאַלט פאַר דיין קונסט. פרעג נאָר פּטאָלאָמעאָסן: פאַרדינט ניט טאַיס קיין דיטיראַמב? כאָטש דערפאַר אַליין, אָ, פראַניכאָס, וואָס זי האָט מיך פון מיין טרויעריקייט אַרויס־געטרייסלט. ווען איך וואָלט נישט געווען אַזוי פאַרנומען מיט דעראָ־בערן די וועלט, וואָלט איך אַליין דאָס ליד פאַרפאַסט. פאַרטראַכט זיך, פראַניכאָס!

ק ל י ט אָ ס. אָ, קאַליסטענעס, זע, פּטאָלאָמעאָס ווערט גאַנץ בלייך. ־ער פילט, דער קעניג נעמט ביי אים זיין טאַיס אָפּ. דו מעגסט שוין אויך בלייך ווערן.

פ ר אַ נ י כ אָ ס. איך גלויב, אָ, קעניג . . .

ט אַ י ס (שפּרינגט אויף). דערלויב מיר, אָ, קעניג, מיין אייגע־נעם ליבע־געזאַנג אַליין פאַר דיר אויסצוטאַנצן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גרויסאַרטיק, טאַיס. טו עס און פאַרשעם דעם דיכטער.

ט אַ י ס (טרעט אַרויס אין מיטן זאַל).

פ ר אַ נ י כ אָ ס (טרעט אָפּ מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווער נישט טרויעריק, פּראַניכאָס. באַטרינק זיך גוט, וועסטו דיין אייגענעם ליוב נישט נאָר באַזינגען,נאָר, ווי טאַיס, אויך באַטאַנצן.

ט אַ י ס. דאָך, מיין קעניג, מיין ליוב־געזאַנג, ריכטיקער, מיין ליוב־געטאַנץ איז נישט מיר, איך בין נישט איך...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פּטאָלאָמעאָס, וואָס איז טאַיס, ווען זי איז נישט זי?

פּ ט אָ ל אָ מ ע אָ ס. מיר איז זי שטענדיק זי געווען.

ט אַ י ס. איך בין איצטער העלאַס. איך וויל אויסטאַנצן גריכנ־לאַנד, ווי זי איז באַליידיקט געווען פון די פּערסישע מאָנאַרכן, און דערנאָך וועל איך טאַנצן גריכנלאַנד, די באַפרייטע, פון דיר געפּירטע. (זי ווערט שטאַרק אָפּלאָדירט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דער געדאַנק איז גוט, זאָלן דיינע פיס צו הערלעכקייט אים דערפירן.

ט אַ י ס (גיט אַ צייכן צו די מוזיקער, זיי הייבן אָן שפּילן און זי הייבט אָן צו טאַנצן. קאָפּ געבויגן, האָר צוואָרפן אין טרויער, הענט און פיס ווי געבונדן. אָבער זי הייבט זיי אָן צו באַפרייען. זי שטופּט אָפּ דעם אָנפאַלנדיקן שונא, דאָך זי הייבט דעם קאָפּ אַלץ נישט אויף, נאָר אָט קומט דער גרויסער זיגער, און העלאַס הייבט אויף דעם קאָפּ אַלץ העכער און העכער. טאַיס ווערט אַלץ מער באַ־רוישט, ווילדער, ענטוזיאַסטישער, אָבער אין דער אייגענער צייט פאַרפאָלגט זי אַלע באַוועגונגען אַלעקסאַנדערס, וועלכער זיצט גאַנץ רואיק, געניסט דעם טאַנץ און באַמערקט אפילו נישט די פרוי. זי ווערט אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, דער עולם ווערט באַרוישט. אָבער זי מאַכט זיך פון קיינעם און גאָרנישט אויס. זי זעט נאָר אַלעקסאַנדערן. טאַנצט גאַנץ נאָענט פאַר אים, טאַנצט זיך אַריין אין אים מיט אירע אויגן, און ווען ער בלייבט אַלץ דער רואיקער געניסער, טופּעט זי אויף בייז מיטן פוס, קרעמפּט די פינגער, און ענדלעך שרייט זי אויף ווי אין ווילדער היסטעריע, אָנהאַלטנדיק איר טאַנץ). ווי גוט עס איז, ווי הערלעך, אָ, וואָס איך קאָן אַזוי באַטרעטן דעם פּראַכט־פּאַלאַץ פון די פּערסישע מאָנאַרכן! לאַנג געוואַרט דערויף,

אַ סך זיך אויסגעשטאַנען, אָבער ווי גרויס איז די באַלוינונג, וואָס איך קאָן אַזוי באַטופּען דעם שטאָלץ פון די פּערסער! דאָך הערלעכער וואָלט נאָך געווען, ווען איך וואָלט אונטער דער פירונג פון מיין געטלעכן זיגער־קעניג מיט פייער באַשטראָפט דעם פּאַלאַץ פון דעם קסערקסעס, וועלכער האָט אין אַש פאַרוואַנדלט מיין שטאָט אַטען. (כאַפּט אַ ברענענדיקן פאַקל). העי, אין ווילדן געטאַנץ מיט פאַקל אין האַנט וואָלט איך די שרפה אָנגעצונדן און אין אַש פאַרוואַנדלט דעם פּאַלאַץ, וואו קסערקסעס האָט געטראָנט. דאָס וואָלט מיין אייגענער ליבּ־געזאַנג געווען, מיין גרעסטער ליבּ־געזאַנג, ווי קיין דיכטער וואָלט אים מיר נישט אויסגעזונגען. טאַיס די טענצערין פון אַטען, אַ פונק פון אַלעקסאַנדערס זון, האָט די גרעסטע נקמה גענומען אין די פּערסער פאַר די לײדן און באַליידיקונגען פון העלאַס — די גרעסטע נקמה, ווי קיינער פון די קריגסהעלדן האָט אַזאַ נאָך נישט גענומען. (זי טאַנצט פייערדיקער און פייערדיקער ביים אויס־ברוך פון ווילדע אַפּלאָדיסמענטן, און נעמט מיט דער לינקער האַנט אַ צווייטן פאַקל.) אָ, איר פאַקלען, איר באַלייכט אַלעקסאַנדערס טרינק־יום־טוב אין דעם פּאַלאַץ פון קסערקסעס, דאָך גרעסער וואָלט געווען אייער דינסט, ווען איר וואָלט צום אונטערצינדן געברויכט געוואָרן. אָ, קעניג, נעם אַ פאַקל, פיר אונז צו דער שרפה, פיר אונז צו דער גרעסטער איליומינאַציע פון גריכנלאַנד! (די אַפּלאָדיסמענטן ווערן ווילדער.)

אַ ג ע ש ר יי (הייבט זיך אויף איבער דעם אַפּלאָדיסמענטן־שטורעם). נעם, אָ, קעניג, נעם!

ט אַ י ס (אין ווילדן טאַנץ, מיט אירע אויגן עסנדיק אַלעקסאַנ־דערן). העלאַס רופט, אָ, קעניג! העלאַס!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (נעמט ביי איר אַ פאַקל און שפּרינגט אויף. אַלע וואַרפן זיך צו די פאַקלען מיט יובל, געזאַנג און טאַנץ, און מיט געשריי און געזאַנג טאַנצט מען אַרויס פון דעם זאַל אונטער דער פירונג פון אַלעקסאַנדערן, וועלכער ווערט געפירט פון דער טאַנצנדיקער טאַיס. דער זאַל ווערט ליידיק און פאַרטונקלט).

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (לאַנגזאַם אַרויסבאַוועגנדיק זיך). אַזוי וועל איך פאַרשרייבן: צום ערשטן מאָל האָט אַלעקסאַנדער געלאָזט

זיך פירן און פאַרפירן פון אַ פרוי. (פון דרויסן הערט זיך דער ריזיקער גערויש פון דעם ווילד־געוואָרענעם עולם.)

ג ע ש ר יי ע ן. עס ברענט! דאָס פייער האָט זיך אָנגעכאַפּט! דאָס פייער פאַרשפּרייט זיך!

ט אַ י ס (טאַנצט אַריין פון אַן אַנדער טיר, פירנדיק אַלעק־סאַנדערן, וועלכער בלייבט אין טיר, אַרויסקוקנדיק צום דרויסן, און טאַנצנדיק רעדט זי). עס ברענט! עס ברענט! די שׂרפה צושפּרייט זיך הערלעך! קום, אָ, קעניג, קום! פאַרוואָס ביזטו שטיין געבליבן?

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וויל די שׂרפה אָנזען.

ט אַ י ס. קוק אַהער, וועסט דאָ נישט קיין קלענערע שׂרפה זען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קוקט זיך שנעל אום). וואו?

ט אַ י ס. אין מיר. העלאַס ברענט אין ליבע צו איר קעניג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צוריק אַרויסקוקנדיק). דאָס פרייט מיך זייער שטאַרק. איך האָב שמענדיק געוואָלט העלאַס זאָל מיך ליבן.

ט אַ י ס. טאַיס־העלאַס ברענט אין ליבע צו אַלעקסאַנדערן.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועסט פאַרברענט ווערן, טאַיס.

ט אַ י ס. אָ, קעניג!

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב פאַר דיר קיין לעשונג נישט.

ט אַ י ס. אָ, אַלעקסאַנדער, א י ך האָב דיך פון דיין טרויערי־קייט אַרויסגעטרייסלט...

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב דיר דערפאַר געדאַנקט, וועל אויך לאָזן דיך מיט גאָלד באַלוינען.

ט אַ י ס. ניין!.. איך, טאַיס, די שיינע, די יונגע, האָב דיך פון דיין טרויעריקייט אַרויסגעטרייסלט! איך, טאַיס, די פּרעכטיקע, די באַוואונדערטע, האָב דיך באַגייסטערט צו דער שׂרפה! האָב איך בלויז דעם קעניג אין דיר אָנגעצונדן? ברענט דער מאַן אַלעקסאַנדער נישט? האָט די שׂרפה, וועלכע ברענט אין מיר, אויף דיר זיך נישט פאַרשפּרייט? אָ, אַלעקסאַנדער, איך האָב מיין ווילן אַרויפגעדריינגט אויף דיר...

א ל ע ק ס א נ ד ע ר. דיין — ווילן?

ט אַ י ס. האָט נישט מיין ווילן דעם פאַקל דיר אין דער האַנט געגעבן? האָט נישט מיין ווילן דיך צו דער שרפה געפירט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ביזט באַלד גערעכט.

ט אַ י ס. איך ב י ן גערעכט. און איצטער שטיי איך פאַר דיר, טאַיס די שטאַרקע, די פּרעכטיקע, די רייצנדע אין אַלע אירע באַוועגונגען...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שרייט אַרויס אין דרויסן). אהער צו מיר!

ט אַ י ס (דערשראָקן). אָ, קעניג! וואָס ווילסטו טאָן מיט מיר?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די אָנגעלאָפענע טראַבאַנטן און געוועראַלן). שנעל אויסלעשן די שרפה: דאָס איז געווען אַ מינוט פון שיכרות און משוגעת. נאָר שיכרות און משוגעת האָבן אונז געקאָנט פאַרוואַנדלען אין ווילדע פייערמאַכער און צושטערער. איך דאַנק די געטער, וואָס די משוגעת קומט נישט פון מיר. נישט מיין ווילן האָט די שרפה דאָ געוואָלט. איר זייט פליסיק געווען אין אונטערצינדן, זייט פליסיקער נאָך אין אויסלעשן. גייט שנעל! לעשן! לעשן! לעשן! (איילט אַוועק צוזאַמען מיט די אָנגעלאָפענע, נישט אומגעקוקט זיך אויף טאַיס, וועלכע ברעכט צוזאַמען אויף דער דיל.)

## צווייטע סצענע

אַלעקסאַנדערס געצעלט, וועלכער איז שוין נישט מער איינפאַך: אַזיאַטישער לוקסוס לאָזט זיך שוין דאָ שטאַרק מערקן. — אַלעקסאַנדער, העפעסטיאָן און קראַטעראָס שטייען אין געשפרעך. אויף אַ געוויסער ווייטקייט פון זיי — טראַבאַנטן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך זע די זאַך פיל לייכטער. פילאָטאָס האָט זיך געוואָלט פאַר זיין געליבטער אַביסל אויסבאַרימען. זי איז ווירקלעך זייער רייצנד, און אום איר אַביסל מער צו געפעלן, האָט זיין צונג דערלויבט זיך, וואָס ער האָט געווים קיינמאָל נישט גע־טראַכט. איך בין עם מוחל אים און וועל עם אויך פאַרגעסן. ער

וועט אין מיר נישט מערקן, אַז איך האָב וואָס געהערט. לאָזט איר אים אויך נישט מערקן. ער איז אַן אויסגעצייכנטער גענעראַל און דינט מיר זייער גוט. ניין, קראַטעראָס, האָסט מיך נישט איבעררעאַשט, דערפאַר וועל איך דיך איבעררעאַשן. (ווענדט זיך צו אַ טראַבאַנט.) גיי זע, ווי שטייט עס מיט מיינע נייע קליידער. (טראַבאַנט אָפּ נאָך רעכטס.)

קראַטעראָס. האָסט מיך זייער נייגעריק געמאַכט. וואָס איז די איבעררעאַשונג?

אַלעקסאַנדער. מיינע נייע קליידער.

קראַטעראָס. ווי? ווי זאָל איך דאָס פאַרשטיין?

אַלעקסאַנדער. זיי וועלן זיין די גרעסטע איבעררעאַשונג. איך האָב דאָס מורמלען שוין פון מיינע מאַקעדאָניער.

קראַטעראָס. עס ווערט נישט לייכטער מיר. ווי זאָלען דיינע נייע קליידער אַן איבעררעאַשונג זיין?

אַלעקסאַנדער. זיי וועלן דער אויסדרוק זיין פון דעם, וואָס איך וויל און וואָס איך טו.

קראַטעראָס. ווען דו שטעלסט טויט־שטראָף פאַר נישט־טרעפן דיין רעטעניש, איך וואָלט באַשטימט מיין לעבן פאַרלאָרן.

דער טראַבאַנט (קומט צוריק). די קליידונג איז פאַר־טיק. זאָל איך זי אַרויסברענגען אַהער?

אַלעקסאַנדער. ניין, איך גיי צו די שניידער. (אָפּ רעכטס.)

קראַטעראָס (צו העפעסטיאָן). דו ביזט נישט איבעררעאַשט. איז די רעטעניש פאַר דיר קיין רעטעניש נישט?

העפעסטיאָן. ניין. אַלעקסאַנדער האָט מיט מיר די זאַך באַשפּראָכן.

קראַטעראָס. איך וועל אייפערזיכטיק ווערן. מיט דיר די זאַך באַשפּראָכן... די זאַך?.. די רעטעניש ווערט מיר גרעסער. די זאַך?.. און דאָס זאָל נייע קליידער זיין... זאָל עס אַ נייע אַרט קליידער זיין?

העפעסטיאָן. דו ביזט אויפן וועג צו טרעפן.

קראַטעראָס. אַ נייע אַרט קליידונג, הייסט עס... אַ נייע אַרט... דיך פריוט עס, וואָס איך קוועל זיך אַזוי אָפּ מיט דעם טרעפן, וואָס

איך מוז מיין קאָפּ אָנשטריינגען ביז ווייטיק און דאָך צו גאָרנישט זיך דערקלערן. דיין שמייכל קאָן אַן אָפּגרונט ווערן צווישן אונז.

העפעסטיאָן. דו טראַכט בעסער ווייטער, האָסט גליקלעך אָנגעהויבן. אַ נייע אַרט קליידונג...

קראַטעראָס. און זי זאָל אַן איבערראַשונג זיין... די גרעסטע, האָט ער געזאָגט, און געהערט אַ מורמלען שוין...

העפעסטיאָן. דו קלייבסט זיך גוט פאַרנאַנדער. ווייטער ווייטער, און דו טרעפסט די רעטעניש.

קראַטעראָס. דאָך ווייטער גייט מיין קאָפּ נישט. איך באַגרייף די קליידונג נישט. די קליידונג — אַן איבערראַשונג... איך הייב זיך אָן צו שטויסן... ווייל ער אפשר... עס ווערט מיר ליכטיק אין קאָפּ... ער וויל זיך קליידן...

אַלעקסאַנדער (קומט אַריין אָנגעטאָן אין אַן אָנצוג, וועלכער איז אַ געמיט פון פערסיש און מאַקעדאָניש — נישט אַזוי צושפּרייט ווי פערסישער אָנטאָן, אָבער נישט אַזוי איינפאַך ווי מאַקעדאָנישער, אָן די פערסישע הויזן און אָן די ברייטע פערסישע אַרבל).

קראַטעראָס (פאַרענדיקט אין געפּליסטער). פערסיש!..

אַלעקסאַנדער (מיט אַ שמייכל). איבערראַשט?

קראַטעראָס (באַקוקט אים). פערסיש... מעדיש... מאַקעדאָניש... דאָס איז — פאַרקליידונג.

אַלעקסאַנדער. דאָס איז — פאַראייניקונג.

קראַטעראָס. פון פעלקער־קליידונג.

אַלעקסאַנדער. און פון פעלקער.

קראַטעראָס. דורך נאָדל און פאָדים.

אַלעקסאַנדער. דורך נעמען און געבן. איך וויל פאַראייניקן. דאָס בעסטע פון די גריכן, דאָס בעסטע פון די פערסער. דאָס איז דער וועג צו פעלקער־פאַראייניקונג, פעלקער־פאַרברידערונג. דער וועג צו איין גרויסן לאַנד, פאַראייניקט אונטער מיר. איך וויל מקרב זיין די באַזיגטע פעלקער...

קראַטעראָס. און וועסט דערווייטערן די אייגענע.

אַלעקסאַנדער. זיי וועלן נישט דערוועגן צו דערווייטערן זיך.

קראַטעראָס. איך בין מיט דיר, מיין קעניג.

אַלעקסאַנדער. איך ווייס עס. דו און העפעסטיאָן, איר זייט מיר מיינע בעסטע שטיצן.

קראַטעראָס. און דאָך וועט עס נעמען לאַנג, ביז מיינע אויגן וועלן זיך צוגעוווינען צו דיר אין דער דאַזיקער קליידונג.

אַלעקסאַנדער. זי איז אויך מיר ניי, אָבער איך פיל זיך אין איר, ווי איך וואָלט שוין פיל דערגרייכט פון דעם, וואָס איך וויל דערגרייכן. פּערסיש, מעדיש, מאַקעדאָניש... בעסער פיל ווי וואָרט און שריפט וועט די דאָזיקע קליידונג דערקלערן די פעלקער מיינע אַפּזיכטן. איינעקייט, פאַראייניקונג — איך וועל גיין ווייטער, ווייטער, טראָגן עס מיט זיך ביז צו דער ענד פון דער וועלט. באַזיגן, באַפרייען, פאַראייניקן... אָ, מיינע פריינט!..

## דריטע סצענע

דער לאַגער פון דער מאַקעדאָנישער אַרמיי ביי דער הויפּט־שטאָט פון דראַנגיאַנאַ. ליגקס אינמיטן דער געצעלט פון דעם קעניג. די פאַלאַנקס פאַרזאַמלט זיך נאָכן אַלט־מאַקעדאָנישן מנהג צום משפט איבער פילאָטאַסן, וועלכער ווערט באַשולדיקט אין פאַר־ראַט און פאַרשווערונג קעגן אַלעקסאַנדערן. אַ גרופּע אָפיצערן שטייט אַרום די געוועזענע פּאָלעמאָן, אַמינטאַס, אַטאַלאָס און סימיאַס, פאַרטאָן אין געשפרעך.

פּאָלעמאָן. גיין, גיין, זיין אין שטענדיקן געלויף. צו וואָס? וואָרום? אין עלף טעג דריי־און־דרייסיק הונדערט פּאַרלאַנגס דורכ־געלאָפן אין געיעג נאָך דאַריוסן... די גאַנצע אַרמיי שיר ניט אומגע־קומען פאַר דורשט... דאָך דאַריוס האָט געדאַרפט געפאַנגען ווערן, האָבן מיר זיך נישט אָפּגעשטעלט. אַלע שוועריקייטן און יסורים מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט איבערגעטראָגן... אָבער דאַריוס איז שוין טויט און באַגראָבן, צו וואָס דאָס לויפן נאָך? וואָס יאָגן מיר זיך

נאָך בעסאָס, וועלכער האָט דעם דאַריוס געטויט? מיר זאָלן אים דאַנקבאַר זיין און לאָזן צורו. נישט אַזוי, איר פּריינץ?

אַ מ י נ ט אַ ס. געוויס. ער איז שטאַטהאַלטער פון באַקטריען. פון אַ לאַנד, וועד וויים גאָר וואו זי ליגט. זאָל ער בלייבן, וואו ער איז. מיר האָבן גענוג שוין איינגענומען. עס מוז דאָך נעמען ווען אַ סוף. אָך, ווען דער קעניג האָט קסערקסעס' פּאַלאַץ אין פּערסעפּאָליס אונטערגעצונדן, האָב איך געמיינט, עס איז אַ צייכן, מיר קערן זיך אום אַהיים. האָט ער די שׂרפה באַלד אויסגעלאָשן צוריק און מיט איר די האָפענונג אין מיר, די היים נאָך אַמאָל צו זען.

אַ ט אַ ל אָ ס. דו דריקסט די געפילן אויס פון דער גאַנצענער אַרמיי. איך וויים, מיין אָפּטיילונג וויל שוין מער ניט גיין.

ס י מ י אַ ס. אויך מיינע נישט. קאָנסט אָנפרעגן ביי אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג, קיין איינע וויל נישט ווייטער גיין. אַלע ווילן זיי צוריק. אין מיין אָפּטיילונג זאָגן זיי: וואָס גיכער מיר וועלן זיך אומקערן, אַלץ בעסער פאַר אַלעקסאַנדערן; בלייבן מיר נאָך לייגנער, ווערט ער באַלד אַ פּערס.

אַ ט אַ ל אָ ס. דאָס זאָגט די גאַנצענע אַרמיי. עס איז צום שטוינען, ווי ער האָט דעם קאָפּ פאַרלאָרן. דער זיגער איז געוואָרן אַ באַזיגטער. יעדעס מאָל, ווען איך זע אים אין זיין פּערסישער באַרבאַרן־קליידונג, קאָכט מיר אויף מיין בלוט.

אַ מ י נ ט אַ ס. די קליידונג איז אַן אָנהייב. איצטער טראָגט ער זיך ווי אַ פּערסישער מאָנאַרך, באַלד וועט ער אָנהייבן צו רעגירן ווי אַן אָריענטאַלישער דעספּאָט.

פּ אָ ל ע מ אָ ן. עס איז מיין מיינונג, מיר זאָלן אים דערקלערן, די אַרמיי זאָגט זיך אָפּ פון ווייטערן מאַרשירן. זי איז מיד און בייִנקט אַהיים. ווי מיינט איר, מיינע פריינט?

ס י מ י אַ ס. דאָס וועט זיין דער ריינער אמת, און די אַרמיי וועט אונז אונטערשטיצן, אַלע ווי איין מענטש.

פּ אָ ל ע מ אָ ן. באַלד נאָך דעם געריכט איבער פילאָטאַס, ווען די גאַנצע פאַלאַנקס איז נאָך דאָ פאַרזאַמלט, טרעטן מיר אַרויס פאַר אַלעקסאַנדערן און דערקלערן אים דעם ווילן פון דער אַרמיי. מיר אַלע צוזאַמען.

שטימען. מיר אַלע צוזאַמען!

פּאָלעמאָן. אָדער זאָלן מיר נאָך צוערשט פאָרבאַרייטן די אַרמיי — ווי מיינט איר, פּריינט?

אַמינטאַס. דאָס וואָלט אויסגעזען ווי אַ פאַרשווערונג און איז אויך נישט נויטיק. די אַרמיי איז פון זיך אַליין שוין פאָרבאַרייט. מיר צוגייען זיך איצטער צו אונזערע אָפּטיילונגען. מיר זאָגן קיינעם נישט קיין וואָרט. די אונטערשטיצונג, וועלכע מיר וועלן שפּעטער קריגן, וועט זיין דער בעסטער באַווייז, ווי ווייט מיר זיינען גערעכט.

שטימען. אַמינטאַס איז גערעכט.

פּאָלעמאָן. בלייבט עס אַזוי, און איצטער צו אונזערע אָפּטיילונגען. (די גענעראַלן און אָפיצערן צוגייען זיך. עס טרעט אויף אַ טראַקישער גענעראַל און צוויי גריכישע אָפיצערן.)

טראַקיער. איר האָט געהערט.

ערשטער אָפיצער. זיי האָבן אויך נישט שטיל גערעדט.

צווייטער. איך קאָן איבערחזרן יעדעס וואָרט.

טראַקיער. אויך אין מיר ליגן זיי ווי אָפּגעשריבן. קומט, מיר טראָגן עס אַלעקסאַנדערן צו. (זיי גייען אַריין אין אַלעקסאַנדערס געצעלט, פונוואַנען קראַטעראָס קומט אַרויס.)

קראַטעראָס (קוקט זיך אַרום און רופט אויס). איז די פּאַלאַנקס שוין פאַרזאַמלט?

קענאָס (אַ זייער אַלטער גענעראַל, טרעט אַרויס). גאַנץ.

קראַטעראָס. זאָג איך עס דעם קעניג, און ער וועט גלייך אַרויסקומען.

קענאָס. זאָג אים נאָך עפּעס.

קראַטעראָס. וואָס זאָל עס זיין?

קענאָס. אַ בקשה אין נאָמען פון דער גאַנצער פאַלאַנקס. ווילסטו זי אים איבערגעבן?

קראַטעראָס. אויב זי איז ווערט.

קענאָס. ער זאָל צו אונז אַרויסקומען נישט אין זיין פּערסישער קעניג־קליידונג, נאָר אין זיין אַלטער מאַקעדאָנישער — (רייסט

איבער, ווייל אין דער טיר פון געצעלט שטייט אַלעקסאַנדער אָנגעטאָן אין זיין מאַקעדאָנישער באַקליידונג. די פאַלאַנקס ברעכט אויס אין אַפּלאָדיסמענטן, קענאָס מיט פאַרבויגונג.) די בקשה איז שוין דערפילט.

אַלעקסאַנדער. וועלכע בקשה?

קענאָס. מיר האָבן דיך געוואָלט זען אין דיין אַלטער מאַקעדאָנישער באַקליידונג, וועלכע טוט אונזערע אויגן גוט. און דו האָסט אונזער ווילן ווי געטראָפן.

אַלעקסאַנדער (לאַכט). איז עס אַזוי וויכטיק, מיינע פריינט — איר זיינט דאָך מיינע פריינט! — ווי איך טו זיך אָן? בין איך אין פּערסישער קליידונג אַן אַנדערער, ווי אין דער מאַקעדאָנישער? האָט איר אין מיר פאַרענדערונגען באַמערקט? איך קאָן מיין קליידונג בייטן, זיך אָבער בייט איך נישט. איך גיי מיין וועג, ווי דורך אַן אַריאַדנע־פאָדים געפירט. איך קאָן נישט פאַרבלאָנדזשען, איך וועל בלייבן איך. (אַפּלאָדיסמענטן, פרייד־געשרייען.) אייערע אַפּלאָדיסמענטן און געשרייען ציינען, אַז איר האָט אין מיר געצווייפלט. דאָס מאַכט מיך זייער טרויעריק, נישט ווייניקער טרויעריק, ווי דאָס באַוואוסטזיין, אַז אין מיין אַרמיי און גאָר נאָענט אַרום מיר האָבן זיך געקאָנט געפינען מענטשן, וואָס האָבן מיך אומברענגען געוואָלט. (אויפגעבראַכטער געמורמל.) ווען איך וואָלט זיך געענדערט, ווען איך וואָלט אַ פּערס געוואָרן, ווייל איך טו זיך אָן אין פּערסישער קליידונג, וואָלט איך דאָ פאַר אייך איצטער נישט געשטאַנען. ווי די פּערסישע מאָנאַרכן, וואָלט איך אַליין געמשפּט די פאַרברעכער קעגן מיר, אָבער איך בין איך געבליבן און ווייס, איך בין קיין האַר נישט איבער קיינעמס לעבן, און ווי גרויס מיינע דערגרייכונגען זאָלן נישט זיין. דאָס לעבן פון יעדן איינעם געהערט דעם פאָלק, און איר, דאָס פאָלק, דאַרפט משפּטן לעבן און טויט. (אַפּלאָדיסמענטן.) הער, פאָלק פון מאַקעדאָניען, און משפּט. איך קלאָג אָן פילאָטאָס דעם זון פון פאַרמעניאָ, אַ פאַרדינטן גענעראַל און דעם זון פון אַ נאָך פאַרדינטערן גענעראַל, מיין שפּיל־קאַמעראַד און זון פון פאָטער פיליפּס אַלטן פריינט, אַז ער האָט געוואָלט מיין טויט און מיט אַנדערע זיך פאַרשוואָרן מיין לעבן מיר צו נעמען. קראַטעראָס, פיר דעם באַשולדיקטן אַהער אַרויס און אַלע עדות. (קראַטעראָס גייט אַריין אין געצעלט.)

איר וועט משפּטן אָן פּניות, ווי נישט איך וואָלט דאָ געווען פּאַרמישט, ווי נישט אום מיר וואָלט זיך געהאַנדלט, און איך אונטערוואַרף זיך אייער אורטייל. (קראַטעראָס און העפעסטיאָן קומען אַרויס מיט פילאָ־טאַסן, הינטער זיי די עדות, אַנטיגאָנע, ניקאָמאַכאָס און באַלינאָס. פילאָטאַס ווערט באַגעגנט מיט בייזן מורמל.) וואָרום דער בייזער מורמל? פילאָטאַס איז נאָך נישט פאַראורטיילט. צוערשט וועט איר די עדות אויסהערן און פאַרנעמען אויך, וואָס פילאָטאַס האָט צו זאָגן צו זיין פאַרשווערונג. אַנטיגאָנע, טרעט פאָר, דערצייל דעם פאָלק פון מאַקעדאָניען, וואָס דו האָסט מיר דערציילט.

אַ נ ט י ג אָ נ ע (טרעט פאָר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, די אויגן גאַנץ פאַרוויינט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זי איז אַנטיגאָנע אויס פּידנאַ, אין דמשק איז זי געפאַנגען געוואָרן, איז אויסגעפאַלן אויף פילאָטאַסעס חלק און געוואָרן זיין געליבטע. רייד, אַנטיגאָנע!

אַ נ ט י ג אָ נ ע. ווי קאָן איך!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. העלף איר אויס, קראַטעראָס.

אַ נ ט י ג אָ נ ע. מיין צונג זאָל מיר אָפּנעמען, וועלכע האָט אים פאַרראַטן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אויף דעם טרינק־פעסט אין פּערסעפּאָליס האָט זי מיין העראָן צוגעפליסטערט, אַז אַלעקסאַנדערס גרויסע טאַטן זיינען גאָר די טאַטן פון פילאָטאַס און פּאַרמעניאָ. ווען נישט זיי, וואָלט ער אַפילו קעניג נישט געווען. (באַוועגונג, געלעכטער.)

אַ נ ט י ג אָ נ ע. אָ, פאַרוואָס האָב איך גערעדט!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. איר געפליסטער האָט אויך צו מיינע אויערן דערגרייכט, האָט אַזוי מיך איבערראַשט און אויך אַזוי דערצערנט, אַז איך האָב זי געבראַכט צום קעניג און געלאָזט זי איבערחזרן אַלץ, וואָס זי האָט העראָן צוגעפליסטערט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און נאָך מער האָט זי דערציילט. אַנטיגאָנע, רייד.

אַ נ ט י ג אָ נ ע. עס איז געווען נאָך פאַר דער שלאַכט ביי ארבעלא — אָ, געטער! געטער! — אין אַ טאָג, ווען פילאָטאַס האָט

פיל געטרונקען — אָ, איך אומגליקלעכע האָב אים אין טרינקען צוגעהאָלפן און צום טרינקען נאָך מער באַגייסטערט! — און שיכור גאַנץ פון ווײַן און מיר, האָט ער ווערטער אַרויסגערעדט, וועלכע ער האָט נישט געדאַרפט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס האָט ער געזאָגט?

אַ נ ט י ג אָ נ ע. אָ, געטער! עס איז די גאווה אים אין קאָפּ געשטיגן, ווי דער ווײַן. פיליכט האָט ער געוואָלט מײַן ליידנשאַפט צו אים מיט זײַנע ווערטער אונטערצינדן, אויפּברויזן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס האָט ער געזאָגט?!

אַ נ ט י ג אָ נ ע. איך בין געזעסן אויף זײַן שויס, אײַנגעשלאָסן אין זײַנע אָרעמס, און ער האָט מיר אין מײַן אויער אַרײַנגערעדט — אָ, פאַרוואָס בין איך נישט געוועזן טויב! — „ווייסט, אַנטיגאָנע," האָט ער צו מיר געזאָגט, „ווייסט, אויף וועמעס שויס דו זיצסט?" „אויב דער ווײַן האָט מיך נישט פאַרטומלט, זיץ איך אויף פילאָטאַסעס שויס," האָב איך דערויף געענטפערט. „אָבער ווייסטו, ווער פילאָטאַס איז?" האָט ער געפרעגט. „מײַן געליבטער, מײַן האַר און מײַן באַפוילער," האָב איך ווידער אים געענטפערט. און ער האָט שטאָלץ אַרויסגערעדט: „און אויך איינער, וועלכער האָט געדאַרפט זײַן דײַן קעניג! דאַרפסט וויסן," האָט ער ווייטער גערעדט אין זײַן שטאָלץ און שיכרות, „אַז אַלע גרויסע טאַטן, וועלכע טראָגן אַלעקסאַנדערס נאָמען, זײַנען מײַנע מעשים און מײַן פאָטערס, אָבער דאָס יינגל אַלעקסאַנדער נעמט זיך צו, וואָס עס געהערט פילאָטאַסן. דער גאַנצער רום און ריווח פון אונזערע טאַטן פאַלט דעם יינגל צו, ווי אויך דער קעניג־טיטל, וועלכער געהערט מערער מיר ווי אים". ער האָט עס מיט אַזויפיל פאַרדראָס און ביטערקייט געזאָגט, אַז איך האָב אים געמוזט טרייסטן מיט פאַרגרעסערטע ליבע־לאַסקעס און מיט מערער ווײַן. — אָ, געטער! (צעוויינט זיך.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איר האָט געהערט, וואָס די געליבטע פון פילאָטאַס האָט אייך דערציילט. איך האָב עס שוין אין פערסעפּאָליס געהערט, אָבער האָב אים דאָך נישט אָנגעקלאָגט. ער איז געווען באַטרונקען, האָב איך מיר געזאָגט, און ער האָט זיך געוואָלט באַרימען פאַר דער, וועלכע ער האָט געוואָלט מער דערהיצן. איך האָב עס

געוואָלט פֿאַרגעסן, און אויך כמעט פֿאַרגעסן, ווען דאָ צולעצט... ניקאָמאַכאָס,, טרעט פֿאָר. און אויך דו, באַלינאָס! דערציי, ניקאָמאַ־כאָס, וואָס דו ווייסט.

ניקאָמאַכאָס. איך האָב געהאַט אַ ליבן פֿריינט אין אונזער אַרמיי. לימנאָס מיטן נאָמען, אַ מאַקעדאָניער, ווי איך און איר, אַ מאַקעדאָניער פֿון כאַלאַסטראַ. אַסך פֿון אייך האָבן אים זיכערלעך גע־קענט. אַ גוטער סאָלדאַט געווען. שטאַרק אין קעמפֿן ווי אין טרינקען, מוטיק, ווי די מוטיקסטע אונטער אייך. ער האָט מיך ליב געהאַט, און איך בין שטאָלץ געווען אויף זיין ליבע. די סאָלדאַטן פֿון אונזער אָפּטיילונג האָבן אונז שטענדיק געזען צוזאַמען. איך בין געווען מער מיט אים ווי מיט מיין ברודער, וועלכער שטייט דאָ לעבן מיר. און איין טאָג זאָגט ער מיר — דאָס זאָל איצטער צוויי וואָכן זיין...

אַלעקסאַנדער. דאָס האָט ער דיר געזאָגט: „דאָס זאָל איצטער צוויי וואָכן זיין"?

ניקאָמאַכאָס. ווי? ניין. אָ, קעניג! איך מיין, דאָס זאָל איצטער צוויי וואָכן זיין פֿון יענעם טאָג, ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט גענומען אויף זיך דיך צו טויטן.

אַלעקסאַנדער. איך ווייס, איך ווייס. דערצייל עס נאָר דער פֿאַלאַנקס.

ניקאָמאַכאָס. ער האָט גענומען אויף זיך צו טויטן דעם קעניג, האָט ער מיר געזאָגט, ווייל דער קעניג ווערט שוין פֿערסישער דעספּאָט, און אַ בעסערער מאַן וועט קעניג ווערן. צי וויל איך אים נישט העלפֿן? מיר וועלן דערביי זייער פֿיל געלט פֿאַרדינען, האָט ער מיר געזאָגט. און אויך אומשטערבלעכקייט זיך קויפֿן אַלס פֿאָלקס־באַפֿרייער, ווי די טיראַנען־מערדער האַרמאָדיאָס און אַריסטאָגיטאָן. איך האָב לימנאָסן געליבט, דאָס קאָנען אַלע עדות זאָגן, וועלכע האָבן אונז געקענט. אָבער זיינע ווערטער האָבן מיך דערשראָקן, און איך בין פֿון אים מיט זיי אַנטלאָפֿן צו באַלינאָס מיין ברודער.

באַלינאָס. ווען ער האָט זיי מיר דערציילט, האָב איך אויך גלייך געוואוסט, וואָס איך האָב צו טאָן. איך בין אַוועק צו פֿילאָטאַסן, וועלכער איז געווען מיין גענעראַל, און אויפֿגעפֿאָדערט אים, ער זאָל

מיין ברודער און מיך ברייננען צו דעם קעניג, וועמען איך האָב וואָס וויכטיקס צו דערציילן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָט ער אייך צו מיר גענומען?

ב אַ ל י נ אָ ס. ניין, אָ, קעניג! ער האָט געזאָגט, ער קאָן אונז צו דיר נישט ברייננען, ווייל דו ביזט איצטער באַשעפטיקט מיט זאַכן פון גרעסערער וויכטיקייט. אָבער —

נ י ק אָ מ אַ כ אָ ס. לימנאָס איז פון מיר נישט אָפּגעשטאַנען. די פאַרבאַרייטונגען צום קעניגס־מאָרד ווערן שוין אָפּגעשלאָסן, האָט ער מיר געזאָגט, און ער וואָלט געוואָלט, איך זאָל מיין טייל נישט פאַרלירן.

ב אַ ל י נ אָ ס. מיר האָבן איינגעזען, אַז מען טאָר די זאַך אַזוי נישט לאָזן, און צום צווייטן מאָל זיינען מיר אַוועק צו פילאָטאַסן, ער זאָל אונז צו דעם קעניג פירן. דאָך ער האָט ווידער אונז מיט גאָרנישט אָפּגעשיקט. אָבער מיר האָבן באַשלאָסן, מיר טאָרן מער נישט וואַרטן, און געווענדט זיך צו קראַטעראָסן. ער האָט אונז גלייך געבראַכט צום קעניג, און מיר האָבן אים דערציילט פון לימנאָסעס פאַרשווערונג און פילאָטאַסעס נאַכלעסיקייט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מער ווייסט איר גאָרנישט צו דערציילן?

נ י ק אָ מ אַ כ אָ ס. דאָס איז אַלץ, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָב איך די פאָרטזעצונג. דריי פון מיינע לייבוועכטער, וועלכע איך האָב געשיקט לימנאָסן צו מיר צו ברייננ־גען. (דער טראַקישער גענעראַל און די צוויי גריכישע אָפּיצערן טרעטן פאָר.)

ד ע ר ט ר אַ ק י ע ר. מיר האָבן געפונען לימנאָסן אין זיין געצעלט, דאָך ווען ער האָט אונז דערזען, האָט ער זיך געכאַפּט פאַר זיין שפּיז. „איר זייט געקומען מיך צו אַרעסטירן,” האָט ער אויסגעשריען, כאָטש מיר האָבן אים נאָך קיין וואָרט נישט געזאָגט. „אָבער איר וועט מיך נישט קריגן. איך האָב שוין געהאַט קעגן מיר גרעסערע צאָלן און פון זיי זיך אָפּגעשלאָגן. ברייננגט בעסער אייער קעניג, און ער וועט פון מיר קריגן, וואָס איך האָב אים צוגעגרייט.” מיר האָבן געמוזט ציען קעגן אים אונזערע וואָפן, און לײדער בין איך געווען אַביסל צו העפטיק, ווייל ער האָט מיך מיט זיינע ווערטער גאַנץ

צורייצט. מיין שווערד איז אַביסל צו ווייט אין זיין ברוסט אַריין, און ער איז געפאַלן טויט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קיין נעמען פון מיטפאַרשווערער האָט ער נישט אָנגערופן?

ד ע ר ט ר אַ ק י ע ר. ניין. ער האָט נאָר געזידלט און געשאָלטן, ביז דער טויט האָט דאָס מויל אים צוגעמאַכט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צום באַדויערן! לימנאָס האָט דאָך זיכער מיטשולדיקע געהאַט. ער וואָלט אויף זיך אַליין אַזאַ שווערע זאַך נישט גענומען. ער האָט אויך צו ניקאָמאַכאָסן פון רייכער באַלוינונג גע־רעדט און פון אַ בעסערן מאַן אַלס קעניג. אָבער מיט זיין טויט, ווי וועל איך וויסן, ווער איז הינטער אים געווען? דאָס האָב איך זיך געפרעגט, און דאָך האָב איך פון פילאָטאַסן נישט געטראַכט, ביז קראַטעראָס...

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. איך האָב דעם קעניגס אויפמערקזאַמקייט אויף פילאָטאַסן געצויגן. איך האָב אים דערמאָנט, וואָס פילאָטאַס האָט צו אַנטיגאָנע געזאָגט, דערמאָנט אים, ווי פילאָטאַס האָט אָפּגעהאַלטן ני־קאָמאַכאָסן און זיין ברודער. דאָס איז דאָך געווים קיין צופאַל נישט געווען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ערשט יעמאָלט האָב איך געלאָזן פילאָטאַסן אַרעסטירן און ברענגען אים פאַר אייער געריכט. איך האָב קיין צוואַנג נישט געברויכט דעם אמת פון אים אַרויסצוקריגן. די עדות זיינען מיר גענוג. איך קלאָג אים אָן, ער איז מיט לימנאָסן אין פאַרבינדונג געווען. ער איז געשטאַנען הינטער דער פאַרשווערונג און לימנאָסן געדונגען מיך צו טויטן, ווייל ער וואָלט דאָך געווען אַ בעסערער קעניג. זאָל ער עס אָפּלייקענען, אויב ער קאָן.

פ י ל אָ ט אַ ס (טרעט פאָר), פאָלק פון מאַקעדאָניען, איך בין נישט שולדיק!

ק ע נ אָ ס. דאָס איז לייכט געזאָגט. וואָס איז דיין גערייד צו אַנטיגאָנע?

פ י ל אָ ט אַ ס. זי האָט עס אייך דערציילט און האָט מיך אויך פאַרטיידיקט. איך בין שיכור געווען פון איר און וויין. ווען זי וואָלט

מיינע ווערטער דאָ נישט איבערגעחזרט, איך וואָלט נישט געדענקט, איך האָב זיי ווען געברויכט. דער ווייַן האָט פון מיר גערעדט, איך לייקן עס נישט אָפּ. איך גיב אויך צו, איך בין אַ באַרימער, גאווה איז איינער פון מיינע ערגסטע חסרונות. מייַן פאָטער, דער איידעלער פאַר־מעניאָ, האָט מיר שוין לאַנג געזאָגט: „מייַן זון, צו זייַן נישט אַזוי גרויס ביי זיך, וואָלט געווען אַסך בעסער.״

קענאָס. אַ שאָד, וואָס דו האָסט אים נישט געפאָלגט. דער ווייַן האָט פון דיר אַרויסגעבראַכט, וואָס דו האָסט אין דייַן ניכטער־קייט פאַרטראַכט. שיכורערהייט האָסטו פאַרגעסן פאָרזיכטיק צו זייַן. אָבער דו ביזט געווען ניכטער, ווען ניקאָמאַכאָס און באַלינאָס זיינען צו דיר געקומען, פאַרוואָס האָסטו זיי צום קעניג ניט גענומען? דער קעניג, האָסטו זיי געזאָגט, איז מיט וויכטיקערעס פאַרנומען. דו ווייסט דאָך, דו האָסט זיי געזאָגט אַ ליגן.

פילאָטאַס. איך האָב עס זיי געזאָגט, ווייל איך האָב מיט מייַן אָפּלייגן געוואָלט ביי זיי דאָס וויכטיקע אַרויסגעפינען.

קענאָס. דו האָסט זיי דאָך געפרעגט, וואָס דאַרפן זיי צום קעניג.

פילאָטאַס. זיי האָבן מיר געענטפערט, זיי מוזן עס אַליין דעם קעניג זאָגן. האָב איך געוואָלט זיי אומגעדולדיק מאַכן, זיי זאָלן מיר זייער סוד אַנטפּלעקן.

קענאָס. ווי אַזוי האָסטו גאָר געוואָלט אַ סוד אַרויסבאַקומען, וואָס איז דעם קעניגס?

פילאָטאַס. איך — איך האָב ווירקלעך זיך באַנאַרישט.

קענאָס. האָסטו נישט געוואָלט אַרויסקריגן ביי זיי, צי ווייסן זיי נישט וואָס וועגן לימנאָסן!

פילאָטאַס. ניין.

קענאָס. האָסטו נישט אַרויסגעפונען פון לימנאָסן, אַז ניקאָ־מאַכאָס ווייס וואָס פון דער פאַרשווערונג?

פילאָטאַס. ניין.

אַלעקסאַנדער. קענאָס פרעגט דיך אומזיסט. דו וועסט אויף אַלע זיינע פראַגן זיכער זאָגן ניין. צו דייַן פאַרטיידיקונג האָסטו צו

ענטפערן, אַז איינמאָל ביזטו שיכור געווען און צום צווייטן מאָל האָסטו זיך באַנאַרישט, און איצטער ווילסטו מיט דיין „ניין" אונז נאַרן. איך גלויב דיר נישט, זאָל די פאַרזאַמלטע פאַלאַנקס דיר גלויבן, אויב זי וויל. איך גיב דיך איבער אין אירע הענט. פאָלק פון מאַקעדאָניען, האָסט געהערט, וואָס איך און מיינע עדות האָבן דערציילט, האָסט געהערט, אויך פילאָטאַסעס פאַרטיידיקונג. אורטייל. איז ער שולדיק אין דער פאַרשווערונג קעגן מיר אָדער ניין.

פ אַ ל אַ נ ק ס (דונערט אויס איינשטימיק). שולדיק!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס זאָל זיין זיין פסק?

פ אַ ל אַ נ ק ס. פאַרשטייניקונג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פילאָטאַס, דאָס פאָלק פון מאַקעדאָניען האָט דיך צום טויט פאַראורטיילט. עס טוט מיר זייער לייד, מיר זיינען לאַנגיעריקע פריינט געווען. פיליכט איז דאָס געווען דיין אומגליק. אין דער הויך לעבן מיר האָט זיך דיר דער קאָפּ פאַרדרייט.

פ י ל אָ ט אַ ס. איך בין אומשולדיק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס פאָלק האָט זיין אורטייל אויסגע־שפּראָכן. אָבער איידער איך גיב דיך איבער צום פאָלק די שטראָף אויף דיר אויסצופירן, ווילסטו מיר נישט זאָגן, ווער איז מיט דיר געווען אין דער פאַרשווערונג?

פ י ל אָ ט אַ ס. איך ווייס נישט פון קיין פאַרשווערונג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס פאָלק פון מאַקעדאָניען האָט דיר נישט געגלויבט. — האָט דיין פאָטער, דער איידעלער פּאַרמעניאָ, פון דיינע אָפּזיכטן געוואוסט? איז ער געווען אין דער פאַרשווערונג?

פ י ל אָ ט אַ ס. ניין!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. געוויס וועסטו זאָגן ניין, אָבער איך וויל דעם אמת וויסן.

פ י ל אָ ט אַ ס. איך האָב געזאָגט דעם אמת.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קראַטעראָס, העפעסטיאָן, נעמט אים אין געצעלט אַריין און געפינט ביי אים דעם אמת אויס.

פ י ל אָ ט אַ ס. מיין פאָטער ווייס פון גאָרנישט, ווי איך האָב פון גאָרנישט נישט געוואוסט. דו ווילסט אַ מאָרד באַגיין. (ווערט אָפּ־

געפירט אין אַלעקסאַנדערס געצעלט, וואוהין עס גייען אים נאָך הע־פעסטיאָן און קראַטעראַס.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאָלק פון מאַקעדאָניען, ביז קראַטעראָס און העפעסטיאָן ווען פון פילאָטאַסן דעם אמת אַרויסבאַצווינגען, האָב איך נאָך אַ קלאָגע פאַר דיר פאָרצוברענגען. פיר פון מיינע גענעראַלן, פון די בעסטע, מוטיקסטע, קליגסטע, פיר, וועלכע איך האָב געהאַלטן פאַר מיינע איבערגעגעבנסטע, האָבן דאָ באַשלאָסן אייך איבערצורייידן, מיך מער נישט צו פאָלגן און מיך צו צווינגען אומצוקערן זיך צוריק. זיי זאָגן, אַז זיי בייגקען אַהיים, און נאָך מער האָבן זיי מורא, איך וועל ווערן אַ פערס. פאָלעמאָן, אַמינטאַס, אַטאַלאָס און סימיאַס זיינען די אָנגעקלאָגטע. איך רוף זיי צו שטעלן זיך פאַר אייך.

ק ע נ אָ ס. נישט נויטיק, אָ, קעניג, זיי צו רופן. די גאַנצע פאַלאַנקס און אויך די רייטעריי שטייט פאַר דיר אין דעם באַשולדיקט. פאָלעמאָן, אַמינטאַס, אַטאַלאָס און סימיאַס, אויב זיי האָבן גערעדט, האָבן נאָר אויסגעדריקט אונזער אַלעמענס מיינונג און געפילן. זיי זיינען נישט שולדיק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. רעדט די פאַלאַנקס דורך דיר?

ק ע נ אָ ס. דו קאָנסט עס פון איר הערן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך גלויב דיר, קענאָס, און נעם מיין אָנ־קלאָג קעגן די פיר צוריק, אָבער די זאַך ווערט ערנסטער פאַר מיר. די פאַלאַנקס האָט באַשלאָסן אומצוקערן זיך צוריק?

פ אַ ל אַ נ ק ס (קרעפטיק). יאָ!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך ווייס, די פאַלאַנקס האָט באַשלאָסן, האָט זי גוטע גרונדן. אָבער פאַרוואָס האָט זי באַשלאָסן, איידער זי האָט זיך דורכגערעדט מיט מיר? אויך איך באַראָט זיך מיט מיין קריגס־ראָט, איידער איך פאַס אַן ערנסטן באַשלוס. ווי קומט עס, די פאַלאַנקס האָט מיט מיר זיך נישט באַראָטן?

ק ע נ אָ ס. די פאַלאַנקס האָט זיך איבערהויפּט נישט באַראָטן. עס איז איר ווילן, ווייטער נישט צו גיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועט די פאַלאַנקס אומקערן זיך צוריק. אַ שאָד, אייער אַרבעט וועט בלייבן נישט געענדיקט. פאַר די באַרבאַרן

וועט איר זיין, ווי עפּעס אַ בייזער חלום, ווי היישעריקן, וועלכע באַ־פאַלן אַ פעלד און פאַרשווינדן. מענטשן אומגעבראַכט, הייזער צו־שטערט, אַנגעמערט קברים און פאַרשוואונדן. געזיגט, אָבער נישט איינגענומען. און אומגעקערט זיך צוריק, ווי פאַר עפּעס, פאַר איימיצן זיך דערשראָקן. די באַרבאַרן וועלן מעגן נאָכלויפן נאָך אייך, באַפאַלן אייך, ווי זיי וואָלטן באַפאַלן דערשראָקענע ווייבער. דאָך איך וויל קיינעם נישט פאַרהאַלטן. דער ווילן פון דער פאַלאַנקס איז—צו גיין צוריק, וועט זי גיין צוריק. דער ווילן פון דער פאַלאַנקס איז פעסט און הייליק. (פון געצעלט דרינגט אַרויס אַ וויי־געשריי פון דעם געפּייניקטן פילאָטאַס. אַלעקסאַנדער ווענדט זיך צו דער זייט פון דעם געשריי.) אָרעמער פילאָטאַס! ביזט אַזוי שוואַכמוטיק און פאַרווייבלעכט, אַז דו קאָנסט נישט אַביסל יסורים אויסהאַלטן, און האָסט זיך דאָך אַריינ־געלאָזן אין אַזאַ געפערלעכער אונטערנעמונג!—ווי טוט ער מיר לייד, דער נאַר! (דערהעכערט זיין שטים.) זעט איר, אייער קעניג איז נישט שוואַכמוטיק און נישט פאַרווייבלעכט. די אונטערנעמונג, וועלכע אַלעקסאַנדער האָט אונטערגענומען, וועט אַלעקסאַנדער דורכפירן ביז צום סוף. דער ווילן פון דער פאַלאַנקס איז פעסט און הייליק, אָבער מיין ווילן איז עס נישט ווייניקער. איך שטעל מיין ווילן קעגן אייערן. די פאַלאַנקס וועט זיך אומקערן צוריק, איך וועל גיין ווייטער. איך בין דער יורש פון דאַריוס, איך מוז באַשטראָפן זיין מערדער, איך וועל נישט אָפּלאָזן, ביז איך וועל נישט כאַפּן דעם מערדער בעסאָס. און זאָל דער וועג מיך פירן איך ווייס נישט ווי ווייט, און ווי שווער ער זאָל נישט זיין. איך וויל עס, און מיט מיר וויל עס דער גאָט. מיין ווילן איז גאָטסווילן, און נישט אומזיסט האָט מיך אַמאָן־צעאוס זיין זון גע־רופן. גייט צוריק, ווער עס וויל. איך האַלט קיינעם נישט. אָבער נישט אַלע פון אייך זיינען אַזוי שוואַכמוטיק און אַזוי פאַררעטעריש ווי פילאָטאַס. איך וועל נאָך געפינען גענוג סאָלדאַטן, וועלכע וועלן מיר העלפן דורכצופירן, וואָס איך וויל. איך בין אַרויס צו מאַכן מאַקע־דאָניען פאַר דער הערשערין פון דער וועלט, און איך וועל זי עס מאַכן צוזאַמען מיט די, וועלכע וועלן מיך באַגלייטן. די, וועמען עס שטייט אָן צו לאָזן מיך אַליין אויף מיין גרויסן וועג, זאָלן גלייך אויפשטיין און אַוועקגיין. (קיינער רירט זיך נישט.) גוט, אָ, געטער! איך האָב דיך ווידער, מיין פאַלאַנקס, מיין אַרמיי! איר פאַרלאָזט נישט אייער קעניג,

איר שטייט נישט אָפּ פון אייער אַלעקסאַנדער. איר זייט איינִיק מיט אים. זיין ווילן איז אייער ווילן. אָבער איך וויל אייך מתרה זיין: מיר גייען פון דאַנען נאָך באַקטריען, וואוהין בעסאס איז אַנטלאָפן. דער וועג אַהין איז אַ זייער שווערער. ער פירט דורך זייער הויכע בערג, אַנטקעגן וועלכע אונזער אָלימפּאָס איז גאָר אַ גאַנץ קליין בערגל, דורך שניי־באַדעקטע וויסטע באַרג־געגנטן — ווילט איר אים מיט מיר גיין?

פּ אַ ל אַ נ ק ס. מיר ווילן! פיר אונז, וואוהין דו ווילסט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שרייט אויף). וועלן מיר די וועלט דעראָבערן! (פילאָטאַס ווערט מער אַרויסגעטראָגן ווי אַרויסגעפירט.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (אַרויסקומענדיק). ער האָט זיך מודה געווען, אַז אויך פּאַרמעניאָ האָט געוואוסט פון דער פאַרשווערונג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָרעמער פילאָטאַס!—פּאַלאַנקס, קאָנסט אויספירן דיין אורטייל.

## פערטע סצענע

(אַלעקסאַנדערס געצעלט. — אַלעקסאַנדער קומט אַריין מיט דעם טראַקישן גענעראַל און די צוויי גריכישע אָפיצערן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיינע פריינט, איך האָב אַ האַרטע נוס צו צוקנאַקן.

ט ר אַ ק י ע ר. רוף אונז אָן די נוס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פּאַרמעניאָ.

ט ר אַ ק י ע ר. זיין זון האָט אים באַשולדיקט אין דער פאַרשווערונג קעגן דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און דאָך איז עס נישט אַזוי איינפאַך.

ט ר אַ ק י ע ר. ברייננ אים צום געריכט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ער געפינט זיך אין עקבאַטאַנאַ אַלס הויפּט פון דער אַרמיי, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזן אין מעדיען.

ט ר אַ ק י ע ר. דאָך ווען דו וועסט אים הייסן קומען...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אין עקבאַטאַנאַ האַלט איך אויפגעשפּייכלערט גרויסע אוצרות.

טראַקיער. און ער וועט זיי פאַרכאַפּן.

אַלעקסאַנדער. און מיט זיי באַפעסטיקן זיך אין זיין חיל.

טראַקיער. ווילסטו לאָזן אים צורו?

אַלעקסאַנדער. ווי מיינסטו, וועט פאַרמעניאָ אויפנעמען די בשורה פון זיין זונס באַשטראָפונג?

טראַקיער. מוז מען אים אומשעדלעך מאַכן.

אַלעקסאַנדער. ווי פאַרשטייסטו עס, אַמאַדאָקאָס?

טראַקיער. משפּט אָדער נישט משפּט — ער האָט גענוג געלעבט.

אַלעקסאַנדער. און די האַרטע נוס איז צוקנאַקט.

טראַקיער. ווילסטו, מיר זאָלן עס טאָן?

אַלעקסאַנדער. איך וויל נאָר, וואָס עס קומט פון מיר אַליין.

טראַקיער. דערלויבסטו אונז, די נוס אַזוי צו צוקנאַקן?

אַלעקסאַנדער. עס קאָן זיין, אַז ווען איך רייד דאָ מיט אייך אַזוי, איילט שוין איימיצער נאָך עקבאַטאַנאַ, פאַרמעניאָן פילאָ־טאַסעס שטראָף מיטצוטיילן.

טראַקיער. מיר וועלן שנעלער רייטן. ווען דער בשורה־ברייננגער וועט אָנקומען, וועט פאַרמעניאָ נישט לעבן מער.

אַלעקסאַנדער (אָנקוקנדיק די דריי). איך זע אַנטשלאָסנקייט אין אייך, מיינע געטרייע. איך וועל אייך נישט אויפהאַלטן.

טראַקיער. מיר וועלן אַלץ טאָן פאַר דיין רו און גליקלעכ־קייט. (די דריי פאַרבויגן זיך און גייען אַוועק.)

אַלעקסאַנדער (שטייט אַ וויילע פאַרלאָרן אין געדאַנקען, קוקט זיך אַרום מיט אומרואיקן אויסדרוק, ווי ער וואָלט עפּעס פאַר־לאָרן, פאַרגעסן, לאָזט זיך צו דער עפענונג פון געצעלט, רופט אויס): אַמאַדאָ!.. (פאַרכאַפּט זיך אָבער און מאַכט אַוועק מיט דער האַנט, גייט לאַנגזאַם צו אַ זיץ און לאָזט זיך אַראָפּ.) אַזוי מוז עס זיין. (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און בלייבט זיצן אָן אַ באַוועגונג.)

ד י אָ ג ע נ ע ס (קומט אַריין, האַלטנדיק זיין אָנגעצונדענע לאַמטערן).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ציטערט אויף). ווער האָט דיך אַריינגע־לאָזן?

ד י אָ ג ע נ ע ס. איך האָב דיין דערלויבניש צו קומען צו דיר, ווען איך וויל.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. היינט האָב איך דיך נישט געוואָלט זען.

ד י אָ ג ע נ ע ס. איך ווייס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען ביזטו אָנגעקומען אין דראַנגיאַנאַ?

ד י אָ ג ע נ ע ס. ווי פרעגסטו עס? בין דאָך אָנגעקומען מיט דיר צוגלייך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָ, יאָ, אַנטשולדיק, איך האָב פאַרגעסן. וואָס קומסטו ווידער שוין צו מיר מיט דיין לאַמטערן?

ד י אָ ג ע נ ע ס. אויס געוווינהייט. איך ווייס, איך וועל נישט געפינען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין נישט פאַרלאָרן געוואָרן..

ד י אָ ג ע נ ע ס. ביזט עס, און מיין זוכן וועט נישט העלפן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און איך זאָג, איך בין נישט פאַרלאָרן געגאַנגען.

ד י אָ ג ע נ ע ס. מיך וועסטו נישט נאַרן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו דערוועגסט זיך שוין צופיל, דיאָגענעס.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דו קאָנסט די פאַלאַנקס נאַרן, זאָגן איר, דו האָסט זיך נישט געביטן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב זיך נישט געביטן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. אַלעקסאַנדער, וועלכער שיקט געהיימע מערדער צו איינעם פון זיינע פאַרדינטסטע גענעראַלן, האָט זיך נישט געביטן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיין זון אַליין האָט אים באַשולדיקט אין פאַרשווערונג.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דו האָסט געזאָגט דער פאַלאַנקס, אַז דו ביזט געבליבן דו און ווייסט, אַז דו ביזט נישט קיין האָר אויף קיינעמס

לעבן, און וועסט נישט, ווי די פּערסישע מאָנאַרכן, אַליין באַשטראָפן די פאַרברעכער קעגן דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פּאַרמעניאָ טאָר נישט שטיין צווישן מיר און מיין ציל. ער וואָלט זיך זיכער אויפגעהויבן קעגן מיר, וואָלט אַוועקגענומען מיינע אוצרות, וועלכע געפינען זיך ביי אים אין עקבאַטאַנאַ, וואָלט אָפּגעריסן פון מיר דעם טייל פון דער אַרמיי, איבער וועלכן ער האָט געקאָמאַנדירט. אָנשטאָט צו גיין ווייטער אויף מיין וועג צו דער דעראָבערונג פון דער וועלט, וואָלט איך גאָר מיט אים געדאַרפט מלחמה פירן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. אַזוי רעדט דער קעניג. וואָס זאָגט דערצו דער מענטש אַלעקסאַנדער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דער מענטש אַלעקסאַנדער, נישט דער קעניג, איז אַרויס צו דעראָבערן די וועלט און זיך איר געבן. דער מענטש אַלעקסאַנדער, נישט דער קעניג, פילט אין זיך די גאַנצע וועלט און טראָגט מיט זיך און אין זיך איר פאַראייניקונג. דער מענטש אַלעקסאַנדער האָט זיך נישט געביטן. איך נעם די לענדער איין, אָבער איך באַפריי זיי. האָט ווען אַ זיגרייכער קעניג זיך אַזוי באַנומען, ווי עס באַנעמט זיך דער זיגרייכער אַלעקסאַנדער? איך ברענג די באַזיגטע פעלקער רו און גליקלעכקייט, איך ברענג זיי איייניקייט און אָרדענונג, איך ברענג ליכטיקייט אין זייער אַזיאַטישער פינסטערניש, נייע אומגעקאָנטע מעגלעכקייטן צו אַ בעסערן לעבן. לאַנג האָבן די פּערסישע מאָנאַרכן דאָ רעגירט, און די מלוכה האָט קיין גוטע זיכערע וועגן נישט געהאַט, וועלכע זאָלן פאַרבינדן שטאָט מיט שטאָט און לאַנד מיט לאַנד. אונטער איין קעניג, און דאָך זיינען זיך די לענדער און פעלקער פון פּרס און מדי געבליבן פרעמד און פיינטלעך. איך שנייד זיי גוטע וועגן דורך, ברענג זיי איינהייט און פאַרבינדונג, ברענג זיי שלום צווישן זיך. ווי, דענקסטו, וועט זייער לעבן אין דער צוקונפט זיין? זיי וועלן זיין דאָ ווי נייגעבאָרן, גאַנץ ווי אומגעביטן. אַלעקסאַנדער בייט זיך נישט, אַלעקסאַנדער בייט די וועלט אום אין זיין גייסט. דאָס וויל ער און דאָס וועט ער.

ד י אָ ג ע נ ע ס. וויל און וועט. רייד דאָך נישט מער פון ווילן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך זאָל מער פון ווילן נישט ריידן!

ד י אָ ג ע נ ע ס. האָסט אַליין אים דאָך געבראַכן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. עפּעס ווייס איך נישט דערפון.

ד י אָ ג ע נ ע ס. האָסט ג ע וו אָ ל ט זיין אָנגעטאָן ווי אַ פּערס און אין דער דאָזיקער קליידונג אַרויסקומען פאַר דער פאַלאַנקס. אָבער דו האָסט זיך באַרעכנט, אַז עס וועט זיין קליגער אַרויסצוקומען פאַר איר אין דער מאַקעדאָנישער באַקליידונג, האָסטו פון דיין ווילן אָפּ־געלאָזן און געטאָן נאָר ווי עס איז קליגער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי דו ווייסט עס!

ד י אָ ג ע נ ע ס. האָסט ג ע וו אָ ל ט די מערדער צו פאַרמעניאָן שיקן, און דאָך האָסטו זיך נישט דערוועגט דיין ווילן אויסצושפּרעכן. האָסט געלאָזן דעם טראַיקער אַמאַדאָקאָס קומען אויף דעם געדאַנק און דיין ווילן אפילו אים פאַרלייקנט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס וואַרפסטו קלייניקייטן מיר פאָר!

ד י אָ ג ע נ ע ס. די קלייניקייטן, זיי וועלן דיך פאַרניכטן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל זיי באַלד פאַרגעסן. ווילסטו מיר אַ פאָרוואורף מאַכן, וואָס עס פאַלן אַזויפיל הרוגים אין די שלאַכטן? איך גיי צום גרויסן ציל צום בעסטן פון דער מענטשהייט און דער וועלט און שטעל אַליין מיין לעבן איין. איך בין דער ערשטער אין געפאַר.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דו באַרימסט זיך, ווייל דו ווילסט אין זיך דיין פאַרלאָרנקייט פאַרשרייען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך זאָג, איך האָב זיך נישט פאַרלאָרן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. ביזט געוואָרן אַ גאָטס אַ זון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אום גרעסערע איניקייט און פאָלגשאַפט ביי די פעלקער צו דערגרייכן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דו טוסט זיך אָן ווי אַ פּערס...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צו באַווייזן די פּערסער, אַז איך בין זייער קעניג, נישט זייער באַזיגער.

ד י אָ ג ע נ ע ס. האָסט געלאַכט פון דאַריוסעס גילדענעם טראָן, איצטער ליבסטו אויף אים צו זיצן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויף אים האָבן די באַרבאַרן ליב צו זען זייער רעגירער.

ד י אָ ג ע נ ע ס. אַלעקסאַנדער איז אַרויס צו ברענגען דער באַר־באַרישער וועלט זיין וועג צו לעבן, אָבער ער האָט זיך פאַרלאָרן און אָנגענומען דעם וועג פון די באַרבאַרן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קליינע מיטלען צו אַ גרויסן ציל.

ד י אָ ג ע נ ע ס. יעדעס גרויסע ציל ווערט צו גאָרנישט, ווען דער מענטש, וועלכער גייט צו אים, פאַרלירט זיך. איך בין אַרויס צום גרויסן ציל צו דערלאַנגען גליקזעליקייט דורך אָפּזאָגן זיך פון דער וועלט. מיינסטו, איך וואָלט אים דערגרייכט, ווען איך וואָלט זיך דער־לויבט דאָ און דאָרט וואָס דו רופסט אָן קליינִיקייטן? אַ סך פון מיינע תּלמידים און נאָכמאַכער האָבן זיך עס דערלויבט, האָבן זיי דעם ציל קיינמאָל נישט דערגרייכט. איך וואָרן דיך, וועסט נאָך ערגערע זאַכן טאָן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל מיין ציל דערגרייכן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דער אימפּעט וועט דיך טראָגן, אָבער דו ביזט שוין נישט מער דו. דו ווייסט עס אַליין. דו ווערסט פון די אַלע קליי־ניקייטן פאַרפאָלגט, זיי שרייען אין דיר, שרעקן דיך. מיט דעם אָנוואַקס פון זייער צאָל, וועסטו גאַנץ פאַרטומלט ווערן און אונטערגיין אין זייער גערויש.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיאָגענעס, דיין אוידיענץ איז געשלאָסן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. און איך וויל נאָך רעדן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַרויס!

ד י אָ ג ע נ ע ס (ווערט נישט פּלוצלינג).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קוקט זיך אַרום. די טראַבאַנטן ביי דער טיר שטייען אויפגערעגט און דערשראָקן. ער קוקט זיי שאַרף אָן): וואָס איז מיט אייך?

ט ר אַ ב אַ נ ט. דער קעניג האָט אויפגעשריען אין זיין חלום.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. חלום?.. איז דאָ דיאָגענעס... רופט מיר שנעל אַריסטאָטעלעסן... ניין, וואַרט, מען דאַרף נישט. איך וועל מיר אַליין מיין חלום דערקלערן. (באַהאַלט זיין געזיכט אין די הענט, זיצט אַזוי אַ ווײַלע און רעדט אַרויס.) און דאָך... און דאָך... (הייבט אויף דעם קאָפּ הויך און שטאָלץ.) חלום־דיאָגענעס, וועסט אַ טעות האָבן!..

# פערטער אַקט

## ערשטע סצענע

אַ זייטן־צימער ביי דעם אוידיענץ־זאַל אין דעם שלאָס פון דעם קעניג אין מאַראַקאַנדאַ, דער הויפּט־שטאָט פון סאַגדיאַנאַ. אין דעם זאַל האַלט איצטער אַלעקסאַנדער אוידיענץ, און אין דעם זייטן־צימער גע־פינען זיך קראַטעראַס, קליטאָס און נאָך עטלעכע גענעראַלן.

קליטאָס. ניין, איך זאָג זיך אָפּ צו פאַרשטיין, און איך בין נישט דער איינציקער, וועלכער האָט אויפגעהערט אַלעקסאַנדערן צו פאַרשטיין, איך דריק זיך שוואַך נאָך אויס. ריכטיקער, איך זאָג: קיי־נער פאַרשטייט אים שוין נישט מער. און די, וועלכע זאָגן, זיי באַגרייפן זיין אויפפירונג, מאַכן בלויז אַן אָנשטעל.

קראַטעראָס. מיינסטו, אַז איך חנפע?

קליטאָס. ניין, איך ווייס, דו ביזט נישט קיין חונף. אויך העפעסטיאָן איז עס נישט. אָבער איר ביידע, ווייסן אייך די געטער, זייט שוין געוויינט אין אַלץ מיט אים צו האַלטן.

קראַטעראָס. ווייל ער איז די קלוגקייט. מעגסט נישט וועלן גלויבן, אַז ער איז אַ געטער־זון, און, ביי צעאוס, איך גלויב עס נישט, אָבער אָפּט מוזטו עס גלויבן. נאָר אַ גאָט־זון קאָן אין זיך אַזויפיל חכמה האָבן אין אַזעלכע יונגע יאָרן. נאָר צעאוסעס זון—

קליטאָס. אָ, חזר עס נישט איבער, חזר עס נישט איין. דו שווערסט, דו גלויבסט נישט, און באַלד גלויבסטו עס דאָך.

קראַטעראָס. איך זאָג, עס איז שווער נישט צו גלויבן. ווייל נאָר צעאוסעס זון האָט געקאָנט אַרויסגיין מיט אַ באַשטימטן ציל פאַר זיינע אויגן און גיין צו אים מיט אַזעלכע זיכערע און פעסטע שריט.

קליטאָס. דאָס ווייסן מיר אַלע און אַלע באַוואונדערן מיר אים דערפאַר. אָבער וועלכע זיכערע שריט זעסטו אין דעם, וואָס ער

טראָגט זיך ווי אַ פּערס, האָט אָנגעטאָן אַ פּערסישע דיאַדעם און זיצט נישט אַנדערש ווי אויף דעם טראָן? וועלכע פעסטע טריט זיינען עס, די פּערסער מיט אונז מאַקעדאָניער און גריכן אויף גלייכן פוס צו שטעלן? נישט נאָר די פּערסער, נאָר אפילו די באַקטריער, סאָגדיאַנער, אַריאַנער, דראַנגיאַנער, דער הונט ווייס, ווי די אַלע באַרבאַרן הייסן, פעלקער, וועלכע זיינען אפילו פון די פּערסער געטראָטן געוואָרן אונטער די פיס, אויך זיי באַהאַנדלט ער, ווי זיי וואָלטן געווען אונזער גליכן. מאַכט זיי פאַר שטאַטהאַלטער, גיט זיי הויכע עמטער, חברט זיך מיט זיי. רופסטו דאָס זיכערע שריט? הייסט דאָס ביי דיר אויך ציל־באַוואוסט?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ציל־באַוואוסט, באַשטימט! מאַקעדאָניען, גריכנלאַנד, עגיפּטן, פעניקיע, פריגיע, פּערסיע, מעדיע, באַקטריע, סאָגדיאַנאַ—אַלע איין מלוכה. און נישט נאָר איין מלוכה, נאָר איין פאָטערלאַנד פאַר אַלע פעלקער, וועלכע באַוואוינען זיי. נאָך מער: איין לאַנד, און אַלע פעלקער אין אים אין איין פאָלק צונויפגעשמאָלצן. איז דער ציל נישט גרויס? געוויינט זיך צו אים צו, און איר וועט דאָס באַלד אַלע גרויס געפינען.

ק ל י ט אָ ס. ווען איך וואָלט נישט געוואוסט, אַז דער געדאַנק איז אַלעקסאַנדערס, וואָלט איך אַנדערש מיט דיר גערעדט. איך וואָלט געברויכט אַ וואָרט, וואָס וואָלט דיר שלעכט געקלונגען. די מאַקעדאָניער און העלענער אין איין פאָלק מיט די פּערסער צונויפגעשמאָלצן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. געוויין זיך צו צו דעם געדאַנק, מיין ליבער קליטאָס. וואָס שנעלער, וועט בעסער זיין פאַר דיר. (העפעסטיאָן קומט אַריין אָנגעטאָן אין פּערסישער באַקליידונג. אַלע קוקן אים אָן אין גרויסער איבערראַשונג. אויך קראַטעראָס איז פאַרוואונדערט.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? קליידט מיר נישט די קליידונג?

ק ל י ט אָ ס. דיין צונויפשמעלצונג הייבט זיך אָן, קראַטעראָס, און דו ביזט אַליין פאַרוואונדערט. גיי, טו זיך אויך אָן ווי אַ פּערס. דו פאַרשטייסט דאָך דעם גרויסן געדאַנק. מ י ר וועלן וואַרטן, ביז מיר וועלן געצוואונגען ווערן. די צונויפשמעלצונג וועט ווערן אַ פאַרפלייצונג. די פּערסער וועלן די מאַקעדאָניער און גריכן באַלד פאַרטרינקען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איז די באַקליידונג דען נישט פּראַכטפול?

ק ל י ט אָ ס. דאָ האָט איר די בעסטע דערקלערונג, פאַרוואָס אַלעקסאַנדער האָט געלאָזן דעם דאַריוס־מערדער אַזוי באַרבאַריש־ווילד באַשטראָפן. איינגעבויגן צוויי בוימער, צוויי פּיכטן אָדער צוויי פּאַלמען, צוגעבונדן בעסאָסעס פיס צו דיביידע שפּיצן און אָפּגעלאָזן די בוימער, און דער אומגליקלעכער איז צעריסן געוואָרן אויף צווייען. אַזוי האָט געטאָן אַמאָל אין גריכנלאַנד סיניס, דער פּיכטן־בוימער. איז ער אָבער געווען אַן אוממענטש, אַ רויבער, און גריכנלאַנד האָט געיום־טובט, ווען דער העלד טעזעאוס האָט זי פון אים באַפרייט. און איצטער טוט אַזוי אַלעקסאַנדער, דער מאַקעדאָניש־העלענישער קעניג, וועלכער וויל נאָך זיין דער זון פון צעאוס.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ווי ביטער קליטאָס רעדט!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. און ווי פאַלש! אַלעקסאַנדער האָט בעסאָסן נישט באַשטראָפט. ער האָט אים איבערגעגעבן צו דאַריוסעס ברודער, און יענער האָט די שטראָף אים אָנגעטאָן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. און די שטראָף איז אַנדערש געווען, ווי מען האָט זי דיר דערציילט. זיי האָבן דעם דאַריוס־מערדער נאָז און אויערן אָפּגעשניטן, און דערנאָך צו אַ קרייץ אים צוגעשלאָגן.

ק ל י ט אָ ס. האַ, און דאָס איז גריכיש, ווי? און דאָס האָט אַלעקסאַנדער צוגעלאָזן! אויב ער איז דאַריוסעס יורש, פאַרוואָס האָט ער דעם דאַריוס־מערדער נישט באַשטראָפט? און האָט ער דאַריוסעס ברודער געוואָלט דאָס שטראָף־פאַרגעניגן איבערלאָזן, האָט ער גע־דאַרפט אים וויסן לאָזן: מאַקעדאָניען הערשט דאָ איצטער! אין מאַקע־דאָניען טויט מען אויך פאַרברעכער, אָבער מען פייניקט זיי נישט אוממענטשלעך.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ווי האָט אַלעקסאַנדער געקאָנט וויסן, ווי די פּערסער וועלן בעסאָסן באַשטראָפן?

ק ל י ט אָ ס. ווען ער וואָלט געוואָלט, וואָלט ער געוואוסט.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. מאַכסט דערפון איבערהויפּט צופיל ווען.

ק ל י ט אָ ס. ביי דיר איז אַלץ נישט וויכטיק. ביזט דאָך שוין אויך אַ פּערס. די קליידונג איז ביי אייך נאָר אַן אויבנאויפיקע זאַך,

אָבער איך און אַלע אַנדערע זעען: די קליידונג איז פאַרפערסט, זי וועט אייך גאַנץ פאַרפעסטן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. קליטאָס, דו ווערסט אַלט.

ק ל י ט אָ ס. וואָלט אַלעקסאַנדער, נישט פאַרפערסט, געקאָנט אַזוי פאַרמעניאָן...

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. קליטאָס!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. דו פאַרגעסט זיך טאַקע, קליטאָס.

ק ל י ט אָ ס. וואָס איך זאָג, זאָגן אַלע.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. זאָלסט זיי בעסער לערנען שווייגן.

ק ל י ט אָ ס. איך לערן זיך בעסער רעדן, אַלעקסאַנדערן אין געזיכט עס צו זאָגן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אין פערסישער קליידונג, גראָד אַריינקו־מענדיק פון דעם זאַל). וואָס איז עס, קליטאָס? וואָס ווילסטו מיר אין געזיכט זאָגן?

ק ל י ט אָ ס (פאַרלאָרן און אָפּהענטיק). נאָך נישט, אָ, קעניג, איך דאַרף זיך לערנען נאָך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גוט, לערן זיך. איך האָב נאָך צייט צו וואַרטן. בין איצטער אויך נישט אויפגעלייגט צו הערן דאָס, וואָס דו וואָלסט מיר געזאָגט.

ק ל י ט אָ ס. וועל איך ריכטיק טאָן, ווען איך וועל זיך איצטער אַוועקנעמען פונדאַנען, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ביזט פריי צו טאָן, ווי דו ווילסט, אָ, קליטאָס!

ק ל י ט אָ ס. פרייד מיט דיר, אָ, קעניג! (מיט פאַרבויגונג אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ער האָט מיך דאָך געבענטשט. — דערציילט מיר נישט, וואָס ער האָט גערעדט. איך ווייס עס, ווי איך וואָלט זיך הינטער דער טיר שאַרף צוגעהערט. — איך ווער שוין מיד פון דעם גערייד. עס איז אומזין, איך קאָן זיך דאָך נישט אַלץ פאַרענטפערן. דאָס פערסישע איז מיין נאַטור פונקט אַזוי פרעמד ווי זיי, אָבער איך וויל די באַזיגטע פעלקער דורך גלייכהייט און פריינדלעכקייט אַרויפפירן צו מיר, צו אונז. מוז איך אַלס פירער אַראָפּגיין צו זיי אַראָפּ און

פירן זיי דעם וועג אַרויף. — אָבער איך וויל נישט און פאַרענטפער זיך דאָך. (קוקט אָן העפעסטיאָנען אין דער פערסישער קליידונג.) אַדאַנק דיר, העפעסטיאָן. האָב זיך שטאַרק דערפרייט, ווען איך האָב דיך אין דער דאָזיקער קליידונג דערזען. דו פאַרשטייסט מיך גוט. — דאָס דאַרף אויך דיר נישט וואַרפן קיין שאָטן, מיין קראַטעראָס. אויך דו פאַרשטייסט מיך אויסגעצייכנט. איר זייט מיר ביידע אַ גרויסע שטיץ. אָבער — העפעסטיאָן איז אַלעקסאַנדערס פריינט, דו ביזט דער פריינט פון קעניג. פאַרשטייסט דעם אונטערשייד? ער דאַרף דיך נישט באַליידיקן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. איך בין שטאָלץ דעם קעניגס פריינט צו זיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נאָך אַלס יונגער יינגל האָב איך העפעסטיאָן געליבט — מיין פּאַטראָקלאָס! — וועסט נישט פאַריבל האָבן, אָ, קראַטעראָס, ווען אַלעקסאַנדער וויל בלייבן אַליין מיט העפעסטיאָן? אָן אַנדערש מאָל וועט דער קעניג בעטן העפעסטיאָנען צו לאָזן אים אַליין מיט זיין קעניגספריינט קראַטעראָס. איר זעט, איך וויל, אַז צווישן אייך זאָל קיין אייפערזוכט נישט זיין.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. עס איז מיר אַ פאַרגעניגן דיך צו פאָלגן, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי אין זאַל און ווענד אָן דיין טאַקט און קלוגקייט צו פאַראייניקן דעם מזרח מיט דעם מערב. זע, אַז אונזערע מענטשן זאָלן זיך אַזוי נישט בלאָזן און די קעפּ נישט צו הויך פאַרדייסן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. איך וועל טאָן דאָס בעסטע, וואָס איך קאָן. (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (באַגלייט אים, קוקט אַרויס אין דער טיר און גייט צו העפעסטיאָן). העפעסטיאָן, מערקסטו וואָס אויף מיר?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (קוקט אים אָרום). ניין, אַלעקסאַנדער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זע איך נישט עפּעס אַנדערש אויס?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. זאָל עס זיין אַ פאַרזעצונג פון דעם גערייד?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָט דער אויסדרוק פון מיין געזיכט זיך נישט געביטן?

העפעסטיאָן. נעמסט זיך עס ווירקלעך אַזוי צום האַרצן, אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. צום האַרצן! דאָס איז ריכטיק.

העפעסטיאָן. אָ, אַלעקסאַנדער, ווי קאָנסטו...

אַלעקסאַנדער. ניין, ניין, נישט דאָס וואָס דו מיינסט. עס איז גאָרנישט פון פּאָליטיק. עפּעס גאַנץ אַנדערש. גאַנץ אַנדערש... איך דערקען זיך אַליין נישט... ווען איך וואָלט איצטער אין אַ שפּיגל אַריינגעקוקט, וואָלט איך זיך אַליין געפרעגט: אַלעקסאַנדער, דאָס ביזטו? ניין, איך בין נישט מער איך.

העפעסטיאָן. דערקלער דאָס מיר.

אַלעקסאַנדער. דאָס וויל איך אויך. איך גלויב, איך בין פאַרוואונדעט...

העפעסטיאָן. פאַרוואונדעט? דו?!

אַלעקסאַנדער. טיף און גאַנץ געפערלעך.

העפעסטיאָן. אָ, אַלעקסאַנדער!

אַלעקסאַנדער. דאָך קאָן איך זיך עס נישט גלויבן.

העפעסטיאָן. ווען און וואו איז עס געשען?

אַלעקסאַנדער. דאָ אין מאַראַקאַנדאַ מיט עטלעכע טעג צוריק אויף דעם באַל ביי אָקסיאַרטעס.

העפעסטיאָן. אויף דעם באַל ביי אָקסיאַרטעס... און דו דערציילסט עס מיר ערשט איצטער?.. וואו ביזטו פאַרוואונדעט?

אַלעקסאַנדער. איך גלויב, אין האַרצן.

העפעסטיאָן. אָ, איצטער הייב איך אָן צו פאַרשטיין. דו האָסט מיך אָבער שטאַרק דערשראָקן.

אַלעקסאַנדער. איך בין אַליין דערשראָקן, און גאָר מאָדנע איז מיר צו מוט.

העפעסטיאָן. זאָל עס זיין אָקסיאַרטעסעס טאָכטער? ראָקסאַנע, וועלכע האָט געטאַנצט פאַר דיר?

אַלעקסאַנדער. קאָנסטו, אָ, געליבטער, אַזוינס באַגרייפן? עס זיינען פרויען פרעמד געווען מיין וועזן, דו ווייסט עס. איך האָב

געקוקט אויף זיי ווי פון אַ גרויסער הויך און מיין האַנט נישט געוואָלט אָראָפּשיקן צו זיי אין זייער נידעריקייט. אויך די שענסטע פון זיי זיינען מיר בלויז שיינע סטאַטועז געווען, שיינע בילדער. קוקסט זיי אָן און גייסט פאָריבער. באַרזינע איז מיר געווען בלויז אַ שיינע קעסטל פאַר האָמער, וועלכע איך האָב מיין אייגנס מיר געמאַכט. אַ שפּיל בלויז מיר, אַ קליינער צייט־פאַרטרייב. און האָב איך פון אַ ווייב, אַ קעניגין פאַר מיר, געטראַכט, האָב איך שטאָלץ צו מיר גערעדט: וואו איז די פרוי, וועלכע קאָן אַרויפשטייגן צו מיר? זי מוז אַ העלדין זיין, אַ האַלב־געטין אין יעדער איינצלהייט.

העפעסטיאָן. אַזאַ איז נאָך נישט געבאָרן געוואָרן.

אַלעקסאַנדער. ווי? דו האָסט מיט דיינע ווערטער ראָקסאַנען מיר באַליידיקט... איך וויל, זי זאָל זיין אַזאַ איינע... זי איז עס נישט, איך ווייס. זי איז נישט הויך און גרויס, קיין געטין נישט און נישט קיין העלדין, נאָר זי איז פאַרפילפאַכט מיר געוואָרן.

העפעסטיאָן. וואָס מיינסטו מיט דעם?

אַלעקסאַנדער. איך זע זי אומעטום. איך האָב זי שטענדיק פאַר מיינע אויגן. ניין, דאָס איז נישט אַלץ און אויך נישט גאַנץ ריכטיק. איך זע און פיל זי מיט אַלע מיינע גלידער. איך קוק אויף דיר, און מיין זייט געווענדט צום זאַל, פילט, אַז זי איז איצטער דאָרטן, זעט זי אין אַלע אירע באַוועגונגען. די אַלע טעג, זינט איך האָב זי צום ערשטן מאָל דערזען, האָב איך נישט אויפגעהערט זי צו זען, אין מיין געצעלט, אויף מיין רייטן, אין אַלע געשפּרעכן, וועלכע איך האָב געפירט, און אַמדייטלעכסטן, ביי דער נאַכט אויף מיין געלעגער.

העפעסטיאָן. דו ביזט פאַרוואונדעט. אַזוי ווירקט די פייל פון עראָס.

אַלעקסאַנדער. איך ווייס עס און קאָן עס מיר נישט צוגעבן. קאָן עס ווירקלעך זיין? ווי קומט עס גאָר צו מיר? זאָל איך אין מיר אַ טעות האָבן?

העפעסטיאָן. פון עראָסעס פייל איז קיינער נישט באַשיצט. אויך די געטער. (קוקט אַרויס אין זאַל.)

אַלעקסאַנדער. דו זעסט זי איצטער, און איך בין דיר מקנא, אָבער איך זע זי אויך. זי איז אין מיר. גאַנץ מערקווירדיק, דער זאַל דאָרטן איז פון איר פול, איך דאַרף נישט פרעגן, וואו זי שטייט, זיצט אָדער גייט.

העפעסטיאָן. זי גייט אַרום.

אַלעקסאַנדער. איך זע זי אין איר גאַנג... ווי צירלעך יעדער טריט!.. ווי הערלעך די האַלטונג פון איר יינגליש־שלאַנקן קערפּער!..

העפעסטיאָן. אַ פריינדין רעדט צו איר און זי שמייכלט צו...

אַלעקסאַנדער. אָ, איר שמייכל! איך גלויב, ער האָט דאָס מיר אָנגעטאָן. אַזוי זיס איז ער און צאַרט, און וואַרעם ווערט מיר פון אים.

העפעסטיאָן. זי קוקט אַהער...

אַלעקסאַנדער. אָדער זיינען דאָס אירע אויגן, וועלכע האָבן עראָסעס פיילן אין מיר אַריינגעשאָסן? שוואַרץ און טיף — טיפער פאַר דעם העלעספּאָנט און דעם גראַניקאָס, אין וועלכע איך האָב אָן מורא אַריינגעקוקט.

העפעסטיאָן. זי קומט נאָענט צו...

אַלעקסאַנדער. העפעסטיאָן!

העפעסטיאָן. זאָל איך זי אַריינרופן אַהער?

אַלעקסאַנדער. איך שעם זיך צו זאָגן יאָ, און קאָן נישט זאָגן ניין.

העפעסטיאָן (גייט אַרויס.)

אַלעקסאַנדער. העפעסטיאָן!... העפעסטיאָן!... (טופּעט מיטן פוס.) ניין, איך בין איך! (זיין געזיכט נעמט אָן אַ פעסטן אויסדרוק.)

ראָקסאַנע (קומט אַריין, דערשרעקט זיך, ווען זי דערזעט אַלעקסאַנדערן). אָ, קעניג! (וויל זיך אויסציען אויפן געזיכט.)

אַלעקסאַנדער. ניין, ראָקסאַנע, טו עס נישט.

ראָקסאַנע. העפעסטיאָן האָט מיך אַריינגעשיקט. איך וואָלט זיך נישט דערוועגט. ער האָט געזאָגט, מען וויל מיך זען. ווילסטו, אָ, קעניג, וואָס פון מיר?

אַלעקסאַנדער. דיך זען — ווי העפעסטיאָן האָט דיר געזאָגט.

ראָקסאַנע. (שטייט גאַנץ פאַרלאָרן אונטער זיינע בליקן, שמייכלט אויף, דערשרעקט זיך, לאָזט אַראָפּ די אויגן).

אַלעקסאַנדער. לאָז די אויגן נישט אַראָפּ, ראָקסאַנע, ווייל אַ שאָטן לייגט זיך דאַן אויף דיר און מיר, און טרייב דיין שמייכל נישט אַוועק פון דיינע ליפּן, ווייל עס ווערט מיר טרויעריק אָן אים. קום, שטיי דאָך נישט ביי דער טיר, ווי איך וואָלט געדאַרפט דיר אויסטיילן אַ באַפעל. זעץ זיך צו אָט־דאָ... ניין, זעץ זיך דאָרטן ווייטער. איך וויל דיך זען וואָס מערער אין דיין גיין, וואָס איז ווי אַ נימפן־טאַנץ. (ראָקסאַנע גייט צו דער ווייטער באַנק, וועלכע ער האָט איר אָנגעוויזן.) ניין, דו ביזט נישט פריי. שרעקן דיך מיינע בליקן? זיינען זיי דיר קייטן אויף די פיס?

ראָקסאַנע (פאַלט כמעט אויף דער באַנק). אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. מיר געפעלט אויך דיין פאַרלאָרנקייט, וועל־כע קליידט דיר אַזוי גוט. נאָר בעסער זע איך דיך, ווען דו ביזט פריי. דאָס קליידט דיר נאָך פיל שענער. (טרעט צו איר צו.)

ראָקסאַנע (וויל אויפשטיין).

אַלעקסאַנדער. זיץ, ראָקסאַנע. פאַרגעס, עס רעדט צו דיר דער קעניג.

ראָקסאַנע. ווי קאָן איך דאָס פאַרגעסן?

אַלעקסאַנדער. עס שטייט פאַר דיר אַלעקסאַנדער.

ראָקסאַנע. דער וועלט־דעראָבערער, דער גרויסער זיגער, דער זון פון גאָט.

אַלעקסאַנדער. מיט די דאָזיקע ווערטער שטעלסטו אויף אַ וואַנט צווישן מיר און דיר.

ראָקסאַנע. דאַרף איך זי ערשט אויפשטעלן?

אַלעקסאַנדער. ווי דו האָסט מיך איצטער אָנגעקוקט, האָסטו די וואַנט ווידער איינגעוואָרפן.

ראָקסאַנע. ווי האָב איך דיך דען אָנגעקוקט, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. איך קאָן עס דיר נישט זאָגן, אָ, ראָקסאַנע, נאָר פאַרגעס איך, ווער איך בין.

ראָקסאַנע. דו לאַכסט, אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. איך לאַך נישט, ראָקסאַנע. בין איך וועלט־דעראָבערער, גרויסער זיגער, זון פון גאָט? איך דאַרף זיך גאָר אָנ־נעמען מיט מוט, ווען איך זעץ זיך איצטער לעבן דיר. און עס ציט מיך, ווי אַ שקלאַף אַוועקצולייגן זיך ביי דיינע פיס. (שפּרינגט פּלוצ־לינג אויף, טופּעט מיטן פוס, נעמט אָן דעם האַרטן אויסדרוק אויף זיין געזיכט.)

ראָקסאַנע (שפּרינגט אויף און קוקט אויף אים דערשראָקן).

אַלעקסאַנדער. פאַרוואָס האָט העפעסטיאָן דיך אַריינגעשיקט צו מיר? איך וועל זיך מיט אים דערפאַר צוקריגן.

ראָקסאַנע (מיט טרערן אין איר שטימע). אָ, קעניג, וואָס האָב איך דען געטאָן?

אַלעקסאַנדער. ניין, ניין... דו ביזט נישט שולדיק... ביזט אין גאָרנישט שולדיק... דער וועלט־דעראָבערער קעמפט נאָר דאָ מיט זיך אַליין...

ראָקסאַנע. איך ווייס נישט, וואָס צו זאָגן... איך ווייס נישט, וואָס צו טאָן...

אַלעקסאַנדער. זיי רואיק, ראָקסאַנע. באַנעם זיך ווי איך וואָלט דאָ מיט דיר נישט געווען... אָדער ווי איך וואָלט געווען אַן אַלטער באַקאַנטער פון דיר, אַ שפּיל־קאַמעראַד פון דיין קינדהייט.

ראָקסאַנע. דאָך דו קוקסט מיך אַזוי מאָדנע אָן.

אַלעקסאַנדער. זאָג, ראָקסאַנע, ביזטו זייער, זייער שיין?

ראָקסאַנע. ווי זאָל איך דאָס באַענטפערן, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. ווי דו וואָלסט עס דיין שפּיל־קאַמעראַד באַענטפערט.

ראָקסאַנע (מיט אַ שמייכל). ביי אים וואָלט איך עס גאָר געפרעגט.

אַלעקסאַנדער. דאָס האָסטו גוט געזאָגט, און דיין שמייכל איז געוועזן געטלעך. איצטער ענטפער מיר, וואָס איך האָב געפרעגט.

ראָקסאַנע. וויפל מאָל „זייער" האָסטו געזאָגט?

אַלעקסאַנדער. איך גלויב, דריי מאָל. איך קאָן צוגעבן דריי מאָל דריי, אויב דו ווילסט.

ראָקסאַנע. מיינסטו, יעמאָלט איז עס גענוג?

אַלעקסאַנדער (לאַכט). אָ, דו דענקסט, דו ביזט די שענסטע מיידל פון דער וועלט, וועלכע איך האָב דעראָבערט?

ראָקסאַנע. איך האָב עס נישט געדענקט, אָ, קעניג. ווייס נישט צומאָל, אַז איך בין איינמאָל זייער שיין.

אַלעקסאַנדער. דאָס זאָגסטו נישט דעם אמת.

ראָקסאַנע. איך זאָג דעם אמת, אָ, קעניג. מיין שפּיגל זאָגט מיר, אַז איך בין שיין.

אַלעקסאַנדער. אָ, וואָרט־אָרעמער שפּיגל!

ראָקסאַנע. מיינע שקלאַפינס זאָגן מיר, אַז איך בין זייער שיין.

אַלעקסאַנדער. זיי זאָלן בלייבן שקלאַפינס.

ראָקסאַנע. מיינע עלטערן קוקן מיך אָן בלויז און אין זייערע בליקן לייען איך אַרויס, אַז איך בין זייער, זייער שיין.

אַלעקסאַנדער. דו לייענסט זייער, זייער שלעכט.

ראָקסאַנע. אָבער מיינע חברטעס האָבן אַ סך וואָס אויסצוזעצן אין מיר.

אַלעקסאַנדער. שלעכטע חברטעס! דו זאָלסט זיי פון דיר פאַריאָגן.

ראָקסאַנע. נאָר מיין אַלטע אַם באַהויפּט, אַז איך בין די שענסטע אין דער וועלט.

אַלעקסאַנדער. זי זאָל קעניגלעך באַלוינט ווערן.

ראָקסאַנע (פריידיק). אָ, קעניג, דענקסטו ווי מיין אַם?

אַלעקסאַנדער. ווי דיין אַם, ווי דיינע עלטערן, ווי דיינע חברטעס, ווי דיינע שקלאַפינס, ווי דיין שפּיגל!.. ווייס איך, ווי איך

דענק? ווייס איך, פאַרוואָס איך דענק פון דיר? איך האָב פאַר דיר קיין מאָס נישט, איך האָב פאַר דיר נישט קיין פאַרגלייך. איך וויל דיך אויך מיט קיינעם נישט פאַרגלייכן.

ר אָ ק ס אַ נ ע (באַאומרואיקט). אָ, קעניג, אַנטשולדיק, וואָס איך האָב דיך עס געפרעגט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז מיין שטים געוועזן האַרט? האָב איך דיך דערשראָקן? אַנטשולדיק, איך האָב עס נישט געוואָלט. דאָס איז דער קאַמף אין מיר... דו זיי נאָר רואיק... רואיק.... איך פיל זיך אַזוי גוט, ווען דו זיצסט דאָ לעבן מיר.

ר אָ ק ס אַ נ ע. איך וואָלט נאָר געוואָלט פאַרשטיין...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס וויל איך אויך. איך האָב זיך געזען מיט אַ ווייב אַ געטין־ענלעכער, איבערמענטשלעכער. מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, און ביידע זיינען מיר געוואַקסן הויך און העכער, און די גאַנצע וועלט האָט אַרויפגעקוקט צו אונז, איר קעניג און איר קעניגין. דאָס איז מיין חלום געוועזן פון מיין ווייב. איך האָב זיך אין אים איינגעוויינט, איינגעלעבט. און פּלוצלונג... (קוקט זיך איין אין ראָקסאַנען, וועלכע צוקט צונויף.) איך האָב ווידער דיך דערשראָקן. (ראָקסאַנע נעמט זיך צוזאַמען, קוקט אים רואיק אָן.) דאָס איז בעסער, בעסער... אָט די אויגן ליב, באַוואונדער איך אומ־ענדלעך. (טרעט צו האַרט צו איר.) אָט די אויגן... (קוקט זיך איין, ווערט אומרואיק, טרעט אָפּ).

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, קעניג, וואָס איז דען מיט מיינע אויגן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָט דיר קיינמאָל קיינער נישט געזאָגט? זיינען די מענער בלינד אין באַקטריען אָדער סאָגדיאַנאַ?

ר אָ ק ס אַ נ ע. איך האָב פאַר מענער זיי אַראָפּגעלאָזן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און האָסט גוט געטאָן. פאַרוואָס האָסטו פאַר מיר זיי נישט אַראָפּגעלאָזן?

ר אָ ק ס אַ נ ע. איך האָב דאָך געוואָלט דעם קעניג אָנזען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואו איז העפעסטיאָן? פאַרוואָס קומט ער נישט אַריין?

ר אָ ק ס אַ נ ע. דערלויב מיר, אָ, קעניג, איך וועל אַרויסגיין און אים אַריינשיקן.

אַלעקסאַנדער. יאָ? ווילסט עס?

ראָקסאַנע (שטייט אויף).

אַלעקסאַנדער. ניין, זיץ!

ראָקסאַנע. ווילסט דאָך העפעסטיאָנען?

אַלעקסאַנדער. דו ווייסט, איך וויל אים נישט.

ראָקסאַנע. אָ, קעניג, איך ווייס עס נישט. דו האָסט זיך נאָכגעפרעגט אויף אים.

אַלעקסאַנדער. און ווען ער וואָלט אַריינגעקומען, וואָלט איך אים אַרויסגעשיקט. — וואָלט איך עס? אפשר וואָלט ער מיר אַ הילף געווען...

ראָקסאַנע. קענען ווע מען, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. קענען זיך אַליין. אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט קיינמאָל קיין צווייפל נישט געהאַט, ווערט פון צווייפל דאָ צוריסן. אַלעקסאַנדער, וועלכער ווייס נישט, וואָס הייסט געפאַר און מורא און שרעק, וועלכער איז קיינמאָל נישט באַזיגט געווען... אָ, ראָקסאַנע!..

ראָקסאַנע. וואָס זאָל איך טאָן, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. האָסט גענוג געטאָן. וואָס קאָנסטו מער?

ראָקסאַנע. איך קאָן אַוועקגיין, באַהאַלטן זיך, מער פאַר דעם קעניג נישט באַווייזן זיך.

אַלעקסאַנדער. און איך זאָל דערנאָך די וועלט חרוב מאַכן אין זוכן דיך.

ראָקסאַנע. ווילסטו, קאָן איך שטאַרבן.

אַלעקסאַנדער. און איך זאָל... ווי קומסטו אַזוי צו רעדן? האָב איך דיר וואָס געזאָגט?

ראָקסאַנע (פאַלט אויף די קני). אָ, אַלעקסאַנדער!

אַלעקסאַנדער. אַההה! דאָס איז מיר דורך דורך מאַרך און בלוט! דאָס איז פייער אין מיינע אָדערן! זאָג עס נאָך אַמאָל.

ראָקסאַנע. דו גרויסער קעניג!

אַלעקסאַנדער. ניין!

ראָקסאַנע. אַלעקסאַנדער!

אַלעקסאַנדער. איצטער בויג איך זיך נאָך מער איין צו דיר! איצטער לאָז איך זיך צו דיר אַראָפּ. (לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני.) די ספקות זיינען אויסגעברענט אין מיר. איצטער בין איך ווידער ווילן בלויז! (נעמט זי אַרום און דריקט אַרויף אַ לאַנגן ליידנ־שאַפטלעכן קוש אויף איר מויל, בויגט זיך אַלץ נידעריקער און נידע־ריקער צו דער ערד. רייסט זיך פלוצלונג אָפּ און שפּרינגט אויף.) ניין, נישט אַזוי וועל איך אַרויספירן דיך אין זאַל צום יום־טובדיקן עולם. (איילט צו דער טיר און רופט.) העפעסטיאָן!

העפעסטיאָן (קומט אַריין). האָסט מיך גערופן?

אַלעקסאַנדער. עטלעכע מאָל.

העפעסטיאָן. איך האָב נישט געהערט.

אַלעקסאַנדער. גוט וואָס דו האָסט פריער נישט געהערט.

העפעסטיאָן. בין געשטאַנען ביי דער טיר, פון איר נישט אָפּגעטראָטן.

אַלעקסאַנדער. נאָר ווען איך האָב געוואָלט, דו זאָלסט דער־הערן, האָסטו דערהערט. רוף אָקסיאַרטעסן, ראָקסאַנעס פאָטער, אַהער אַריין, מאַצעאָס אויך, און מענאַבאַזאָס און אָריאָבאַרזאַנעס, און קראַטעראָס, און קליטאָס און די איבעריקע גענעראַלן. די דערקלע־רונג וועסטו האָבן, ווען דו וועסט אַריינקומען מיט זיי.

העפעסטיאָן. מיין אומגעדולד וועט שנעל זיי צוזאַמענ־ברענגען. (אָפּ.)

ראָקסאַנע. וואָס ווילסטו דען, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. האָב איך דיר עס שוין געזאָגט?

ראָקסאַנע. וואָס, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. האָב איך עס מיט ווערטער דיר שוין אויסגעדריקט?

ראָקסאַנע. אָ, קעניג, וואָס?

אַלעקסאַנדער. האָב איך געזאָגט: איך ליב דיך? האָסטו פון מיר עס שוין געהערט? אָ, ראָקסאַנע, דיך האָט עראָס אויסגע־קליבן, מיט דיר מיך צו פאַרוואונדן. איך האָב נישט געוואוסט, וואָס ליבע צו אַ פרוי איז, האָב איך דיך דערזען...

ראָקסאַנע. איך האָב ווי אַ גאָט דיך אָנגעקוקט.

אַלעקסאַנדער. און געטער זיינען ווייט און נישט־דער־גרייכבאַר... וואָס האָסטו צו מיר דערפילט? דו האָסט מיר גאָרנישט נאָך געזאָגט.

ראָקסאַנע. איך האָב זיך* נישט דערוועגט, וואָס צו פילן. איך האָב מיין האַרץ מיט מיינע פויסטן צונויפגעדריקט, עס זאָל שווייגן שטיל.

אַלעקסאַנדער. אָבער אַלעקסאַנדערס האַרץ האָט נישט געשוויגן שטיל. איך האָב דיך דערזען און נישט געקאָנט דיך מער אַרויסטרייסלען פון מיינע אויגן. די פּיילן פון דיינע בליקן, ווי די פּיילן פון עראָס, זיינען טיף אין מיר אַריין, נישט אַרויסצוריסן. און איצטער פרעג איך, וואָס איך האָב שוין באַשלאָסן: ווילסטו ווערן מיין ווייב?

ראָקסאַנע. איך דערוועג עס זיך נישט אַרויסצורעדן. איך בין דיין שקלאַפין.

אַלעקסאַנדער. ניין, איך וויל דיך פאַר מיין ווייב.

ראָקסאַנע. מיין קוש האָט דעם ענטפער דיר געגעבן.

אַלעקסאַנדער. זאָג מיט ווערטער מיר.

ראָקסאַנע. ווי בין איך שטאָלץ און גליקלעך, אַלעקסאַנדער, דיין ווייב צו ווערן.

אַלעקסאַנדער. און איצט באַקרעפטיק מיט אַ קוש. (נעמט זי ווידער אַרום מיט ליידנשאַפטלעכן קוש.)

העפעסטיאָן (קומט אַריין, הינטער אים די פערסישע סאַטראַפּן אָקסיאַרטעס, מאַזעאַס, מעגאַבאַזאָס, אָריאָבאַרזאַנעס און די גריכישע גענעראַלן, קראַטעראָס, קליטאָס און אַנדערע).

אַלעקסאַנדער (אָננעמענדיק ראָקסאַנע פאַר אַ האַנט). אָקסיאַרטעס, איך האָב אויסגעקליבן מיר דיין טאָכטער פאַר אַ ווייב, האָסטו וואָס דאַקעגן?

אָקסיאַרטעס (און די אַנדערע סאַטראַפּן ציען זיך אויס אויפן געזיכט). אָ, גרויסער, געטלעכער קעניג!

אַלעקסאַנדער. יאָ אָדער ניין? שטיי אויף און זאָג.

אָ ק ס י אַ ר ט ע ס (אויפשטייענדיק). וואָס פרעגסטו, געטלע־כער? דו הייבסט מיך אויף ביז צו די שטערן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. בין צופרידן צו זען דיך אויף דיינע פיס. איך האָב אייך אַלעמען אַריינגערופן, איר זאָלט מיך און זי אין זאַל אַרויסבאַגלייטן. איך וויל, פון אייער הויכער באַגלייטונג באַשיינט און באַערט, אַריינקומען מיט איר אין זאַל און פאַר דעם גרויסן עולם דערקלערן ווי פאַר מיין געזעצלעך ווייב און קעניגין. (פרייד אויסגעשרייען, די פערסער פאַלן ווידער אויף זייערע געזיכטער און הייבן זיך באַלד אויף.)

ק ל י ט אָ ס (צו קראַטעראָס). אַ פרעמדע!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב געהערט דיין שעפּטשען, קלי־טאָס, דו האָסט נישט שטיל גענוג געפּליסטערט. פאַרקלאָג דעם גאָט, וועלכער האָט די פרעמדע דאָ מיר אויסגעקליבן. אָבער איך וויל, איר זאָלט עס אַלע הערן. אין מיין מלוכה גיט קיין פרעמדע נישט. אַלע פעלקער זיינען גלייך מיר נאָענט. די געטער, זעט, האַלטן דאָ מיט מיר. (צו ראָקסאַנען.) קום אין מיין אָרעם, דו נאָענטע, זייער נאָענטע! — אָ, פריינט, באַגלייט אונז אַרויס צום אָנזאָג פון אונזער פרייד און גליק!

## צווייטע סצענע

(גרויסער פעסטזאַל אין מאַראַקאַנדאַ. אַלעקסאַנדער יום־טובט דעם באַקכוס־יום־טוב אין קרייז פון זיינע נאָענטע, אונטער וועלכע עס געפינען זיך זיי גענעראַלן העפעסטיאָן, קראַטעראָס, קליטאָס, פער־דיקאַס און אַנדערע, די פילאָזאָפן קאַליסטענעס און אַנאַקזאַרכאָס, דער דיכטער פראַניכאָס, דער פלייטן־שפּילער אַנטיגענידעס. טראַ־באַנטן, לייב־וועכטער, דינער).

אַ נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. מיין לערע איז: עס איז נישטאָ קיין אַב־סאָליוטער אמת. גאָרנישט איז פעסט און גאָרנישט איז זיכער. אַלע זאַכן זיינען אומבאַגרייפלעך, און ווייל זיי זיינען אומבאַגרייפלעך, זיינען זיי אויך צווייפלהאַפט.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ווייל עס איז נישטאָ קיין אַבסאָליוטער

אמת, איז דאָך נישט אמת, וואָס דו זאָגסט. און ווייל עס איז נישט אמת, וואָס דו זאָגסט, זיינען אַלע זאַכן באַגרייפלעך, און ווייל זיי זיינען באַגרייפלעך, זיינען זיי נישט צווייפלהאַפט.

אַ נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. דאָס שפּיל איז אַלט, קאַליסטענעס, איז נישט דיין דערפינדונג, איז גאַנץ אומבאַגרייפלעך אין דיין מויל און ווערט מיר דערפאַר זייער צווייפלהאַפט. (לאַכן אונטער די געסט.)

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. ניין, איך נעם דאָס מאָל אָן דיין לערע און זאָג, דו ביזט מיר גאַנץ אומבאַגרייפלעך און דערפאַר ווערסטו מיר זייער און זייער צווייפלהאַפט. (געלעכטער.)

אַ נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. און אויב דער, וועמעס לערע דו נעמסט אָן, איז צווייפלהאַפט, ווי ביזטו עס שוין? (געלעכטער.)

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. איז עס צווייפלהאַפט, אַז איר האָט ביידע אַ סך וויין געטרונקען?

אַ נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. ביי קאַליסטענעסן איז עס נישט צווייפל־האַפט, ביי מיר איז עס יאָ. פון וויין, זאָגט מען, ווערט מען שיכור. איך בין אָבער נישט שיכור. ווייל אויב שיכור זיין הייסט: נישט וויסן, וואָס מען רעדט צו מיר און וואָס איך ענטפער, ווייס איך ביידע זאַכן: איך ווייס, וואָס מען רעדט צו מיר, און ווייס, וואָס איך ענטפער. איז אַ סימן, אַז איך בין נישט שיכור. איז אויב עס איז אמת, אַז פון וויין ווערט מען שיכור און איך בין נישט שיכור, איז עס אַ סימן, אַז איך האָב קיין וויין נישט געטרונקען. נאָר אויב איך האָב יאָ געטרונקען און בין דאָך נישט שיכור, איז עס אַ באַווייז, אַז פון וויין ווערט מען נישט שיכור. נאָר אויב קאַליסטענעס פאַר־וואַרפט מיין לערע און ביי אים איז גאָר קיין ספק נישט, אַז פון וויין ווערט מען שיכור, האָט ער געוויס געטרונקען אַ סך וויין, ווייל ער איז שיכור און ווייס נישט וואָס ער רעדט. (געלעכטער.)

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. און ווי עס איז אמת אַלץ, וואָס דו זאָגסט, אַזוי איז דאָס אויך אמת. ווייל פיל וויין טרינקען איז מיר שטענדיק צואווידער, און איך זאָג שטענדיק, אַז ווער עס טרינקט אַ סך וויין, וועט צום סוף נאָך ווערן אַן אַנאַקזאַרכאָס. (לאַכן.)

אַ נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. לאַכט נישט, איר לאַכער, נאָר יובילירט: איר וועט דערהייבן ווערן!

העפעסטיאָן. אָ, אַלעקסאַנדער, הײס די פילאָזאָפן שװײגן.

אַלעקסאַנדער. אַנטיגענידעס, װעק אונז אויף מיט דײַן פלײטן־שפּיל. (אַפּלאָדיסמענטן.)

אַנטיגענידעס (דער פלײטן־שפּילער שפּילט די מעלאָדיע פון אַ קריגסגעזאַנג, װעלכער באַרוישט און צינדט אָן די גענעראַלן, װעלכע הײבן אָן צו קלאַפּן מיט די הענט און פיס).

אַלעקסאַנדער (גאַנץ באַגײסטערט, שפּרינגט אויף און הײבט אָן צו דעקלאַמירן פערזן פון אַ קריגסליד, פאָכענדיק דערבײ מיט זײַן שװערד, װאָס איז געלעגן לעבן אים):

עס ציטערט דער פײַנט, װען מיר גײען אויף אים!
ער װײס, אָ, מיר װײַכן צוריק נישט —
צום זיג אַלץ, צום זיג שנעל, מיר גײען פאָרויס — —
באַלד ליגט שוין די װעלט אַ באַזיגטע!

(גרויסע אַפּלאָדיסמענטן. אַלעקסאַנדער לאָזט זיך צוריק אַראָפּ אויף זײַן פּלאַץ.) אַנטיגענידעס דײַן מוזיק איז געטלעך. װען איך הער זי, קומען אין מיר פאַרענדערונגען פאָר. דו האָסט די קראַפט מיך טרויעריק צו מאַכן אָדער אויפצוהײבן מיך צום גרעסטן יובל.

פראַניכאָס. װעסטו מיר דערלויבן, אָ, געטלעכער, אויך מײַן קונסט פאַר דיר פאָרצופירן?

אַלעקסאַנדער. װאָס באַזינגסטו הײַנט?

פראַניכאָס. װי געװײנלעך: דײַנע גרויסע טאַטן.

אַלעקסאַנדער. גוט, זינג זײ מיר פאָר. מיר גײען באַלד נאָך אינדיען, און עס װעט זײַן גוט, מײַן זכרון מיט מײַנע טאַטן אַביסל אָפּצופרישן.

פראַניכאָס (טרעט אַרויס מיט זײַן לירע און הײבט אָן צו זינגען):

עס זינגען די אַלטע, די אוראַלטע גריכן
די װאונדער די גרויסע פון געטלעכן הערקולעס.
זײ האָבן נישט געװאוסט, די באַדויערנסװערטע,
געאַנט נישט אפילו די אמתע גרויסקײט.

וואָס זיינען דען אַלע די מעשים פון הערקולעס,
פאַרגלייכט מען זיי נאָר מיט דער קלענסטער דערגרייכונג
פון דעם אומפאַרגלייכלעכן, אָ, אַלעקסאַנדער?..

קליטאָס (שפּרינגט אויף). שטיל, דו ליגנערישער דיכטער! דו טרייבסט דיין חניפה שוין צו ווייט. ווי שטעלסטו זיך אונטער, אַלעקסאַנדערס טאַטן צו פאַרגלייכן מיט די, וואָס דער האַלב־גאָט הערקולעס האָט דורכגעפירט? וואָס הערקולעס האָט געטאָן, האָט ער אַליין געטאָן. ער האָט קיין חיל נישט געהאַט, פאַר אים די גרויסע טאַטן דורכצופירן. אומעטום איז ער אַליין געווען, זיין אייגענע מוסקל־קראַפט, זיין אייגענער וויץ און שאַרפזין. דו ווילסט, געמיינער דיכטער, חנפענען אַלעקסאַנדערן און אים איבער הערקולעסן שטעלן, אָבער אַלעקסאַנדערס קראַפט איז זיין חיל, דער רום פון זיינע טאַטן איז דער רום פון זיין אַרמיי.

העפעסטיאָן. קליטאָס נעמט זיך אָן פאַר הערקולעסן און רימט נאָר זיך.

קליטאָס. איך באַרים זיך נישט, איך לאָז נאָר אָן אַנדערן נישט לויבן אויפן חשבון פון דער אַרמיי, און טאַטן, וועלכע אַלעקסאַנדער האָט נישט געטאָן, שטעלן איבער די טאַטן, וועלכע הערקולעס האָט דורכגעפירט.

קראַטעראָס. טאַטן... טאַטן... טאַטן... אַלעקסאַנדער שווייגט, וועל איך דיר ענטפערן. דער רום פון אַן אַרמיי איז דער פירער, וועלכער פירט זי. ווען אַלעקסאַנדער וואָלט געפירט דאַריוסעס אַרמיי, דו און איך און אונזער גאַנצע מאַקעדאָניש־העלענישע אַרמיי וואָלטן לאַנג שוין נישט געווען מער.

קליטאָס. דאָס ווייס איך נישט און גלויב עס נישט. ער האָט געזיגט, ווייל ער האָט אונז און די מאַקעדאָנישע אַרמיי געהאַט. איך שעץ פיל מער די טאַטן פון זיין פאָטער פיליפּ...

העפעסטיאָן. פיליפּס איינציקער רום איז דאָך נאָר, וואָס ער הייסט אַלעקסאַנדערס פאָטער!

קליטאָס. דאָס איז אַ העזה, ווי איך האָב זי קיינמאָל נאָך נישט געהערט, און דער ליגן איז גרעסער נאָך פאַר דער העזה.

פיליפס איינציקער רום!.. וואָס איז מאַקעדאָניען געווען, איידער פיליפּ איז איר קעניג געוואָרן? ווער האָט גאַנץ גריכנלאַנד באַזיגט און אונטער מאַקעדאָניעס הערשאַפט געבראַכט? ווער איז אויף דעם גע־דאַנק געקומען אויף פּערסיען אויף מלחמה אַרויסצוגיין? האָט פיליפּ נישט צו דער מלחמה אַלע פּאַרבאַרייטונגען געמאַכט, וועלכע זיינען זיין נאָכקומער אַזוי גוט צונוץ געקומען? פון קליין האָט פיליפּ אָנ־געהויבן און אַרויפגעבראַכט זיך צו דער העכסטער הויך,דער רום פון זיינע טאַטן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט נישט געדאַרפט דער־קלערן זיך פאַר אַ גאָט־זון... (געמורמל אונטער די געסט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (גוטמוטיק). איך זע, דו האָסט זיך אויס־געלערנט צו רעדן, קליטאָס, פאַרקריכסט מיר אָבער שוין צו ווייט.

ק ל י ט אָ ס. ווען דו נעמסט זיך נישט אָן פאַר דיין פאָטער, איך, זיין אַלטער גענעראַל, קאָן עס נישט פאַרשווייגן. פיליפּ איז מיר גרויס און הייליק, איך לאָז זיין אָנדענק נישט פאַרשוועכן. ער איז געווען אַ גרויסער העלד, דער זיגער אין אומצייליקע שלאַכטן און אַ גאַנצער געטרייער מאַקעדאָניער — ער וואָלט קיין פּעריס נישט געוואָרן און באַרבאַרן צו זיך נישט דערהייבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַהאַ! דאָס איז, וואָס עס שטעכט דיר!

ק ל י ט אָ ס. און וועט נישט אויפהערן צו שטעכן. מיר האָבן נישט פאַרגאָסן אונזער מאַקעדאָניש בלוט, די פּערסער צו דערהייבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסט מורא, זיי וועלן דיך אַריבערשטייגן.

ק ל י ט אָ ס. מורא? איך? איך דאַרף נאָך ערשט וויסן, וואָס מורא הייסט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זאָל איך עס דיר לאָזן וויסן?

ק ל י ט אָ ס. יאָ, אויב דו ווילסט אויסלערנען מורא צו האָבן אָט די הענט, וועלכע האָבן דיך פון ספּיטרידאַטעטעס שווערד געראַ־טעוועט, און אָט די וואונדן, וועלכע האָבן דיר געהאָלפן אַרויפשטייגן אַזוי הויך, אַז דו זאָלסט פאַרלייקענען דיין פאָטער פיליפּ און דער־קלערן זיך פאַר אמונס זון.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צאָרנדיק). הער אויף צו רעדן, קליטאָס! דו ברייננגסט אין כעס מיך אַריין. דו ווילסט, ווי עס שיינט, די מאַקע־

דאָניער אויפרייצן קעגן מיר. אָבער איך וועל פאַרגעסן, וואָס דו ביזט מיר געווען...

ק ל י ט אָ ס. און וועסט מיך באַשטראָפן, טויטן גאָר פּילייכט, ווי דו האָסט פּאַרמעניאָן געטויט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קליטאָס!

ק ל י ט אָ ס. דו וועסט מיך נישט דערשרעקן, און דער טויט האָט מיך נאָך קיינמאָל פון קיין שריט נישט אָפּגעהאַלטן. דער טויט! ווי גוט איז פּאַרמעניאָן און פילאָטאַסן, ווי גליקלעך אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן נישט דערלעבט צו זען, ווי די פּערסער זיינען גלייכגעשטעלט מיט אונז.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אין גרויסן כעס). זאָלסט אויפהערן צו רעדן!

ק ל י ט אָ ס. איך בין נישט קיין פּערסישער סאַטראַפּ, בין אַ פריי־געבאָרענער מאַקעדאָניער, געוויינט, מיין מויל נישט צו פאַרשליסן. ווילסטו אַרומרינגלען זיך מיט שווייגן, נעם צונויף אַרום דיר די פּערסישע באַרבאַרן, וועלכע וועלן לעקן דעם שטויב פון אונטער דיינע פיס און בוקן זיך צו דיין פּערסישן גאַרטל און דיין פּערסישן טוניק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שפּרינגט אויף אין ווילדן צאָרן, כאַפּט אַן עפּל פון טיש און וואַרפט אים אויף קליטאָס, און קוקט זיך אַרום נאָך זיין שווערד, וועלכן קראַטעראָס האָט שנעל באַהאַלטן, ווען אַלעקסאַנדער איז אויפגעשפּרונגען).

ק ל י ט אָ ס. איך וועל דעם עפּל באַהאַלטן, אַלס עדות פון דיין דאַנקבאַרקייט, דו זון פון גאָט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיין שווערד! מיין שווערד וואו איז? ווער האָט באַהאַלטן מיין שווערד? (העפעסטיאָן און קראַטעראָס הייבן אים אָן צו באַרואיקן. אַנדערע גענעראַלן האָבן אַרומגערינגלט קליטאָסן און פירן אים פון זאַל, ווערדליק ער ראַנגלט זיך מיט זיי.)

ק ל י ט אָ ס. גיט אים זיין שווערד!.. איך קאָן אים מיינעם געבן! איך האָב קיין מורא נישט... זאָלן די מאַקעדאָניער זען, וואָס פון אַלעקסאַנדערן איז געוואָרן!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אַרויסרייסנדיק זיך פון העפעסטיאָן און קראַטעראָס). אַוועק פון מיר! מיין שווערד! (צו דעם הינטער אים שטייענדיקן טראָמפּייטער.) בלאָז דיין טראָמפּייט!.. גיב דעם סיגנאַל! רוף צונויף די גאַנצענע אַרמיי!

ק ל י ט אָ ס. יאָ, טו עס! רוף צונויף די מאַקעדאָניער!.. זאָלן זיי דיך זען אין דער גאַנצער געטלעכקייט!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ניין, נישט טראָמפּייטן! דו וועסט נאָר אויפ־רודערן די גאַנצענע אַרמיי.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (גיט דעם טראָמפּייטער מיט דער פויסט אין געזיכט, אַז יענער פאַלט אום). פאַרוואָס בלאָזטו נישט, ווען איך הייס דיר?!

ק ל י ט אָ ס (ווערנדיק אַרויסגעפירט, כאַפּט זיך נאָך אָן אָן דער טיר). האַהאַהאַ!.. אַלעקסאַנדער געברויכט זיין פויסט אויף אַן עלנדן טראָמפּייטער—דאָס איז זיין חברשאַפט מיט באַרבאַרן!.. (ער ווערט אַוועקגעשלעפּט.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. באַרואיק זיך, אָ, אַלעקסאַנדער, ער איז שוין דאָ נישטאָ.

אַ ל ק ס אַ נ ד ע ר (שאָקלט מיט די פויסטן אין דער לופט און הייבט אָן אויפגערעגט אַרומגיין איבערן זאַל). אָ, די אומדאַנקבאַר־קייט! אָ, אַזוי באַליידיקט צו ווערן! מיט מיר אַזוי צו רעדן, מיך אַזוי צו באַהאַנדלען! ער ווייס בעסער, ווי צו פירן אַ וועלט־מלוכה!.. ער זאָגט מיר אַ דעה, ווי איך האָב זיך אויפצופירן!.. ער האָט אַ האַנט אַ שווערד צו האַלטן — האָט ער דען אַ קאָפּ, וואָס זאָל געדאַנקען טראַכטן? האָט ער דען אַן אויג, וואָס האָט אַ ווייטן בליק? וועלכע אַנונג האָט ער, ווי ווייט איך זע אַריין אין וועזן פון רעגירן? ער, וואָס איז שטענדיק פון אַן אַנדער ווילן געטריבן געוואָרן, וואָס ווייס ער פון אַ ווילן, וועלכער טרייבט?.. ער, וועמעס געדאַנקען, אויב ער האָט זיי ווען געהאַט, זיינען קיינמאָל זיינע נישט געווען, וואָס ווייס ער פון געדאַנקען, וועלכע נעמען אַרום די גאַנצע וועלט און מענטשהייט?.. מיין פּערסישער גאַרטל... מיין פּערסישער טוניק... ווי גרויס איז מיין פאַרברעך!.. (העכערט זיין קול.) איך זאָג אייך, איך וועל נאָך מער, איך וועל נאָך מער די פּערסער געבן. איך וועל אויפשטעלן אַ פּערסישע

אַרמיי, אַ גוט געלערנטע און גוט דיסציפּלינירטע, וועלכע זאָל דינען דעם גרויסן פֿאָטערלאַנד נישט ערגער ווי מאַקעדאָניער. און איך וועל נאָך מער פֿון די פּערסער נעמען — ווייל איך ליב עס, ווייל איך מוז עס, ווייל איך וויל עס... און איך זאָל פֿון אייך מער קיין וואָרט נישט הערן איבער דעם!.. איך וויל נישט הערן מער! (גאַנץ ווילד.) איך וויל נישט הערן מער! קיין וואָרט נישט, קיין טאָן, קיין וואונק נישט מיט די אויגן!.. איך דערלויב נישט מער!..

ק ל י ט אָ ס (לויפט אַריין אין זאַל ביי די לעצטע ווערטער, נאָכגעיאָגט פֿון די גענעראַלן). דערלויבסט נישט מער!.. וואָס דערלויבסטו נישט מער? „אין העלאַס, אָ ווי, שטייט עס זייער שלעכט!" — ווען אַ קעניג הייבט שוין אָן צו פֿאַרבאָטן... פֿיליפּ האָט קיינמאָל גאָרנישט פֿאַרבאָטן, געטער און פּערסישע דעספּאָטן האָבן ליב צו פֿאַרבאָטן... און דו ביזט ביידע זאַכן... פֿאַרלייקנט דעם לייבלעכן פֿאָטער, איז געוואָרן אַ זון פֿון דעם גאָט און גלייך דערמיט אַ פּערסישער דעספּאָט... שלאָגט זיינע לייט מיט זיין אייגענער פֿויסט, באַלד וועט ער אָנהייבן אויסצופֿירן אויף זיי מיט אייגענער האַנט די טויט־שטראָף... צום צייט־פֿאַרטרייב און אייגענעם פֿאַרגעניגן נאָז און אויערן אָפּשניידן, טשוועקעס שלאָגן אין דעם געקרייציקטן...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (וועלכער האָט דאָס אַלץ אויסגעהערט אין אַ ווילדן צאָרן און אין דער זעלביקער צייט געראַנגלט זיך מיט זיין אייגענער באַטרונקענקייט, שרייט משונה־ווילד אויף, כאַפּט אַרויס ביי אַ טראַבאַנט דעם שפּיז און שליידערט אים און טרעפֿט קליטאָסן אין האַרצן).

ק ל י ט אָ ס (פֿאַלט טויט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווערט גלייך אויסגעניכטערט פֿון ווייַן און צאָרן און וואַרפֿט זיך מיט אַ פֿאַרצווייפֿלטן שמערץ צו קליטאָסן). קליטאָס! קליטאָס! קליטאָס!!! טויט!.. ניין, אוממעגלעך!.. קליטאָס! קליטאָס!!. קליטאָס!!!.. טויט!.. טויט... אָ, צעאוס!.. (ציט אַרויס דעם שפּיז פֿון קליטאָסעס ברוסט און וויל אים אַריינשטעכן זיך אין האַלז. די אַרומיקע רייסן ביי אים אַרויס דעם שפּיז, און ער פֿאַלט מיט אַ יאָמער־אויסגעשריי איבער דעם טויטן קליטאָס און צעוויינט זיך.) קליטאָס... קליטאָס... ווי האָב איך דאָס געקאָנט? ווי האָט

מיין האַנט זיך אויפגעהויבן? אַלעקסאַנדערס האַנט, ווי האָט זי זיך אויפגעהויבן צו מאָרדן? קליטאָס, דיך צו מאָרדן?!.. קליטאָס, איז דאָס מעגלעך, אַז דו לעבסט נישט מער?.. שטיי אויף, קליטאָס, און רייד, רייד... רייד, וויפל און וואָס דו ווילסט, אַבי דו זאָלסט נאָר לעבן... איך וועל זיין געדולדיק... איך וועל מיט דאַנק דיינע ווערטער אויפנעמען, איך וועל דיין צונג און מויל דיר בענטשן... קליטאָס, לעב!.. קליטאָס!.. איך האָב דאָך דיך נישט דערמאָרדעט... דאָס איז דאָך אוממעגלעך... דיין מאָרד וועט מיין מאָרד זיין... איך האָב זיך געמאָרדעט, קליטאָס... איך בין איצטער טויט... פאַרוואָס האָבן זיי מיר דעם שפּיז אַרויסגעריסן, וועלכער וואָלט מיך פון זיך אַליין באַפרייט?.. קליטאָס, זאָג מיר וואָס!.. דו גוטער, טרייער קליטאָס!.. (וויינט האַרציק. העפעסטיאָן, קראַטעראָס, קאַליסטענעס, אַנאַקזאַרכאָס און אַריסטאַנדער שטייען איבער אים.)

העפעסטיאָן. שטיי אויף, אַלעקסאַנדער, לאָז אַוועקנעמען דעם טויטן.

אַלעקסאַנדער. דעם טויטן?.. ניין!.. ניין!...

אַריסטאַנדער. עס איז געשען, וואָס האָט געמוזט געשען. אַזוי האָבן די געטער עס געוואָלט.

אַלעקסאַנדער. האָבן די געטער געוואָלט, איך זאָל מערדער ווערן?

אַריסטאַנדער. די געטער האָבן געוואָלט, קליטאָס זאָל זיין טויט געפינען דורך געטער־האַנט, ווייל ער האָט דיין לעבן דיר געראַטעוועט.

אַלעקסאַנדער. דערמאָן מיר עס נישט!

אַריסטאַנדער. איך זאָג, וואָס איך זע און ווייס.

אַלעקסאַנדער. אָ, קליטאָס, קליטאָס...

קראַטעראָס. דו וועסט אים מיט דיין וויינען לעבעדיק נישט מאַכן.

אַלעקסאַנדער. איך לאָז אים נישט אַוועקנעמען. איך שליס זיך איין מיט אים.

אַריסטאַנדער. דאָס ווילן די געטער נישט. אין נאָמען

פון די געטער נעמט אוועק דעם טויטן. (די טראַבאַנטן נעמען אַוועק דעם טויטן, ווערליק העפעסטיאָן און קראַטעראָס האַלטן צו אַלעק־סאַנדערן.)

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (בלייבט ליגן אויף דער ערד, אויסשריי־ענדיק). קליטאָס! קליטאָס!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אין נאָמען פון דיין חיל, דו מוזט זיך באַ־רואיקן, אָ, קעניג!

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, אַלעקסאַנדער, קראַטעראָס האָט ריכטיק אָן חיל דיך דערמאָנט.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קליטאָס!.. קליטאָס!..

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. עס איז שיין פון דיר, אָ, קעניג, דיין טאַט אזוי צו באַוויינען. דיין וויינען וואַשט דיך ריין, וואָס די טאַט זאָל נישט זיין. די ערלעכע תשובה און חרטה מאַכן די בייזע טאַט ווי נישט געשען. אויך ווען די בייזע טאַט איז אַ געוואָלטע, אַן אָפּגע־פּלאַנטע, אַ פאָרויס פאַרטראַכטע, די ערלעכע תשובה רייניקט אָפּ פון איר. דיין טאַט אָבער איז קיין אָפּגעפּלאַנטע נישט געוועזן, נישט גע־ווען קיין געוואָלטע. זי איז פּלוצלונג געשען, אין ווילדן כעס, פון קליטאָסן אויפגערייצט. דער שפּיז איז צופעליק אין דיין האַנט אַריינ־געקומען, ווי די געטער וואָלטן אים דיר צוגעשטעלט.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווילסט מיך נישט פאַרענטפערן, קאַליס־טענעס.

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. וואָלסטו שולדיק געווען, ווען קליטאָס וואָלט זעלבסטמאָרד דאָ באַגאַנגען? מיט זיין ווילדן רייצן דיך איז ער אים באַגאַנגען.

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ברומט אַרויס, ווי קאָרטשענדיק זיך אין פּיין). רייד נישט, קאַליסטענעס!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. איז עס דען נישט ריכטיק? קליטאָס האָט...

א ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווי פריער). רייד נישט, קאַליסטענעס!

א נ אַ ק ז אַ ר כ אָ ס. דערפאַר וועל איך אָבער רעדן. איז דאָס אַלעקסאַנדער, אויף וועלכן די אויגן פון דער גאַנצער וועלט זיינען געווענדט? ווי אַ שקלאַף האָט ער זיך דאָ אַנידערגעוואָרפן, וויינענדיק

און יאָמערנדיק, ווי ער וואָלט זיך געדאַרפט פאַר איימיצן פאַרענט־פערן! איז ער נישט אַליין געזעץ? וואָס ער טוט, דאַרף אַלעמען גע־רעכט און ריכטיק זיין! ער האָט איינגענומען די וועלט אום צו הערשן, די מאַכט איבער דער וועלט צו געווינען, אָבער נישט באַהערשט צו ווערן פון דער פוסטער מיינונג פון דער וועלט און אונטערטעניק צו זיין די לײדיקע צינגער. ווייסטו נישט, אָ, קעניג, אַז גערעכטיקייט און געזעץ ווערן דערפאַר אַוועקגעשטעלט ביי צעאוסן פון ביידע זייטן, אום צו צייגן, אַז אַלע האַנדלונגען פון דעם, וואָס האָט די מאַכט, זיינע געזעצלעך און גערעכט?

אַלעקסאַנדער. וואָס רעדסטו מיר פון דער מיינונג פון דער וועלט, אַנאַקזאַרכאָס? איך אַליין פאַראורטייל זיך.

אַנאַקזאַרכאָס. דו האָסט דערצו קיין רעכט נישט, ביזטו געזעץ און גערעכטיקייט פאַר דער גאַנצער וועלט, ווי קאָנסטו זיך פאַראורטיילן? ווען דו פאַראורטיילסט זיך, הערסטו אויף צו זיין געזעץ און גערעכטיקייט. ווילסטו זיך אפשר אָפּזאָגן פון דיין מאַכט? ווילסטו זיך אָפּזאָגן פון דיינע זיגן?

העפעסטיאָן. שטיי אויף, אַלעקסאַנדער. (ער און קראַטע־ראָס הייבן אַלעקסאַנדערן, זעצן אים אויף.)

אַלעקסאַנדער. איך קאָן מיט דיר נישט איינשטימען, אַנאַקזאַרכאָס.

קאַליסטענעס. דו זאָלסט מיט אים נישט איינשטימען.

אַלעקסאַנדער. עס איז אַן אמת אין דיינע ווערטער, אַנאַקזאַרכאָס. אָבער...

קאַליסטענעס. ער ליקנט יעדן אמת אָפּ.

אַלעקסאַנדער. דיך פרעג איך נישט, קאַליסטענעס. איך רייד צו אַנאַקזאַרכאָסן.

קאַליסטענעס. גיי איך אַוועק, און ווייס, דו האָסט מיך באַליידיקט.

אַלעקסאַנדער. קאָנסט גיין.

קאַליסטענעס (גייט אַוועק מיט באַליידיקטער מאַיעסטעט).

אַנאַקזאַרכאָס (טרעט צו מיט זיסן שמייכל). זאָל איך איבערחזרן, וואָס איך האָב געזאָגט? טראַכט זיך נאָר גוט אַריין...

אַלעקסאַנדער. איך וועל זיך אַריינטראַכטן... אָ, שווערער וועג!.. (מאַכט צו די אויגן. די הענט אויפן קאָפּ.)

אַנאַקזאַרכאָס (צו העפעסטיאָן און קראַטעראָס). דאָס איז מיין פילאָזאָפיע. איך גלויב אין גאָרנישט, אָבער פאַר מאַכט מוז איך זיך בויגן. אַלץ איז צווייפלהאַפט, אָבער מאַכט איז די איינציקע ווירקלעכקייט. איך ווייס נישט, וואָס דונער איז און בליץ, אָבער איך קען זייער מאַכט און שרעק זיך פאַר איר. זייער מאַכט איז ווירקלעכקייט, פאַר וועלכער איך מוז זיך בויגן, און קיינער האָט נאָך קיינמאָל צעאוסן נישט פאַרקלאָגט און פאַראורטיילט, ווייל ער האָט איימיצן מיט זיין בליץ געטראָפן. מאַכט איז אַבסאָליוט, נישט צו פאַרקלאָגן און נישט צו פאַראורטיילן, צי איז זי צעאוסעס אָדער זיין זונס.

אַלעקסאַנדער (רייסט אויף די אויגן און רעדט אַרויס). ווען ער וועט קומען, לאָזט אים נישט אַריין.

העפעסטיאָן. דו מיינסט קאַליסטענעסן?

אַלעקסאַנדער. דיאָגענעסן מיין איך!

## דריטע סצענע

(אַלעקסאַנדערס ריזנגעצעלט ביים טייך היפּאַזיס אין אינדיען. דעם מיטן פאַרנעמט אַ גילדענער טראָן, וועלכער שטייט אויף אַ הויכער באַטרעפּטער פּיראַמידע. די ווענט זיינען באַצירט מיט די טייערסטע טעפּיכער, פון אויבן הייגען אַראָפּ ריזיקע קאַנדעליאַברעס, אין פאַרשיידענע זייטן שטייען פּראַכטפולע סאָפעס. — אַלעקסאַנדער זיצט אויפן טראָן, אָנגעטאָן אין אַ מיט גאָלד און בריליאַנטן אויסגענייטן פּורפּור־מאַנטל, וועלכער פאַרדעקט אויך דעם טראָן און דערגרייכט ביז צו די אויבערשטע טרעפּלעך, אַזוי' אַז אַלעקסאַנדער זעט אויס ווי דער שפּיץ פון דער פּיראַמידע — אַ האַלב־גאָט, הויך און ווייט פון דער פאַרזאַמלטער אוידיענץ פון מאַקעדאָנישע און גריכישע גענעראַלן, פּערסישע סאַטראַפּן און אינדישע פירשטן, וועלכע קוקן אַרויף צו אים מיט מורא. צווישן די געסט געפינען זיך אויך אינדישע בראַמאַנער, גריכישע פילאָזאָפן, פּערסישע טראַבאַנטן אין זיידנס און פּורפּור, בויגן־שיסער אין שרייענדיקע פאַרבן, מאַקעדאָנישע סאָלדאַטן מיט זילבערנע שילדן.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ענדיקט זיין טראַן־רעדע, מיט שטרייַנגער שטימע, פעסט און דאַך פאַרטרוימט־זעעריש). מזרח און מערב פאַראייניקט, אַן אויבערפעלקער און אונטערפעלקער, באַזיגער און באַזיגטע, הערשער און באַהערשטע. אַלע אין מיר און דורך מיר ווערן זיי איינס. איך בין אַלע זיי, זיי ווערן איך.

ק אַ ל אַ נ אָ ס (אַן אינדישער בראַמאַן, גאַנץ נאַקעט, קומט צו נאָענט צו דער פּיראַמידע, שלעפנדיק אַ גרויסע אויסגעטריקנטע פּירקאַנטיקע פעל, ברייט זי אויס אויף דער ערד און באַגריסט אַלעקסאַנדערן אויף זיין שטייגער, מיט דעם וואָרט). קאַלע!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (טרוקן). וואָס ווילסטו, קאַלאַנאָס?

ק אַ ל אַ נ אָ ס. דיך באַלערנען אין דיין רעגירן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו — מיך?

ק אַ ל אַ נ אָ ס. מיט דער הילף פון דער פעל.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז אַ רעטעניש.

ק אַ ל אַ נ אָ ס. און דו ביזט נייגעריק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. באַלערן!

ק אַ ל אַ נ אָ ס. די פעל דאָ איז דיין מלוכה. פון מאַקעדאָניען, אַ לאַנד, פון וועלכן איך האָב ביז נישט לאַנג אפילו דעם נאָמען נישט געהערט, ביז אינדיען, אַ לאַנד, פון וועלכן דו האָסט דעם נאָמען בלויז געקאָנט. איך וועל איצטער דו — קנייטש דיין שטערן נישט: האָסט ערשט אַליין געזאָגט, מיר ווערן דו. אָ, ווי ווייט איז פון דעם וואָרט, וואָס קומט אַרויס פון מויל, ביז זיין פאַרווירקלעכונג! מענטש, זיי דו, זיי זיך גלייך אין וואָרט און טאַט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קאַלאַנאָס!

ק אַ ל אַ נ אָ ס. קאַלע! קאַלע! זיי געגריסט, מענטש און קעניג! זיי קעניג איבער דעם מענטש אין דיר, פאַרגעס דעם מענטש נישט אין דעם קעניג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס איז דאָס אַלץ?

ק אַ ל אַ נ אָ ס. גערייד, גערייד... אויף ווינט און לופט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (איינגעהאַלטן). בין איך דיר ווינט און לופט?

ק אַ ל אַ נ אָ ס. בייטסטו זיך נישט ווי זיי? ביזטו דען שטענדיק דו? ווייסטו דיין נעכסטן אויגנבליק? ביזט זיכער בלויז מיט טויט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַראַכטער פון טויט, איך האָב פאַר דיר קיין שטראָף נישט. גיי־אָן מיט דיין באַלערונג. וואָס איז דאָ מיט דער פעל?

ק אַ ל אַ נ אָ ס. אָ, יאָ, די פעל... הייבן מיר פון אָנהייב אָן. די פעל איז דיין מלוכה, איך־דו טרעט אַרויף אויף אַ ברעג פון איר. מערק ווי זי הייבט זיך אויף ביים אַנדערן ברעג. טרעט איך איצטער אויף דעם אַנדערן ברעג אַרויף, הייבט זיך אויף דער ערשטער, באַוועגן און קרימען זיך אַלע ברעגן. אויף וועלכן ברעג איך זאָל נישט אַרויפ־טרעטן, הייבן זיך די אַנדערע. איך גיי טריט ביי טריט פון זייט צו זייט — די פעל באַוועגט זיך, הייבט זיך, בלאָזט זיך, ליגט נישט רואיק איין. נאָר דער ברעג, וואָס איך באַטרעט, ער אַליין באַוועגט זיך נישט. וואָס טאָן, די פעל, די גאַנצע פעל זאָל זיך פאַרהאַלטן רואיק? איך־דו טרעט אַריין אין מיטן. איצטער ליגט זי רואיק, קיין איין ברעג באַוועגט זיך נישט. ווילסט דעם פירוש?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניין, אַך ווייס אים. איך ווייס אים שוין לאַנג. דו האָסט מיך נישט באַלערט, קאַלאַנאָס. (הייבט אויף זיינע אויגן אויף דעם גרויסן עולם, דערהעכערט זיין שטים.) אין מיטן פון מיין מלוכה וועט מיין הויפּשטאָט זיין, נאָענט גלייך צו אַלע ברעגן פון מיין קעניגרייך. דאָך דער מיטלפּונקט פון מיין מלוכה איז נאָך נישט באַשטימט, איך האָב מיין וועג נאָך נישט פאַרענדיקט, די גרעניעץ נישט דערגרייכט. איך וועל אַריבערגיין דעם היפּאַזיס און דעם גאַנגעס, איינעמען גאַנץ אינדיען, צוקומען צום סוף פון דער ערד... מיין אַרמיי איז מיד, וויל נישט ווייטער גיין. איך האָב עס איינמאָל שוין פון איר געהערט, און דאָך איז זי געגאַנגען ווייט און ווייטער. מיין ווילן ווייס קיין אָפּשטעל נישט. (העפעסטיאָן, טראַטעראָס, קע־נאָס און נאָך גענעראַלן קומען אַריין אין געצעלט און טרעטן צו צום טראָן, שטייגן אַרויף אויף עטלעכע טרעפּלעך. אַלעקסאַנדער שטודירט זייערע געזיכטער. זיין געזיכט פאַרפינסטערט זיך און ער רעדט שווער און שאַרף.) מיין ווילן איז דאָס פייער, אין וועלכן דער ווילן פון דער

אַרמיי ווערט ווי בלײַ צושמאָלצן. זי וועט מיך ביז צום סוף פון דער ערד באַגלייטן.

קענאָס. די אַרמיי וועט דעם היפּאַזיס נישט אַריבערגיין.

אַלעקסאַנדער (ווי אַרויסגעקרעכצט). ניין?!

קענאָס. וועט קיין איין שריט ווייטער נישט מאַכן. זי וויל און וועט צוריק.

אַלעקסאַנדער. וויל און וועט... האַ!

קראַטעראָס. אַלע אונזערע אונטערריידונגען האָבן נישט געהאָלפן.

העפעסטיאָן. בייז און גוט האָבן צו גאָרנישט געפירט.

אַלעקסאַנדער. גייט און ברענגט דאָס צו דער אַרמיי: עס איז מיין ווילן אַריבערצוגיין דעם היפּאַזיס און דעם גאַנגעס און איינצונעמען גאַנץ אינדיען. איך וועל פון מיין ווילן נישט אָפּלאָזן. דריי טעג באַהאַלט איך מיין געזיכט פון זיי, דריי טעג וועל איך זיך נישט לאָזן זען, און זאָל זי זיך איבערלייגן, צי וויל זי מיין כעס פאַרנאַנדערבלאָזן. גייט. (די גענעראַלן גייען אַוועק. אַלעקסאַנדער קוקט אָן די פּאַרזאַמלטע מיט אַ בליק, פון וועלכן עס פאַרשפרייט זיך אַ גרויסע שטילקייט — די שטילקייט פון מורא, און עס הייבט זיך אָן די אַדאָראַציע: איינציקווייז, דערשראָקן און שטיל, גייען די געסט פאַרביי דעם טראָן, פאַלן אויף די קני, פאַרבוקן זיך, שטייען אויף און גייען ווייטער, שטיל און דערשראָקן.)

קאַליסטענעס (מיט אַ שטאָלץ אויפגעהויבענעם קאָפּ, לאַנגזאַם, דעמאָנסטראַטיוו, גייט פאַרביי דעם טראָן און פאַלט נישט אויף די קני).

אַלעקסאַנדער. קאַליסטענעס, שטיי!

קאַליסטענעס (בלייבט שטיין, דעם קאָפּ שטאָלץ געהאַלטן, און קוקט זיך אום אויף אַלעקסאַנדערן).

אַלעקסאַנדער (לאַנגזאַם, נאָך אַ קליינעם שווייגן). טוט אים אָן אין קייטן! (טראַבאַנטן טרעטן צו צו קאַליסטענעסן).

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. איך בין אַ פּרייער העלענער...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נישט גערעדט!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס. איך וועל די קייטן ווי בראַסלעטן טראָגן...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פירט אים אַוועק!

ק אַ ל י ס ט ע נ ע ס (אין אָפּגיין). אָבער איך וועל מיינע קני נישט בויגן און נישט מיין נאַקן. (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וועל יעדן נאַקן בויגן!

# פינפטער אקט

## ערשטע סצענע

א פּאַווילִיאָן אין אַלעקסאַנדערס געצעלט ביים טייך היפּאַזיס. — אַלעקסאַנדער, העפעסטיאָן און קראַטעראָס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אין גרויסער אויפרעגונג, בייז און איינגעשפּאַרט). זיי וועלן ביי מיר גיין.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. זיי וועלן נישט, אַלעקסאַנדער. דריי טעג ביזטו שוין איינגעשלאָסן און וויזט דיין צאָרן זיי, אָבער זיי בלייבן איינגעשפּאַרט. זיי וועלן דעם היפּאַזיס נישט אַריבערגיין.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. העפעסטיאָן און איך און אַלע גענעראַלן האָבן די דריי טעג נישט גערוט. דורכגעגאַנגען די גאַנצע אַרמיי, באַזוכט אַלע אָפּטיילונגען. גערעדט מיט גרויס און קליין, מיט הויך און נידריק. דער ענטפער איז פון אַלעמען גלייך: ניין און ניין. זיי וועלן ווייטער אין אינדיען קיין פוס נישט שטעלן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. די דריי טעג פון דיין ברוגז זיין האָבן זייער עקשנות נישט געבראָכן, וואָס קאָנסטו ווייטער טאָן?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואו איז דער אַלטער קענאָס?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ער שטייט דאָ פאַר דער טיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. רוף אים אַריין.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (אין דער טיר). קענאָס, דער קעניג וויל דיך זען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וויל... וויל... זיי ברעכן מיר מיין ווילן. (דרויסן אַ יובל־אויסרוף.)

ק ע נ אָ ס (קומט אַריין).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס איז דער יובל?

ק ע נ אָ ס. זיי נישט בייז אויף זיי. זיי האָבן זיך דערפרייט,

וואָס דו האָסט מיך אַריינגערופן. זיי זעען אין דעם אַ סימן, אַז דיין כעס איז אַריבער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען זיי גיין, וואוהין איך וועל זיי פירן?

ק ע נ אָ ס. ניין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יובלען זיי, ווייל זיי דענקען, זיי האָבן אויסגעפירט.

ק ע נ אָ ס. זיי יובלען, ווייל דו וועסט זיי פירן צוריק אַהיים.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי יובלען נאָך צו פרי.

ק ע נ אָ ס. פאַר וואָס האָסטו מיך אַריינגערופן, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו זאָלסט מיר העלפן ברעכן זייער עקשנות.

ק ע נ אָ ס. אוממעגלעך, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ביזט איינער פון מיינע עלטסטע גענעראַלן. האָסט מיין פאָטער פיליפּ טריי געדינט און מיך האָסטו אַלס קינד געליבט.

ק ע נ אָ ס. איך האָב נישט אויפגעהערט דיך צו ליבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. קאָנסטו צולאָזן, אַז דאָס ציל, וואָס איך האָב זיך געשטעלט, זאָל איך נישט דערגרייכן? בין איך אַ ווילדער פאַנטאַזיאָר, וועלכער פאַרטראַכט אוממעגלעכס און שטעלט זיך צילן, וועלכע קאָנען נישט דערגרייכט ווערן? ווי קאָן איך זיך דאַן אַליין צוטרויען? ווי קאָן איך פאָדערן צוטרוי פון אייך? איך מוז דאָך צווייפלען אין יעדן נייעם שריט, פילייכט איז ער גאָר דאָס מפיל־קינד פון אַ בעל־הלומות. איך ווייס אָבער באַשטימט, מיר גייען דעם היפּאַזיס דאָ אַריבער, און אויך דעם גאַנגעס. און גאַנץ אינדיען ליגט אָפן דאַן פאַר אונז, און איך קום אָן צו מיין ציל.

ק ע נ אָ ס. די אַרמיי וועט דעם היפּאַזיס נישט אַריבערגיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווילסט מיר נישט העלפן. זאָגסט מיר, וואָס דו האָסט שוין געזאָגט, און ענטפערסט מיר אויף מיינע פראַגן נישט.

ק ע נ אָ ס. די אַרמיי האָלט נישט דיין ציל פאַר אוממעגלעך. זיי ווייס, זי קאָן דעם היפּאַזיס אַריבערגיין, און אויך דעם גאַנגעס און אויפעפענען פאַר דיר גאַנץ אינדיען, אָבער זי ו י ל נישט ווייטער, זי האָט גענוג. זי איז מיד...

אַלעקסאַנדער. איך וועל זי לאָזן דאָ פאַררוען זיך, אַזוי לאַנג ווי זי וועט ווערן.

קענאָס. זי וויל אַהיים, זי וויל צוריק.

אַלעקסאַנדער. וועט זי גיין צוריק אָן מיר.

קענאָס. דו האָסט עס איר געזאָגט, מיר האָבן עס איר געהערט — עס מאַכט קיין איינדרוק נישט.

אַלעקסאַנדער. (בייז). וועט זי גיין צוריק אָן מיר?

קענאָס. דו וועסט זיין מיט איר.

אַלעקסאַנדער. ווי מיינסטו עס?

קענאָס. די אַרמיי וויל גיין צוריק. וועט גיין צוריק—איך וואָלט דיך אָבער נישט געוואָלט באַליידיקט זען.

אַלעקסאַנדער. וועט מיך צווינגען גאָר? פירן מיך צוריק א געפאַנגענעם פּיליכט?!

קענאָס. אין דעם טאָג, ווען דאָס וועט געשען, וועל איך נישט לעבן מער. (העפעסטיאָן און קראַטעראָס ווענדן זיך אָפּ צו באַהאַלטן זייער גערירטקייט.)

אַלעקסאַנדער. וויל איך עס זען, ווי מיין אַרמיי וועט מיך נאָך מער באַליידיקן!

קענאָס. קאָן איך איצטער גיין, אָ, קעניג?

אַלעקסאַנדער. האָסטו קיין עצה נישט פאַר מיר?

קענאָס. פיר דיין אַרמיי צוריק.

אַלעקסאַנדער. איך וועל דיין עצה נישט אָננעמען,—אָבער איך וועל די געטער באַפרעגן. מיין ווילן איז שטענדיק זייער ווילן געוועזן. איך וויל זען, מיט וועמען האַלטן זיי איצטער. איך וויל פאַר דעם ווילן פון מיין אַרמיי מיין ווילן נישט ברעכן, אָבער איך וועל אָננעמען דעם ווילן פון די געטער. גיי, אַלטער פריינט, לאָז אַריסטאַנדער דורך קרבנות די געטער באַפרעגן.

קענאָס. די געטער וועלן האַלטן מיט דער אַרמיי. (אָפּ.)

אַלעקסאַנדער. דער אַלטער האָט'ס פאַרשטאַנען! די שאַנד!

קראַטעראָס, גיי צו אַריסטאַנדערן, סודע אים אַריין: די צייכן פון די קרבנות מוזן אויספאַלן קעגן מיר. פאַרשטאַנען?

ק ר אַ ט ע ר אָ ס (זיפצט אַרויס). יאָ, איך האָב פאַרשטאַנען (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. די שאַנד! די שאַנד!.. איך וועל נאַרן די סאָלדאַטן... פּיליכט אויך וועלן נאָר די שוואַכזיניקע צווישן זיי מיר גלויבן, אַז איך האָב זיך דאָ אונטערגעוואָרפן דעם ווילן פון די געטער... אָבער זיך וועל איך דאָך קיינמאָל נישט נאַרן. איך וועל דאָך דעם אמת שטענדיק וויסן: מיין ווילן, מיין געטער־ווילן איז דורך מיין אַרמיי געבראָכן געוואָרן. דעם ציל, וואָס איך האָב זיך געשטעלט, האָב איך נישט דערגרייכט, ווייל מיין אַרמיי האָט עס נישט געוואָלט... איך האָב זיך באַרימט, איך וועל דעראָבערן די וועלט, און זי נישט דעראָבערט, ווייל מיין אַרמיי איז שטאַרקער געווען פאַר מיר. וואָס קאָן נאָך מער געשען?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, געליבטער, באַשווערסט אומזיסט זיך בלויז דאָס האַרץ.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. טרייסט מיך נישט, העפעסטיאָן. איך זע מיין לאַגע ריכטיק.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. קאָנסט צופרידן זיין מיט דעם, וואָס דו האָסט דערגרייכט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איז אַלץ נישט דערגרייכט, איז גאָרנישט דערגרייכט. וואָס פאַר אַ פּוסטער באַרימער איך בין געווען! איך וויל און איך וועל... איז אָט וויל איך און וועל דאָך נישט!.. די וועלט דעראָבערן... הערשער ווערן איבער דער גאַנצער וועלט... די גאַנצע וועלט פאַראייניקן אונטער מיר.. די גאַנצע וועלט איין גרויס פאָטער־לאַנד... די פאַרשיידנאַרטיקסטע פעלקער צוזאַמענשמעלצן אין איין גרויס פאָלק... די מענטשהייט נישט מער צוריסן און צוטיילט אין אייביק פיינטלעכע, זיך באַקעמפנדיקע טיילן... די פאַראייניקונג גע־פעסטיקט דורך אַן אַלגעמיינער בילדונג, דורך אַן אָרגאַניזירטן שטרעבן צו מער וויסן... וואָס פאַר אַ גרויסער געדאַנק!.. און בלייבן שטיין ביי דער שוועל פון דער דערגרייכונג! וואָס פאַר אַ וויטיק און פאַרדראָס!..

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. פיר דורך דיין גרויסן געדאַנק אין דעם ריזיקן טייל פון דער וועלט, וועלכן דו האָסט שוין דעראָבערט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (נאָכגייענדיק זיינע אייגענע געדאַנקען). און איז איינמאָל מיין ווילן געבראָכן געוואָרן, ווי אָפט קאָן ער נאָך גע־בראָכן ווערן? איך ווער אַ שפּילכל אין די הענט פון מיינע סאָלדאַטן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דו וועסט זיך איצטער אונטערוואַרפן דעם ווילן פון די געטער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. נאַרעריי.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ווי קאָנסטו עס וויסן? פיליכט ווילן טאַקע די געטער נישט, דו זאָלסט ווייטער גיין און נאָך מער דעראָבערונגען מאַכן? פיליכט איז די אַרמיי נאָר אַ געצייג אין די הענט פון די געטער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ביז איצטער האָבן די געטער שטענדיק געוואָלט, וואָס איך האָב געוואָלט.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. וואַרט אָפּ, וועסט זען, די צייכן וועלן אויס־פאַלן קעגן דיר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב שוין שלעכטע צייכן גוט אויס־געטייטשט, און מיין ווילן איז געשען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איצטער ווילן אָבער די געטער, ז י י ע ר ווילן זאָל געשען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דורך מענטשן אָדער געטער, מיין ווילן וועט געבראָכן זיין, מיין ציל וועט נישט דערגרייכט ווערן... אָ, געטער, איין בקשה האָב איך נאָך צו אייך: זאָלן די צייכן אויספאַלן קעגן מיר, איך זאָל נישט דאַרפן זיין קיין נאַרער!.. (דרויסן אַ ווילדער יובל־אויסברוך: „די צייכן הייסן אומקערן!.. די געטער שיקן אונז צוריק!.. צוריק!.. אַהיים!.. צוריק!..")

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דו הערסט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב עס דאָך אַזוי באַפוילן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. פיליכט אָבער...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. (איראָניש). פיליכט... פיליכט... פיליכט...

אַ ר י ס ט אַ נ ד ע ר. (קומט אַריין). איך האָב קרבנות געבראַכט,

געלייענט אין זייערע געדערים, און די צייכן זיינען אויסגעפאַלן, ווי דו האָסט געוואָלט.

אַלעקסאַנדער. ווי איך האָב געוואָלט!

אַריסטאַנדער ווי דו האָסט אָנגעזאָגט, זיי זאָלן אויספאַלן.

אַלעקסאַנדער. ווי זיינען זיי אויסגעפאַלן? דעם אמת זאָג.

אַריסטאַנדער. קאָנסט אַריבערגיין דעם היפּאַזיס און דעם גאַנגעס — גאַנץ אינדיען וועט אונטערפאַלן אונטער דיין שווערד.

אַלעקסאַנדער. אָ, די שאַנד! (דריקט צו זיין ריגל־רינג צו אַריסטאַנדערס ליפּן.) באַהאַלט עס אין דיר, ברענג עס קיינמאָל נישט אַרויס אויף דיינע ליפּן, ווי איך וועל זיך באַמיען צו פאַרגעסן די שענדלעכסטע באַליידיקונג, וועלכע איך האָב זיך אַליין אָנגעטאָן.

אַריסטאַנדער. איך וועל שטענדיק געדענקען, אַז די צייכן זיינען געווען קעגן דיר. (אָפּ.)

אַלעקסאַנדער. אָ, העפעסטיאָן, פאַראַכטסטו מיך נישט איצטער? מיין ווילן איז געבראָכן נישט דורך די געטער, נאָר דורך מענטשן... די געטער זיינען מיט מיר אויף דעם וועג צו דער דערגרייכונג פון מיין ציל, נאָר מיינע סאָלדאַטן לאָזן מיך נישט... ניין! דאָס טאָר נישט געשען!.. איך וועל דאָך... איך וועל זיך נישט אונטערגעבן... איך וויל... די געטער ווילן...

קענאָס (קומט אַריין). די אַרמיי וויל הערן דיין באַפעל אויף צוריקגיין, אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדערר. צוריקגיין?!..

קענאָס. אַזוי באַפעלן עס אויך די געטער.

אַלעקסאַנדער (באַקעמפט אין זיך דעם כעס און רעדט שוואַך אַרויס). גיי, הייס זיי צוגרייטן זיך אין וועג... צוריק...

קענאָס (אָפּ).

אַלעקסאַנדער (שעפּטשעט אַרויס). איך בין פאַרניכט. (דרויסן ברעכט אויס באַטויבנדיקער יובל. אַלעקסאַנדער פאַלט אויפן געזיכט מיט אַ געוויין).

תיקון טעות: נאָך זייט 416 דאַרף מען לייענען זייט 424 דערנאָך זייט 418. זייט 417 קומט אָנשטאָט 424.

אָנטאָן. איך האָב אַבסאָלוטעסן געלאָזט וויסן, ער זאָל מיך באַגעגענען מיט פּראָוויאַנט, האָט ער מיך באַגעגנט מיט דריי טויזנט טאַלענטס אין געמינצטע מטבעות. איך האָב פאַרגעלייגט די מטבעות מיינע פערד אַנשטאָט היי און האָבער. זיי האָבן זיי נישט געגעסן, די בעסטיעס, און דערפאַר וועט ביי מיר אַבסאָלוטעס לאַנג זיצן. אָבער זיין זון... זיין זון!.. (צו די טראַבאַנטן.) ברענגט מיר אַריין אָקזיאַר־טעסן! (טראַבאַנטן איילן אַרויס.) ער וואַרט אויף זיין אוידיענץ, זי וועט אים שלעכט באַקומען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. האָסט געדאַרפט דיר אַביסל רו פאַרגינען, אַלעקסאַנדער. ווי ווייניק האָסטו פאַר דער צייט געשלאָפן, און כמעט שטענדיק אויף דיינע פיס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זאָג אויך: און אייביק מיט די אויגן צום מזרח, און אין האַרצן אָן אויפהער ווי אַ וואָרים אַ באַליידיקונג אַ שווערע... דאָ קומט ער, דער פאַרדעכטער! (טראַבאַנטן קומען אַריין מיט אָקזיאַרטעס, שטאַטהאַלטער פון קאַרמאַניען.)

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס (פאַלט אויפן געזיכט). פרייד דיר, גרויסער קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווייניק פרייד, ווען מען האָט אַזעלכע דינער. שמיי אויף, דערציייל, ווי גייט'ס קאַרמאַניען, וועלכע איך האָב דיין פאָטער אָנפאַרטרויט און דיר.

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. אָ, גרויסער קעניג, גלויב די בייזע צינגער נישט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך באַריכט דיר גאָרנישט. איך וויל נאָר דיין באַריכט.

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. איך וויים, מען האָט דיך באַגעגנט, מיר דעם וועג פאַרכאַפּט, און מיט ליגן פול אָנגעשטאָפּט דיין קעניגלעך געהער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך פרעג דאָך דיין באַריכט: ווי שטייט עס מיט קאַרמאַניען?

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. עס קאָן נישט בעסער זיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פאַר וועמען?

צו טרייבן מיך פאַראויס. „צוריק!" דאָס וואָרט גיט פליגלען מיר! „צוריק!" דאָס איז מיין שטאַרקסטע שפרונג־קראַפט! (שפרינגט אַראָפּ אין שטאָט אַריין, בלייבט שטיין אויף די פיס און רוקט זיך צו דער וואַנט, זיכערנדיק זיך דעם רוקן. די מאַלער דערשרעקן זיך און הייבן אָן צו אַנטלויפן. ווייטער פון אים בלייבן זיי שטיין, קוקן אים אָן און באַוועגן זיך נישט, ווי פּאַראַליזירט פון זיין דערשיינונג.) נאַ, וואָס שטייט איר אַזוי? מיינט איר, איך וועל אייך נאָכלויפן? ווילט איר מיך צו זיך פאַרנאַרן? דאָס וועט אייך נישט געלינגען. איך האָב צייט צו וואַרטן, ביז איר'ט צוקומען צו מיר. אַהאַ, איר הייבט אָן זיך צו באַוועגן. (די מאַלער לאָזן זיך אַרויף אויף אים מיט שווערדן און שפּיזן, וועלכע ער שלאָגט קונציק אָפּ.) באַרבאַרן! איר קאָנט זיך דאָך גאָרנישט שלאָגן... איר ווייסט דאָך נישט, ווי צו געברויכן שווערד און שפּיז... איר זעט, איך לערן אייך אין דעם, איר מוזט מיט לעבנס מיר די לערעריי באַצאָלן. (עטלעכע מאַלער פאַלן טויט. איין זייט ווערט אָנפגערייניקט. ער מערקט נישט ווי איין מאַלער, אַביסל ווייטער, צילט זיין פייל־בויגן, און רעדט צו די מאַלער וועלכע שטייען פאַר אים, ווי זיי וואָלטן געזוכט ווי בעסער אָנצופאַלן אויף אים.) נו, וואָס זייט איר שטיין געבליבן? איר ווילט נישט לערנען מער? ווילט פיליכט וויסן, ווי מיך בעסער צו באַפאַלן? פון הינטן, ראָט איך אייך, פון הינטן!.. אין דעם מאָמענט האָט דער צילער אויסגעשאָסן און געטראָפן אים מיט דער פייל אין די ריפּן פון דער ברוסט, דורכשיסנדיק דעם קיראַס. אַלעקסאַנדער שרייט אויף.) אַ־או! (פאַלט אויף די קני.)

העפעסטיאָן און קראַטעראָס. (שפרינגען אַראָפּ אין דעם מאָמענט פון דער וואַנט און שלאָגן אָפּ די אָנפאַלנדיקע מאַלער.)

אַלעקסאַנדער (קעמפט אויך, שטייענדיק אויפן קני). ביי צעאוס, שווער צו באַוועגן אַ שווערד מיט אַ פרעמדער פייל אין די ריפּן. אָ, זי טוט וויי, די פאַרדאַמטע!.. אָ, געטער! (פאַלט אין חלשות.)

העפעסטיאָן און קראַטעראָס (פאַרשטעלן אים מיט זייערע שילדן, פעכטן מיט די מאַלער און שרייען נאָך הילף). צו הילף, מאַקעדאָניער! צו הילף שנעל! דער קעניג אין געפאַר! דער קעניג אין געפאַר!

מ אַ ק ע ד אָ נ י ע ר (וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויבן אויף דער וואַנט, שרייען אַראָפּ אויף יענער זייט). דער קעניג אין "געפאר! (און שפרינגען אַראָפּ אין שטאָט. די צאָל פון מאַקעדאָניער וואַקסט אָן מער און מער. זיי פאַרטרייבן די מאַלער, ווידליק העפעסטיאָן און קראַטעראָס עוסקן זיך אַרום אַלעקסאַנדערן.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ער ליגט, ווי ער וואָלט געוועזן טויט.

מ אַ ק ע ד אָ נ י ע ר. איז דער קעניג טויט? (דאָס וואָרט „טויט" ווערט איבערגעחזרט און אויסגעשריען אין גרויסער פאַרצווייפלונג.)

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. ברענגט דעם היילער שנעל! (דער באַפעל פאַרשפרייט זיך פון מויל צו מויל, ווערט אַראָפּגעשריען פון דער וואַנט צום חיל אויף דער אַנדער זייט.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. די פייל זיצט טיף. איך האָב מורא זי צו באַוועגן. אָ, אַלעקסאַנדער!

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. לאָז מיך, איך ווייס אַביסל היילקונסט. (ציט די פייל.) ניין, אוממעגלעך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (וואַכט אויף פון ווייטיק, אָטעמט אויף און עפנט די אויגן). אַההה... איך לעב נאָך... איך לעב... איך לעב...

ס אָ ל ד אַ ט ן (ברעכן אויס אין גרויסער פרייד). דער קעניג לעבט! דער קעניג לעבט! (ווייט און ברייט קלינגט דער פרייד־געשריי. מען וויינט פאַר פרייד, קושט זיך, האַלזט זיך. אויך העפעס־טיאָן און קראַטעראָס וויינען פאַר גערירטקייט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיינען די מאַלער...

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. באַזיגט און פאַרניכט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס זיינען דאָס די טרערן? וואָס וויינט איר אַלע?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. מען האָט דיך שוין פאַר טויט געהאַלטן, און דאָס זיינען פריידן־טרערן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי פרייען זיך מיט זייער שפּילצייג, ווייל זיי האָבן עס נאָך ניט פאַרלאָרן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. וואָס מיינסטו מיט דעם, אָ, אַלעקסאַנדער?

אַלעקסאַנדער. בין איך נישט זייער שפּילצייג? בין איך נישט אַ שפּילעכל אין זייערע הענט?

קראַטעראָס. אָ, קעניג, רייד דאָך נישט אַזוי.

אַלעקסאַנדער. עס איז געווען אַ גוטע געלעגנהייט.

קראַטעראָס. געלעגנהייט? צו וואָס?

אַלעקסאַנדער. צו שטאַרבן.

העפעסטיאָן און קראַטעראָס. אָ, קעניג!

אַלעקסאַנער. וויי, אָ, וויי! די פרעמדע פייל שטעקט נאָך אין מיינע ריפּן.

העפעסטיאָן. וואו זיינען די היילער דען?

אַלעקסאַנדער (קרעכצט). זיי וועלן מיר נישט העלפן.

קראַטעראָס. זיי וועלן ארויסנעמען די פייל. זי זיצט צו טיף.

אַלעקסאַנדער. זיי וועלן אַרויסנעמען די מאַלער־פייל... די אַנדער פייל אָבער... או, דער ווייטיק!

די היילער (לויפן אָן, ציען אַרויס די פייל, נעמען פון אים אַראָפּ דעם קיראַס, לייגן אים אַרויף אויף אַ טראָגער און טראָגן אים פּאַרזיכטיק אַוועק).

אַלעקסאַנדער. וואוהין? צו וואָס? איר טראָגט דאָך מיך צוריק!

## דריטע סצענע

אַלעקסאַנדערס געלט אין קאַרמאַניאַ. אַלעקסאַנדער און העפעס־טיאָן, ביידע מיד און געעלטערט אויסזעענדיק זיצן אויף דו־בעטלעך; קראַטעראָס שטייט פאַר זיי.

אַלעקסאַנדער. שרעקלעכע טעג — שרעקנס־טעג זיינען עס געווען. גאַנצע זעכציק טעג — מוראדיק צוריקצודענקען! ווי איך האָב נאָר פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון די אָריטן, בין איך אַריין אין דער וויסטע, און גאַנצע זעכציק טעג האָט געדויערט זי דורכצוגיין. כמעט דריי פערטל פון מיין אַרמיי האָט מיך דער וועג געקאָסט. וועלכע ליידן! וועלכע יסורים! אַ שרעק געווען אָנצוקוקן...

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. וואָס פאַר אַ גליק, וואָס דיר האָט נישט געשאַדט.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, ער האָט נאָך געליטן מער פאַר אַלעמען, ווייל ער האָט מיט אַלעמען און פאַר אַלעמען געליטן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב נישט געוואוסט, די זון האָט אַזוי פיל היץ און פייער. אירע שטראַלן זיינען שאַרפע שפּיזן געווען, שאַרפער פיל פאַר די שפּיזן, קעגן וועלכע איך האָב ווען געקעמפט. אין הונדערטער האָט זי פאַרוואונדעט מיינע סאָלדאַטן, אין הונדערטער זיינען זיי אומגעקומען פון אירע שטעך. מיט פייניקנדיקער אומגעדולד האָבן מיר אויף דער נאַכט געוואַרט, אָבער די נאַכט פלעגט זיך אַראָפּלאָזן מיט פּלוצימדיקער קעלט און נייע וואונדן מאַכן — האָט מען ווידער צום טאָג אַרויסגעקוקט מיט זיינע היץ־יסורים.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. און דו האָסט דאָס אַלץ אַריבערגעטראָגן!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס איז דאָך נאָך נישט אַלץ. הונגער איז צוגעקומען און דורשט, די וויסטע האָט נישט געהאַט פאַר אונז קיין פלאַנצן און קיין קוואַלן. טייכלעך שניידן זי דורך פון די אַרומיקע בערג אַראָפּ, אָבער די זון האָט זיי אויסגעטריקנט. וואו וואַסער איז געווען, האָב איך זאַמד געפונען און קליינע שטיינער. און הונדערטער איבער הונדערטער, וועלכע זיינען פון די זונשפּיזן נישט אומגעקומען, זיינען אומגעקומען פון הונגער אָדער דורשט.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. האָסט דו פון הונגער געליטן? האָט ד י ך דער הונגער געפייניקט?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. נאָך ווי!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָלט איך געקאָנט עסן, ווען מיינע סאָלדאַטן האָבן געהונגערט? און איינמאָל האָבן מיר מיינע סאָלדאַטן אַ טרונק וואַסער געבראַכט, די איבערבלייבעניש פון אַן אויסגעטריקנטן קוואַל, האָב איך עס אויסגעגאָסן. פאַר איינעם איז עס געווען צופיל, פאַר אַלעמען צו ווייניק, זאָל דער איינער עס אויך נישט האָבן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אָ, וואונדערלעכער קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און איז געקומען וואַסער, איז עס געווען

שווין צופיל. איך האָב אָנגעטראָפן אויפן וועג דאָס בעט פון אַן אויסגעטריקנטן טייך; באַשלים איך, דאָ וועט מיין מידע אַרמיי זיך אַ גאַנצן טאָג פאַררוען, און די אויסגעמאַטערטע, מידע האָט זיך שטאַרק דערפרייט. אָבער אין דער נאַכט האָט זיך דער טייך אָנגעפילט מיט וואַסער פון אַ מבול־רעגן, וואָס איז אין די בערג געפאַלן. פּלוצלונג, מיט רייסנדיקער געשווינדקייט איז דאָס וואַסער געקומען, און אַ סך פון די שלאָפער זיינען דערטרונקען געוואָרן.

קראַטעראָס. אָ, אַלעקסאַנדער, פאַרוואָס האָסטו מיך מיט מיין אַרמיי־טייל נישט געלאָזן גיין אין דרום־וועג? פאַרוואָס האָסטו זיך מיין צפון־וועג נישט גענומען? פאַרוואָס ביזטו נישט געגאַנגען מיט דער פלאָטע?

אַלעקסאַנדער. דער דרום־וועג איז אַ קעניג־וועג, די וואונדער־קעניגין סעמיראַמיס איז אויף אים אַמאָל געגאַנגען. נאָך איר, שפּעטער, דער גרויסער קעניג כורש. ביידע האָבן זיי אויף אים זייערע אַרמייען גאַנץ פאַרלאָרן, איך האָב שווין בעסער אָפּגעשניטן.

קראַטעראָס. דו האָסט געוואוסט פון זייער אומגליק?

אַלעקסאַנדער. איך האָב אויך געוואוסט פון קאַמביזעסעס אומגליק אין דער ליבישער וויסטע, און האָב זיך דאָך נישט אָפּגעשטעלט. ווי גליקלעך זיינען מיר דורכגעגאַנגען יענע שרעקלעכע וויסטע, געהאָלפן דורך די געטער. איך האָב געהאָפט, אויך אויף דעם וועג וועלן זיי מיר זייער הילף געבן. אָבער — זיי זיינען נישט מער גאַנץ מיט מיר.

קראַטעראָס. אָ, קעניג, ווי קאָנסטו דאָס זאָגן!

אַלעקסאַנדער. איך בין אַרוים די וועלט איינצונעמען, און איך גיי צוריק, מיין זאַך נישט אָפּגעטאָן. ווי קאָנען זיי דינען איינעם, וואָס איז זיך נישט טריי געבליבן? ווי קאָנען זיי העלפן אַ פירער, וועלכע לאָזט זיך פון זיינע געפירטע פירן? ער הערט אויף פירער צו זיין און זיין פלאַץ איז נישט מער צווישן געטער.

קראַטעראָס. ווי קאָנסטו אַזוי ביטער ריידן, אָ, אַלעקסאַנדער!

העפעסטיאָן. פּרוביר, קראַטעראָס, דו שווין פון זיין אומעט

אים ארויסצוריידן, מיר געלינגט עס נישט. דאָס אומקערן זיך צוריק איז געווען אַ בין, וועלכע האָט איר שטאָכל אין אים איבערגעלאָזן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פיליכט אַ שלאַנג, וועלכע האָט טויטלעך מיך געביסן. האַ! זיי האָבן מורא געהאַט פאַראויס צו גיין, גע־צוואונגען מיך צו גיין צוריק. איצטער ווייסן זיי, וואָס הייסט גיין צוריק, ווען דער וועג ליגט פאָראויס. דריי פערטל פון מיין אַרמיי!.. אָבער איך בין גליקלעך, וואָס דו, קראַטעראָס, האָסט געהאַט אַ לייכטן וועג מיט דעם צווייטן טייל פון דער אַרמיי. אויך נעאַרכאָס האָט פריידיק איבערראַשט מיך. ער האָט די פלאָטע דורך אַלע געפאַרן פון דעם עריטעישן ים אומבאַשעדיקט דורכגעפירט. די געטער זיינען דאָך נאָך גוט צו מיר אַביסל. אויך אַ ציל, וואָס איך האָב זיך גע־שטעלט, איז שוין דערגרייכט, כאָטש טייער באַצאָלט. איך בין פון פערסיען אין אינדיען פון צפון אַריינגעקומען, איצטער האָב איך געוואָלט אין דרום אויפעפנען אַ וועג פון אינדיען נאָך פערסיען. דאָס איז מיר געלונגען, אוןביידע לענדער האָבן איצטער אַ פאַרבינדונג, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַט. וועל איך אָנגיין מיט מיין פאַרשמעלצונג־אַרבעט ביז דעם פונקט, פונוואַנען, צו מיין שאַנד, איך האָב געמוזט אומקערן זיך צוריק.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. דאָס איז אַן אַרבעט פון אַ הערקולעס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו ווילסט מיך טרייסטן, דו גוטער קראַ־טעראָס!.. יאָ, אַ הערקולעס־אַרבעט... ווי איך זע, איז דער אָנהייב מיר נישט גאַר געלונגען... די שטאַטהאַלטער און גענעראַלן, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזן אין פערסיען, האָבן זייער אַרבעט שלעכט געטאָן. זיי האָבן געגלויבט, איך וועל זיך נישט אומקערן צוריק, אינדיען וועט מיין קבר זיין. האָבן זיי זיך געלאָזן וואויל גיין און באַנומען זיך ווי די געמיינסטע רויבער. טעמפלען זיינען אויסגע־רויבט געוואָרן, די באַפעלקערונג האַרט באַדריקט, און פרויען און מיידלעך זיינען געוואָרן ווי חיות צום געיעג. די אָפּרעכנונג הייב איך אָן גלייך דאָ. איך מאַך קיין שריט נישט ווייטער אין לאַנד, ביז איך רייניק נישט אָפּ די לופט. איך הייב אָן מיט אָקזיאַרטעס דעם זון פון אַבולעטעס, דעם סאַטראַפּ דאָ פון קאַרמאַניען. דער פאָטער זיצט שוין אין קייטן, דער זון וועט גליקלעך זיין, ווען איך לאָז אים קייטן

## צווייטע סצענע

אַ פּלאַץ פאַר דער פעסטונגוואַנט אין אַ שטאָט פון די מאַלער ביים אינדוס־טייך אין אינדיען, מיט וועלכן אַלעקסאַנדער האָט זיך אומגעקערט צוריק נאָך פּערסיען. אויפן פּלאַץ און אויף דער וואַנט געפינען זיך מאַלער־סאָלדאַטן, באַוואָפנט מיט שווערדן, שפּיזן און פייַלנבויגנס. פון הינטער דער וואַנט הערט מען דעם גערויש פון אַלעקסאַנדערס אַרמיי, וועלכע באַלאַגערט די שטאָט. די מאַלער אויף דער וואַנט שלאָגן מיט זייערע שווערדן און שפּיזן, שיסן מיט זייערע פיילן, אָפּשלאָגנדיק די מאַקעדאָניער, וואָס ווילן אַרויף אויף דער וואַנט. פון וואַנט פאַלן אַראָפּ עטלעכע טויטע מאַלער, עטלעכע שפּרינגען אַראָפּ, ווי זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט.

אַלעקסאַנדער (באַווייזט זיך אויף דער וואַנט, מיט שווערד און שילד, וואַרפט אַראָפּ עטלעכע מאַלער). אַזוי. דער וועג ווערט אַלץ מער אָפּגעריייניקט, פרייער. באַלד זיינען מיר אין שטאָט. (קוקט זיך אַרום און דערזעט, אַז ער איז איינער אַליין אויף דער וואַנט.) וואו זייט איר, העפעסטיאָן, קראַטעראָס? וואָס איז דען געשען? (רעדט אַראָפּ אויף דער אַנדער זייט.) ווי? די לייטער האָט זיך צובראָכן!.. דאָ קאָן איך שילטן!.. מאַכט זי שנעל דאָך גאַנץ!.. קריגט אַן אַנדער לייטער!.. ווי? אָ, יאָ, דער פּלאַץ דאָ פאַר דער וואַנט איז אָנגעפילט מיט מאַלער. (קוקט אַריין אין שטאָט און ווענדט זיך צוריק צו די זייניקע.) די מאַלער זיינען נייגעריק אונז אויפצונעמען. מאַכט שנעלער דאָך, לאָזט נישט לאַנג זיי וואַרטן. (די מאַלער הייבן אָן צו באַשיסן מיט פיילן.) איר זעט, ווי זיי זיינען אומגעדולדיק? זיי שיקען זייערע באַגריסונגען אַרויף צו מיר. — ווי? איך זאָל אַראָפּ־שפּרינגען צוריק? צוריק! ווי פאַרהאַסט איז מיר דאָס וואָרט! איך האָב נאָר איינמאָל זיך געלאָזט פון אים פאַרפירן, מער פאָלג איך אים שוין קיינמאָל נישט. צוריק! ניין, מער צווינגט איר מיך נישט צו דעם! איר קאָנט בלייבן וואו איר ווילט, איך גיי אַליין פאָראויס! (ווענדט זיך אום צו דער שטאָט.) צוריק, האָבן זיי געזאָגט, צוריק. קיין בעסער, שטאַרקער וואָרט האָבן זיי נישט געקאָנט געברויכן אויף

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. פֿאַר אַלעמען, אָ, קעניג! פֿאַר גאַנץ קאָר־מאַניען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב עטלעכע טעמפּלען באַזוכט, נישט אַלע...

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. עס האָבן גנבים זיך פֿאַרפֿירט אין לאַנד, רויבער־באַנדעס. זיי זיינען עטלעכע טעמפּלען באַפֿאַלן, באַרויבט, באַגנבעט. איך זוך זיי נאָך אַרום. איך האָף, איך וועל זיי באַלד געפֿינען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב זיי שוין געפֿונען.

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. דו וועסט זיי מיר אַרויסגעבן, אָ, גרויסער קעניג, איך וועל זיי גוט באַשטראָפֿן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב זיי געפֿונען, איך וועל זיי באַשטראָפֿן. זיינען די וועגן דורכגעלייגט געוואָרן, ווי איך האָב דיר באַפֿוילן?

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. דער אָנהייב איז געמאַכט און גוט געמאַכט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דער אָנהייב?.. ווירקלעך!.. דאָס איז אַ גוטע בשורה. האָט דיר געלט געפֿעלט?

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. געלט! אָ, געוויס, גרויסער קעניג. די וועגן ברויכן געלט אַסך, געלט איז אַ גרויסער אָפּהאַלט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסט אַרויפֿגעלייגט אויף דער באַפֿעלקע־רונג שווערע אָפּצאָלונגען...

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. ליגן־מיילער, שווינדלער, דער קלענסטער צינז פֿאַר דעם גרויסן קעניג איז זיי צו שווער. קיינער וויל נישט טראָגן דעם יאָך פֿון דער רעגירונג.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך האָב אַ באַפֿעל פֿון דיר געליענט, אַ שריפֿט מיט דיין נאָמען און דיין זיגל, אַז מיידלעך פֿון צוועלף ביז פֿופֿצן יאָר זאָלן צוגעבראַכט ווערן צו דיר.

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס. איך האָב געשריבן „מיידלעך", האָבן זיי זיי שנעל חתונה געמאַכט און מיין באַפֿעל באַשווינדלט. אָבער איך האָב קיינעם נישט באַשטראָפֿט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (נעמט ביים לעבן איִם שטייענדיקן בויגן־

שיסער פּיילבויגן און שיסט אויס אין אָקזיאַרטעס). ראַץ, וועלכע איך האָב געמאַכט פאַר אַן אויפזעערין פון אַ תבואה־שפּייכלער.

אָ ק ז י אַ ר ט ע ס (פאַלט טויט).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַזוי וועל איך טאָן מיט אַלע רעץ. (טראַבאַנטן טראָגן אַרויס דעם טויטן.)

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אָ, קעניג, מיט דיין אייגענער האַנט!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיט מיין אייגענער האַנט האָב איך זיי דערהייבן, מיט מיין אייגענער האַנט וועל איך זיי אויסראָטען. האַרט וועל איך זיין און שטרייננג, פאַרן קלענסטן פאַרברעך באַשטראָפן ווי פאַר דעם גרעסטן. ווער עס באַגייט אַ קליינעם פאַרברעך, קאָן אויך אַ גרויסן טאָן, און איך וועל נישט דערלויבן, פאַרברעכער זאָלן שטערן מיר אין וועג. (צו די טראַבאַנטן.) ברייננגט אריין אָרקסינעס און פּאַלימאַכאָס.(עטלעכע טראַבאַנטן אָפּ.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. נאָר נישט מיט דיין אייגענער האַנט, אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האָסט מיך באַוואונדערט, ווען אין די שלאַכטן האָב איך דעם שונא מיט מיין אייגענער האַנט געטויט, די דאָ זיינען מיר נאָך ערגערע פיינט און געפערלעכערע. דער שונא אין פעלד וואָלט מ י ך נאָר אומגעבראַכט, די ברייננגען אום דאָס, וואָס זאָל נאָך מיר לעבן.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. דו רופסט זיי רעץ — ביזטו דען אַ ראַצנטויטער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דער טיטל קלינגט נישט גוט, די טאַט איז אָבער נויטיק.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך בעט דיך, לאָז זי איבער דיינע דינער.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין אומגעדולדיק, זיי זידן מיר אויף מיין בלוט. (אָרקסינעס און פּאַלימאַכאָס קומען אַריין.) פּאָלימאַכאָס דער מאַקעדאָניער און אָרקסינעס דער פּערס... מען פּראָטעסטירט קעגן מיין פאַרשמעלצן, מען פאַרשמעלצט זיך אין פאַרברעכן... איר ווערט אָנגעקלאָגט אין אומציייליקע פאַרברעכן, וואָס פאַר יעדן איינעם פון זיי, אויב אמת, פאַרדינט איר דעם טויט. אָבער אייער גרעסטער פאַר־

ברעך — איך וועל זיך רואיק האַלטן... די הייליקע געביידע, אין וועל־כער דער גרויסער כורש ליגט באַגראָבן אין פּאַזאַרגאַדע, האָט איר צושטערט, אַלע קאָסטבאַרקייטן אַוועקגענומען, און כורשעס טויטן קערפּער פאַרברעכעריש צוהאַקט, פאַרמומט. אָרקסינעס, דו ביזט אַ פּערס, איז כורשעס קבר נישט אַ הייליקטום ביי דיר? פּאָלימאַכאָס, דו ביזט מיט מיר פון אָנהייב פון דעם קריג און מוזט עס וויסן: בין איך געקומען אַהער אַלס צושטערער? איך האָב אייך ביידן, דעם מאַ־קעדאָניער און דעם פּערס, אַלס היטער פון פּאַזאַרגאַדע אויפגעשטעלט, אַזוי האָט איר עס געהיט? מיין צוטרוי צו אייך, וואָס האָט איר מיט אים געטאָן?

אָ ר ק ס י נ ע ס (פאַלט אויפן געזיכט). אָ, גרויסער, געטלעכער קעניג. דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, דו ביזט אין דער מאַלער־שלאַכט געפאַלן!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (שרייט אויף). אההה! (שטרעקט אויס זיין האַנט צום פּיילנבויגן.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (צו די טראַבאַנטן). פירט זיי אַוועק צום טויט!

פּ אָ ל י מ אַ כ אָ ס. איך בין אַ מאַקעדאָניער! מיין לעבן געהערט דעם גאַנצן פאָלק! איך מוז פון דער פאַלאַנקס געמשפּט ווערן!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איצטער געדענקסטו, אַז דו ביזט אַ מאַקע־דאָניער. איך ווייס אפילו, דו ביזט פון יחוס, אין פעלא געבאָרן גע־וואָרן, אין דער שטאָט פון מיין געבורט, באַלד אַ קרוב מיינער. איך ווייס אויך, דו האָסט זיך אַסך מאָל ביי מיר אויסגעצייכנט... (שרייט אויף.) נעמט זיי אַוועק, טויט זיי ביידן — פּערסיש! (אָרקסינעס און פּאָלימאַכאָס ווערן אַוועקגעפירט.)

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. האָסט גוט געטאָן, אָ, געליבטער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דרויסן וואַרטן נאָך אַ סך. אָבער איך קאָן נישט איצטער מער, אויב איך וויל מיר נישט מיין בלוט פאַרדאַרבן. הם!.. דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, איך בין אין דער מאַלער־שלאַכט געפאַלן... איך זע דעם סוף שוין פון מיין גאַנצער אונטערנע־

מונג... איך האָב אַליין דעם ערשטן שריט געמאַכט, די אַנדערע טוען עס נאָך לייכטער...

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויך אין דער היים, אין מאַקעדאָניען, איז זייער אומרואיק, ווי איך וואָלט טויט געווען. די מוטער רייסט זיך אַרום מיט אַנטיפּאַטערן, אַנטיפּאַטער פאַרבינדט זיך מיט די עטאָליער...

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דו מאַכסט מיך זייער טרויעריק.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. און מיך נישט ווייניקער, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס זאָל איך נישט... איך מאַך אייך טרויעריק? ניין, דאָס זאָל איך ווירקלעך נישט... איך בין צום גליק נישט טויט נאָך. איך וועל נאָך אַלעמען, די מענטשן און די געטער דערוויזן, ווי לעבעדיק איך בין. זייט נישט טרויעריק, מיינע פריינט!

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ווען דו וועסט עס נישט זיין.

ק ר אַ ט ע ר אָ ס. גיב אונז צוריק די פרייד!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איר זאָלט זי האָבן. מיר וועלן יום־טובן אונזער אומקער, ווי מיר האָבן קיינמאָל נאָך נישט געיום־טובט. מיר וועלן ברייננגען דאַנק־קרבנות צו די געטער — זיי זאָלן דאָך פאַר אַלץ געדאַנקט ווערן!.. און דערנאָך די פאַרשיידנסטע שפּילן, געזאַנג און טאַנץ, און טרינקען, טרינקען... ביי צעאוס, איך וועל זיך אויך באַטרינקען! (מיט האַרטקייט.) באַטרינקען אָבער שטאַרק!

## פערטע סצענע

אַ פּאַוויליאָן אין אַלעקסאַנדערס געצעלט. אויף אַ בעט ליגט דער טויט־קראַנקער העפעסטיאָן, לעבן אים שטייט גלאַוקאָס דער היילער. ביי דער טיר — טראַבאַנטן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן (זעצט זיך אויף אין זיין פיבער און שרייט). וואו איז דער קעניג? איך וויל אַלעקסאַנדערן זען!

ג ל אַ ו ק אָ ס. לייג זיך צוריק. איך האָב געשיקט אים אָנזאָגן, אַז דו ווילסט אים זען. איך בעט דיך, לייג זיך צוריק.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך וועל זיך נישט אַוועקלייגן, ביז איך זע

נישט אַלעקסאַנדערן. קומט ער נישט גלייך, שטיי איך אויף און גיי אים זוכן.

ג ל א ו ק אָ ס. ער וועט קומען גלייך. ווען ער וועט דערהערן, דו ווילסט אים, וועט זיין פערד אונטער אים פליגלען באַקומען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. פאַרוואָס איז ער אַוועקגעגאַנגען?

ג ל א ו ק אָ ס. איך האָב דיר געזאָגט: ער האָט געוואָלט זען, ווי קאַלאַנאָס וועט זיך אַליין פאַרברענען.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. ער האָט נישט געדאַרפט גיין זען. איך ווער דאָ אויך פאַרברענט... איך ברען, גלאוקאָס!.. פאַרוואָס לעשסטו מיך נישט אויס, דו עלנדער היילער?

ג ל א ו ק אָ ס. דו נעמסט נישט מיין רפואה.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. מיין רפואה איז אַלעקסאַנדער. אים וויל איך האָבן.

ג ל א ו ק אָ ס. ליג זיך, העפעסטיאָן. נעם די רפואה, וועט דיר לייכטער ווערן, און ווען דער קעניג וועט קומען, וועט ער זיין צופרידן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך נעם נישט די רפואה, ביז ער קומט נישט.

ג ל א ו ק אָ ס. איך בעט דיך, אָ, העפעסטיאָן, נעם די רפואה. מיט טרערן בעט איך דיך, אויף די קני בעט איך: נעם די רפואה! אָ, פּאַטראָקלאָס, דו געטלעכער פריינט פון דעם געטלעכן אכילעס, זיי גנעדיק צו מיר, דיין אומגליקלעכן היילער...

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך וויל אַלעקסאַנדערן! איך וועל דיין רפואה נישט נעמען, ביז איך האָב דאָ נישט אַלעקסאַנדערן!.. ניין, איך וועל נישט וואַרטן מער!.. איך גיי צו אים! (וויל אַראָפּ פון בעט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (איילט אַריין). וואָס איז געשען? העפעסטיאָן, וואָס שטייסטו אויף?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. דאָ ביזטו!.. (לייגט זיך אַוועק.) איצטער איז גוט... איצטער איז גוט...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. געליבטער, האָסט געוואָלט מיך זען?

ג ל א ו ק אָ ס. נישט געוואָלט די רפואה נעמען, סיידן דו, אָ, קעניג, וועסט קומען. איז אויפגעשטאַנען...

אַלעקסאַנדער. נעם די רפואה, געליבטער.

העפעסטיאָן. איצטער איז גוט. (צו גלאוקאָסן, וועלכער האָט אים אונטערגעטראָגן די רפואה.) ניין, דער קעניג וועט זי מיר געבן.

אַלעקסאַנדער (גיט אים די רפואה). נעם און ווער געזונט.

העפעסטיאָן (טרינקט די רפואה און בלייבט רואיק ליגן). איצטער איז מיר גוט.

אַלעקסאַנדער. דאָס הער איך זייער גערן. מוזט שנעל געזונט ווערן, דו האָסט וואָס אָנגעוואָרן. נישט די שמחות, וועלכע זיינען אָנגעגאַנגען, ווען דו ביסט אין בעט געלעגן. די וועל איך איבערחזרן, ווען דו וועסט פון בעט אַראָפּ. אָבער אין דעם טויט פון דעם אינדישן פילאָזאָף האָסטו ווירקלעך וואָס פאַרלאָרן. סיידן איך זאָל נאָך אַ פילאָזאָף אַראָפּברייינגען פון אינדיען, און ער זאָל זיך פאַר דיר פאַרברענען. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן, געליבטער?

העפעסטיאָן. עס איז מיר איצטער גוט... ווי האָט געברענט דער אינדער?

אַלעקסאַנדער. זאָל איך דיר דערציילן?

העפעסטיאָן. איך פיל... איך פיל דאָס פייער.

אַלעקסאַנדער. אין גלייכער צייט מיט דיר האָט קאַלאַנאָס דעם מאָגן זיך פאַרדאָרבן, האָט גרויסע שמאַרצן באַקומען אין די געדערים, צום ערשטן מאָל אין לעבן. און גלייך האָט ער דעם באַשלוס געפאַסט, מיט טויט אַ סוף צו די שמאַרצן מאַכן. איך האָב אים געוואָלט אָפּרעדן דערפון: די וויטיקן וועלן פאַריבער, ער וועט געזונט ווערן. אָבער ער האָט נישט געוואָלט מיך הערן. „איך לעב דאָך נאָר, דעם טויט בלויז צו דערגרייכן", האָט ער געזאָגט. „צו וואָס נאָך שמאַרצן טראָגן? צו וואָס געזונט נאָך ווערן? דער טויט איז דעם לעבנס ציל, וויטיקן ברייינגען מיך צום ציל — פאַרוואָס זאָל איך פון ציל אַנטלויפן?" און אַזוי האָט ער זיך געלאָזט אויפשטעלן אַ שייטערהויפן, אַרויפגעשטיגען אויף אים, אָוועקגעלייגט זיך, אויסגעצויגן ווי אַ קרבן, דאָס געזיכט זיך נאָר פאַרדעקט. און ווען דאָס פייער האָט אים דערגרייכט, האָט ער זיך נישט קיין ריר געטאָן און קיין טאָן נישט אַרויסגעגעבן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך פיל דאָס פייער... איך פיל עס...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַז די אינדיער האָבן פאַרן טויט נישט מורא, האָב איך שנעל אין אינדיען אויסגעפונען. זיי זיינען געווען די שווערסטע שטרייטער, וועלכע איך האָב אָנגעטראָפן. אָן מורא פאַרן טויט, ווייסן זיי נישט פון אַנטלויפן, און יעדע שטאָט און שטעטל שטעלט זיך דיר אַנטקעגן, די מלחמה רוט נישט אויף קיין ווײַלע... אַ מערקווירדיק לאַנד, מערקווירדיקע באַוואוינער... אַ שאָד, וואָס איך בין דעם גאַנגעס נישט אַריבערגעגאַנגען... איך האָב געוואָלט מער פון זייער חכמה שעפּן, געוואָלט זיי מער שטודירן... געבן זיי פון אונזערס, נעמען זיך פון זייערס... ווי וואָלט אַרויסגעקומען די פאַראייניקונג? ווער וואָלט שטאַרקער אין איר געווירקט: מיר, די לעבנס־באַיאָער, אָדער זיי, די לעבנס־פאַרניינער, די לעבנס־טויטער?

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך וועל אויך נישט שרייען אויף דעם שיי־טערהויפן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. יאָ, אויך איך האָב פאַר דעם טויט קיין מורא נישט. קיין מורא נישט צו שטאַרבן פאַר אַ ציל, וואָס פירט צום גרויסן לעבנס־זיג. איך בין אַרויס אין קריג, האָב אַזויפיל פרעמד און אייגן בלוט פאַרגאָסן, די ערד צו באַפרוכפּערן פאַר דעם גרויסן לעבן. די אומצייליקע געפאַלענע, די טויטע קערפּערס, וועלכע האָבן מיינע שלאַכט־פעלדער באַדעקט, זיינען קאַריאַטידן דאָך געוואָרן, טרעגער פון אַ נייעם וועלט־בוי, פון וועלכן איך בין דער אַרכיטעקטאָר. איך ווייס באַשטימט, איך וואָלט די אינדיער אויסגעלערנט דאָס לעבן ליבן, דאָס לעבן אַכטן, און מיט פאַרשטאַרקטע כוחות, מזרח און מערב אין איינס צונויפגעמישט, וואָלט די פאַראייניקטע מענטשהייט יובלענדיק מאַר־שירט צום גרויסן זיג פון לעבן.

ה ע פ ע ס ט י אָ ן. איך וועל זיין שוין טויט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס האָסטו געזאָגט?!.. העפעסטיאָן, ניין! דו וועסט לעבן, איך דאַרף דיך נויטיק האָבן. וועסט העלפן מיר דער־גרייכן, וואָס איך האָב נאָך נישט דערגרייכט. ווער נאָר שנעל געזונט, די אַרבעט הייבט ווידער אָן. מיר גייען נאָך אַראַביע, מאַכן זי אַ טייל פון אונזער גרויסן פאָטערלאַנד. אַפריקע ווערט איינגענומען, געבראַכט אין דער פאַרבינדונג. אַ גרויסער פּלאַט ווערט געבויט, פּרת און חידקל

ווערן שיפבאַר ביז צום ים געמאַכט. און דערנאָך צוריק צו אינדיען. וואָס איך האָב איינמאָל אומגליקלעך פאַרפעלט, וועל איך... העפעסטיאָן, וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? העפעסטיאָן!..

ג ל א ו ק אָ ס (בויגט זיך איבער־איבער העפעסטיאָנען, הערט זיך צו, שטייט אויף בלייך, ציטערנדיק אין אַלע אברים). אָ, גרויסער קעניג, איך האָב מורא...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (מיט ווילדן אויפגעשריי). וואָס?!.. (וואַרפט זיך צו העפעסטיאָנען.) העפעסטיאָן!!!.. גלאַוקאָס, וואָס האָסטו מורא געהאַט אַרויסצורעדן?!.. רייד עס נישט אַרויס!.. עס איז בעסער פאַר דיין לעבן, רייד עס נישט אַרויס!.. ווענד אָן דיין קונסט, דו שופּטיקער היילער!.. איך האָב דיר אים אָנפאַרטרויט, דו זאָלסט אים געזונט מיר מאַכן, נישט דו זאָלסט מיר אָנזאָגן, אַז ער איז... ניין, איך נעם די בשורה נישט אָן, איך לאָז דיך נישט אַרויסרעדן! (כאַפּט אָן גלאַוקאָסן מיט דער רעכטער האַנט פאַרן נאַקן.) דו וועסט דאָס וואָרט מיר נישט אַרויסרעדן. דו ווערסט מיט אים דערשטיקט! העפעסטיאָן, דו ביזט עס נישט! העפעסטיאָן, איך דאַרף דיך נויטיק האָבן! (דריקט גלאַוקאָסן אַראָפּ צום טויטן.) דו אומגליקזעליקער היילער, טו אַלץ נאָר, וואָס דו קאָנסט!

ג ל א ו ק אָ ס. אָ, געטער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דערמאָן זיי מיר איצטער נישט! זיי זיינען מיינע שונאים, העלפן מיר נישט מער. דו זעסט דאָך, זיי ווילן מיך נאָך מער פאַרוואונדן. העלף דאָ דו אַליין!

ג ל א ו ק אָ ס. איך קאָן נישט, אָ, קעניג! איך קאָן פון טויט...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דו האָסט דאָס וואָרט געזאָגט, דאָס וואָרט, וואָס איך וויל נישט הערן. דאָס וואָרט וועט איצט דיין טויט דיר זיין.

ג ל א ו ק אָ ס. איך קאָן נישט העלפן. טו דיין ווילן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. מיין ווילן! ווער האָט דיר דאָס וואָרט געהייסן צו געברויכן? איז ווייניק מיר דער שמאַרץ, ווילסט מיך נאָך באַליידיקן? מיין ווילן איז שוין לאַנג אַ טרוקן שפּענדל, אַ שטרוי, וואָס האָט זיך איבערגעבראָכן, ווען פליגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף אים. גלויבסטו נאָך אין מיין ווילן? איך וויל, ער זאָל מיר לעבן!

ג ל א ו ק אָ ס. איך האָב אַלץ אָנגעווענדט צו ראַטעווען אים, אַלץ, וואָס איך האָב געוואוסט, אַלץ, וואָס איך האָב געקענט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וויל, ער זאָל מיר לעבן!..

ג ל א ו ק אָ ס. אָ, געטער!..

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווידער! מיט זיי וועל איך אַליין שוין רעדן, גיי פון מיינע אויגן! וואַרט!... אָ, גלאוקאָס, אָ, ליבער, ליבער גלאוקאָס!.. איז עס — ווירקלעך? איז נישטאָ — קיין הילף מער? איז העפעסטיאָן ווירקלעך טויט? אָ, טייערער גלאוקאָס, דו וועסט דער ברודער פון מיין האַרץ מיר ווערן... וועסט מיר אַ צווייטער העפעסטיאָן זיין...

ג ל א ו ק אָ ס (ברעכט אויס אין אַ יאָמער, אַ וואָרף טוענדיק זיך אויף דער ערד). טויט איז העפעסטיאָן!... נישט מער לעבעדיק צו מאַכן!...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (הייבט אָן צו ציטערן אין אַלע אברים). טויט... העפעסטיאָן טויט... העפעסטיאָן... העפעסטיאָן... (וואַרפט זיך איבערן טויטן מיט אַ האַרצברעכנדיקן יאָמער. אַלע אַנוועזנדע וויינען מיט.) דאָס קאָן דאָך נישט זיין, געליבטער, דאָס איז דאָך גאַנץ אוממעגלעך... וועל איך דיין שטימע מער קיינמאָל גאָרנישט הערן? וועסטו מער אויף מיין וועג מיך נישט באַגלייטן?.. ניין דאָך, מיין געליבטער!.. איך האָב דיר דאָך נאָך נישט אַלץ דערציילט, נישט אַלע מיינע פּלענער. איך האָב זיך סטאַטירע, די טאָכטער דאַריוסעס, אַלס צווייטע ווייב גענומען, די מאַקעדאָניער און פּערסער איינגער צו פאַרבינדן. פאַר דיר האָב איך סטאַטיראַס שוועסטער אַלס ווייב אויסגעקליבן, אום איינגער נאָך מיט דיר זיך צו פאַרשמעלצן. און דו... ניין! ניין!.. דו וועסט מיך נישט פאַרלאָזן... פון אַלע מיינע נאָענטע האָסטו אַמבעסטן מיך פאַרשטאַנען, מיר אין אַלץ געהאָלפן, מיך אונטערגעשטיצט אויף יעדן שריט און טריט... איך מוז דיך האָבן!.. קראַטעראָסן האָב איך אין מאַקעדאָניען אַוועקגעשיקט, ביזט מיר אַליין געבליבן... העפעסטיאָן! געליבטער! דו שווייגסט... איך הער דיין קול נישט מער... ביזט... ביזט... ווי שרעקלעך איז דאָס וואָרט!.. ווי איז עס געשען? האָסט דאָך ערשט גערעדט! אויפן שייטערהויפן אָן געשריי פאַרברענט געוואָרן. האָט איר, אָ, געטער, געוואָלט פון מיר דעם קרבן? ניין, איך ווייס, איר האַלט מיט מיר נישט מער.

ר אָ ק ס אַ נ ע (קומט אַריין און גייט צו צו אַלעקסאַנדערן). אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניין! רעדט קיינער נישט צו מיר!

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ראָקסאַנע, דו? ביזט געקומען מיט מיר צו וויינען? קום, פאַראייניק דיינע טרערן דאָ מיט מיינע.

ר אָ ק ס אַ נ ע (ציטערנדיק). איך האָב אַ בשורה...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אויפהייבנדיק זיך אַביסל). אַ בשורה? וועלכע? קאָנסטו מיר אָנזאָגן, אַז העפעסטיאָן איז נישט געשטאָרבן? אַז ער דאָ, וועלכער ליגט אַזוי רואיק פאַר מיר, שלאָפט בלויז זיס, וועט באַלד זיך אויפכאַפּן און אָנפילן מיך מיט הערלעכער פרייד? האָסטו די בשורה מיר געבראַכט? קיין אַנדערע וויל איך נישט הערן!..

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, אַלעקסאַנדער, מיין בשורה קאָן אַ טרייסט דיר זיין.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַ טרייסט! ער ליגט נאָך דאָ פאַר מיר, און דו ווילסט מיך טרייסטן שוין! איז דאָס דיין דאַנקבאַרקייט צו אים, וואָס ער האָט דיך צו מיר אַריינגעשיקט? האָסטו קיין טרערן נישט פאַר אים? קאָנסטו אים נישט באַוויינען?

ר אָ ק ס אַ נ ע. עס רייסט מיין האַרץ אין צוויי, און טרערן ברע־נען מיר די אויגן, דאָך איך דערוועג זיך נישט צו וויינען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי? וואָס באַדייטן דיינע ווערטער? האָט דיר ווער דאָס וויינען דאָ פאַרבאָטן?..

ר אָ ק ס אַ נ ע. דאָס לעבן, וואָס איך שפּיר...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס לעבן, וואָס דו שפּירסט... ביזטו גע־קומען אין רעטענישן מיט מיר צו שפּילן?.. דאָס לעבן, וואָס דו שפּירסט...

ר אָ ק ס אַ נ ע. אונטער מיין האַרץ...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אונטער דיין האַרץ? שפּיר איך קיין לעבן נישט אין יעדן אבר? איך שפּיר אַזויפיל לעבן! איך וואָלט דעם טויטן דאָ אַ העלפט דערפון געקאָנט אָפּגעבן, און ביידע וואָלטן מיר געהאַט גענוג. אָ, העפעסטיאָן, ווילסטו מיט מיר טיילן?

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, קעניג, אָ, אַלעקסאַנדער, איך טראָג אַ קינד פון דיר...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַהאַהאַהאַהאַ! דאָס אַלזאָ דיין בשורה! דאָס זאָל מיר אַ טרייסט זיין!.. האָסט מיר געוואָלט אָנזאָגן, אַז איך קאָן קינדער מאַכן! איך האָב עס שוין פון באַרזינען לאַנג געוואוסט. דאָס האָסט דו זיך בלויז פאַרשפּעטיקט! וועלכע טרייסט האָסטו מיר מיט דעם געבראַכט? וועסט מיר העפעסטיאָנען צוריק געבאָרן?

ר אָ ק ס אַ נ ע (וויינט אויף). אָ, איך אומגליקלעכע! איך האָב דיין געוויין געהערט, וועלכער האָט טרערן פון מיר געצאַפּט. אָבער אָנ־שטאָט אין טרערן אויפצוגיין, האָב איך מוט געפּאַסט דיר אַ טרייסט צו ברייגנען מיט דער בשורה פון אַ יורש.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אַ יורש! האַ! האָב איך דען שוין די ירושה? האָב איך דערגרייכט, וואָס איך בין אַרויס צו דערגרייכן? האַלט איך פּעסט שוין, וואָס איך האָב דערגרייכט? פעסט און שטאַרק איז מיר געווען זיין האַנט, זע, וואָס די געטער האָבן דאָ געטאָן! זינט איך האָב מיין ווילן געלאָזן ברעכן...

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, קעניג, דו געדענקסט דאָס שלעכטע, געדענק דאָס גוטע אויך. זינט דו האָסט פון אינדיען זיך אומגעקערט, האָסטו דאָך אויך פיל פרייד דערלעבט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פרייד? דאָס ווייסטו נישט, ראָקסאַנע. איך האָב פריילעכקייטן דורכגעמאַכט, קיין פרייד נישט מער געהאַט.

ר אָ ק ס אַ נ ע (מיט טרערן). איז דאָס קינד — קיין פרייד דיר נישט? בין איך דיר מער קיין פרייד נישט?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי, ראָקסאַנע, וואַרט אויף קיין ענטפער נישט.

ר אָ ק ס אַ נ ע. אָ, אַלעקסאַנדער!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. גיי, און פרעגן וועסטו מיך, ווען מיינע אויגן וועלן טרוקן ווערן. דעם ענטפער וועסטו האָבן, ווען מיין האַרץ וועט ווידער קאָנען פרייד פאַרטראָגן.

ר אָ ק ס אַ נ ע (אָפּ מיט טרערן).

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וועלן מיינע אויגן טרוקן ווערן? וועט מיין האַרץ ווידער אויפנעמען פרייד? פּאַטראָקלאָס איז טויט, אַכילעס קומט אים באַלדיקסט נאָך.

## פינפטע סצענע

דער גאַסטזאַל ביים גענעראַל מעדיאָס, אַלעקסאַנדערס נייעם פאַוואָריט. מעדיאָס און קלעאָמענעס, אויבערקאָמענדאַנט פון עגיפּטן. טראַבאַנטן.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. דו מוזט מיר העלפן, מעדיאָס. אַלעקסאַנדער איז זייער גוט צו דיר, ביזט איצטער איינער פון זיינע נאָענטסטע, און אַ וואָרט פון דיר פועלט פיל ביי אים.

מ ע ד י אָ ס. איך וויים ווירקלעך נישט, צי וועל איך קאָנען העלפן, ער איז זייער שטרענג צו באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך פאַרשולדיקט. ווי טיילן פון זיך אַליין באַטראַכט ער די באַאַמטע. און טיילן זאָגט ער, פון אַ קערפּער, וועלכע הייבן אָן צו פוילן, מוזן אָפּגעשניטן ווערן.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. אויב איך האָב אַבּיסל צופיל באַדריקט די באַפעלקערונג פון עגיפּטן, האָב איך זיין קאַסע רייך געמאַכט.

מ ע ד י אָ ס. און זיך נאָך מער. דיין קאָפּ איז נישט פיל ווערט איצט, קלעאָמענעס. איך באַדויער שטאַרק.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. דו מוזט מיר העלפן.

מ ע ד י אָ ס. און אויסקלייבן פאַר דיר אַ לייכטערן טויט.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. דו שפּאַסט, און מיר איז נישט צום לאַכן.

מ ע ד י אָ ס. וואָס מאַכט עס אויס? האָסט עטלעכע יאָר געלעבט אין רייכטום און אין לוקסוס, גענאָסן פון דעם לעבנס גרעסטע פאַרגעניגנס, וואָס שרעקט דיך דאָ דער טויט? גאַנץ יונג ביזטו נישט מער, וויפיל קאָנסטו דען נאָך לעבן?

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. וועסטו ביי דעם קעניג פאַר מיר נישט בעטן?

מ ע ד י אָ ס. ער זאָל דענקען, דו האָסט מיך אונטערגעקויפט?

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. מיר זיינען קרובים און חברים, מעדיאָס...

מ ע ד י אָ ס. ווײַל איך דיר נישט העלפֿן דען? איך ווייס אָבער, איך קאָן נישט.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. ער דאַרף נישט זיין אַזוי שטרייִנג צו מיר, וואָס איך האָב זיין נייע שטאָט אַלעקסאַנדריע אין עטלעכע יאָר בלויז גרויס און רייך געמאַכט.

מ ע ד י אָ ס. איך האָב עס דיר שוין געזאָגט: איך דערוואַרט דעם קעניג יעדע מינוט. ער קומט צו מיר, דעם אָוונט מיט מיר צו פֿאַרברייִנגען. בלייב דאָ, טרעט פֿאָר פֿאַר אים, רייד אַליין פֿאַר זיך. ווען עס וועט מעגלעך זיין, ווען איך געפֿין אַ גינסטיקן מאָמענט און דאָס פּאַסיקע וואָרט, וועל איך אַריינרעדן פֿאַר דיר.

ט ר אַ ב אַ נ ט (אין טיר). דער קעניג קומט!

מ ע ד י אָ ס. איצטער מוזטו בלייבן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קומט אַריין, ער איז שוין קראַנק, האָט פֿיבער. אָבער ער נעמט עס נאָך לייכט).

מ ע ד י אָ ס און ק ל ע אָ מ ע נ ע ס (מיט טיפֿער פֿאַרבויגונג). פֿרייד מיט דיר, אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (אומאָנגענעם איבערראַשט ביים אָנבליק פֿון קלעאָמענעס, בלייבט שטיין נישט ווייט פֿון דער טיר). קלעאָמענעס דאָ? דערפֿאַר האָסטו מיך, מעדיאָס, צו דיר היינט איינגעלאַדן?

מ ע ד י אָ ס. ניין, אָ, קעניג, עס איז צופֿאַל בלויז. איך האָב דיך מיט טעג צוריק איינגעלאַדן, און קלעאָמענעס אַז היינט ערשט אָנגעקומען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און דו האָסט נישט געוואוסט, ער קומט היינט אָן.

מ ע ד י אָ ס. ניין, אָ, קעניג! ער האָט מיך מיט זיין אָנקום גאַנץ איבערראַשט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. פֿאַרוואָס איז ער צו מיר נישט גלייך געקומען?

מ ע ד י אָ ס. ער איז קרוב מיר און חבר. איז ער צו מיר געקומען, ביי מיר צוערשט זיך צו פֿאַררוען פֿון די שווועריקייטן פֿון דעם וועג.

אַלעקסאַנדער. און הויפּטזאַכלעך צו בעטן דיך, דו זאָלסט מיך פאַר אים דערוווייכן. וועסט מיר אַנטשולדיקן, מעדיאַס, איך קאָן איצטער ביי דיר נישט בלייבן.

מעדיאָס. דו וועסט מיר די שאַנד נישט אָנטאָן, אָ, קעניג! און טומטו זי מיר אָן, איך וועל זי נישט איבערלעבן.

אַלעקסאַנדער. די שטראָף, וועלכע דו וועסט זיך אָנטאָן, וועט אויך אַ פאַרדינטע זיין. דו האָסט מיין פריינטשאַפט צו דיר געוואָלט שלעכט באַנוצן.

מעדיאָס. דו ביזט געוווינט צו גלויבן מיר, אָ, קעניג. איך פאַרזיכער דיר, איך האָב דאָ ערשט קלעאָמענעסן געזאָגט, וועלכער איז ליידער קרוב מיר און חבר פון די קינדהייט־יאָרן, אַז איך וועל פאַר אים נישט בעטן, וויל ער פאַרדינט די שטראָף.

אַלעקסאַנדער. איך האָב עניפּטן פון דעם פערם באַפרייט, אַראָפּגענומען אַ יאָך, וואָס האָט דאָס לאַנד דערדריקט. אָבער איינער, וועמען איך האָב דאָס לאַנד אָנפאַרטרויט, האָט דעם יאָך נאָך שווע־רער זיי געמאַכט. דאָס מוז האַרט באַשטראָפט ווערן.

קלעאָמענעס (פאַלט אויף די קני). אָ, קעניג!

אַלעקסאַנדער. מעדיאָס, דו ביזט באַלעבאָס דאָ, הייס אים גיין.

מעדיאָס. פאַרלאָז מיך איצטער, קלעאָמענעס.

אַלעקסאַנדער. דרויסן הייס אים אַרעסטירן.

קלעאָמענעס (שטייט אויף און גייט צו דער טיר).

אַלעקסאַנדער (אַוועקזעצנדיק זיך). וואַרט! מיר איז וואָס איינגעפאַלן. איך האָב איצטער עניפּטן געזען פאַר זיך, די ליבישע וויסטע, דעם טעמפּל פון צעאוס־אַמאָן... דאָס ראַטעוועט דיר דיין קאָפּ און זיכערט דיר אפילו דיין שטעלע.

קלעאָמענעס (פאַלט ווידער אויף די קני). אָ, זון פון צעאוס!

אַלעקסאַנדער. דער חניפה־טיטל קאָן דיר נישט נוצן, ער רופט שוין לייגסט אַרויס ביי מיר אַ שמייכל. אָבער ביזט דאָך גע־ראַטעוועט און ווייסט נאָך נישט פאַרוואָס.

קלעאָמענעס. דיין גנאָד איז גרויס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זי איז עס קיינמאָל נישט געווען צו רויבער און גנבים, וועלכע האָבן מיינע רעגירונגס־פּלענער מיר געשטערט, מיר פאַרדאָרבן. נישט אויס גנאָד, נאָר אויס צו־להכעיס וועל איך דיינע זינד פאַרזען, צו־להכעיס, יאָ, די געטער. דיך וויל איך אויסנוצן צו דעם.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. באַפעל, אָ, גרויסער קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי האָבן מיר העפעסטיאָנען געטויט, מיין געליבטסטן פריינט מיר אומגעבראַכט, וועל א י ך אים אייביקייט שיינקען און פאַר אַ האַלב־גאָט אים דערקלערן. דו קערסט זיך אום נאָך עגיפּטן גלייך, רייזט וואָס שנעלער צו דעם טעמפּל פון צעאוס־אַמון אין דער וויסטע און קריגסט אַרויס פון אָראַקל דעם שפּרוך, אַז העפעסטיאָן איז דערקלערט געוואָרן פון די געטער פאַר אַ האַלב־גאָט און אויפגענומען געוואָרן אין זייער געזעלשאַפט. איך קאָן דערצו קיין בעסערן נישט באַנוצן ווי דיך, ווען איך האָב איצטער די יאָרן דאָ פאַרלייגנערט. גיי און פיר די זאַך מיר אויס וואָס שנעלער און וואָס בעסער, און לאָז מיר די עגיפּטישע באַפעלקערונג צורו.

ק ל ע אָ מ ע נ ע ס. פרייד מיט דיר, אָ, קעניג! (אָפּ.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַהאַהאַ, וועלן די געטער איבערראַשט זיין! און אין זייער נאָמען וועט די זאַך געשען, האַהאַהאַ!.. (אַ פיבער־פּראָסט גייט אים דורך.) ווייסט מעדיאָס, איך בין אַביסל קראַנק. שוין נעכטן ביידערנאַכט האָב איך פאַרשפּירט אַביסל פיבער און די נאַכט אין באָד־צימער צוגעבראַכט. דאָך דעם גאַנצן טאָג היינט האָב איך דעם פיבער אין מיינע ביינער געפילט. בעסער וואָלט געווען, איך וואָלט צו דיר נישט געקומען. אָבער איך האָב דיך נישט געקאָנט אַנטוישן. ווי ווילסטו מיט מיר פאַרברענגען? איך שלאָג פאָר, מיר זאָלן אין ביינדלעך שפּילן, און ווער עס פאַרלירט, טרינקט די גרויסע מאָס.

מ ע ד י אָ ס. ביי דיר איז די גרויסע מאָס אַ שטראָף, ביי מיר איז זי אַ באַלוינונג. איך וועל זיך באַמיען עפּטערס צו פאַרלירן און עפּטערס באַשטראָפט־באַלוינט צו ווערן. (זיי לייגן זיך אויף די בעטלעך, שפּילן און טרינקען.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַהאַ... איך טראַכט, ווי וועלן די געטער

עס אויפנעמען... זיי האָבן אים ביי מיר צוגענומען.... פאַרוואָס האָבן זיי עס געטאָן, מעדיאָס?

מ ע ד י אָ ס. דעם זין פון זייערע מעשים האָט נאָך קיינער נישט דורכגעדרונגען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אָפּט דאַכט מיר, איך פאַרשטיי זיי גוט.

מ ע ד י אָ ס. יאָ. דו ביזט זיי אַזוי נאָענט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי האָבן מיך געוואָלט באַשטראָפן.

מ ע ד י אָ ס. אָ, קעניג!

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. זיי האָבן מיך אַרויסגעשיקט צו טאָן אַ זאַך, וואָס זיי האָבן אָפּגעפּלאַנט, איך בין זייער אויסגעוויילטער געווען. זיי־נען זיי געווען מיט מיר, אַזוי לאַנג ווי איך בין געגאַנגען פאָרויס אויף דעם וועג, וועלכן זיי האָבן אָנגעצייכנט. ווען איך האָב זיך אומגעקערט צוריק קעגן מיין אייגענעם און זייער ווילן, האָבן זיי אויפגעהערט צו זיין מיט מיר. איך זע עס קלאָר, זינט איך בין דעם היפאַזיס נישט אַריבערגעגאַנגען. אָבער פאַרוואָס האָבן זיי מיר העפעסטיאָנען אַוועק־גענומען?.. איך האָב פיבער, מעדיאָס!

מ ע ד י אָ ס. דו זאָלסט דאָך ליבער פאַרלירן, ווי געווינען. די גרויסע מאָס קאָן דעם פיבער העלפן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך קאָן נישט העלפן, איך בין געווינער... בין עס שטענדיק געווען... ביז דעם אַריבערגאַנג איבערן היפאַזיס... ביז העפעסטיאָנס טויט... מיין גרעסטער פאַרלוסט... פאַרוואָס האָבן זיי אים ביי מיר צוגענומען?.. איז זיין לויה נישט וואונדערבאַר געווען, מעדיאָס?

מ ע ד י אָ ס. די וועלט האָט נאָך אַזוינס נישט געזען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. צען טויזנט טאַלענטס האָט זי געקאָסט... איז נישט דער געבוי, אויף וועלכן ער איז פאַרברענט געוואָרן, ריזיק הויך געווען?.. נענטער צו די געטער... דאָ האָט איר אייער קרבן!.. ער האָט אויף זיין שייטערהויפן נישט געשריען... עס טרייסלט מיך, מעדיאָס.

מ ע ד י אָ ס. דו רעדסט פון דעם טויטן אַליז.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. און טראַכט פון אים נאָך מער. איך וועל

לאָזן טעמפּל בויען אין זיין נאָמען. טעמפּל פאַר דעם האַלב־גאָט העפעסטיאָן, וועלכער איז אַלעקסאַנדערס געליבטסטער פריינט געווען. מען זאָל קרבנות ברײנגען אים, וואָס איז אַליין געפאַלן אַ קרבן. יאָ, אַ קרבן פאַר מיר, וועלכן די געטער האָבן נאָך בייקומען נישט געקאָנט אָדער נישט געוואָלט. מעדיאָס, איך פיל איצט אַזוי היים.

מ ע ד י אָ ס. האָסט אָנגעהויבן פאַרלירן מיר צו אָפּט.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. האַ! צוערשט געהאַלטן אין איין געווינען, איצטער פאַרליר איך אַלץ.

מ ע ד י אָ ס. איך בין דיר די גרויסע מאָס מקנא. האָפּנטלעך געווינסטו ווידער באַלד.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דאָס וועט געווים געשען. איך בין געווינער באַלד. העפעסטיאָן ווערט האַלב־גאָט און איך ווער באַלד געווינער... ניין, ווידער האָב איך פאַרלאָרן... אַלזאָ, די גרויסע מאָס... זי איז שוין באַלד צו גרויס... איצט מוז איך געווינען... מעדיאָס, איך מוז געווינען... איך וועל די אַרבעט ענדיקן, ווי איך האָב זי אָנגעהויבן... די פּלענער זיינען גרויס געווען, זיי ווערן גרעסער, גרעסער. אַראַביע, אַפריקע, דערנאָך צוריק צו אינדיען... איך וועל אַריבער דעם היפּאַזיס, דעם גאַנגעס און וועלכע טייכן נאָך... זיי וועלן מיר מיין ווילן מער נישט ברעכן!... איך האָב עס זיי באַוויזן, ווען זיי האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן, איך זאָל די אינוואַלידן אַוועקשיקן אַהיים נאָך מאַקעדאָניען... איר וועט מיין ווילן מער נישט ברעכן! איר ווילט נישט דינען מיר, איך דאַרף נישט אייער דינסט. איך האָב אַ צווייטע אַרמיי מיר אָנגעגרייט, פון פּערסער, מעדיער און אַלע אַנדערע אַזיאַטן. האַהאַהאַ!.. זיי האָבן זיך געבויגן, אויף די קני פאַר מיר געקראָכן... איצטער וועל איך די וועלט דעראָבערן... איצטער דרינגט קיינער מיך נישט צוריק... אַה, פאַרלאָרן... די גרויסע מאָס אַהער! (טרינקט אויס און זעצט זיך אויף דערשראָקן.) מעדיאָס, וואָס איז דאָס געווען?

מ ע ד י אָ ס (מיט שרעק). וואָס איז דיר, אָ, קעניג?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. וואָס איז עס געווען? איז די ערד נישט אַוועק פון אונטער מיר? מיר שווינדלט, מעדיאָס, און נישט פון וויין. איך בין נישט שיכור, ניין, איך ווייס עס נאָך פון אַנאַקזאַרכאָסעס לערע... אָבער מיר שווינדלט, שווינדלט... און היים איז מיר, איך ברען... לויפט, מעדיאָס, לויפט!.. לעש מיך, רוף דעם היילער!

מעדיאָס (צו די טראַבאַנטן). שטייט דאָך נישט, ווי פאַר־לאָרענע שאָף! לויפט און רופט דעם היילער!

אַלעקסאַנדער. ניין, איך גיי צו מיר אין בעט... אַנטשול־דיק, מעדיאָס, וואָס דער אָוונט איז נישט אויסגעפאַלן, ווי דו האָסט זיך געוואונטשן. איך וואָלט נאָך לייִנגער מיט דיר געשפּילט... פאַר־וואָס קוקסטו אַזוי פאַרלאָרן? מיר איז שוין בעסער... איך קאָן נאָך איינמאָל מיט דיר, איידער איך גיי אוועק...

מעדיאָס. קום דאָך ליבער גלייך.

אַלעקסאַנדער. ביזט מיר די גרויסע מאָס מקנא? נאָר נאָך איין מאָל די ביינדלעך וואַרפן און דאַן אַ גוטע נאַכט... פאַר־שפּילט!.. צום לעצטן מאָל די גרויסע מאָס...(טרינקט און לאָזט דעם בעכער אַרויס פון האַנט.) מעדיאָס, וועסט פאַר מיר מקריב זיין צו די געטער...

## זעקסטע סצענע

אַלעקסאַנדערס שלאָפצימער אין דעם שלאָס פון בבל. — אַלעק־סאַנדער ליגט אויף זיין בעט. פיליפּ דער היילער, מעדיאָס, קענאָס און נאָך אַ סך גענעראַלן זיינען פאַרזאַמלט לעבן בעט. פון דרויסן דרינגט אַריין דער רעש פון דער מאַקעדאָנישער אַרמיי.

פּערדיקאַס (קומט אַריין און ווענדט זיך אין גפּליסטער צו פיליפּ, מעדיאָס און קענאָס). די סאָלדאַטן פאָדערן, מען זאָל זיי אַריינלאָזן. זיי ווילן זען דעם קעניג פאַר זיין טויט.

מעדיאָס. (מיט געוויין). ווי שרעקלעך איז דאָס וואָרט! (געוויין צווישן די גענעראַלן.)

פּערדיקאַס. וואָס זאָלן מיר טאָן, פיליפּ? זאָלן מיר די סאָלדאַטן אַריינלאָזן? זיי זיינען בייז און אויפגערעגט. זיי דראָען געוואַלט צו געברויכן.

פיליפּ. איך גלויב, אים איז שוין אַלץ איינס.

פּערדיקאַס. וועט דער גערוויש אים דען נישט שאַדן?

פיליפּ. שאַדן וועט ער זיכער נישט. דער קעניג ליגט שוין

שפּראַכלאָז באַלד פיר און צוואַנציק שטונדן. איך ווייס נישט צומאָל, צי ער הערט אונז און פאַרשטייט. פיליפּ, ווען די סאָלדאַטן וועלן אָנהייבן דורכצוגיין פאַרביי זיין בעט, וועט עס אים צוריק צו זיין באַוואוסטזיין ברענגען.

פּערדיקאַס (צו די טראַבאַנטן ביי דער טיר). עפנט אויף טויערן און טירן, לאָזט אַריין די אַרמיי. (די טראַבאַנטן גיבן איבער דעם באַפעל אין דעם צווייטן צימער.)

מעדיאָס (צום היילער). און ווען ער זאָל קומען צום באַוואוסטזיין, איז פאַראַן נאָך האָפענונג?

פיליפּ. האָפענונג — די זאָל שטענדיק זיין.

קענאָס. פּיטאָן און סעלויקאָס קאָנען נאָך פון טעמפּל פון סעראַפּיס ברענגען די רפואה.

פיליפּ. ווען די געטער זאָלן וועלן...

מעדיאָס. און דיין קונסט רייכט שוין מער נישט אויס?

פיליפּ. איינמאָל האָט זי אויסגערייכט — ווען איך האָב אים אין ציציליען פון אַכעראָנס הענט אַרויסגעריסן.

מעדיאָס. אָבער איצטער! איצטער! (סאָלדאַטן רוישן אַריין.)

פּערדיקאַס (איילט זיי אַנטקעגן). ניין, באַוואָפנט דאַרפן זיי געוויס נישט אַריינקומען! (צו די סאָלדאַטן אין געפּליסטער־טאָן.) לייגט אייערע וואָפן אָפּ און גייט נישט אין פאַלאַנקס - אָרדענונג. איינציקוויז, איינער הינטער דעם אַנדערן, וועט איר פאַר דעם בעט פאַרביימאַרשירן, און גייט אַרויס פון יענער טיר אַנטקעגן. (דער באַפעל און די וואָפן ווערן איבערגעגעבן פון די פאָרנסטע סאָלדאַטן צו די הינטערשטע. דער פאַרביימאַרש הייבט זיך אָן. די סאָלדאַטן גייען מיט די אויגן געווענדט צום ליגנדיקן קעניג. ביים בעט פאַרלאַנגזאַמערן זיי דעם שריט אויף אַ קליינער סעקונדע און גייען ווייטער און אַרויס דורך דער אַנטקעגנדיקער טיר.)

די ערשטע סאָלדאַטן (צוקומענדיק צום בעט מיט אָנגערוקטע ערנסטע געזיכטער, קוקן זיך איין אין אַלעקסאַנדערן, און רופן צו צו די, וואָס הינטער זיי, אין פריידיקן געפּליסטער): ער לעבט! — דער קעניג לעבט! — ער האַלט די אויגן אָפן! — ער

ווינקט אויף מיט די ברעמען! (די בשורה ווערט איבערגעגעבן פון מויל צו מויל. אין דרויסן ברעכט באַלד אויס אַ פרייד־געשריי. די געזיכטער פון די ווייטער אָנקומענדיקע סאָלדאַטן זייִנען שוין נישט אַזוי ערנסט, אָבער אַ סך פון די סאָלדאַטן וויינען.)

מעדיאָס (צו פיליפּן). אַקאַרנאַניער, איך מערק אַן ענדערונג אין זיין געזיכט.

קענאָס. געטער, עס איז באַוואוסטזיין אין זיינע אויגן!

פּערדיקאַס. ער באַוועגט זיך!

פּיליפּ (שטייט אַ ווײַלע איבער דעם קראַנקן, באַטראַכטנדיק אים, און טרעט אָפּ מיט אַ פאַרפינסטערטן געזיכט).

מעדיאָס. אַקאַרנאַניער, פאַרוואָס ביזטו נישט פרייליכער געוואָרן? פאַרוואָס ביזטו גאָר פאַרפינסטערט?

פּערדיקאַס. וואָס האָסטו באַמערקט?

פּיליפּ. עס איז ווייטקייט אין זיינע אויגן. (ער און די גענע־ראַלן פאַרטיפן זיך אין ערנסטן געפּליסטער.)

דיאָגענעס (זייער געעלטערט, דערשיינט פאַר זיין בעט).

אַלעקסאַנדער (שטעלט אַן אויף אים זיין בליק). דיאָ־גענעס? ווי ביזטו אַריינגעקומען? איך האָב דאָך אָנגעזאָגט מען זאָל דיך נישט אַריינלאָזן.

דיאָגענעס. דו האָסט דאָך געשיקט נאָך מיר.

אַלעקסאַנדער. איך האָב נאָך דיר געשיקט?.. איך גע־דענק עפּעס נישט... פיליכט... וואו איז דיין לאַמטערן?

דיאָגענעס. בין נישט געקומען זוכן. דו שטאַרבסט דאָך סיי־ווי־סיי.

אַלעקסאַנדער. ביזטו זיכער?

דיאָגענעס. ווייסט עס דאָך אַליין. און איך בין געקומען צו שטאַרבן דאָ מיט דיר.

אַלעקסאַנדער. קום, לייג זיך צו לעבן מיר.

דיאָגענעס. איך וויל שטאַרבן, ווי איך האָב געלעבט. (ציט זיך אויס אויף דער ערד ביי דער זייט פון בעט.)

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דער זעלביקער דיאָגענעס. (דרייט זיך צו מיטן געזיכט צו דער זייט פון דיאָגענעס.)

ד י אָ ג ע נ ע ס. איך בין געבליבן איך. קאָנסטו עס אויך זאָגן פון זיך?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. אויך איך בין געבליבן איך.

ד י אָ ג ע נ ע ס. ביזטו ערלעך מיט זיך, אַלעקסאַנדער?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך בין אַרויס מיט אַ גרויסן ציל פאַר מיינע אויגן. דער ציל איז געווען אַלעקסאַנדער. אים בין איך טריי געבליבן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. ביז דעם היפּאַזיס.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (ווייזט אויף). פאַרוואָס האָסטו מיך דאָס דערמאָנט?

ד י אָ ג ע נ ע ס. דער חשבון מוז זיין פּינקטלעך.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען איך וואָלט נאָך געלעבט...

ד י אָ ג ע נ ע ס. דאָס מוז מען אין אָנהייב וועג געדענקען.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען איך וואָלט אַלט געוואָרן...

ד י אָ ג ע נ ע ס. דער טויט איז אונזער שטענדיקער באַגלייטער, מוז אונזער אַרבעט יעדן טאָג זיין אָפּגעטאָן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווי אַלט ביזטו, דיאָגענעס?

ד י אָ ג ע נ ע ס. נײַנציק יאָר.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ווען איך ווער אַזוי אַלט!

ד י אָ ג ע נ ע ס. און איך וואָלט זיך פאַרפולט, מיינס דערגרייכט, ווען איך שטאַרב אין דיינע יאָרן.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר.. ווען איך לעב נײַנציק יאָר!

ד י אָ ג ע נ ע ס. וואָס וואָלט דאַן געווען?

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. איך וואָלט צוערשט דערענדיקט, וואָס איך האָב אָנגעהייבן, און דערנאָך דאָס אָפּגעטאָנענע פאַרשטאַרקט, פאַרפעסטיקט. איך וואָלט די וועלט פאַראייניקט, און זי וואָלט געבליבן אייניק.

ד י אָ ג ע נ ע ס. האַ! דו וואָלטסט די וועלט פאַראייניקט —

מעגלעך, דו וואָלטסט געוואָרן קעניג פון דער גאַנצער וועלט. אייניק אָבער וואָלט זי נישט געוואָרן און זיכער נישט געבליבן.

אַלעקסאַנדער. פאַרוואָס רעדסטו אַזוי זיכער?

דיאָגענעס. דו ווייסט עס דאָך אַליין. אַ קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט, אַ פאַלשער קלאַנג, אַז דו ביזט טויט, און גלייך זיינען אַלע דיינע פאַרטרעטער, וואָס זיינען דיינע יורשים, ווי ווילדע וועלף געוואָרן.

אַלעקסאַנדער. דערפאַר האָב איך דיין לאַנג לעבן געדאַרפט האָבן, אום אַלץ צו באַפעסטיקן.

דיאָגענעס. און ווען דו וואָלטסט צוויי מאָל אַזוי אַלט געוואָרן ווי איך, דו וואָלטסט עס דאָך נישט דערגרייכט. דו וואָלטסט די מענטשן נישט איבערגעמאַכט און האָסט זיך אַליין דערוויל פאַרלאָרן. האָסט זיך פאַר אַ געטער־זון געלאָזט דערקלערן...

אַלעקסאַנדער. צוליב מיין גרויסן ציל.

דיאָגענס. די פעלקער גלויבן בלויז, וואָס זיי אַליין דערקלערן. פאַרוואָס האָסטו נישט אָפּגעוואַרט, זיי אַליין זאָלן אין דיר גאָטס זון אַנטפּלעקן? דעמאָלט וואָלטסטו עס געוואָרן, כאָטש דו וואָלטסט געשטאָרבן.

אַלעקסאַנדער. איך האָב נישט געוואָלט קיין אַנדערער ווערן. איך האָב זיך נישט פאַרלאָרן.

דיאָגענעס. האָסטו נישט געמערקט אין זיך, אַז דו האָסט גענייגט אַלץ מער אַ דעספּאָט צו ווערן? האָסט עס געוויס געמוזט צוליב דיין גרויסן ציל. ביזט צוליב אים אויך פונהינטעררוקן־מערדער געוואָרן.

אַלעקסאַנדער (קרעכצט אויף). ווי האָסטו נישט רחמנות פאַרמעניאָן אין זכרון מיר צו ברענגען!

דיאָגענעס. דו ביזט אַרויס מיט דעם גוטן ווילן זעלבסט־באַהערשט צו זיין און ביזט בלויז זעלבסהערשער געוואָרן. דו האָסט מעסיקייט געליבט און זע, צו וואָס דו האָסט געבראַכט: אַ גאָלדענער טראָן, קליידונג פון העכסטער פּראַכט, פינף הונדערט פערסישע טראַבאַנטן אין פּורפּור און זייד, אומצייליקע דינער און הויפליט אין

גאָלד און זילבער און פאַרשידענע פאַרבן. דו האָסט געוואָלט זיין פעסט און ביזט געוואָרן אַן אכזר און אַ תליון. וואָס איז דער ציל, וואָס ווערט דערגרייכט מיט אַזעלכע מיטלען?

אַלעקסאַנדער. אָ, מיין ציל איז שיין, מיין ציל איז גרויס. די וועלט צו ראַטעווען! די וועלט צו ראַטעווען פון איר צוריסנקייט און צוטיילטקייט, די מענטשן גליקלעך צו מאַכן דורך אַ העכערן באַגריף פון לעבן, דורך אַ גרעסערער לעבנסבאַיאונג. דו ביזט לעבנספאַרניינער, דו פאַסבאַוואוינער, דו שמאַטעסטרעגער!

דיאָגענעס. איך האָב געוואוינט אין אַ פאַס, געטראָגן שמאַטעס, דאָס וואַסערקענדל, וואָס דו האָסט ביי מיר געזען, האָב איך צובראָכן, ווייל איך האָב אויסגעפונען, אַז איך קאָן מיין וואַסער אָנשעפּן מיט דער האַנט, אָבער איך בין נישט געווען קיין לעבנס־פאַרניינער. איך האָב געליבט דאָס לעבן נישט ווייניקער פאַר דיר. איך האָב ליב געהאַט די זון ביי טאָג, אָבער אויך די נאַכט האָט געהאַט פאַר מיר איר רייץ. אַ שיינע בלום האָט מיך געקאָנט אַנטציקן מיט איר אָנבליק און איר גערוך. איך האָב הנאה געהאַט פון דעם טייך און זיין געמורמל. איז אין דעם אַלץ ווייניק לעבן? וואָס האָב איך מער געדאַרפט דאָס לעבן צו באַיאָען? איך האָב דאָס גרויסע לעבן פון דער נאַטור אין זיך אַריינגענומען, און מיט פולע הויפנס חכמה און וויסן אין זיך אַריינגעשעפּט. האָסטו דען מער דערגרייכט מיט אַלע דיינע שלאַכטן און מיט דעם גאַנצן בלוט־פאַרגאָס? און וועסטו נאָך מער בלוט פאַרגיסן, דערגרייכן וועסטו נישט מער. פאַרלירן פילייכט דאָס ביסל, וואָס דו'סט דערגרייכט. אַ גליק פאַר דיר, וואָס דו שטאַרבסט נאָך אַזוי יונג!

אַלעקסאַנדער (וויינט אויף). ניין, איך וויל נישט שטאַרבן!

דיאָגענעס. מיך אַרט נישט, אַז איך שטאַרב.

אַלעקסאַנדער. דו ביזט אַזוי אַלט.

דיאָגענעס. ניין, נאָר ווייל איך האָב זיך פאַרפולט.

אַלעקסאַנדער (וויינעריש). איך וויל זיך אויך פאַרפולן, איך וויל מיין ציל דערגרייכן.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דיין ציל וועט קיינמאָל נישט דערגרייכט ווערן אויף דיין וועג און שטייגער. נאָר מ י י ן וועג פירט צו אים. זאָל יעדער זיך אַליין באַזיגן, זאָל יעדער זיין זיך אַליין גענוג, און די גאַנצע וועלט איז אייניק.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. דיין וועג ווערט פון קיינעם נישט געגאַנגען, כאָטש דו טרעטסט אויף אים אַזוי לאַנג.

ד י אָ ג ע נ ע ס. דאָך איז ער דער וועג צו דיין גרויסן ציל.

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר. ניינציק יאָר האָסטו געלעבט און קיין איינציק לעבן נישט געביטן, איך האָב שוין די וועלט פאַרענדערט. איך וויל נאָך ווייטער לעבן... כאָטש נאָך אַביסל לייגגער לעבן !.. (צואווייגט זיך.) לעבן... לעבן... איך וויל דערגרייכן... איך קאָן נאָך פיל... אָ, נאָך אַביסל... לעבן !.. האָב איך ווירקלעך דען געלעבט אומזיסט ?.. האָב איך ווירקלעך זיך פאַרשווענדט?.. ניין... ניין...

ד י אָ ג ע נ ע ס. יאָ... יאָ...

אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר (קרעכצט אָפּ גאַנץ משונהדיק מיט אַ שרעקלעכן געיאָמער). ניין !!!... (בלייבט שטיל.)

פ י ל י פּ און די ג ע נ ע ר אַ ל ן (שרייען אויף). וואָס איז עס געווען?! (קוקן זיך אום מיט שרעק אויף אַלעקסאַנדערן און לאָזן זיך צום בעט. די סאָלדאַטן בלייבן שטיין אין זייער פאַרביימאַרש'רן. פיליפּ הערט זיך צו צום קראַנקן און ברעכט אויס מיט אַ יאָמער, וועלכער ווערט אויפגענומען פון די גענעראַלן און די סאָלדאַטן און פאַרשפרייט זיך ביז ווייט אין דרויסן.)

